# אלע
# שריפטען

פון

## מענדעלע מוכר ספרים.

(ש. י. אַבראַמאָוויץ).

צווייטער באנד

היברו פאבלישינג קאמפאני
83־85 קאנעל סטריט, ניו יארק.



HEBREW PUBLISHING COMPANY
83-85 Canal St. New York.
1910.

# אינהאַלט־פערצייכניס:

1. יודעל.
2. א רייזע בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען.
3. דאס ווינש־פינגעריל.
4. די אלטע מעשה.
5. שלמה ר' חיים'ס.
6. איבער א שטאדט אין מזרח.
7. די ענטדעקונג פון וואָהלין.
8. די גרויע האאר.
9. ספר הגלגולים.
10. ספר הבהמות.
11. אויף אסיפות.
12. א פריה מאָרגען אין גלופסק.
13. איידעל.
14. ישראליק דער משוגענער.

# יודעל

## א ספור המעשה אין שירים על משקל י"א תנועות.

אַך יודעל מיין קראַנקער, מיין קראַנקער יודעל
דיין לעבען איז זעהר, זעהר אַ טרויריג לידעל.

---

ערשטער טהייל.



טויט קראנק ליענט יודעל שוין א צייט מיט יאהרען,
פאר וועטהינ, פאר שמערץ דאס פנים פארלארען.
עס טהוט איהם נעביך וועה איטליכעס אבר,
אלע רגע זעהט ער פאר זיך זיין קבר.
זיין לעבען איז וויא א שרעקליכער חלום,
איין אבר מיט דעם אנדערן לעבען ניט בשלום
זי' דראזשען, ציטערן וויא אין א קדחת,
איינער טהוט דעם אנדערן וויא אויף צולהכעס.
עס ווארפט איהם נעביך תמיד פון היץ אין קעלט,
הייננט אויף א האר צווישען דער און יענער וועלט.—
אמאל ליגט יודעל אין היץ שרעקליך פארטראכט,
זיינע אויגען פלאמען וויא שטערען ביי נאכט,
דער קאפ זיינער ברענט, אזוי וויא פייער הייס,
ער ווארפט זיך, שאקעלט זיך און נעהט אפ מיט שווייס.
זיינע געדאנקען זענען ווייט פון דער ערד,
טראגען איהם גאנץ הויך וויא פייערדיגע פערד.
שלאפענדיג פארטראגען מיינט ער, ער איז וואך;
ער רעדט, ער דרש'עט עפעס ניט צו דער זאך.
און ליגענדיג אין חדר פול מיט שימעל
מיינט ער, ער איז אויף דעם זיבעטען הימעל.
אויפ'ן הימעל, חלומט זיך איהם, איז א יריד,
מען שרייט איהם: א, שלום עליכם א איד!
וואס מאכט רב יודעל, וואס איז מיט אייך דער מעהר?
וואס עפעס נוטץ, הא, האט איהר געבראכט אהער?
ער צופאקט ניך זיין גאנץ קרעמיל מיט סחורה.

ווייזט ציצית, תפילין און פירושים אויף תורה,
נעהממ ארויס עפּיס נייע מיני ספרים,
מיט נייע מאָדנע טיטלען אויף דיא שערים.
גראָבּע, דיקע, מיט שפּאָגנעל נייע פשעטליך,
פון קבלה־ספרים ערשט נעדרוקטע בלעטלעך.
זיין סחורה, דאכט זיך איהם, נילט דאָרטען זעהר שטארק.
מען חאפּט עס וויא מצה־וואסער אויף דעם מארק.
גרויסע לייט האָבּען צוטאָן מיט זיין קרעמיל,
יאַנקעל קומט אהין, איציק און אברעמיל,
אונזער מלמד רבּ משה קומט צו לויפען,
א חומש בּעל־הטורים צו קויפען.
דער אלטער מלמד קוועלט אָן פון יודעלס רייד,
פון זיינע טייטשווערטער איז ער פול מיט פרייד.
דיא בּאבּע סעריל דינגט זיך פאר א תחינה,
און דיא קלאגמוטער רחל דינגט א קינה
הכלל יודעל רעדט, ארבּייט, איז גאָר ניט פויל.
עס שיטען זיך איהם ניין מאָס רייד פון דעם מויל.
פון היץ דאכט זיך איהם אויס נאָך זאכען זעהר פיל,
ער איז דאָרט א קאָכלעפעל טהוט וואָס ער וויל.
ער איז דאָרט א תקיף א פרנס חודש,
איז דאָרטען הייליג, און זיין וואָרט איז קודש.
קוים זאָגט ער עפּיס א וואָרט און ניט א ווינק,
וואקסין טויזענד משרתים אויס שרעקליך פלינק.
אלע פאָלגען און דינען איהם זעהר געטריי,
וויא גאָט אין פראנקרייך אזוי לעבט ער דאָרט פריי.
ער איז נאָר א שדכן, דאכט זיך איהם א מאָל,
ער פאָרט, פיהרט גרויסע שידוכים אויס אָן א צאָהל.
דערבּארעמט זיך אויף דער וויסטע עגונה,
און מיחד קודשא־בּריך־הוא מיט דער שכינה.
עס איז פאר יודלען א לעבּען דאָרט אויבען,
נאָר א דערקוויקעניש, איהר מעגט מיר גלויבען.
אינדעם וויא יודעל ליגט דאָ אין היץ פארטראכט,
רעדט פון פייער און וואסער ניט דאָ געדאכט,
ווערען איין קאלט א טהייל פון זיינע גלידער.

ווערען מיט דיא איבעריגע וויא אויס בריהער,
ליגען פשוט וויא דיא קלעצער מחמת קעלט,
ווייסען ניט אויף וואס זיי זענען פאר א וועלט.
זיי ווילען אפילו קיין ריהר זיך ניט טאָן,
גלייך וויא זיי געהערען זיך מיט יודלען נישט אָן.
שריי חי וקים פון היינט ביז איבער א יאָהר,
זיי זענען אייז קאַלט, פיהלען נישט אויף קיין האָר.
פיהלען נישט כל־זמן מען גיט זיי ניט א קוועטש,
און מען דערוואַרעמט זיי ניט מיט הייסע פעטש.
קיין פנים פון גלידער האָט ניט אי איינער,
זיי זענען נאָר שטיקער פלייש, הויט און ביינער.
זיי זענען פלייש, וואס שטינקט נאָך ניט לעת־עתה,
פלייש איינגעוויקעלט אין עפעס א שמאטע.
קוקענדיג אויף זיי חאפט יודלען אָן א שרעק.
אָט, ציטערט ער, ווערדט פון זיין לעבען איין עק.
אָט, אָט ווערען נאָך עטליכע גלידער קאַלט,
פארלירט ער שוין נאָר זיין פנים, זיין געשטאַלט.
אין היץ פיהלט נאָך דער מענש פאָרט עפעס לעבען
דער קאָפ זייטער פליהט, דיא געדאנקען שוועבען.
אין טרוים האָט דער מענש אפילו אויך הנאה,
ס'איז איהם נעביך גוט אי א חיי־שעה.
קעלט אבער, דאָס איז גאָר נישט קיין קאַטאָוועס,
דאָ זעהט דער מענש נאָר דעם מלאך המות.
ווערען גלידער קאַלט איז דער מענש שוין פארפאַלן.
דענסטמאָל הערט ער שוין נאָר נישט אפילו שריי.
אזעלכע גלידער, קרעכצט יודעל פאר צרות,
טויגען מיר חלעבען אויף סים סאָט כפרות.

## ב.

צווישען אלע מענשען אין אלטע צייטען,
מען זאָל אויסגעהן דיא וועלט אין אלע זייטען
איז צו יודעלס לעבען, איך פארזיכער אייך
ערגעץ חלעבען ניט געוועזען קיין פארגלייך.
זיין טאַטע א חכם, אין דער וועלט איינער,

וואס צו זיין קלוגקייט קומט אסור ניט קיינער,
א גרויסער מייסטער, א קענער צו מאכען,
אלע חידושים, וואונדער שעהנע זאכען.
וואס אלע כסדר פון אויבען ביז אראפ
גיבען איהם אהן אונטערשיד גרויס כבוד אפ.
דער דאזיגער וועלט בעריהמטער טאטע,
וואס אלע קומען נישט צו זיין פיאטע,
האט ליעב געהאט מעהר פון זיינע קינדער
דעם יודלען, וואס ליגט איצט דא בעזונדער.
נאך דעם אז יודעל האט געוואנדערט וויים,
זיך אויסגעריבען און געווארען לייט,
געארבייט געשמאק און געווארען ביוהאלע,
האט איהם דער פאטער געגעבען א כלה.
א פיינע, א געלערנטע, א שעהנע,
א בת־יחידה, ביי איהרע עלטערין איינע.
מיט איהר גרויס חכמה איטליכען געפעלען,
מען האט זיא געמענט פראסט פאר מלכים שטעלען.
אזוי קלוג, אזוי עהרליך און אזוי גוט,
אז גאנץ רוהיג שטיל, געלאסען אהן א רוט,
וואלט זיא, בנאמנות, לענדער פיהרען געקענט,
און מען וואלט זיא פאלגען קישען איהר דיא הענט.
וואלט געקענט לערנען דיא מלכים פון דער ערד,
וויא צו לעבען, געוועלטיגען אהן א שווערד
וויא צו בריינגען נוטצען און וויא צו טויגען,
נאר אהן מלחמות, גאר אהן פייל און בויגען.
איהר גוטסקייט, איהר שעהנקייט און איהר געשטאלט
איז געפעלען איטליכען, יונג און אלט.
לא די וואס אזוי געלערענט. אזוי פיין,
האט מען איהר געגעבען אין נדן אריין
אויף א גוטען מאיאנטעק מיט פיל פעלדער,
מיט גרויסע טייכען, וויינגערטנער און וועלדער.
א מאיאנטעק, וואס אבי ניט זיין נאר פויל,
קען מען דארט האבען ברויט מיט דעם פולען מויל.
א מאיאנטעק. וואס דארט פעהלט ניט קיין שום זאך.

וואָס דאָרטען פליסט מילך און האָניג אַ סך.
וואס דאָרטען קען מען לעבען גליקליך גאַנץ פריי,
איינער דעם אנדערן ליב האבען זעהר געטריי. [1]
אַזאַ כלה, וואס מיט אַזעלכע מעלות,
האט אונזער יודעל געחאפּט גאָר אָהן שאלות.
דיא חתונה האט אָנגעמאַכט אַ גערידער,
אַ רעש, אַ טאַראַראַם, אַ האַרמידער.
אויף אַ פרייען פּלאַץ שרעקליך ברייט און ווייט,
אונטער דעם הימעל פאַר גאָט און פאַר לייט,
האָבען חתן כלה אויף אַ בערגיל דאָרט,
איינער דעם אנדערן געגעבען דאָס וואָרט.
עס האָט געשפּיעלט זעהר אַ שאַרפע קאַפּעלע,
וואָס מען הערט עס נישט אויף דיא גרעסטע בעכּס,
עס האָבען געבלאָזען דיא פלייטען,
זעהר שטאַרק געטרובעט דיא טרומייטען.
עס איז געוועזען אַ געטימעל,
זעהר שטאַרקע קולות ביז אין הימעל.
עס האָט פשוט דיא וועלט זיך געקעהרט,
דיא קולות האָבען זיך אַלץ פאַרמעהרט.
עס האבען אויך געקנאַקט ראַקעטען,
שטאַרק געהילכט וויא פון פּיסטאָלעטען.
געפלויגען פייערדיגע בליצען,
אונמעגליך געווען איינצוזיצען. [2]
פון דער חתונה אַלע גרויסע וואונדער,
דערצעהלט נאָך עד־היום יעדער בעזונדער.
קוים וואס דער חתן האט דיא כלה בעדעקט,
און דיא חתונה האָט נאָר וואס זיך געענדיקט.
האט דעם חתנ׳ס פאָטער דער אַלטער מחותן,
אונזער יונג פּאָר פאָלק גאַנץ פיין אָנגעטוטען,
אין דער וועלט, מחמת כמה וכמה זאַכען.
קודם־כל אַביסעל רייזען צו מאַכען.
ער האט זיי אַ וועגווייזער געגעבען מיט,

---

1) דברים ח׳ ד—י׳ א. 2) שמות י״ט ט״ז—כ׳

וואָס ער האָט וויא איין אויג אין קאָפּ זיי נעהיט.
יודעל איז נעוועזען אין ווילדע מקומות,
וואָס דיא מענשען זענין דאָרט ווילדע בהמות.
ער האָט אַ סך נעלערנט, נעהערט, נעזעהען.
איטליך זאַך, וואָס אויף דער וועלט איז נאָר נעשעהען.
ער האָט נעזעהען אי דעם טערק אי דעם טאָטער,
לייבען, לעמפּערטען און דעם פּיפּערנאָטער.
וואָס מען דאַרף זיין שטאַרקער וויא אייזען און שטאָהל,
אויסצושטעהן פון אַזעלכע שלעק אָהן אַ צאָהל.
ער האָט אויך דיא שרעקליכע סטעפּעס בעטראַכט,
און דאָרט אַ גאַנץ היפּשע צייט פאַרבּראַכט.
אז ער איז זיך שוין אפּגעגאַנגען דיא פיס,
האָט ער פון דעם פּאָטער דערהאַלטען אַ גריס.
ער האָט איהם נעלאָזט בעטען נאָר אָן שיהות,
ניך אַ היים צו רומען פון זיינע נסיעות.

ג.

נאָך אַזוי פיל מיה און נאָך אַזוי פיל טרוד,
נאָך אַזוי פיל פּיין און צרות אויף דעם פּוד.
איז יודעל מיט זיין געליבטע ביינאַנד,
נעקומען צוריק אין זיין פאָטערלאַנד.
אין זיין אימעניע דער גוטער, דער שעהנער,
האָט ער צום סוף זיך אויסגעגלייכט דיא ביינער.
ער האָט דאָרט אויף איינעם פון דיא בעסטע פּלעץ
זיך אויסגעמויערט אַ בערימטען דוואָרעץ.
נעלעבט מיט זיין געליבטער זעהר צופרידען,
נאָך דעם געזעץ פון משה און דיא אידען.
חאָטש רייך, אַ יחסן, אַ בעל משפחה,
האָט ער זיך דאָך נישט געשעמט מיט דער מלאכה.
מיט דעם באַלעבאַטעשקייט זיך באַשעפטיגט,
און דיא ארבייט האָט איהם טאַקי ניקרעפּטיגט.
ס'איז ביי איהם נאָר נישט נעוועזען קיין סברא,
צו זיצען שטענדיג און לערנען גמרא.
אודער זיך צו לעבען אויף אַזאַ אופן,

מענשען וויא בהמות אויף דעם מארק צו קויפען.
זיי צו מאכען פאר זיינע אייבינע קנעכט,
אהן א שום פראוועס, אהן עפיס מענשענרעכט.
זאָלען מיט זייערע ווייבער און קינדער.
ארבייטען פאנשטשענע אזוי וויא דיא רינדער.
זאלען נעביך פערשווארצט ווערען, געהן אין יאך,
אין איינעם מיט דיא אָקסען א גאנצע וואָך.
און אליין זאל מען זיך פאסען וויא א ביק,
פון זייער שוויים, פון זייער בלוט ווערען דיק.
טרינקען גוטען וויין, עסען א פעט יאייכיל,
פראזדנעווען און זיך גלעטען דאס בייכיל.
מאכען וויזיטען, ארום געהן שלינג און שלאנג,
באלעווען און ליגען שכור וואָכיענלאנג.
צו קיין שום זאך אין דער וועלט ניט צו נוצען,
נאר גוט פרעסען, זויפען, זיך אויסצופוצען.
און נאך מיינען אז טאקי נאר ער איינער,
איז איין איינציגער ביי גאט, מעהר ניט קיינער.
חלילה נישט קיין קאמפלימענט צו מאכען,
יודעל האט פיינט געהאט אזעלכע זאכען.
ער האט זיין געליבטער צו פארדאנקען פיל,
וואס ער האט געהאט א ריין הארץ און געפיהל.
„יודעל מיין ליבער, יודעל מיין געטרייער“
פלעגט זיא צו איהם זאגען, רעדען מיט פייער.
„פאלג מיך יודעל לעב, פאלג חלעבען איך בעט דיך.
האב דעם אנדערען ליב וויא דוא האסט ליב זיך, [8]
ליבע, דאס, יודעל, איז דיא גאנצע תורה.
ליידינג געהן, דאס איז דיא גרעסטע עברה.
דער רייכער וויא דער ארמער. דער האר און קנעכט
יעדער האט אויף דער וועלט צו לעבען דאס רעכט.
אלע מענשען חלעבין האבען איין פאטער,
דער יוד, דער טערק און אפילו דער טאטער.
דעם פריץ וויא דעם פויער, גראף און שקלאפען,

8) ויקרא י״ט י״ח.

אלע האט אויף דער וועלט איין גאט בעשאפען.
דעריבער, יודעל סערדצע, זאג איך דיר אן,
חאטשע דו געהערסט צו דער גילדענער פאָן,
מיט דעם מינסטען אפילו צו לעבען פיין,
און מיט איטליכען ביי דיר מטיב צו זיין.
דיינע פויערען און זייער הויז געזונד.
זאלסט דוא בעהאנדלען וויא א פאטער א קינד, 4)
א גר און א פרעמדען אין דיין איטעניע.
לאז זיי לעבען פריי בעזאנראניטשעניע, 5)
דוא זאלסט זיי ניט קוועטשען, זאלסט זיי ניט דריקען. 6)
זאלסט זיי צופיעל אין קאפ ניט אריינקוקען.
זאל יעדער זיך זיצען אומטום וויא ער וויל, 7)
און זיך דארטען בעשעפטינען רוהיג שטיל.
פאר א גר און א היגען, פאר ארם און רייך,
איין געזעץ און איין משפט פאר אלע גלייך. 8)
ווען מענשען פיהלען זיי זעניין פריי.
דיענען זיי דעם לאנד אלע געטריי. 8)
מיט א פארגניגען האט יודעל געטאן אלסדינג,
וואס זיא האט איהם געזאגט מיט איהר זיסע צינג.
ער האט געאקערט געזייט זיינע פעלדער,
זיך בעשעפטיגט מיט וויינגערטנער און וועלדער.
האט אויף דער פאשע געפיטערט זיינע פיה,
אכטונג געגעבען צו דיא שאף, צו דיא קיה.
יענע דריי זאכען, דיא זיילען פון דער וועלט,
וואס דיא וועלט און גאנצען איז אויף זיי געשטעלט:
לעהרנען, ארבייטען און יענעם גוטס צו טאן 9)
זעניין ביי יודלען געשטאנען אויבענאָן.
פון אלטע צייטען איז זיין שטייגער געוועזן,
אראפ צונעהמען א פראצענט איינס פון צעהן, 10)
פון דיא אלע תבואות, וואס ער האט געהאט,

4) ויקרא כ״ח מ״ג. 5) שם שם ל״ה. 6) שמות כ״ב כ׳. שם כ״ג ט׳.
7) כ״ג י״ז. 8) ויקרא מ״ט ל״ד. במדבר ט״ו, ט״ו ט״ז. 9) אבות פ״א ב׳,
10) בְּרֵאשִׁית י״ד כ׳. דְּבָרִים י״ד כ״ב.

אלמנות, יתומים, ארמע זאלען זיין זאט. [11]
בזכות זיין גוטסקייט, זיין ארבייט און מלאכה.
איז אומעטום געווען מזל און ברכה.
דער אלטער טאטע, אונזער פיינער מחותן,
פלעגט איין אפטער גאסט זיין ביים זוהן דעם גוטען.
פלעגט איינשטעהן אין דווארעץ אין בעסטען חדר [12]
און דארטען גאנץ ברייט אפריכטען דעם סדר.
מיט גוטען וויין, מיט פלייש א סך, זעהר געשמאק, [13]
צום רויכען איז אויך געווען גוטער טאבאק. [14]
טעם גן־עדן האט מען אין דעם געפיהלט.
א גוטע קאפעליע האט אויך צוגעשפיעלט, [15]
אזא קאפעליע איז ניט געווען אומטום,
מען זאל אויס גיין דיא וועלט ארום און ארום
דארט איז געווען אויך וועלט בעריהמטע זינגער,
פון זייער געזאנג האט מען געלעקט דיא פינגער.
פון אייבינג אן האט יודעל געהאט געפיהל,
צו חזנים און אויך צו כלי־זמר שפיל.
אליין אויך זעהר גוט געשפיעלט אויף א פידעל,
און וויא א מייסטער געזונגען א לידעל.
אז יודעל האט געזונגען אויף דעם געליינק,
פלעגט מען פשוט קריכען אויף טיש און אויף ביינק.
זיין טראפ זאגען, זיין זינגען דרנא תביר [16]
צוגעהט זיך פשוט אין איטליכען אבר.
דער אלטער האט געקוקט אויף זיינע קינדער,
און געקוואלען פון איטליכען בעזינדער.
„מיר חלעבען, פלעגט ער אליין זאגען, מיר געפעלט.
אז מיין פאר פאלק איז טאקי איינס אין דער וועלט. [17]
יודעל, פון אלע מיינע זיהן דער קלענסטער [18]
איז צווישען זיי דער פיינסטער און דער שעהנסטער.

---

11) שם שם כ״ט. 12) שמות כ״ח ח׳. 13) במדבר כ״ח. שם כ״ט.
14) שמות ל׳ ח׳. 15) דברי הימים א׳ ט״ו, ט״ז וכו׳. 16) דאס איז טראפ
וואס איז בעקאנט איטליכען וואס קען מעביר זיין דיא סדרא. 17) דברים
כ״ו י״ח. שמואל ב׳, ד׳ כ״ג. 18) דברים ז׳ ז׳.

וואס ער האט אין נאגיל האבען זיי ניט אין קאפּ,
ווען זיי אלע אפּקויפען פאר לינזען א טאפּ.
מיט זיין גוט קעפּיל וועט יודעל מיט דער צייט,
אנשפּארען אין דער וועלט טאקי העט, העט ווייט.
ער זאל פארוואָרפען ווערען וויא א בלעטיל,
וועט ער אומטום נישקשה בעשטעהן זיין שטעטיל.
דא וועט מען איהם טרעטען אויף דעם רוקען,
און דארטען וועט מען נאר צו איהם זיך בוקען.
אט, וועט מען מיינען, אט פאלט ער אנידער,
פּלוצלים וועט ער זיך אויפהויבען הויך וויעדער.
וויא א טשערעטיל, וואס לייגט זיך פאר דעם ווינד,
קוים ווערדט שטיל, הייבט זיך עס וויעדער אויף געשווינד. [19]
איינער־דומה א גרויסער בוים א דיקער,
ביינט איהם דער ווינד צוברעכט ער זיך אויף שטיקער.
איז דיא וועלט פארגליכען צו א מאשינע,
איז יודעל חלעבען אין איהר דיא שפּרינזינע,
וואס קען זיך איינציהן און אויך אויסשטרעקען לאנג,
וואס בעוועגט דיא רעדער צו גיין זייער גאנג.
יודעל איז צונלייך אי הארט אי ווייך וויא טייג,
איז וויא אייזען פעסט און קען זיך טאן א בייג.
דריבער מעג מען איהם דריקען, נעבען אין קארק,
ער וועט אייביג בלייבין פריש, געזונט און שטארק.
א מאל וועט זיך דאכטען אט, אט ער געהט אויס,
ער וועט אבער פון דער סכנה ארויס,
און איבער לעבען א סך געזינטערע לייט. [20]
אט וואס יודעל מיינער איז וואס ער בעטייט,
אויף דעם פייער וועט ער ניט פארברענט ווערען, [21]
ער זאל מיר נאר זיך פרובפערען און מעהרען״.

## ד.

באלד איז מיין יודעל א כּאטע געווארען,

---

19) סנהדרין ק״ו א׳. 20) ירמיה ל׳ י״א. 21) ישעיה מ״ג ב׳.

זיין ווייב האט למזל א טאכטער געבארען.
עס איז געבליבען ביים גאנצען הויז געזינד,
מינדעל*) זאל ביי דעם נאמען הייסען דאס קינד.
קליינערהייט איז דאס קינד געלעגען זעהר שטיל.
געוועהן פארבארגען אין קישעליך זעהר פיל.
מען האט עס פון א גוט אויג אלץ אפגעהיט.
געהאט צו זינגען און צו זאגען דערמיט.
מען האט פשוט געציטערט חלילה וחס,
ארויס צוטראגען עס א מאל אויף דער גאס.
געניאנטשעט האט זיך מיט דעם אונזער אידעל,
פלעגט עס וויגען מיט דעם בעקאנטען לידעל,
„אונטער מינדעלס וויגעלע.
שטעהט א קלאר ווייס ציגעלע.
וואס איז דיא בעסטע סחורה?
מיין קינד וועט לערנען תורה.
סתרי־תורה לערנען.
דרשות וועט עס זאגען.
ספרים וועט עס שרייבען.
גוט פרום תמיד בלייבען“.
אז דעם קינד האט זיך אויסגעשניטען ציינדליך,
האט ער אנגעהויבען צו מאכען חנדליך.
וואס מעהר עס איז אין דיא יאהרען געקומען,
האט עס אויף זיך מעהר לייב גענומען.
פלעגט זיך ווארפען תמיד יודלען אויף דיא הענט,
און מאכען חנדליך וואס עס האט נאר געקענט.
אז יודעל האט געאקערט געזייט דיא ערד,
אדער אנצופאיען געטריבען דיא פערד,
אדער דיא קיה גענעבען זייער פוטער,
אדער זיך אונטערהאלטען מיט דער מוטער.
פלעגט דאס טעכטעריל איהם שוין אמאל שטערען,
מיט איהר זיך צו שפיעלען און זיא צו הערען.
האט איינגעהאזערט אויסוויינינג גאנץ גרינדליך,

*) מלשון בעל פה (מינדליך).

וואס דער זיידע האָט איהר איבערגעבען מינדליך. 22)
דער זיידע האָט פאר ליבשאפט עס דערצווינגען,
האט אויסגעריסען פאר איהר דיא אויגען,
אלע טאג פלעגט ער איהר מאכען א קליידעל,
„וואס ווייסט איהר, וואס דאָס איז פאר א קלוג מיידעל,
קיין בייז אויג זאָל איהר נאָר נים שאטען,
זאָל מיט איהר מוטער זיך עלטערן ביים טאטען.
יא מיט איהר מאמע זענען מיר ליב ביידע״.
אזוי פלעגט צוזאָגען דער אלטער זיידע.
עס האָט געהאט זעהר א שטארקען זכרון,
פלעגט דערצעהלען מעשות פון תרח׳ס יאָהרען,
איטליכע זאך וואָס אויף דער וועלט האט זיך פּאסירט,
וויא אונזערע אָבות האָבען זיך געפיהרט,
וואס זייא האָבען געטרונקען און געגעסען,
מנהגים וואָס מען האָט זייא לאנג פארגעסען,
דערצו נאָך פלעגט עס אויף זאָגען א וויטציל,
און געבען דעם טאטען פלוצלום א קיטצעל.
יודעל פלעגט א מאָל שרעקליך זיך צולאכען,
פון אזעלכע זעהר וואונדערליכע זאכען.
א מאָל אָבער פלעגט ער נאָר געבען א היק,
און אָפּבאָדען די מאַכטער אין קראָטקע וויק.
דערפון איז שטרייט א מאָל ארויס געגאנגען,
דער שלום אין הויז אויף א האָר געהאנגען.
„יודעל ביזט א נאר האט געזאגט דער פאָטער,
עס מוז שוין איינמאָל אויסשפּרינגען דער בלאָטער.
דעם קינדס רייד זענען נים קיין נארעשקייטען,
שא, איך וועל דיר וויזען וואָס זייא בעטייטען.
איידער מען האט געוויסט פון שריפט און ביכער,
האט דיא וועלט פארצייטענס געוואָלט זיין זיכער,
אז אלע געדאנקען און אלע זאכען,
וואס פלעגען בעשטענדיג אויף איהר זיך מאכען,
זייערע אלע פיל שמחות און פריידען,

---

22) תורה שבעל פה.

זייערע קריינקונגען צרות און ליידען,
זייערע אלע פיל נסים און ווינדער,
זאָלען איבערגעבען צו זייערע קינדער,
האט ביא זייא דריבער דענסטמאל געמוזט בלייבען
אלסדינג מיט אנדערע מיטעל צו פארשרייבען.
אין געביינען. אין שטיינער גאנצע קופּעס. 23
אין בילדער, פיגורען, אין זיילען, סלופּעס. 24
אין עסען, אין טרינקען און אויך אין דער טראכט,
האָבען זייא אָט דאָס אלסדינג ארייננעבראכט.
מצרים האט זיך געמאכט פּיראמידען.
מצבות האָבען אויך געשטעלט דיא אידען. 25
מצות א שטיינער און דיא ארבע כוסות.
מרור, זרוע זאלצוואסער, כרפּס, חרוסת,
זיצען אָנגעלעהנט אין קיטיל ביים סדר.
טלית און תפלין, נאָך אזעלכע קליידער.
דאָס אלסדינג למשל, וואָס מיר אלע מאכען.
איז א זכר פון היסטאָרישע זאכען.
דיא צערעמאָניעס פון א פאָלק און דינים,
האָבען אין זיך כוונות אלע מינים.
איטליכער מנהג זיינער איז א גאנץ בוך,
דער מנהג דריקט אוים זיין לעבען דורך און דורך,
בשעת א מענש פון איטליכער נאמנה,
איז מקיים א מנהג, א זאבאָבאָנע,
שטודירט ער זיין לעבען, געשיכטע צונלייך,
און קען דערפון האלטען עקזאמען פאר אייך.
עפּעס פרעמדס אָנצונעהמען זאָל בעוויזען,
דיא געשיכטע פון א פאָלק צו פארגרייזען.
פון א פרעמדער אומה, א מנהג, א דין,
האָט פאר דער אנדערער גאָר ניט קיין שום זין.

---

23) ארכיטעקטור. 24) בילדהויער קונסט. 25) בראשית ל״א, מ״ח מ״א. יהושע ד׳, ח׳ י׳. שם כ״ב כ״ו כ״ח ל״ד. ובשביל הרעיון הנכבד שהית כמוס בעצם וראשונה בבמות ומצבות נתגלגל הדבר אח״כ שהתחילו לעבוד אותן. ועיין רמב״ם הלכות עכו״ם פ״א א׳,

ער איז אין איהר נעשיכטע א פרעמד בלעטיל,
גלייך וויא אין א חומש פון גרעט א צעטיל.
דריבער קען מען פארשטעהן, פאר וואס דיא ביבעל
האט אויף אזעלכע זאכען שטארק פאראיבעל.
אין דיא מיני קליידער זיך צו פארקליידען,
וועלכע עס האבען גיטראגען דיא היידען. 26
גאלען דיא בארד, טראגען וויא זייא דיא פאות, 27
הייסט בייא איהר אננעהמען זייערע דעות.
אז אין מנהג האט געשיכטע זיך בעהאלטען,
האט איהם יעדער דענסמאל היילינ געהאלטען.
דורך דעם נאך געוועזען א חכם, א חריץ.
ווען נים, האט ער געהייסען בור עם־ארץ.
האט מען אבער אנגעהויבען צושרייבען
און מנהגים אין תורות צונופקלייבען.
איז עבודה אין שפעטערדינע צייטען
קליינער געווארען פאר תורה בייא לייטען.
מענשען האבען שוין פאר זיך געהאט ביכער,
און אלסדינג אין זייא געוואלט לערנען גיכער.
פון פיל מנהגים אין שפעטעריגע יאהרען,
איז זייער טעם געגאנגען פארלארען.
זייא זענין גלייך וויא אהן א נשמה א גוף,
און הערען בייא טהייל נעלערענטע גאר אויף.
נים איטליכער מענש אבער קען טאג וויא נאכט
אין ביכער, אין ספרים, תמיד זיין פארטראכט.
בכן איז רעכט מנהגים אונטערצוהאלטען.
דעם נייסט פון דעם פאלק מיט זייא צו דערהאלטען.
עבודה מיט נייסט איז גאר נים קיין צרה,
אהן דעם, זעהסט דוא, איז זיא עבודה זרה.

---

26) צפניה א׳ ח׳. רמב״ם הלכות עכו״ם פי״א א׳, וכתב שם בעל כסף משנה בשם מהרי״ו קולון: „שלא נתכוין לאסור אלא מלבוש המיוחד לעכו״ם וכו׳, אבל כשאינו מלבוש המיוחד לעכו״ם על דרך זו אין הישראל חייב להשתנות מן העכו״ם כלל ועיקר“. 27) ויקרא י״ט כ״ז.

עס וועט נאך קומען, איך פיהל, א צייט שפּעטער,
וועלען קינדער זיך האלטען קלוגער פון פאטער.
ביכער וועלען דענסטמאל דיא וועלט פארפלייצען,
מענשען וועלען אראָפּוואַרפען דיא לייצען.
פון איין זייט וועט חכמה אין אלע ערטער,
נים בעשטעהן אין ווירקליכקייט, נאר אין ווערטער.
בילדונג, וועט הייסען, אין דיא ביכלעך קוקען.
דער קאָפּ וועט זיין ליידיג, דאס הארץ וויסט, טרוקען.
מענשען וועלען מיינען זייא ווייסען זעהר פיל,
און וועלען נישט האבען קיין געפיהל.
מען וועט גרינג אוועקמאכען איטליכע זאך,
מיט א שרעקליכען געשפּעט און מיט א לאך.
איינער וועט אין א ביכעל האפּען א לעק,
וועט ער אויף דער גאנצער וועלט שוין שפּייען קלעק.
פון דער אנדערער זייט וועט נעהמען איבערהאנד,
הארץ, פאלש געפיהל נים מיט שכל, מיט פארשטאנד.
וועלכען מנהג מען וועט ערגעץ געפינען,
חאָטשע נים צו וויסען דעם טעם דרינען,
חאטש א פרעמדער פון איין אנדער נאציע,
וועט מען איהם האלטען פראָסט וויא א סיגנאציע.
זעהר קלוג האט איינער אין א ספר געשטעלט:
אויף תורה און אויף עבודה שטעהט דיא וועלט. 28
עבודה הייסט, נעדאנקען פון א נאציאָן.
זיין מיינונג, זיין בליק אין גלויבען, רעליגיאָן,
אין דער פּראקטיקע טאקע צו טאָהן אלסדינג.
נים נאר דיינקען, אבי ריידען מיט דער צונג.
יענער חכם קוקט דערמיט גאנץ טיף, גאנץ וויים,
ער זאגט א קלוג ווארט אקוראט אין זיין צייט.
אין זיין צייט הייבט מען אָן שריפטשטעלער צו ווערען. 29

28) אבות פ״א, ב׳. 29) שמעון הצדיק בעל המאמר הזה היה משירי כנסת הגדולה, המקובצת מאנשים חשובים שנקראים סופרים ע״ש עזרא הסופר המהיר (עזרא ז׳ ו׳) וחז״ל שמשו במלת סופרים על החכמים בכלל כי בימים ההם היה מעשה הכתב יקר, והאיש אשר ידע למשוך בשבט סופר כבר היה מבעלי הידיעות (באור שם) ובגמ׳ (קדושין ל׳ א׳) לפיכך נקראו ראשונים סופרים.

ספרים, ביכער הייבען אָן זיך צו פאַרמעהרען.
זעהר קורץ און זעהר וועניג זיינען מיינע רייד,
עס מהוס מיר דאַרויף אפילו אי זעהר לייד.
נאָר דוא האָסט א גוט קעפּיל יודעל, נישקשה.
וועסט זיך אָנשטויסען, וועסט פאַרשטעהן מיין דרשה.

## ח.

מיר ווינשען : יודעלס לעבען אין יענער צייט,
נעזאגט געוואָרען אויף אלע גוטע לייט.
גליקליך איז ער געווען, וואס האט איהם געפעהלט.
ער האָט געהאַט א שעהן ווייב, כבוד און געלט.
זיינע טשערעדעס האָבען זיך שטאַרק געמעהרט,
א סך מעהר נאָך וויא ער אליין האָט בעגעהרט.
תבואות זעהר געראָטען אין זיינע גיטער,
ער האט זיך געבאָרען אין מילך און פוטער.
זיין ווייב זעהר א דימענדינע, א שעהנע,
איז געווען א ווירטען אין דער וועלט איינע.
עס איז געווען ווייט אין דער וועלט צחוכען
איהרע מצות, קיכליך און איהר פאנקוכען. 80
מען האט געהן אָנצוקוקען פראָסט געראָטען
איהרע חלה און אויך איהר האלבגעבראָטען. 81
איהר קיך, איהר פריפעטשיק און איהרע פעסער.
איהר פאָלאָניק, איהרע טעפּ, נאָפּעל מעסער. 82
איהר נייען, איהר שטיקען, איהר קייטעלשטיבעל,
איהר פרוכת, איהר פארטיך און ברוסטטיבעל, 83
האבען געשיינט און פארנומען דיא אויגען,
האבען דאס הארץ עפּעס צו זיך געצויגען.
דיא האט דעם דוואָרעץ זעהר שעהן, פיין אויסגעצירט,

80) ויקרא ב׳, ד׳ ח׳. 81) שם כ״ד ה׳. שמות י״ג ט׳. 82) שמות כ״ז א׳, שם ל׳ י״ח. שם כ״ה כ״ט. שם כ״ז ג׳. 83) שמות כ״ו ל״א. שם כ״ח ד׳ ט״ו.

אין דעם מאיאָנטעק פאַראדקעס איינגעפיהרט. 34
אָרמע, קראנקע איז זיא געווען א מאַמע,
נישט געקוקט דאַרויף וואס זיא איז א דאַמע.
נים געלאָזט אימיצען צו געבען א זעץ, 35
האט געהיילט געריינינט פון מכות און קרעץ. 36
צווישען אלע מענשען כסדר אין איהר אָרט
איז א תורה געווען איהרס א וואָרט.
וואס בעדאַרף מען, דאכט זיך, בעסערס אויף דער וועלט?
לעב יודעל, זייא לוסטיג, ארבייט און קלייב געלט.
אזוי קעהר צו זיין, אזוי וואלט געווען גוט,
ווען דער מענש געביך זאָל נים זיין פלייש און בלוט,
ווען ביים מענשען זאל דער גוף מיט דער נשמה,
נישט דאַרפען אייביג פיהרען קיין מלחמה.
ווען דער פלאָטקע מאַכער, דער יצר־הרע,
זאל דעם מענשען נישט טאהן תמיד א טאָרע,
נישט אונטערהידען איהם געביך אלע צייט,
נישט פאַרפיהרען איהם אין דער בלאָטע גאנץ ווייט.
ווען דער צולאָכעסניק זאָל נים אלע מאָל,
אָנרייצען אויף איהם תאוות גאר אָהן א צאהל.
טעהרער דער זינדיגער מענש ווערט גרויס און רייך
מעהרער גרויס ווערט זיין יצר־הרע צוגלייך.
בשעת יודעלס הצלחה און זיין גרויס גליק,
האט אויף איהם דער שטן געוואָרפען א בליק.
מיט דעם און נאך אזעלכע א סך געמען,
האט זיך דער יצר הרע נישט צו שעהמען,
ער האט געטאָהן א בליק גאר נים לאנג געדאַכט
און מיט אונזער יודלען בעקאַנטשאפט געמאַכט.
ער האט איהם אלץ וואס ווייטער געטאָהן א טאפ,
און צום סוף געוואָרען מיט איהם חבר־לאפ.
ער פלעגט תמיד מיט יודלען צוטרייבען שפאס,
און איהם שלעפען שפאצירען געהן אויף דער גאס.
צום שפאס האט דער יצר־הרע א צינגעל,

---

34) שמות כ״א כ״ב כ״ג. 35) שם כ״א כ׳. 36) ויקרא י״ב י״ג וכו׳.

יודעל, האט ער געזאגט, דוא ביסט א יינגעל,
דוא לינסט צופיל אונטער דיין ווייבס פאנטאָפעל.
אזוי וויא מיין נאָמען איז מעפיסטאָפעל. 37
זינט יודעל דוא האסט דיין יפהפיה גענומען,
האסט דוא נאָר איין אנדער פנים בעקומען.
אלסדינג וואס זיא וויל, טהוט זיא חלעבין מיט דיר,
זיא לאָזט דיך פשוט ניט ארויס פון דער טהיר,
לאָזט דיך ניט אָנקוקען דיא ליכטיגע וועלט,
אַלסדינג אויף דאס איהריגע איבערגעשטעלט.
זיא לאָזט דיך ניט עסען מאכלים זעהר פיל, 38
און דוא מוזט געהן אָנגעטאָהן אין וואס זיא וויל, 39
איך פרעג דיך יודעל, קומט איהר ארויס אסך,
וואס דוא עסט ניט אדער טראגסט ניט יענע זאך? 40
זיא איז ניט מעהר וויא א שרעקליכער קאפריז,
קען חלעבין קראנק מאכען אפילו א ריז.
שוין לאנג האב איך געהערט, דיא וועלט לאכט,
אז דיין ווייב האט פון דיר א קאָטער געמאכט.
זיא האט דיך פון דער וועלט גאָר אָפגעריסען,
חוץ איהר זאלסט־דוא פון עמיצן נישט וויסען.
דוא ביזט געוואָרען א פראָסטער ארענדאר,
וואס קוקט נאר אריין תמיד אין קאלענדאר,
פרעגט דיר בחרם פון אלע שעהנע זאכען 41
וואס דיא מענשען אין היינטיגער צייט מאכען;
פון שעהנס ווייסט דוא ניט אפילו קיין פיצעל,
פע דוא ביסט געווארען א לאפענמיצעל!
האב נאר ניט קיין פאראיבעל יודעל אויף מיר,
וואס איך רייד אויף דיין פלונית׳טע, שפעט פון איהר,
צווישען אונז גערעדט דעם אמת, מיין ליבער,

37) מיט דעם נאמען רופען דיא אומות העולם דעם שטן. 38) ויקרא י״א ב׳ כ״ד. 39) שמות י״ג ט״ז. במדבר ט״ו ל׳ ז. 40) ויקרא י״ט י״ט. דברים שיצר הרע ועו״ג משיבין עליהם כגון אכילת חזיר ולבישת שעטנז, שאין טעם בדבר אלא גזירת המלך (רש״י בראשית כ״ו ה׳). 41) פסל ומסכת.

וואס נעהמט זיא זיך דאָ אזוי עפּעס איבער?
מוידוויים האָט מען מיט איהר זיך ארום געשלעפּט,
צו איטליכען חתן האט זיא זיך נעקלעפּט,
זיא האט נישט אויסגעלאָזט אָפילו איינעם,
נאָר זיא איז אָבער ניט געפעלען קיינעם,
מען האָט פון איהר זיך אָפּגעוואשען דיא הענט,
און זיך אויסגעדרעהט מיט וואס מען האָט געקענט. 42
מחמת מען האט געוויסט דעם וואונש איהרען,
אז זיא וויל איטליכען בייא דער נאָז פיהרען,
און טאָקי דוא לאָז דיר ניט זיין צו קיין גנאי —
גאר ניט שעהמען זיך, האב איך מיט דיר א תנאי,
טאָקי דוא יודעל, זאג איך דיר ארהים פרייא,
האָסט דוא דען נישט געוואלט אויף איהר געבען א שפּיי?
האסט־דוא דען קאָפּ אין קישען פריהער זיך געקלאפּט?
צו איהר זיך געשדכענט ביז האָסט זיא דערטאַפּט,
חלילה, דוא האָסט זיא גענומען אָבי אָט,
ווייל דער טאטע האט זיא דיר גענעבען גלאט.
הער נאָר, האט דער טאטע געזאגט, הער יונגאטש.
נעהם זיא, אויב ניט, גיב איך דיר יודעל א פּאטש! 43
איך נעהם, איך הער, ענטפערסט דוא דענסמאל צומישט, 44
האסט חתונה געהאט און דיא רוט געקושט.
וויא א חכם חלעבען האב איך געזאגט גוט,
דיין פלוניתי׳טע איז טאָקע א גוטע רוט.
פע, ביסט געוואָרען א יונגער מאנטשיקעל,
וואס עסט קעסט און ציטערט פאר א קאנטשיקעל,
מענסט חלעבין אין דיין ווייטען האלז זיך שעהמען,
פאר וועמען יודעל ציטערסט דוא, פאר וועמען?
ביז וואנען וועסט דוא נעביך זיצען פארשפּארט?

---

42) עבודה זרה ב׳ ב׳ מלמד שהחזירה הקב״ה על כל אומה ולשון ולא קבלוה. 43) שם שם, מלמד שכפה הקב״ה הר כגיגית על ישראל ואמר להם אם אתם מקבלים וכו׳ מוטב ואם לאו שם תהא קבורתכם.
44) שבת פ״ח א׳. עמא פזיזא דקדמיתו פומייכו לאודנייכו. כלומר נעשה ונשמע.

די א בייא דיר, נוטער ברודער, מעהר ניט גענארט.
קום מיט מיר פון דאנען ארויס אביסעל,
לאָז דיך דיין פלונית׳טע רופען קנאקניסעל.
קום יודעל חלעבין, קום לעבען אויף דער וועלט,
לעבען אביסעל וויא אלע לייט געפעהלט.
קום אויף דעם פעלד ארויס פרייא פון דעם שימעל,
דאָרטען הייב אויף דיינע אויגען צום הימעל,
און זעה דיא זון דיא לבנה, דיא שטערען דארט,
וויא זייא געהן, שטעהן איטליכער פרייא אויף זיין אָרט. 45
איך מוז דיר זאגען נאך א מאָל אויף דאס נייא,
אז זון, לבנה און שטערען אלע געהן פרייא,
מחמת איך וויס חלעבען, דוא מעגסט מיר גלויבען,
כדי נישט צו לאָזען דיך א קאָפּ אויפהויבען,
דעריבער מאכט מען דיך צום שוטה, צום נאַר,
דיא גאנצע וועלט האט עפּעס איין אויבערהאַר.
אלע כסדר זענין אויף דער וועלט נאר קנעכט,
זיך פרייא צוריהרען האבען זייא ניט דאס רעכט,
גענוג, איין ארענדאַר, א פּויער צו זיין,
קום צווישען לייט, ניכער אין דער וועלט אריין,
מיט מיינע פריינד וועל איך דיר מאכען בעקאנט.
וועסט בייא זייא זעהן שעהנע בילדער אויף דער וואנט.
אזעלכע אין דיין דוואָרעץ ניטא אי איינס,
וויא קומט צו דיר, יודעל, אהין עפּעס שעהנס,
דערינען מוזען מיר זיין ביידע איינינג,
אז געפיהל פאר דער נאטור האסט דוא ווייניג.
וועסטו דעם שרעקליכען פעהלער פארבעסערן,
וועלען דיינע פארגניגען זיך פארגרעסערן.
בייא מיינע פריינד דארט וועסט דוא האבען דיא קור,
זייא מאָלען אלסדינג וואס איז אין דער נאטור,
אלע בהמות אויף דער ערד מאָלען זייא אָפּ.
פון פיינעל ביז דיא פיש אין וואסער אראָפּ, 46
וועסט דארט עסען מיטאג, פליישׁ אויסגעזאָטען,

45) דברים ד׳ י״ט. 46) דברים ד׳ י״ז י״ח.

בעסער פנים ווייב׳ס מצה און האלבגעבראַטען,
ועסט דארטען פארזוכען קאָטלעטען פון שווין, 47
און דערנאך פארטרינקען מיט א גלעזעל ווין, 48
גוט עסען און גוט טרינקען איז זעהר וויכטיג,
עס ווערט נאר עפּעס אין דיא אויגען ליכטיג.
דארט וועסט דוא זעהן שעהנע מיידלאך קארפיהרער.
וועסט זיין זייער קאוואליר, זייער פיהרער.
וועסט זייא ברייננגען אמאָל קוויטען א קרענציל
און האפּען דערפאר אָפּט מיט זייא א טענציל,
איטליכעס נייא מאָדנע מיידעל איז פאר א קוויט
חאטש דיא נשמה דיר אוועקצונעמען ברייט.
פארקרים זיך נאר ניט יודעל וויא א צביאַק,
יפהפיות חלעבען זענין איטליכען געשמאק.
ווילסט דוא זיין מיט זייא לייבליכע מחותנים,
זאג איך דיר יודעל זייא איין עזות פנים. 49
ווייבער האבען ליעב דעם, וועלכער איז פארשיים.
איין עזות פנים איז זייא ליעב אלע צייט.
ליעב יענעם וואס קען איבער זייא רעגירען,
וואס קען הערשען און זייא בייא דער נאָז פיהרען.
איך קען בעסער דיא ווייבער מיט זייער חן,
איך האב שוין אויף דעם אויפגעגעסען דיא ציין.
דעריבער זאג איך דיר, איך מעפּיסטאָפעל,
קריך ארויס פון אונטער דער ווייבס פאנטאָפעל!

## ו.

דער נייער חבר האט יודלען נאר צושרויפט,
תאוות האבען איז זיין הארץ זיך אויפגעהויפט,
צו קאָכען האט אנגעהויבען אין זיין ברוסט
צו ארבייטען האט ער אנגעווארען לוסט.
דעם ווייבס רייד פלעגט איהם שוין ניט אזוי ארען.
ער הייבט אן ביסליכווייס זיא שוין צו נארען.

---

47) ישעיה ס״ו י״ז. 48) מיכה ב׳ א׳. עמוס ו׳ ה׳. 49) יחזקאל ב׳ ד׳.

סקוטשנע איז איהם געוואָרען בייא זיך אין שטוב,
גיל צו דיא שכנים, אין טעאטער, אין קלוב.
דאָרטען פלעגט ער שפּילען, מאַכען א כוסע,
מיט א מאָל א פלאַש וויין שרעקליך א גרויסע, 50
האָט זיך פאַרגעסען אז ער איז רב אידעל,
געטאַנצט מיט הולטייקעס געזונגען א לידעל.
פון פיעל וויין האָבען געבּרענט זיינע אויגען,
צו אַנדערע האָט איהם אַלץ דאָס האַרץ געצויגען,
צווישען לינדענבוימער מיט זייא זיך שפּאַצירט,
אויף בּערג און אויף טאָלען זיך ארומגעפיהרט. 51
איז א הגלטייא געוואָרען וואָס אין דער קאָרט,
זיך געוואַלגערט שכור אויף איטליכען אָרט. 52
דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואָס איז איהם אַזוינס געשעהן,
ער איז גאָר ניט דער יודעל וואָס פריהער געוועזן.
פאַססט־זשע דען אַזעלכעס פאַר איהם, פאַר זיין שטאַנד?
וואו איז זיין תורה, זיין חכמה, זיין פאַרשטאַנד?
זיין שעהן ווייב, וואָס האָט געמעגט שטעהן פאַר שררות,
האָט געהאַט נעבּעך א האַרץ פול מיט צרות,
עס איז איהר געווען א וועהטאָג, א שאַנדע,
ווייא יודעל שלעפּט זיך ארום מיט זיין באַנדע.
בּשעת יודעל טאַנצט זיך ערגעץ אויף א באַל,
ווערט איהר דערוויל אין דערהיים צוזעצט דיא גאַל.
איינע אַליין איז זיא פאַרוויסט געזעסען,
איהר יודעל פלעגט אַוועקגעהן, זיא פאַרגעסען,
האָט א מאָל און איהר זיך דערמאָהנט דער פּנע,
פלעגט ער ווייא אויף שפּילקעס זיצען א רגע,
„יודעל מיין ליבּער, יודעל מיין טייבּעלע,
פלעגט איהם בּעטען רחמים זיין שעהן ווייבּעלע,
געה ניט צו דיינע שכנים וואַרף זייא אַוועק. 53
אין זייער וועג געה ניט, שפּיי אויף אַלע קלעק.
ווייא קוטססטדוא צו זיי און זיי אַלע צו דיר?

---

50) הושע ג׳ א׳. עמוס ו׳ ו׳. 51) ישעיה נ״ז, ה׳ ט׳. 52) שם כ״ח, א׳ ד׳. 53) ויקרא י״ח ג׳.

לאזען זיי לעבען ביי זיך, דוא לעב מיט מיר.
פאר וואס האב איך אויפגעהערט צו געפעלען,
וואס דוא ווילסט מיט דער וויג מיך אוועקשטעלען?
א מאָל, יודעל, בין איך דיר געווען טהייער,
א חתן ביסט־דוא געווען א געטרייער.
האסט דענסמאל, געדיינקסט־דוא אויף דעם בערגיל דאָרט,
מיך ליעב צו האבען געשווארען אויף דיין ווארט.
עדות זיינען געווען ערד און הימעל,
דיא שעהנע נאטור מיט איהר גאנץ געריטעל.
האבען אונז געזאגט, געהאלטען א ריידע,
וויא גליקליך צולעבען זאלען מיר ביידע.
ביזט ערגעץ נישט געגאנגען א טריט אהן מיר,
אין הויז אויף דעם פעלד, אומעטום איך מיט דיר. 54
וואו איינער, דארט דער אנדערער נים געפעהלט,
דארום האט אונז צו טויבען פארגליכען דיא וועלט. 55
מחמת גרוים ליעבשאפט האסט־דוא דענסמאל אידעל
געזונגט ,,שיר השירים" געזונגען א לידעל.
איך וועל אצונד נעהמען דיין לידעל אפיר.
אזוי האסט דוא געזונגען געזאגט צו מיר :
,,שעהן ביזט־דוא מיין געליעבטע, ביסט שעהן, 56
דיינע אויגען טויבען מלא חן,
וויא סארנעס פון בארג גלעד אראָפ
היינגען דיא האָאר דיינע פון דעם קאָפ.
דיינע ציין שטעהן אין דער שורה גלייך
וויא שאָף ביים ארויסגעהן פון דעם טייך.
דיינע ליפען וויא רויטהע שנירלעך
און דיין גאנץ שמועסיל פיין, צירליך.
וויא א מילגרוים גלייך דיינע באקען,
וויא דוד'ס טהורם דיין האלז און אקען.
נעבויט חידושים שטארק, זעהר טהייער,
בעהאנגען מיט טויזענד פערמייטר.

---

54) דברים ו׳ ד׳. 55) מדרש חזית על פסוק הנך יפה רעיתי. 56) ש
השירים ד׳, א׳ ט׳.

ריינע צוויי בריסט זיינען טאקע נאר
וויא צוויי יונגע הירשעליך א פאָר.
ביסט אהן א פעהלער, שעהן אין גאנצען
מיט מיר כלה, מיט מיר קום טאַנצען״.
אזוי האסט־דוא אמאל געזונגען מיין מאן,
קורץ אבער האט געדויערט אונזער ראמאן.
קעהר זיך צוריק יודעל לעב, צוריק צו מיר,
מיין הארץ, מיין הארץ, געליבטער, ציהט צו דיר,
פארשוואַרצט ווער איך איצט, וויא איהר מיידליך דאך שעהן. 57
קום מיין געליעבטער, קום יודעל לאָם מיר געהן.
קום ווידער שפּאַצירען געהן אויף דיא פעלדער,
אין וויינגערטנער לאָם מיר געהן און אין וועלדער,
זעהן וויא בליהט דער וויינשטאָק, וויא וואַקסען טרויבען, 58
לאָם מיר ווידער לעבען וויא א פּאָר טויבען,
לאָם מיר ווידער אלע טאג אויפשטעהן גאַנץ פריה,
אויף דעם גרינעם גראָז דארט צו פּאַסען דיא פיה.
אדער אויף דיא בערג אפשר שפּרינגען ווידער,
ליגען אונטער א בוים און זינגען לידער.
ביי דיא הירשען, ביי דיא אינדען פון סטעפּעס, 59
בעשווער איך אייך, איהר מאָרניצעס מיט שלעפּעס,
שטערט ניט דיא ליעבע, שטערט אסור ניט מיין גליק,
פאַרפיהרט ניט מיין מאַן, ניט מיר איהם אָפּ צוריק!
פאַרוויסט בין איך איצט, דאך וויא אנדערע נאך שעהן.
קום מיין געליעבטער קום, יודעל לאָם מיר געהן״.
נאר אומזיסט דיא מיה, רייד אהער רייד אהין,
שפּיל דעם חתן וויינענדינג. ער האט זיינס אין זין.

57) שם א׳ ח׳. 58) שיר השירים ד׳ י״ב י״ג. 59) שם ב׳ ד׳

# ז.

שרעקליך פארלאָזט איז געווארען יודעל׳ס שטוב,
וויסט און טרויעריג אזוי וויא אין א גרוב.
אהן איין אויג פון דעם בעל־בית, אהן זיין האנד,
עס האט געוויינט אלסדינג, א שטיין פון דער וואנד.
אין דעם חדר פון יודעל׳ס אלטען פאטער,
איז וויא אין דיא געצעלטען פון א טאָטער.
אלסדינג קויטיג, ברודנע און שווארץ געווארען,
אלסדינג דארט האט דאס פנים אנגעווארען.
נישט געריידעוועט זיך האט דארט אין קיך מעהר.
נישט וויא א מאל געטראגען, געבראכט אהער
פון פוינעלמילך, פון אלע גוטע זאכען,
א סך געשמאַקע מאכלים צו מאכען. 60
ווען נעהט עסען און טרינקען אין דעם קאָפּ,
בשעת מען פאלט שטארק פון דער פונקציע אראָפּ?
יודעל באלעוועט אין דער פרעמד, עסט, זויפט אויף
און פון זיינע קוימענס געהט נישט קיין רויך.
שבת און יום טוב איז געווארען פארשטערט, 61
קיין פרעהליך ווארט אין הויז האט מען ניט געהערט.
דעם אלטען ניט ליב געווען צו פארזוכען
נישט קיין געבראָטענס און נישט קיין פאנקוכען. 62
ער האט גרויס צער געהאט פון דיא קינדער,
עס האט איהם געקריינקט איטליכעס קינד באזונדער.
אין א ווינקעלע פלעגט זיצען דאס ווייב שטיל,
תמיד אלץ געדאכט, געזארגט, געדאכט זעהר פיעל.
און אָפּט טאקי אויף איהר געלעגער ביי נאכט
פלעגט זיא איין אלט לידעל זינגען שטיל פארטראכט.
אין דעם לידעל פלעגט זיך אויסגיסען איהר הארץ,
מיט טרעהרען פלעגט זיא זיך בעוואשען פאר שמארץ.

---

60) דברי הימים ב׳, כ״ט, ג, ד. סנהדרין ק״ג א׳. אמון העלה שממית ע״ג מזבח. 61) הושע ב׳ י״ג. 62) ישעיה א׳ י״ג. עמוס ח׳ כ״א כ״ב.

פינסטער, ביטער איז געווען איהר דאָליע,
זיא האט אויפגעהערט צו שפּילען א ראָליע.
האט צום סוף זיך פארבאָרגען איינע אליין
און מען האט נישט געוואוסט מעהר פון איהר געביין.
ביים צו רעכט מאכען דאס הויז, דערצעהלט מען נאך,
האט מען דארט איינע געפונען אין א לאָך.
דיא סטאָליערס האָבען א געשריי געטאהן : אוי,
זיא חלש'ט, דאס איז יודעל'ס פרוי. 66

# ח.

דער אלטער טאטע האט געזעהן דיא צרות
און דאך נישט געשלאגען מיט'ן זוהן כפּרות.
ווייל הערען, זעהן און דערלענגערן דעם צאָרן,
איז איינע פון זיינע מדות געוואָרען.
דאס זיינען זאכען דיא שווערסטע אין דער וועלט,
נים איטליכער קען שווייגען ווען יענער פעהלט.
נים איטליכער אפילו דער ערנסטער נאָר,
קען צוזעהן יענעמ'ס פעהלער האטש אויף א האָאר.
זיינע אייגענע פעהלער זעהט נישט קיינער.
אויף זיך א מבין איז נישט איינער,
בעריל וואס קען אין סידור קיין ה"א ווייזען,
לאַכט אומעטום תמיד פון שמעריל'ס גרייזען.
ניסיל, וואס האט אויפגעגעסען פיעל פרעמד געלט,
רופט איצען אָנזעצער פאר דער גאנצער וועלט.
כל הפסלנות טהוט שטענדיג רב אבא
און זאגט: לייב דער דייטש האט קיין עולם הבא.
כל ימיו פארנעהמט צדקה געלט רעב יאָסיע
און זאגט : אויף מיר א נבאי דער דייטש מאָסיע.
וואס מען טאָר נים זאגען איז געווען דוואָסיע,
היינט זאגט זיא : קיין עהרליך ווייבעל איז סאָסיע.
ווען יעדער וואלט אויף זיך א מבין געווען,
וואלט אזוי פיעל לייד אין דער וועלט נים געשעהן.

---

66) מלכים ב' כ"ב. ח' י' י"א.

הערען זעהן און שווייגען, נישט צו מאהן א לאף,
איז חלעבען נאר נים אזוי קיין גרינגע זאך.
יודעל'ס טאטע אבער האט עס גוט געקענט,
פלעגט לאנג שווייגען מיט צונויפגעלייגטע הענט.
דריבער איז ער דאך א חכם גאר אנטיק,
דריבער דרוקט אויס חכמה זיין איטליכער בליק.
ער האט אויך זיין יודלען מענשען אנגעשטעלט. 67
זעהר בערייִדעוודיגע, געריהמטע אין דער וועלט.
מענשען מיט קעפ, מיט געפיהל און מיט א טויל,
מענשען געלערענטע, אויף דער פען ניט פויל,
מענשען מיט מוטה, וואס מאכען נים קיין שאנדע,
פאנע־בריות פון דעם אלטענס קאמאנדע.
מענשען וואס דערזעהען דעם אמת מיט דעם בליק,
וואס וואלטען פאר א מלוכה געווען א גליק.
דיא דאזיגע מענשען, דיא דאזיגע לייט,
מיט יודלען צו ריידען זיך גענומען צייט.
יודעל דוא ביסט א הולטייא, טהוען זייא א זאג
און ווארנען איהם זיך צו בעסערן אלע טאג.
פאלגט ער ניט, זאגען זיי איהם טאקי ווידער,
שטעלען איהם פאר דיא אויגען אלץ אנידער.
רעכענען אויס זיינע עלטערן, דאס קאפיטעל,
ויידעס, באבעס, איטליכען מיט דעם טיטעל,
דערצעהלען איהם דיא גרויסקייט פון זיין טאטען,
זיינע געשעפטען, זיין משא־ומתן,
זיינע פאדראדען אין יעדער גובערניע,
מיט פלייש, משקה, מאנעגרייפליך און זערנע. 68
דער טאטע האט איהם ליעב וויא זיין אויגאפעל,
און ער שטעהט העכער ביי איהם מיט א שטאפעל,
פון אלע זיינע עלטערע קינדער, 69
וואס זיי האט ער אפגעשייד גאנץ באזינדער,
צו זיי געזאגט: נאט אייך נדן און אויס קעסט,

67) מלכים ב ו״ז י״ג. 68) שמות ט״ז ח׳ ט״ו. שם י״ז ו׳. 69) מלאכי א׳ ב׳.

און איהם, יודלען, צוגעזאגט אייביגע קעסט,
זייא בייא דעם קינדערשען שכל געבליבען,
און איהם א גוטען רעבין אויסגעקליבען,
א רעבין, ניטא אזעלכער אין דער וועלט, 70
נישט צו באקומען וויא ער פאר נאר דאס געלט.
א רעבין וואס פון מערב ביז מזרח זייט
אומעטום זיין נאמען בעקאנט אי גאט אי לייט.
וואס דיא אנדערע מלמדים, פון איהם איננער,
קומען נישט אלע צו זיין מינסטען פיננער,
וואס אלע מחילה, מאקי אהן אונטערשייד
האבען געגאשט, איבערגעקייט זיינע רייד.
א רעבין, וואס דער קאפ אין הימעל געפלוינען,
דאך דער קלענסטער אויף דער ערד אין זיינע אויגען. 71
א רעבין, וואס האט דיא גאנצע צייט כסדר
נאר מיט יודלען אליין געקנעלט אין חדר.
געלערענט מיט איהם פסוק זעהר ריין, זעהר קלאהר
און נישט פארפעהלט פון איטליכער סדרה א האאר.
געלערענט נאך חכמות פון דער גאנצער וועלט,
וויא גאט האט זיא בעשאפען וויא איהם געפעהלט.
זיא מיט בעשעפעניש כסדר כסדר בעזעצט,
פראסטע בעשאפען פריהער, בעסערע צו לעצט.
היינט געשיכטע און בעשרייבונג פון לענדער,
אין איטליכס ווארט ליגט ספרים גאנצע בענדער.
חכמת הפאליטיקע, מדינה זאכען,
וויא מען בעדארף אין לאנד אזוי צו מאכען,
אז אלע קלאסען מענשען זאלען זיין גלייך,
איטליכער מענש איז פריי ארים און רייך,
קיינער זאל אסור ניט מוחל זיין דאס רעכט,
פע צו זיין א שקלאפע, פע צו זיין א קנעכט. 72
פיהלסט־דוא ניט און ווילסט אייביג דינען דעם גביר,
שטעה־זשע וויא א הונד צוגעשמיד צו זיין טהיר. 73

---

70) דברים ל״ד י׳. 71) במדבר י״ב ג׳. 72) ויקרא כ״ה, מ״ב נ״ה.
73) שמות כ״א ח׳ ו׳.

אז אלע זאָלען מיט דעם שווייס עסען ברויט,
נים דער זאל ארבייטען, זיך מוטשען צום טויט,
און יענער פוילער זאל אויפעסען זיין מיה,
זיין א פריץ און איהם מעלקען וויא א קיה,
נייז, פריץ, דיין געקויפט דאָרף, דיין געקויפט גליק,
אומקעהרען מוז זיך עס צום אלטען האר צוריק. 74
אזא רעבין, האָבען זייא גערעדט מיט קראפט,
האט דיר, יודעל, דער טאטע א מאָל פאַרשאפט.
האבען איהם גע׳מוסר׳ט מיט קלוגע ווערטער,
נישט צו געהן ווייטער אין דיא שלעכטע ערטער,
זיך צו בעגעגנען מיט זיינע חברים,
יואָס זיינען א קעגין איהם פראָסט חמורים.
נו קריינקען דערמיט דעם פאָטער דעם אלטען,
וואָס האט איהם פאר זעהר א גוט קינד געהאלטען.
צו קריינקען זיין ווייב נעביך און זיין קליין קינד,
זיינע גוטע פריינד און זיין גאנץ הויזגעזינד.
וועט ער זיינט חברים נים אויסמיידען,
וועט ער שפעטער נים גוט פון זייא אָפשניידען,
סוף כל סוף וועט ער פון זייא חאפען א פסק,
זייא וועלען איהם ארייננאַרען אין דעם זאק.
דענסמאָל וועט איהם נים העלפען אי דער טאָטער, 75
א שפיי וועט אויף איהם דענסמאל טאהן דער פאָטער.
וואָס העלפט אָבער דיא רייד, הוי וועהגעשריגען,
מעפיסטאָפעל דער ליץ האט אויך נישט געשוויגען.
אז יודעל האט געוואָלט ווערען פרום און גוט,
האט ער איהם היים וויא פייער צוקאָכט דאס בלוט.
פון זיינע פריינד, פון זייער מוסר געלאכט. 76
אלע צו נארען, צו משוגעים געמאכט. 77
„ווערלינג וויא זייא דארף מען נאר זיצען אין קלויז,
פארשטעקט ערגעץ אין א לאָך פונקט וויא א מויז,
נישט האבען קיין תענוגים, קיין פארגניגען,

74) ויקרא כ״ח י׳ כ״ג. 75) ישעיה ל׳ ב׳ ה׳. 76) דברי הימים ב׳ ל׳ ח׳.
77) הושע ט׳ ד׳.

מיט ציצית און תפלין זיך צו בעגגינען.
פיינט האבען שעהנע זאכען וויא א ווילדער,
נישט קוקען אויף ווייבער, אויף קוקלעס, בילדער
האלטען דעם גוף פאר א פיינט פון דער נשמה,
פיהרען צווישען זייא איין אייביגע מלחמה.
דער נשמה צו פארשאפען אלע מיטעל,
אז דער גוף זאל פאר איהר האלטען דאס היטעל.
דיא בעסטע רפואה זיא נעבעך צו היילען,
איהם צו בעגראבען אין דער ערד ניין איילען.
צו געבען איהם פלייש און וויין חלילה וחס,
איז נישט קראנק צו עסען ברויט, צו טרינקען קוואס.
וואס דארף מען אזא שונא געבען נאך מעהר,
דער מענש וואלט גליקליכער געלעבט ווען נים ער,
ווען נים ער, פארשטעה נאר, וואלט געווען בעסער,
דעם מענשענ׳ס מדרגה וואלט געווען גרעסער.
ער וואלט נישט געפיהרט מיט דעם גוף קיין שפראכע,
אין איהם נישט ליגען וויא א טשערעפאכע״.
הכלל נאך זיי דארף מען זיין אויסגעדארט,
נישט געניסען דיא וועלט און זיצען פארשפארט.
דערפאר וועלען זיי דיר טאהן כל א מיטעל,
אויף עולם הבא צוגעבען א קוויטעל.
נאך מיר אבער איז קיין בעסערס גאר נישטא,
וויא אלסדינג צו געניסען, צו לעבען דא.
דיא וועלט איז וואונדער שעהן, דאס לעבען טהייער.
וואס א מאל וועט זיין איז נים ווערטה קיין דרייער.
האב הנאה מענש כל־זמן דוא האסט נאך צייט,
עס, טרינק, טאנץ, שפיעל אין איינעם מיט אלע לייט. 78
טויט נים, נאר, ביי דעם לעבען איטליכם אבר,
כדי צו לעבען טוטערהייט אין דעם קבר.

---

78) ישעיה כ״ב י״ג. אכול ושתה כי מחר נמות פירש״י שלא יהיה לנו חלק לעולם הבא נעשה לנו הנאה בחיינו. והרד״ק כתב ונשמה בעודנו בחיים. וכל זה ללעג ולשחוק לדברי האל. ויונתן תרגם : מרנמות לא נחי.

טוימען זיך דא כדי צו לעבען אין ד'ער ערד,
אזא משוגע'נער איינפאל פאסט פאר א פערד,
אלא ביסט־דוא א פערד, א בהמה, פאלגסט זייא.
וועט אויסקומען דיר טאקע צו קייען הייא.
גוף און נשמה איז גאר קיין נפקא־מינא.
זיי צוטהיילען ביי מיר קיין הוה־מינא.
איז אלסדינג וויא געהעריג, קלאפט דיא מאשין,
לאפנעט עפעס ? וואו קומט איהר קלאפען אהין,
א חכם האט שוין אפגעדרוקט מיינע רייד, 79
חאטש נאר אויף שפאס האב איך דערפון קיין לייד. 80
גאר איך וויל דא נישט מעהר פילאזאפירען,
פילוסופיע קען צו קיין זאך נישט פיהרען.
איך וויל דיר נאר וויא א גענייטער זאגען,
וואס האט די לייט אזוי אונטערגעטראגען,
דיך צווידלען, מיט פריסעק אפצושיטען.
דיין פלונית'טע יודעל, זיא שטעקט אין מיטען,
פון איהר קומט עס אלסדינג ארויס, גאנץ ריכטיג,
זיא האסט שעהנע ווייבליך, איז פעפערזיכטיג.
פון איהרטוועגען וויא איך הייס מעפיסטאפעל,
דארפסט־דוא זיצען פארשפארט, עסען קארטאפעל.
זיצען נאר אזוי וויא א גאנז אין דער שטייג,
ווייס נישט פון א ווערט צו זאגען, קוק און שוויינ.
דוא אבער האב דיין שכל, זייא נישט קיין נאר.
פע, חלעבין, אז דאס ווייב איז איין אויבערהאר.
זייא א מענש יודעל, וואס טויג מרה שחורה,
פארליר ניט קיין צייט, חלעבען איין עבירה,
אונטער דיא לינדענבוימער געה שפאצירען,
ועסט־דוא ווערען פרעהליך דיין זארג פארלירען.
דיא יפהפיה, וואס האט דיר געגעבען איהר ווארט,
שטעהט שוין פארטיג און קוקט ארויס אויף דיר דארט.

---

79) קהלת ג׳, י״ט כ״ב. שם ט׳ י׳. 80) כפירוש המפרשים שם.

## ט.

אין ספרים האָט מען פון אייבּיג אָן געשטעלט,
אז דער מענש אין גאנצען איז א קליינע וועלט.
זיין איטליכס אבר, איטליכס גליד בּעזונדער,
שטעלט פאָר א חלק פון דער וועלט גאָר וואונדער.
קענט איהר אָבער בּיי דעם מענשען געפינען
דעם ים מיט אלערליי זאכען וואס דרינען ?
מיט זיין טיפקייט, מיט זיינע שטארקע חוואליעס,
מיט זיינע שטורמווינטען, גרויסע באטאליעס,
מיט זיינע ווילדע בעשעפנישען אונטען,
מיט זיין לויתן דעם שרעקליך געזונטען,
ווער פון אייך קען דאס אלסדינג מיר זאָגען, ווער ?
וואו איז בּיי דעם מענשען דער ים וואו איז ער ?
רבּותים איהר שווייגט ? נוא בּרעכט אייך ניט דעם קאָפּ,
איך וועיז אייך איהם באלד פון אויבען בּיז אראָפּ.
א קליין שטיקעל פלייש הייגנט אין דעם מענשענ׳ס בּרוסט,
אינוועגדיג אויסגעהוילט, נאָר ניט ליידיג, פּוסט,
בּלוט קוועלט דאָרטען בּעשטענדיג גאנצע קוואלען,
פון דאָרט לויפט עס אין אָדערען, קאנאלען,
וואס פארצווייגען זיך אין דעם גוף אָהן א צאָהל,
און פלייצען אין איהם וויא טייכען אלע מאָהל.
דאָס שטיקעל פלייש, הארץ רופען עס גרויס און קליין,
דאס איז דעם מענשענ׳ס ים, דאס איז ער אליין.
קליין איז דאָס פּיצעל הארץ, אין גאנצען א לעק,
דאָך פון דעם ים טיפער, בּרייטער אָהן איין עק,
אויפצונעהמען זיינע געפיהלען בּיינאנד,
זיינען אלע גרויסע ימים ניט אין שטאנד.
זיינע געדאנקען פליהען פריי הין און הער,
פון אלע חיות אין ים שטארקער און מעהר.
ווען דעם מענשען געהט עפּעס אָפּ, נאָר א קווינט,
ערהייבּט זיך באלד אין זיין הארץ א שטורעמווינד.
שרעקליכער וויא אויף דעם ים איז זיין שטורעם,
איטליכע חוואליע הויך, גרויס וויא א טהורעם.

דאס בלוט זידט, קאָכט, הייס וויא אַ העליש פייער.
דיא גערדאנקען בליצען, שטיפען נאך פרייער.
געפיהלע שטופען זיך צונויף צוזאמען,
אלע פלאקערען, ברענען, אלע פלאמען.
דער וועלטבעריהמטער קאפיטאן, דער פארשטאנד,
צומישט בלייבט ער פלוצלים שטעהן, שטום וויא דיא וואנד.
זיין שיפעל שאָקעלט זיך, וויל קומען צום ברעג,
וואָלקענס פארשטעלען אָבער מען זעהט ניט דעם וועג.
וואויל איז דעם, וואס דער כזל האט איהם גערינט,
נישט צו ליידען אין לעבען אזא שטורמווינט,
זעהר וואויל אבער דעם, וואס האט איהם געליטען,
און האט פון שיפברוך זיך געקענט אָפּהיטען.
ער קען זאגען: האָב פארזוכט דיא מלחמה,
און ווייס איך האָב אַ הארץ, שכל, און נשמה.
איך ווייס, וואס איז אזוינס דעם מענשענ׳ס לעבען,
און קען אָפּגעבען דערפון רעכענונג חלעבען.
איך, איך ווייס, וואס בעטייט אזוינס: דאס הארץ גלוסט,
און וויפיעל עס קאָסט גובר צו זיין דיא לוסט.
נישטאָ אזוי פיעל פאפיר, אזוי פיעל טינט,
צו בעשרייבען דעם שרעקליכען שטורעמווינט,
וואס האט אין יודעל׳ס הארץ זיך אויפגעהויבען,
זעהר, זעהר אַ שרעקליכער, איהר מעגט מיר גלויבען.
עס האט גערוישט אין זיין הארץ וויא אין אַ מיהל,
עס האבען געליאַרעמט געדאנקען זעהר פיעל,
פארשידענע געפיהלע האבען זעהר גיך,
שרעקליכע מלחמות געפיהרט צווישען זיך,
ליעבע צו אנדערע און געפיהלע צום ווייב,
איידעל פארגניגען און תאוות פון לייב,
בריה פאר דעם פאָטער, צו זינדיגען לוסט,
האבען שרעקליך זיך געראנגעלט אין זיין ברוסט.
ווילדע תאוות האבען געשפרונגען, געשטיפט,
וויא דיא שלאַנגען געביסען און געשפייט גיפט.
געדאנקען וויא דיא שטורמפויגעל געפלויגען.
מחנות געפיהלע נאך זייא זיך געצויגען.

אונזער יצר־הרע, דער שפירט, דער צונטער,
וואס אין אַ שטורעמווינט בלאָזט נאָך אונטער,
וואָס אין אַ פייער מישט ער מיט דעם לעפעל,
אונטערצוניסען נאָך פעך און נאָך שוועפעל.
אָט דער אַלטער שטורמאַק, דער בעריהמטער פלוט,
האט וויא דער לויתן זיך געבאָרען אין בלוט.
זיינע פלאָספעדערען פרייא זיך אויסגעשפרייט,
און זיך געשווימען אויף דיא חוואַליעס גאַנץ ברייט.
מיט אימפּעטט פון דיא גאָזלעכער געבלאָזען
אויף דעם פערשטאַנד און אויף זיינע מאַטראָזען.
עס האט זיך גערידעוועט גערוישט, געקאָכט.
דער מידער קאַפּיטאַן האט שטאַרק זיך געפאָכט
מיט דעם לויתן דעם שרעקליכען מחבל,
איינער דעם אַנדערן האט דערלאַנגט אַ גראַבעל.
ביידע האָבען וויא לייבען זיך געפאָכטען.
איינער אין דעם אַנדערן זיך איינגעפלאָכטען.
ביז דער טייפעל האט געטאָהן אַ שפּרונג, אַ טאַנץ,
און דאָס שיפעלע צובראָכען מיט זיין שוואַנץ.
וויא אַ שטיין איז דער קאַפּיטאַן טיעף געזונקען,
און האָט אין דעם ים געבעך זיך דערטרונקען.
חאַ, חאַ, האט זיך געהערט אַ בייז געלעכטער,
דער טייפעל איז אַ העלד אויף דער גערעכטער !...
געליינט האט זיך דער שטורמווינט, געוואָרען שטיל.
אויס קריג, מלחמה. פאר דעם טייפעל דיא שפּיעל.
יודעל איז ווידער לוסטיג, אַ וואוילער יונג,
פוצט זיך אויס, גיט צו דיא געליעבטע אַ שפּרונג.

**י.**

איטליכע זאַך אין דער וועלט האט צוויי זייטען :
מען קען עס גרינג אַזוי און אַזוי דייטען.
אויף שלעכט קען מען זאָגען גוט און אויף גוט שלעכט.
אויף רעכט איין עולה און אויף איין עולה רעכט.
אין דער פּאָליטיק, דאָס הייסט דרך ארץ

איז מען אָפּט מטהר בק"ן טעמים א שרץ.
איינער ווערט א מלאך־המות און שעכט.
קוילעט אויס א מדינה און בלייבט נאך גערעכט.
דער קלוגער מענש איז פעהיג זיך צוקעהרען,
אי א מלאך אי א טייפעל צו ווערען.
מען דארף א שטארקער פריינד פון דעם אמת זיין,
טאקי זעהר עהרליך, זעהר דעליקאט און פיין,
ארויסצוזעהן דעם אמת גאנץ ריין און קלאהר,
און נישט אָפּטרעטען פון יושר אויף א האאר.
מען מוז בערעכענען איידער א טרעט מען גיט,
פון מלאך צו זיין ביז טייפעל איז איין טריט.
ווער עס נעהמט זיך פון רעכטען וועג א קאפּ אוועק,
נעהט פון נארעשקייט צו נארעשקייט אָהן איין עק.
ס'איז גאָר ניט מעהר דער יודעל, האקט איהם און בראָקט.
זינט ער איז פארפיהרט, איז גאָר זיין הארץ פארשטאָקט.
דיא אויגען שווער צו זעהן, דיא אויערען צו הערען, 81
זיינע נארעשקייט הייבען אָן פיעל צו ווערען.
הייבט אָן אויפצונעהמען נארעשע זאכען,
וואס א מאל פלעגט ער אליין פון זיי לאכען.
גלויבט אין שדים, אין טהייערע מצאָצע, 82
גלויבט אין לאָקש, אין בוידעם, אין האָצע קלאָצע,
האט בעשטענדיג צו טאהן מיט כישוף מאכער. 83
טרעפט זיך איהם עפּעס, לויפט ער צו א זנאכער.
חלומות לייגען איהם אויס מכשפה טעס, 84
אלטע באבעס זיינען זיינע רופא'טעס,
דער טאָטער גיט איהם קמיעות, שמירה'לעך.
עפּעס אזעלכע מיני פאפּירעליך.
זיינע אמת'דיגע פריינד און זיין פאָטער,
האָרכט ער אקוראט וויא דעם ראבען קאָטער.
יודלען האט א מאָל זיך געחלום'ט אין שלאָף,
וויא ער איז תון א מענש געווארען א שאָף.

---

81) ישעיה ו' י'. 82) תהלים ק"ו ל"ז. 83) דברי הימים ב' ל"ג ו'.
84) יחזקאל י"ז כ"ג. ירמיה כ"ג כ"ז.

אין דער מדבר אָהן א פאסטוך זיך פאראירט, 85
האבען איהם דאָרמען א טשאטע וועלף דערשפירט.
זייערע ציין שארף, פון זייערע אויגען
זיינען פונקען פייער שרעקליך געפלויגען.
וויא זיי ווילען איהם אָננעהמען ביי דעם עק,
קומט אימיצער און חאפט איהם געשווינד אוועק.
ער האט איהם געמאָלקען, זיין מילך גענעסען,
איהם אליין צו פיטערען גאָר פארגעסען.
איז געקומען איינער איהם אוועק געפיהרט,
געשאָרען זיין וואָל, דערמיט זיך אויסגעציהרט,
אָן איהם אליין אבער זיך גאָר פארגעסען,
צו געבען איהם א שטעלכען, עפעס עסען.
איז געקומען נאך איינער קויפט איהם אוועק,
בעטראַכט איהם און טאפט איהם פון קאָפּ ביז דעם עק.
איהם צו פיטערען האט ער ניט פארגעסען,
כדי פעטערהייד איהם דערנאָך אויפצועסען,
איז געקומען דער שוחט חאפט איהם ביים קאָפּ,
ליינט איהם אויף דער ערד אנידער וויא א סנאָפּ,
שטרעקט איהם דאס העלזעלע אויס און פליק, פליק, פליק,
ניט א פיהר מיט דעם חלף, וויל מאכען חיק...
דא האט מיין יודעל פלוצלים זיך אויפגעחאפט.
דעם האלז, דעם קאָפּ איטליכס אבר זיך געטאפט,
פונ׳ם חלום איז איהר אויף דער הארץ געווען שווער,
איז פארטראכט ארום געגאנגען הין און הער,
געטראכט, דער חלום איז עפעס גאר ניט גלאט,
און האט שרעקליכע צרות, יסורים געהאט.
צו מכשפים האט איהם דער רוח געטראגען,
וואס בעטייט דער חלום לאזען זיי זאגען,
לאזען זיי איהם אויפקלעהרען דיא גאנצע זאך.
מיט חלומות גיבען זיי זיך אָפּ א סך. 86
דערפון האבען זיי דאך זייער זאלץ און ברויט, 87

---

85) ירמיה ב׳ ר׳ ד׳. 86) ירמיה כ״ג, כ״ז ל״ג. 87) יחזקאל י״ג י״ט. מיכה ג׳ י״א.

לאזען זיי איהם דריבער ביישטעהן אין דער נויט.
„שלום צו דיר, זאגען דיא מכשפים, שלום. 88
דוא האסט יודעל געזעהן א גוטען חלום.
וואס ביסט א שעפעלע געווארען בעטייט,
דוא וועסט רייך זיין, פון דיר וועלען לעבען לייט,
דוא וועסט האָבען שפע, ברכה אין איינעם,
מען וועט דארפען צו דיר, דוא נישט צו קיינעם.
דער פריץ וועט הייצען דיא רובע ביי דיר,
וועסט מאקי נים שמעקען צו איהם אויף דער טהיר,
דוא בעדארפסט זיין שטאל, זיין שטוב אויף כפרות.
דיינע משרתים וועלען זיין פריצים, שררות.
זיי וועלען דיר אלע אין דער האנד קוקען,
פאר א גראָשען אלע צו דיר זיך בוקען.
איטליכער וועט וועלען, דוא זאָלסט זיין זיינער,
צום געבען ביסט־דוא א מחותן א פיינער,
דורך דיין גאָב וועט יעדער זיין א וואוילער יונג,
וועט לעבען, זיך פוצען, מאָהן א טאנץ א שפרינג.
קורץ, יודעל, האסט געזעהן א גוטען חלום,
טראכט נאר נישט איבער, שלום צו דיר שלום.
דיא וועלף, זעהסט־דוא יודעל, זיי בעטייטען פיינד,
דאס זיינען דיין טאטענס קלאָמערשט גוטע פריינד,
וואס עפענען אויף דיר תמיד אויף א ברייט מויל
און איינצושלינגען דיך, זיינען זיי נים פויל.
דעריבער איז רעכט דעריבער מאקי גוט,
דוא זאלסט זיך באָרען, יודעל, אין זייער בלוט“.

## יא.

דער טרוים איז יודלען פאָרט נישט ארויס פונ׳ם קאָפּ,
ער איז פאר פחד פון דעם פנים אראָפּ.
ער לינגט, דאכט זיך איהם, אויסגעשטרעקט אויף דער ערד,
און דער שוחט וויל איהם קוילען מיט זיין שווערד.

---

88) ירמיה ד י״ד. יחזקאל י״ג ה.

א מאָל דאכט זיך איהם שטעהט ער איינער אליין
און וועלף קריצען אויף איהם מיט זייערע ציין.
„פון וועלף הייסען זיי פטור צו ווערען ניך,
דאס זיינען פיינד, טענה'ט ער אליין מיט זיך.
נאר נעה ווייס אבער וועלכע זיינען דיא פיינד?
זיי זאגען: דיא וועלף זיינען דעם טאטענס פריינד.
פון יענע אבער הער איך אלץ איין געשריי:
אז דיא וועלף, דיא לייבען זיינען זיי, נאר זיי". 89
יודעל ווערט עפעס מסופק, קראצט דיא פאה
און הייבט אָן זיך צו שלאגען מיט דיא דעה.
בשעת א הבל'ניק ווערט אויף דעם הארץ שווער
ווארפט ער זיך בעשטענדיג אהין און אהער.
„וואס טענה'סט־דוא אזוי, וואס איז דיר שאָפעל?"
קומט פלוצלים אריין מיט שפאס מעפיסטאָפעל.
פון נעכטען אָן זעהט מען דיך ניט אויף דער גאס,
זעהסט עפעס אויס וויא א בית־מדרש'ניק בלאס.
א קשיא, יודעל, וואס אויף דער וועלט קען זיין,
עס ציהט דיך אפשר אין בית־מדרש אריין?
אפשר יודעל, ציהט עס דיך שטארק וויא מיט א שטריק?
צו יענע קלויזנער טאקי ווידער צוריק.
מיט זיי צו דאווגען, צו געהן מיט דיא טאצען.
א יודישע נשמה קען מען נישט שאצען.
קיינער חלילה האלט דיך נישט אויף א קעט,
דוא האסט אבער זיך מישב געוועזן צו שפעט.
צו גוטע פריינד איז קיינמאל ניט שפעט צוריק,
האט יודעל אונטער דער נאָז געענטפערט קריק...
זעהר גוט, זאגט מעפיסטאָפעל, טאקי ריכטיג,
נאר געהט מען צו פריינד, איז צו וויסען וויכטיג...
„דיינע רייד, זאגט יודעל, האבען צוויי זייטען,
איך ווייס חלעבען ניט וויא איך זאל זיי דייטען.
מיינסט־דוא יענע לייט זיינען מיר קיין פריינד ניט,
אדער, נישטא נאר קיין פריינד, מיינסט־דוא דערמיט.

89) יחזקאל כ"ב, כ"ח כ"ז. צפניה ג' ג'.

דוא רוקסט אָפּט אריין א ווערטעל פון דער זייט,
דאכט זיך נאר נישט, עס צילט אבער שרעקליך ווייט...
בפרט ווען איך מעפּיסטאָפּעל רעד מיט דיר,
ווען עס ריידען אזעלכע קלוגע וויא מיר,
דוא ביטסט יודעל א מבין אויף א וויצעל,
קענסט אין יענעמ'ס רייד פּאלען אויף דעם שפּיצעל.
מיט דיר בעדארף מען וויינינג צו טאהן האבען,
האָסט נעטראָפען וויא דער הונד ליגט בעגראבען.
איך מיין טאקיביידע זאכען אין איינעם,
גוטע פריינד איז חלעבען נישטא ביי קיינעם.
בראָש גלויבסט דוא נאך אין פארשימעלטע זאכען,
וואס אין אונזער צייט מוז מען דערפון לאכען.
דוא גלויבסט נאך אין אלטע מעשיות, זעה איך,
אז אין דער וועלט האט מען יענעם ליעב וויא זיך.
ווער שמועסט נאך, מיינסט־דוא יודעל, מאן און ווייב.
דאס איז טאקי פשוט, וויא מען זאגט, איין לייב.
פריינדשאפט, ראמאנען שטעהן נאר אין דיא ביכער.
פוסטע רייד יודעל, מעגסט מיר גלויבען זיכער.
פּריוו נאר דיין פריינד צו קרימען עפּעס א האָאר,
וועט ער דיך אָפּשיקען צו אלדע שווארץ יאהר.
איטליכער אויף דער וועלט זוכט נאר וואס איהם טויג,
טויגסט־דוא יענעם, באלד האט ער אויף דיר איין אויג.
שארט זיך צו דיר צו מיט זיסע, גוטע רייד.
זאגט : איך און דוא איז חלעבען קיין אונטערשייד.
דיר פאר זיין קנעכט צו מאכען מיינט ער דערמיט,
בין אין דיא זאכען ברוך השם געניט.
דוא ווידער צוריק מאכסט זיך קלאָמערשט צום תם,
און זאגסט נאך אויף אלע זיינע ווערטער באם.
דער רוח, טראכסט דוא, האט מיך נישט גענומען,
נאר מיך נישקשה, וועסט מיר צוניטץ קומען.
נאר מיך, נאר מיך נישקשה, קאפּ אָן דער וואנט.
איך וועל דיר שפּעטער דערטאפּען אין דער האנד.
הכלל איטליכער פון אויבען ביז אראָפּ.
איטליכער אויף דער וועלט נארט דעם אנדערן אָפּ.

אפילו דיא מענשען פון דיין הויזגעזינדע,
א קינד א פאָטער און א פאטער א קינד,
מענער דיא ווייבער און ווייבער דיא מענער,
מען וויל נאָט אפילו נארען, נאך שעהנער.
יענער גלויבט, נאט איז א יודע לבבות
און נארט איהם פאָרט אלץ מיט פאלשע מחשבות.
וויל נאט אויף דער וועגטקע חאפּען מיט שטוקעס,
אויסנארען אלץ ביי איהם מיט הוקעס פוקעס.
זאלסט יענעם וויא איך אין הארץ ארייננקיקען,
וואלסט־דוא פשוט פאר גלעכטער זיך שטיקען.
וויא ער טענה'ט מיט נאָט, פאלט אויף הסברות,
אויסצומאָנטען ביי איהם גליק אנשטאט צרות.
וויל אָנפייפען דעם רבונו של עולם,
עפּעס וויא ער האט צו טאהן מיט א גולם.
ליבע, פריינדשאפט, דאס זיינען פוסטע זאכען,
רעד נאר ניט יודעל, מען וועט פון דיר לאכען.
ביי דיא היינטיגע יונגע לייט, נאט בעהיט,
וועסט־דוא הייסען אַסטטאלי, פונ'ם אלטען שנים...
א דאנק דיר מעפיסטאָפעל פאר דער בשורה.
ענטפערט יודעל מיט א פארקרימטע צורה.
קיין גוטע פריינד, זאגסט דוא, זיינען נאר ניטא,
וואס טהוט מען, אך, מיט דיא פיינד וואס זיינען דא?
איך פרעג דיר, מעפיסטאָפעל, וויא א רעבען,
לערען מיך מיט פיינד וויא אזוי צו לעבען...
שטערט אימיצר צופיעל, ווערט אונערטרעגליך,
איהם מח מען פטור ווערען ניך וויא מעגליך.
דאס לעבען אין גאנצען איז א מלחמה,
מען טהוט אלסדינגג צו דערהאלטען דיא נשמה.
איינער זוכט דעם אנדערען צו פארטרייבען,
בכדי ער זאל אויף זיין אָרט איבערבלייבען.
קוק אריין אין דער נאטור, לייג צו מוח,
וועסט־דוא זעהען, יודעל, דארט הערשט נאר כח:
אלערליי בעשעפעניש פון גרויס ביז קליין,
איינער ביים אנדערן וויל אָפּלעקען א ביין.

איטליכער אין דער וועלט מאכט יענעם דעם טויט,
בכדי איהם אויפצועסען געשמאק פאר ברויט.
פון אויבען איז דער שטארקער, דער געזונטער,
דער שלאפער נעבעך איז תמיד דעראונטער.
צו דעם וואָלף ווערט דאס שלאף שעפעלע א רויב,
צו דעם אָדלער דיא גוטע דיא פרומע טויב.
דיא שפין וועבט נעצען צו דערטאפען דיא פליג.
קורץ, אייבינע מלחמות שטענדינע קריג.
פון אייבינע צייטען איז אזוי געשטעלט,
אז כדי צו לעבען שלאָגט זיך דיא גאנצע וועלט.
עס פארשטעהט זיך אז דער מענש אויך אין מיטען,
שלאָגט הארגעט, כדי זיינע ביינער צו היטען...
אָט אזוי יודעל בעדארף מען צו לעבען,
ווילסט־דוא פאָלגען מעפיסטאָפלען דעם רעבען.
כל־זמן יודעל דוא קענסט דיר נאך העלפען, העלף.
היט זיך צו זיין א שעפעלע צווישען וועלף.
וועלף זיינען יענע פיסקאטשעס, יענע לייט,
וואס זידלען, פאלען אויף דיר אָן אלע צייט.
יודלען זיינען דיא ווערטער אין קאָפּ אריין
און זיך פאָרגענ.ומען זיי מקיים צו זיין.
א מאָל אז איינער פון דעם טאטענ׳ס חבריא,
האט אין יודעל׳ס הויז געזאגט א ריידע א פרייע,
איידער נאך וויא ער האט געענדיגט זיין וואָרט,
האט איהם יודעל דערשטאָכען באלד אויף דעם אָרט.
ווייט אין דער וועלט איז דענסמאָל ארוים א קלאנג,
אז זיין בלוט האט געזאָטען דאָרט יאָהרען לאנג. 90

# יב.

אָט צו וואס דער טייפעל ברינגט, וויא ער פארפיהרט.
נים מען איהם דעם פינגער וויא וויים מען פאראירט.
זעהר דין זעהט תחלת אויס דיא זינד אויף דעם בליק,

90) גיטין נ״ז ב׳ דמיה דזכריה דהוה קא מרתח.

וויא שטריק פון א וואָגען ווערט זיא דערנאָך דיק. 91
יודעל פאַרקריכט גאַנץ ווייט, ווערט א גרויסער פּלוט,
שאַסטעט, בּריינגט אויס און דערנאָך פאַרגיסט ער בּלוט.
זיין אימעניע איז געוואָרען אָפּגעלאָזט.
דאס גאנצע בּאַלבּאַטעשסייט פאַרוואָהרלאָזט.
נישט געאַקערט געזייט זיינען דיא פעלדער,
דיא בּעסטע בּוימער אויסגעהאַקט אין וועלדער.
וויינגערטנער שטאַרק וויסט, זייער צוים צובּראָכען,
קינד און קייט איז תמיד דאָרט געקראָכען.
גראָז קראָפּיווע זיינען געוואַקסען זעהר פיעל. 92
צווישען זיי געשפּרונגען געשווישטעט דיא גריל.
ווינטרויבּען און גאָרטענוואַרג, ווייץ און קאָרען.
דאס אַלסדינג איז וויא פאַרשווינדען געווארען.
דאָרט אויף דער וויסטער פּאשע זיפצען דיא קיה.
נאָך א גרעזעלע לעכצען נעבּעך דיא פיה.
שעפּעלעך מעקען, ציגען ליגען פאַרוויסט,
ליידינג און איינגעשרומפּען זייערע בּריסט.
אָקסען שרייען גראבּען אונטער זיך דיא ערד,
מיעד מיט פאַרליינטע קעפּ שטעהן נעבּעך דיא פערד.
טשערעדעס שאָף בּהמות אָקסען און רינדער,
אלע געווארען ווייניג אלע מינדער.
ווייניגער יודעל׳ס הכנסות פּריהאָדען,
גרעסער ווערען דיא הוצאות ראַסחאָדען.
בּכדי צו לעבּען צו קומען אין דער וועלט,
דארף מען צו האבּען געלט, געלט און וויטער געלט.
צו זיין אין דער מאָדע צו זיין ווילקאָמען,
כדי אין דער וועלט צודערהאַלטען דעם נאמען.
כדי צו זיין דיא נשמה בּיי אלע דאמען,
צו געפעהלען דער טאכטער אי דער מאמען.
כדי יענער זאל בּעגעגנען מיט א פארבּייג,
זאָל דערבּיי זיס שמייכלען, ווייך זיין וויא א טייג.
כדי פאַרבּעטען צו זיין אומעטום צו געסין,

---

91) ישעיה ה׳ י״ח. 92) שם שם ה׳ ו׳.

צו זיין אויף אלע חתונות און בריתין,
כדי צו הייסען אין דער וועלט מחותן, פעטער.
צו זיין א מבין, אויף אלסדיינג א מעטער.
כדי בעטראכט צו ווערען וויא איינער וואס נוצט,
מוז מען שאסטען, וויא א טאָק זיין אויסגעפוצט.
אויסבריינגערייא, פוץ, אָט זיינען דיא מיטעל
צו געפעלען און צו קריגען א טיטעל.
בכדי יענעם דיא אויגען צו פארבלענדען,
האט יודעל געמוזט אויף פיעל געלט פארשווענדען.
פון זיין קאסע פאמעליך געשלעפט, געשלעפט,
ביז זיא האט וויא א קרעניצע זיך אויסגעשעפט.
א מאָל האט אין הויז זיך געמאכט א וועטהיג,
וואס דערצו האט מען בעדארפט געלט זעהר נעטהיג.
האט מען געמוזט, אבי ארויס פון דער נעץ,
אוועקגעגעבען דיא טיהרען פון דעם דוואָרעץ. 93
יודעל איז צום סוף אזוי וויית פארקראָכען,
אז זיין פאטער האט שוין דאס שטארק געשטאָכען.
זיין כעס האט געברענט וויא א פלאם פייער,
וואס צינד אָן א הויפען הייא, שטרוי און שייער.
גליהענדע קוילען געוועזען זיין יעדער קיק,
האט וויא א לייב געגעבען א ברום, א היק.
אז דיא ווענט האבען געציטערט פון דעם הילך,
ביי איטליכען ענטפאלען דער מאמעס מילך.
פון איינעם צו דעם אנדערען עק דוואָרעץ,
האט שטארק געהילכט, וויא א דונער ניט א זעץ.
צום הימעל האט ער זיין האנד אויפגעהויבען,
ביי מיין לעבען שווער איך, איהר מעגט מיר גלויבען,
דא אין דוואָרעץ איז פאר מיר קיין וואָהנונג מעהר,
הימעל און ערד זיינען עדות וויא איך שווער,
יודלען אומווירדיג איך און זיין דוואָרעץ פיינט, 94
גענוג, דא איז פאר מיר מעהר קיין וואָהנונג היינט.
אין מיין רוח אריין וועל איך צוריק קעהרען,

---

93) מלכים ב׳ י״ח ט״ז. 94) עמוס ו׳ ח׳.

בין יודעל ווערט פארשטעהן, ווערט בעסער ווערען. 95
וויא אזוי דער אלטער טרעט אפ צו הערען,
שטעלען זיך חלעבען אין דיא אויגען טרעהרען.
נישט באלד, פלוצלים האט ער דעם זוהנ׳ס הויז פארלאזט.
ניין, דאס אוועקגעהן האט איהם פיעל מיה געקאסט.
ביסלעכווייס האט ער זיך דערווייטערט פון דארט,
זיך אזוי גערוקט פון איין ארט צום אנדערן ארט,
ער האט פריהער געמאכט אזעלכע צעהן נסיעות, 96
זיך גערוקט אלץ ווייטער און געמאכט שיהות,
אין דער האפנונג טאמיר ווערט יודעל גוט, פרום,
קעהרט ער בשמחה אין זיין הויז זיך צוריק אום. 97
ער האט, דערצעהלט מען, שרעקליך געוויינט פאר שמארץ,
אויף יודעלען האט איהם פארט געריסען דאס הארץ,
אך, האט ער געקרעכצט, אז אך און וועה און ווינד.
ביים שיידען זיך אי דעם פאטער אי דעם קינד. 98

## יג.

אז יודעל האט צום סוף פארלארען זיין געלט,
איז ער אויס מיוחס געווארען אין דער וועלט.
דיא פריהערדיגע זיינע גוטע ברידער,
זיינען מיט איהם געווארען קידער ווידער.
אלסדינג וואס פריהער פלעגט מען דערפון אנקוועלען,
איז איצט איטליכען שוין מעהר נישט געפעלען.
איז ביי איטליכען געווארען צום געשפעט,
איטליכער האט אויף איהם אויסגעזוכט א חטא,
אז ער איז א פאלשער מענש מיט א טרייף מויל,
ער פרעסט, זויפט, און צום ארבייטען איז ער פויל.
וואס ער איז ארים איז נאכדעם גאר קיין וואונדער,
האט זיך אפגערופען יעדער בעזונדער,

---

95) הושע ח׳ ט״ו. 96) ראש השנה ל״א א׳. 97) שם שם. פתיחתא איכה רבתי. 98) מה לו לאב שהגלה וכו׳ ואוי להם לבנים שגלו וכו׳, ברכות ג׳ א׳.

דאס אלסדינג, וואס מען האט גערעדט און געלאכט,
וואלט יודלען נאך אזוי פיעל נישט אויסגעמאכט,
ווען עס זאל ניט געוועזען פון יענע רייד
ארויסשפרינגען פאר איהם פיעל צרות און לייד.
זיינע שכנים אין הארץ איהם תמיד שלעכט,
האבען אויסגעזוכט אלטע זכיות און רעכט:
יודעל׳ס גוט, פון וועלכער ער האט זיך דערנעהרט,
האט א מאָל זייערע עלטערן געהערט.
זייערע זיידעס זיינען דאָרט געזעסען,
געזייט דיא פעלדער, דיא תבואות געגעסען.
יודעל האט דעם מאָיאָנטעק מיט פעלד און וואלד,
ביי זיי געבעך צוגענומען מיט געוואלד. 99
געדופעט אויף זיין טאטענ׳ס גרויסען כח,
אויף זיין חכמה און אויף זיין גרויסען מוח.
אויף דעם סמך האט יודעל זיי פארטריבען,
און אליין אהער זיך אריינגעקליבען,
א טהייל פון דיא ערשטע און אלטע שררות,
זיינען געבעך געשטארבען מחמת צרות.
יודעל האט מיט זיי געפיהרט א מלחמה,
ביי זיי פשוט צוגענומען דיא נשמה. 100)
א טהייל האבען אָנגעפאקט אלץ אויפ׳ן וואָגען
און אוועק ווייט וואָהין דיא אויגען טראָגען. 101
א טהייל זיינען אויף צינש געבליבען זיצען, 102
און געמוזט פון שווערע אָפּגאבען שוויצען.
מילא צו וואס דא א סאך טענה׳ן, בקיצור,
יודעל איז ניט דער רעכטער גוטבעזיצער.
נאר אויף א קליין פעלד מיט איין אלטען בנין,
פערוואלגערט זיך ביי איהם עפעס א קנין. 103
מען האט נאך דיא ארחיווע איבערגעמישט,
און א גאנץ אלטען חטא אויף איהם אויפגעפרישט:

---

99) הלא אומה של בזוזים אתם וכו'. בראשית רבה פ"א. 100) דברים רבה פ"ת. 101) שם שם. מי שמבקש לילך ילך לו. 102) שם שם.
103) בראשית כ"ג, י' ז י"ת.

א מאָל האט ער, יודעל, נעבאָרגט אין איין אָרט,
זילבער, גאָלדוואַרג און קליידער אויף עהרען וואָרט,
איז דערמיט אין גאַנצען, אין מיטען דער נאַכט,
אנטלאָפען גאַנץ געשווינד און פלטה געמאַכט. 104
נאָך אזעלכע חטאים גאָר אהן א צאָהל,
האט מען אויף יודלען אויסגעזוכט אלע מאָל.
יודעל איז פאַרדאָרבען, ער איז ניט קיין לייט,
האט מען שטאַרק געשריגען פון איטליכער זייט.
מען טאָר אסור ניט שווייגען, מעהר ניט שלאָפען,
אזא שלעכטען שכן מוז מען בעשטראָפען.
א פראָצעס איהם צו מאַכען איז געבליבען,
און אויף איהם א סאַך פראָשענעס געשריבען,
מיט דעם פראָצעס האט פראָסט דיא וועלט זיך געווינט.
אויף יודעל'ס קאָפּ א חמאַרע זיך אָנגעריקט,
טשינאָווניקעס אויסגעוואַקסען פיעל וויא גראָז,
זיינען געקומען איהם אָנרייבען; א גאָז. 105
יעדער האט געוואָלט א ביינדעל אָפּלעקען,
יודעל'ס נאָמען פון דער וועלט אויסצומעקען.
איינער, דענסמאָל דיא וועלט שטאַרק אויפגעבורעט,
האט איהם מעהר פון אלע א קריזש געדורעט. 106
איבער אלע האט ער געהערשט מיט צאָרען, 107
איטליכער איז פון איהם פאַרשוואַרצט געוואָרען.
איז געווען א גרויסער פריץ, א ריצער,
אין יענער צייט דער גרעסטער גוטבעזיצער.
ביי איין פריץ מיט א הינקענדיג פיסעל,
האט ער צוגענומען זיין גאַנצען שליסעל,
וואס ער ליגט צווישען צוויי בעריהמטע טייכען, 108
אין דעם גאַנצען קאָנט ניטא זייער גלייכען.
קיינער וויא ער אזוי ניט ליעב געהאַט געלט, 109
ער האט געוואָלט פאַרנעהמען דיא גאַנצע וועלט.

104) סנהדרין צ"א א'. ובלי ספק האשמה ההיא מוצאה מימי קדם וכבר
וכבר היתה לעולמים. 105) מלכים ב' כ"ד ב'. 106) שם שם י'.
107) ישעיה י"ד ו'. 108) מלכים ב' כ"ד ז'. 109) שבת קמ"ט ב'.

פריצים שררות האבען איהם נעצאָהלט ראטע,
אויב נים האט גאט בעדארפט זיין זייער טאטע.
האט אויף זיי אנגעשיקט א גאנצע ראָיע
זעלנער, ווילדע לייט, איין עם לא־היה. 110
אָט דער אכזר דער בעריהמטער אָנחאפער,
איז געווארען אויף יודעל,ס בלוטפערצאפער.
לעת־עתה, נאך איידער וואס, נאך איידער ווען,
נאך איידער עס איז עפעס וואס גאָר געשעהן,
האט ער שוין אין דעם עסק געטאָהן א פאָהר,
אז יודעל האט איהם ראטע געצאָהלט דריי יאהר. 111
יודעל ביסט איין ארענדאר, רעכט אויף דיר, רעכט,
האסט נים געוואָלט זיין א האר, זייא־זשע א קנעכט.
מזל טוב מיט דיין ארענדע דער נייער,
צאָהל ראטע יודעל, ביז דעם לעצטען דרייער.

## יד.

ודעל האט דענסמאל קיין האניג נים געלעקט,
שרעקליך נישט גוט האט זיין משפט זיך געעקט.
יעדער שכן האט געוואָלט זיין מפּלה.
איהם אָפּקוילען, איהם אָפּשניידען א פּאָלע.
„דאס איינציג מיטעל קען פאר דיר יודעל זיין,
כדי פּטור צו ווערען פון צרות און פּיין״.
האט געבעטען רחמים, גערעדט מיט פייער.
איינער פון זיין טאטענ׳ס פריינד א געטרייער.
„דוא זאלסט בלייבען איין ארענדאר לעת־עתה,
דינען דעם גרויסען פּריץ צאהלען ראטע. 112
ער איז א מאָנארכע זעהר א געזונטער,
קען מען נישט אריבער מוז מען ארונטער״...
יודעל אבער איז געווארען אויפגעבראכט,
דעם דאָזיגען פריינד פאר זיין פיינד נאר בעטראכט.
זיינע פאַלשע פריינד איהם נאך אונטערגעהעצט.

---

110) ישעיה כ״ג י״ב. 111) מלכים ב׳ כ״ד א׳. 112) ירמיה כ״ז י״ט י״ג.

אוּן איהם נעבּעך אין דער תפיסה איינגעזעצט,
דארטען האט מען דעם פריינד נעפּייניגט צום טויט,
אוּן איהם נעשפּייזט מיט אַ דאַר שטיקעלע בּרויט. 113
שפּעטער איהם אריינגעוואָרפען אין אַ לאָך, 114
דערפאַר וואס ער האט נעראָטען נעהן אין יאָך.
זעהר שטאָלץ איז בּיי זיך יודעל פון אייבּינג אָן,
רעכענט אויף זיין יחוס זיין גילדענער פּאָהן.
כּל־זמן בּיי איהם איז נאָך געוועזן דער פאטער,
האט קיין פּריץ קיין יון אוּן קיין טאָטער
נישט נעקענט מיט אַ האָזע אין זיין הויז קומען. 115
פאַר זיין בּליק האט א פּחד אנגענומען.
אהן דעם גרויסען פאטער אבּער, אבּער היינט,
איז אין יודעל׳ס דוואָרעץ אַך, אריין דער פיינט.
ער איז אריין מיט אַ גאַנצער קאָמאַנדע.
מיט טשינאָווניקעס, סאלדאַטען א בּאַנדע.
נעזידעלט, נעשאָלטען, נראָבּהייטען נערעדט.
נעפּילדערט אוּן נעלייענט יודעל׳ס דעקרעט.
טשינאָווניקעס, סאלדאטען, מיליטער, היי,
האט ער דארט קאָמאַנדעוועט מיט אַ נעשריי.
מיט אימפּעט האט אזוי וויא א שטורעמווינד,
דיא קאָמאַנדע זיך אלאָז נטטאהן נעשווינד.
אלערליי זאכען אין הויז נעלאַפּט, נעחאַפּט,
איטליכעס ווינקעלע בּעזונדער אויסגעטאַפּט.
זיינען וויא דיא רוחות נעלאָפען, וויא שלעק.
איינער מיט האַמער, דער אַנדערער מיט העק.
נעקלאַפּט, נעשלאגען, נעריסען דיא טהירען, 116
נעלאזט דיא הענד אַבּיסעל זיך צופיהרען.
נעשרינען, נעליאַרעמט, אַלסדינג נעבּראָכען,
נעהאַקט, נעבּראקט, נעווארפען אוּן נעשטאכען,
איינער דעם אנדערען נעשטופּט נעשטויסען.
נישט צו דערקענען דעם קליינעם פוּנ׳ם גרויסען.

---

113) שם ל״ו כ״א. 114) שם ל״ח ו׳. 115) פּתיחתא איכה רבתי.
116) תהלים ע״ד ו׳.

אומעטום נערויבט, נעמאכט ליידינג און וויסט,
טהייערע כלים זיך נעוואלגערט וויא מיסט.
אין מיטען נערידער האט געטאהן א זעץ,
און אין פלאם פייער נעשטאנען דער דוואָרעץ!
עס זיינען נעפלוינען פייערדינע צונגען,
דיא דעכער נעקנאקט, דיא פענסטער נעשפרוננען.
דיא חברים יודעל'ס זיינען ביי דעם שמארץ,
זיך נעשטאנען אלע מיט א פרעהליך הארץ. 117
אין דער נרויסער מהומה אויסגעשטרעקט דיא הענט.
איך נערויבט וויא וויים זיי האבען נאר נעקענט.
איטליכער האט נעזאגט, איך פרעה מיך, איך קוועל, 118
יודעל'ס הויז נעווארען א חורבן, א תל,
דער שררה האט זיך פארנומען יודעל'ס גוטץ, 119
שעהן מעביל, כלים, טהייער נעפעס און פוטץ.
טעפּ, קאָטשערעס, בעקענס, פענדלעך און לעפעל.
לייכטער, שנייצערלעך, וואו ערגעץ א שעפעל.
האט צונענומען אפילו א ווילקע
האק און פאק, ניט איבערנעלאזט קיין שפּילקע:
יודלען אָנגעטאָהן גראָבע, שווערע קייטען,
אננעזאגט סאלדאטען איהם צו בעלייטען,
מיט דעם עטאפּ אוועקצופיהרען גאנץ ווייט,
דארט מיט איהם צו לערנען בלק א לאנגע צייט.

# טז.

פינסטערע וואלקען, וויא שווארצע פאָרהאנגען,
זיינען איבער יודעל'ס דוואָרעץ געהאנגען.
גלייך וויא דער הימעל האט נעפיהלט יודעל'ס לייד,
און אין טרויער זיך אנגעטאהן א שווארץ קלייד.
הימעל און ערד זיינען, חאטש פון איינאנדער ווייט.
ברודער און שוועסטער נעבאָרען אין איין צייט.

---

117) עובדיה א' י"א י"ג. איכה א' כ"א. 118) יחזקאל ל"ו ב'.
119) ירמיה נ"ב י"ח י"ט.

דריבער הערט מען תמיד וויא דער עולם זאגט:
ווען דיא אומגליקליכע שוועסטער, דיא ערד, קלאגט
בעקומט דער ברודער אויך א טרויריג געזיכט,
פינסטער ווערט זיין פנים, טונקעל ווערט זיין ליכט.
דעריבער ווען דיא ערד בעליידיגט איהר קינד,
ווען דעם מענשען נעבעך איז שלעכט, וועה און ווינד.
הענסמאל שרייט ער צום הימעל, שרייט וויינט זעהר אָפט,
בעט רחמים וויא איין איינגענער, בעט און האָפט.
יודעל׳ס חורבן האט דער הימעל בעדויערט,
הימעל און ערד ביידע האבען געטרויערט.
פון דעם דוואָרעץ, דעם טהייערען און ליבען,
איז נישט מעהר וויא א הויפען אש געבליבען,
אלסדינג פאַרבּרענט, אלסדינג חרוב און צושטערט,
אלסדינג תל, האָרנעם־קאָרנעם איבערגעקעהרט,
אלסדינג וואס דעם פיינד נישט געווארען צום רויב,
האט דאס פייער געמאכט צו אש און צו שטויב.
אומעטום האלאָוועשקעס, שטיינער און גיפּס,
וויא א בית־עולם שטיל, מען הערט ניט קיין פּיפּס.
צווישען רויכערדיגע האלאָוועשקעס דארט,
פאַראומערט, פאַרטראַכט נישט צו ריידען א וואָרט,
דרעהט זיך איין אלטער מאן הין און הער ארום,
שווייגט, רעדט נישט, ניט נאר א מאל א קרעכץ, א ברום.
דער אלטער איז אין גאנצען וויא דיא וואנד טויט,
זיין פּנים בלאַס, זיינע אויגען פייער רויט,
פול מיט קניימשען זיין שטערען, זיינע באקען,
דער קאָפּ שאָקעלט זיך אויף זיין האלז און אקען,
זיין גרייז גרויער באָרד, זיינע האָר פון דעם קאָפּ,
פליהען שטארק צו פלאָסען ארויף און אראָפּ,
דער אלטער, דאס איז יודעל׳ס איינציגער פריינד,
וועלכען ער האט געהאלטען פאר זיין בלוט פריינד,
וועלכען ער האט אין דער תפיסה איינגעזעצט,
און אין א גרוב אריינגעווארפען צום לעצט.
דער אלטער, וואס האט געליטען זעהר פיעל שמאַרץ,
ער געהט עס דא איצט מיט א צובראָכען הארץ.

ער געהט מרה־שחורה׳דיג, זעהר פארביטערט,
זעהט פאר זיך דעם גרויסען חורבן און ציטערט.
ער געהט פאמעלעך, ריהרט זיך קוים וויא א קינד,
זיינע געדאנקען אבער פליהען געשווינד.
ער רעדט נישט קיין ווארט, ער געהט איינגעבויגען.
עס שרייט אבער זיין הארץ, ריידען דיא אויגען.
זאל דאס געשריי איהם ארויסגעהן פון דעם מויל,
וואלט געהילכט פאר אימפעט מעהר וויא פון א קויל.
זאלען טרעהרען איהם פון זיינע אויגען געהן,
וואלט מען פון פיעל וואסער נישט געקענט איינשטעהן.
דעם מענשענ׳ס הארץ איז בטבע אזוי געשטעלט,
עס זאל אין איהם טיעף זיך אפשפיגלען דיא וועלט.
עס מוזען אלע פארשידענע זאכען,
פארשידענע געפיהלען אין איהם מאכען.
דעריבער איז אין אונזער אלטענ׳ס הארץ אויך,
געווען א גרויסער חורבן, פלאמען און רויך.
וויסט און פינסטער און ביטער איז איהם געווען,
קוקענדיג אויף אלסדינג וואס איז דא געשעהן.
צווישען רויך און אש, פאראומערט און פארטראכט,
דיא קליידער פארסמאליעט, דיא ליפען פארשמאכט,
געהט ער אלץ ווייטער, ווייטער פון אָרט צו אָרט,
און פארטראכטערהייט אויף א בארג ארויף דארט.
פרישע לופט דיא וואלקען אין הארץ צוטריבען,
וויא פון א שלאָף דיא אויגען אויסגעריבען,
שטילער אביסעל ווערט אין איהם דאס פייער,
זיינע געדאנקען קלעהרען, לויפען פרייער,
זיינע ברענענדיגע אויגען ווערען בענעצט,
ער יאָמערט, ער וויינט, פארגיסט טרעהרען צום לעצט.
„וויא קען איך מיך איינהאלטען נישט צו קלאָגען,
וויא קען איך אזא אומגליק איבערטראגען?
אויף דיא בערג הייב איך אויף א יאָמער א קלאָג!
מען זעהט דא נישט קיין מענשען אין העלען טאָג,
מען הערט נישט דעם קול פון טשערעדעס פיה.
מען הערט נישט דעם געזאנג פון פייגעל גאנץ פריה.

אלע פארוואָגעלט מען זעהט קיינעם נישט דא:
פויגעל און בהמות אוועק, קיינער נישט דא. 120
ווייבער, קלאגערענס אהער אלע געשווינד,
אלע קומט אהער, נאך ניכער פון דעם ווינד.
העלפט מיר ווייבער יאָמערן, העלפט מיר קלאגען,
העלפט מיר, העלפט, דיא צרות ארויסצוזאגען,
לערענט אייערע טעכטער א ביטער לידעל,
לערענט זיי קלאגען אויף אויף אונזער רב אידעל,
דער טויט איז זיין הויז איז אריינגעקראכען,
גע׳הרג׳עט, געברענט, געשטאכען, געבראכען. 121
קוקט אן ווייבעליך דעם חורבן, קוקט וויא וויסט,
אלסדינג איז געווארען אש א הויפען מיסט״.
אזוי האט ער אויסגגאסען זיין געפיהל,
אזוי געבעך געיאָמערט, געוויינט זעהר פיעל.
ער האט אויף דעם חורבן געגעבען א בליק,
און איז געגאנגען אהין ווידער צוריק.
צווישען האלאוועשקעס אויף א הארטען שטיין,
דארטען איז ער געזעסען איינער אליין.
דער רויך איז איהם ליעב געווען וויא גוטע ריחות,
געזעסען, געוויינט שטיל און געזאגט איכות.
זיי צו בעשרייבען קען זיין א ים ביכלעך,
זיי צו הערען נאס ווערען טויזענד טיכלעך.
זאָגענדיג זיינע איכות דארט אויף דעם שטיין,
הערט ער פלוצלים א חליפען, א שטיל געוויין.
ווער איז דארט ? פרעגט ער, א טערק צו א טאָטער ?
ניין, ענטפערט א קול, איך בין יודעל׳ס פאָטער.
זיך איינהאלטען האט דער טאטע נים געקענט, 122
געקומען זעהן וויא מען האט זיין הויז פארברענט,
וויא מען האט זיך אָפגערעכענט מיט זיין קינד,
און פון איהם א תל געמאכט גיך און געשווינד.
פאר גרויס רחמנות האט ער ניט געשוויגען,
געוויינט קוקענדיג און האט ווער געשריגען.

---

120) ירמיה ט׳ ט׳. 121) שם שם ט״ז כ״א. 122) פתיחתא איכה רבתי.

„דערבאַרם זיך טאַטע, לייז דיין קינד אויס פון פיינד!“
האט איהם רחמים געבעטען דער אלטער פריינד.
זאג אדרבא טאַטע, זאג, איז פאר דיר שעהן,
יודעל זאל וויא א גנב מיט׳ן עטאַפּ געהן?
אויף קברים װעל איך געהן, מיך דאָרט אויסשטרעקען,
דיא זכות אבות אלע װעל איך אויפוועקען,
לאַזען זיי זיך מיהען, לאַזען זיי שרייען,
לאָזען זיי בעטען דעם פאַטער, דעם געטרייען,
ער זאל געבען מיט באַרעמהערצינקייט א בליק,
דאס קינד ארויסצונעמען פון דעם אומגליק“.
און וויא ער טענה׳ט, איז פון דער משפחה
געקומען איין אַלטע, דיא באַבע ראָחע,
געוויינט אויף א קול מיט ביטערע טרעהרען 123
אז מען האט איהם אין הימעל געקענט הערען.
ראָחע וויינט שרעקליך אויף איהר אייניקעל דא,
וויל זיך נישט טרייסטען, פאר וואס ער איז ניטא.
שאַ, וויין נישט חלעבען, שאַ מאַך נישט אזא קלאג, 124
האט צו איהר יודעל׳ס פאָטער געטאהן א זאָג.
דיין מיה איז חלעבען ניט אומזיסט, אויף מיין װארט.
ער וועט צוריק קומען פון דעם פרעמדען אָרט. —
עס איז צו האָפען, זאג איך, שוויינ נאָר און קיק,
שאַ, דאס קינד וועט נאָך קומען א היים צוריק.

## טז.

אין א פרעמדער געגענד, פון אונז שרעקליך ווייט,
וואס דארט זיצט א שרעקליך פאָלק, ביטערע לייט,
ויינען לעבען א טייך געזעסען א סך
ארעסטאַנטען און פון סאלדאטען א וואַך.
דאס איז פון א גאַנץ ווייטען וועג איין עטאַפּ.
וואס האט זיך געזעצט אויסצורוהען א קאַפּ.
אין דעם עטאַפּ געקאָװעט דיא פיס מיט הענט.

---

123) ירמיה ל״א ט״ו. 124) שם שם ט״ז י״ז.

שוואַרץ וויא דיא ערד, פון דער זון שרעקליך פאַרבּרענט.
איז אין צעהנטען איינגעהייקערט אויף א שטיין,
געזעסען טרויערינג אונזער יודעל אליין.
אך, עס איז גאר ניט דער יודעל וואס א מאָל,
צרות האבּען איהם פאַרענדערט אָהן א צאָהל.
ער איז עלטער אפשר מעהר מיט פופציג יאהר,
אין מויל פעהלען איהם ציין, אין קאָפּ פעהלען האָר,
פון דאַר בּרויט מיט זאמד דיא ציין אויסגעבּראָכען 125
פון אש אויף דעם קאָפּ דיא האָר אויסגעקראָכען.
יונגערהייט איז ער געבּעקט וויא א טויב גרויא,
דיא בּאקען מאָגער, אונטער דיא אויגען בּלויא,
שוואַרצער נאך פון סאַזשע זעהט אויס זיין געשטאַלט. 126
נישט צו דערקענען איהם אזוי איז ער אלט,
נישטאָ אויף איהם קיין לויט פלייש, נאר הויט און בּיין,
דיא הויט זיינע וויא האָלץ טרוקען, הארט וויא שטיין,
זיינע פיס געשוואָלען, וויא בּעריקעס רויט,
צו טראגען קייטען איז איהם שווער וויא דער טויט.
אָט אזוי זעהט איצט יודעל אויס אין זיין לייד,
איז בּאָרפיס און נאקעט כמעט אָהן א קלייד.
בּיים טייך דארט זיצט ער און וויינט זעהר פאַרבּיטערט, 127
דערמאָהנט זיך אָן דער היים וויינט ער און ציטערט,
אויף דיא ווערבּעס דאַרט הייגנט ער אויף זיין פידעל,
ער וויל מעהר ניט שפּילען, זינגען א לידעל.
ווייל שפּילען האט געבּעטען דיא קאָמאַנדע,
זינג א פרעהליכס, האט געשריגען דיא בּאַנדע.
זיינען אויף שפּאָס איהם געפאַלען צו דיא פיס,
זינג אונז יודעל, מיר בּעטען, זינג „מה יפית“.
„וויא קען איך אין דער פרעמד זינגען א לידעל?“
ענטפערט מיט א בּיטער הארץ אונזער אידעל.
ווען איך דיר פאַרגעסען, דיך מיין היים, מיין לאַנד,
לאָז מיר דענסמאל אפּנעהמען מיין רעכטע האַנד.
לאָז מיר דיא צונג זיך צוקלעפּען צום גומען,

---

125) אבות ג׳ ט״ז. 126) שם ד׳ ח׳. 127) תהלים קל״ז א׳ ב׳.

לאָז מיר דאס מויל אויף אייביג טאקי שטומען,
אויב איך וועל ניט דערמאָהנען מיין היים, מיין לאנד,
אויב איך וועל ניט געדיינקען ביידע ביינאנד.
מיינע שכנים, נאט, זאל ניט אָפּלויפען אומזיסט
יענער טאג, וואס מיין שטוב איז געוואָרען וויסט
זיי האבען געזאגט: מאכט א תל, מאכט א תל,
צונעהמט דאס הויז פון דעם סופים ביז דער שוועל.
דיר, פּאָריץ זאל עס זיין אפּגעגעבען ברוים.
וואויל דעם, וועלכער וועט דיר אויך מאכען דעם טויט
וואויל דעם, וועלכער וועט דיר אויך ברעכען א ביין,
און דיינע קינדער צוקלאַפּען אויף א שטיין".
אזוי האט יודעל דער קאָמאנדע געזאגט,
זיך צוועקגעריקט אין א זייט און געקלאָגט...
דער פּייקלער האט צום צייכען געטאָהן א קלאפּ.
צום געהן האט זיך אויפגעשטעלט דער עטאפּ.
מארש, האט דער עלטסטער אויף א קול געמושטירט,
און דיא ארעסטאנטען האבען זיך גערירט.
פּויקען האבען געפּויקט פון אלע זייטען,
קייטען קלינגען זיך געהערט פון דער ווייטען,
יודעל געבעך געהט, נישט צו ריידען א וואָרט,
זיין פידעל איבערגעלאָזט אויף ווערבעס דארט.

# יודעל

## א ספור המעשה אין שירים על משקל י״א תנועות.

אך יודעל מיין קראַנקער, מיין קראַנקער יודעל
דיין לעבען איז זעהר, זעהר אַ טרויריג לידעל,

---

צווייטער טהייל.

# א.

זעהר אמת איז דעם עולם׳ס ווערטעל טאקע,
אז גאט שיקט צו דיא רפואה פאר דער מכה.
גאט ווייסט, וואס פון יודלען געבעך וואלט געווען,
ווען דיא דאזיגע מעשה זאל ניט געשעהן.
או יודעל האט נאך דיא דריי יאהר אם ענדע,
מעהר ניט געוואלט צאהלען פאר דער ארענדע, 1
איז פון פריץ א זאקוציע געקומען,
ביי איהם אהן טענות משכנות גענומען,
און זיי אוועקגעטראגען צו איהם אין סקארב. 2
האט חוץ דעם יודלען נאך געטראפען אין קארב, —
אויף זיינע הויזלייט א קרימינאל געמאכט,
אויף זיי א גוזמא בלבולים אויסגעטראכט:
באשר זיי האבען געבראכען דעם קאנטראקט,
קורץ, עס איז באלד פערטיג געווארען אין אקט,
און אויף זיי אנגעקומען דיא רעשעניע:
אזוי וויא דיא און דיא אין זיין אימעניע,
האבען איהם גורם היזק געווען זעהר פיעל,
און האבען יד אחת געמאכט אין דער שטיל
מיט דעם גראף, וואס מיט דעם הינקענדיג פיסעל. 3
בכן קומט זיי צו פארשיקען אין זיין שליסעל,
פארווארפען פון דאנען אין א ווייטען ארט,
אזש וואו דער שווארצער פעפער וואקסט ערגעץ דארט.

---

1) מלכים ב׳ כ״ד א׳. 2) דניאל א׳ א׳ ב׳. 3) יחזקאל י״ז פ״ז.

דיא מענשען זיינען נעווען פון דיא גרעסטע,
אין יודעל׳ס משפחה נאר דיא פאַרנעהמסטע. 4
שלעכט איז אמת טאקי געוועזען דער שר,
אבער דאך חלילה נים קיין גראָבער נאר.
ער האט נישקשה פארשטאנען געוואוסט גוט,
אז דיא מענשען האבען איך זיך יודעל׳ס בלוט.
פיינט האט ער אמת טאקי יודלען געהאט,
פאר וואס ער איז איין עקשן, א גרויסער חוצפ.
נעהמט ער זיך אריין אין קאָפּ עפּעס זאכען,
ועסט־דוא באין אופן מיט איהם גאר נישט מאכען.
דאך האט ער יודעל׳ס דרעה קעפּעל, זיין פארשטאנד,
נישט געקענט אוועקמאכען גלאט מיט דער האנד.
יודעל איז א חכם, איינער אין דער וועלט,
זיין חכמה קען דעם סקארב איינברענגען פיעל געלט.
וויא באלד יודעל ניצט, וויא באלד ער איז געשייט,
מוז מען דיא פיינדשאפט פארביינגען אן א זייט.
אין הארצען מעג מען זיך טראכטען וואס מען וויל,
דאס מויל אבער בעדארף שווייגען, מוז זיין שטיל.
מען דארף יודעל׳ס לייט פריווען אויפנעהמען פרייא,
טאָהן מיטעל זיי זאלען דעם קאנט זיין געטריי.
דער פריץ האט געפונען א גוט מיטעל,
האט געגעבען א בעפעהל זיין פראוויטעל: 5
מען זאל געשווינד נישט מעהר א קאָפּ זיך דולען,
נעהמען יודעל׳ס לייט אין שקאָלעס אין שולען.
און דיא דאזיגע לייט אויסצולערנען דארט,
ביכלעך לייענען, און אויך א גויעש ווארט.
דורך דעם ועט דער קאנט זיי בעסער געפעהלען,
און א טהייל וועלען אין הויף האבען שטעלען.
דיא שולען זאלען ווערען פון סקארב געמאכט,
חלילה נישט פון פלייש, אדער פון ליכט פאסט.
אדרבא מען זאל און דעם נישט פארגעסען,

4) יחזקאל י״ז י״ג. סדר עולם פכ״ת. 5) דניאל א׳ ב׳ ד׳.

דיא לייט פיעל פלייש תמיד צו געבען עסען. 6
א מענש טויג נאר ווען ער עסט און איז געזונט.
הונגעריג אבער איז ער ניט ווערטה א הונט.
פיער פון אלע סטודענטען אין דער שקאָלע,
זיינען ווייט געגאנגען אין דער השכלה.
בשעת עסזאמען געבען פאר דיא לעהרער,
האבען פון זיי דיא פיער לייט געקענט מעהרער. 7
איינער פון דיא פיער סטודענטען דער בעסטער,
איז צום סוף געווארען אין הויף דער גרעסטער. 8
דיא איבריגע געוועזען אויך זעהר געאכט,
און מען האט זיי פאר טשינאָווניקעס געמאכט. 9
דיא דאָזיגע געבילדעטע פראנצויזען,
אנגעטאהן רויטע מונדירען און הויזען. 10
האבען געמאכט אין דער וועלט א גערידער,
געמאכט כבוד גאט אי זייערע ברידער.
זייערס א וואָרט, וואס איז ארויס פון דעם מויל,
פלעגט דעם שונא אין הארץ טרעפען וויא א קויל.
נאר נישט געלאָזט זיך אין דער קאָשע שפייען,
שונאים פלעגען פראָסט פון זיי דיא ערד קייען.

## ב.

אָט צו דיא פראנצויזלעך אין יענע יאָהרען,
איז יודעלים ווייב אויף סטאנציע גלייך פארפאָהרען.
מיר מוזען אין אונזער דערצעהלונג צווישען,
איבער איהר א פאָר ווערטער אריינמישען.
זינט זיא האט אויפגעהערט שפילען א ראָליע
און בעקומען א שפאזמע, א מעלאנכאָליע,
איז זיא שלאָף אָהן כוחות געלעגען צו בעט,
אָהן א סימן לעבען וויא אין היהנערפלעט.
איז געווארען נעבעך אפגעלאזט און פויל,
צום ריידען זעלטען נאר געעפענט דאס מויל.

---

6) שם שם ב׳. 7) שם שם י״ט כ׳. 8) שם ב׳ מ״ח. 9) שם שם ס״א.
10) שם ח׳ כ״ט.

ראקסורים האבען זיא מיא'ש געוועזען,
נישט נעגלויבט זיא זאל נאך ווערען גענעזען.
אויף אלע איהרע פריינד געציטערט דאס לייב,
אָט, אָט עקט זיך דאס לעבען פון יודעל'ס ווייב.
שכנים האבען יודלען שוין געשיקט שלוחים,
מיט זייערע טעכטער גערעדט שידוכים.
איהר לעבען איז נאר אויף א האָאר געהאנגען,
נישט געוואוסט וואס אין הויז איז פאָרגעגאנגען,
נישט געוואוסט מעהר וויא יודעל'ס געשעפטען געהן.
וויא דיא עסקים אין דעם מאיאָנטעק שטעהן.
נישט געוואוסט וויא ער איז ביז דעם האלז פארשטעקט.
אין פראָצעסען, וואס האבען זיך אויפגעוועקט.
יודעל פלעגט שטענדיג פון איהר זיך בעהאלטען,
מיט איהר קיין עצות נישט מעהר זיך געהאלטען.
נישט געוואוסט פון דעם אומגליק, פון דער צרה,
בשעת פון איהם האט תל געמאַכט דער שררה.
נאר בשעת יודעל האט ביים געזעגנען־זיך
געטאהן א קיש דאס קראנק ווייב און אוועק גיך,
דערנסמאָל האט זיא וויא פון שלאָף זיך אויפגעחאפט,
געקוקט פארוואונדערט געטראַכט, און זיך געטאפט.
עס איז איהר פאָרגעקומען אלסדינג זעהר ווילד,
עפעס שטעהט פאר איהר א שרעקליך פינסטער בילד.
אלסדינג חרוב, אלסדינג פארברענט, אלסדינג וויסט,
אויף דעם אָרט פונ'ם הויז א הויפען אש און מיסט.
אומעטום טויט, נישטא קיין לעבעדיגע נשמה,
אומעטום וויסט, וויא פון א גרויסער מלחמה.
זיא ליגט פארלאָזט, זיא ליגט גאנץ איינע אליין,
לעבען איהר דאס טעכטעריל, נאר הויט און ביין.
ביי דעם קאָפ האט זיא זיך געגעבען א חאפ,
און מיט איהרע הענד געטאָהן א שטארקען קלאפ,
געשריגען, געוויינט מיט א ביטער געמיט:
אך, יודעל, פאר וואס האסט־דוא זיך ניט געהיט!
פאר וואס האסט־דוא ניט געפאלגט מיינע ווערטער,
און זיך ארומגעשלעפט אין שלעכטע ערטער.

**אך**, ווען דוא זאלסט געווען הערען מיינע **רייד**,
וואלט דאך אונז נישט געטראפען אזעלכע ליד.
נישט אזוי דיא הויז, דיא זאכען ארען מיך,
וויא דוא מיין יודעל, אויף דיר, אויף דיר וויין איך.
אויף דיר מיין יודעל, אויף דיר קלאג איך און וויין.
וואו איז ערגעץ הין נעקומען דיין געביין?
זיא יאָמערט, זיא ציטערט וויא אין א פיבער,
זיא שרייט: יודעל מיין הארץ, יודעל מיין ליבער.
עס האבען איהר נישט געטריקענט דיא אויגען,
דאס הארץ האט איהר שטארק צו יודלען געצויגען.
יודעל׳ס לעצטער קיש האט איהר לעבען געבראכט.
ער האט מיך ווידער ליעב, ביי זיך אליין געטראכט.
איין קיש וועקט אָפט אויף טויזענדער געפיהלען,
וואס וויא פייער אונמעגליך זיי צו שטילען.
א קיש גיט אָפט זעהר פיעל אָנצוהערעניש
און מאכט אין הארץ איין איבערקעהרעניש.
פון א קיש פארלירט מען גרינג דאס גלייכגעוויכט,
אָפט שטארבט מען פון איהם, מען נעהמט אוים וויא א ליכט
איהר יודלען נישט צו פארלאָזען אין זיין נויט,
איהם אויפצוזוכען לעבעדיג אדער טויט.
ער מעג זיך זיין אפילו אין עק וועלט ווייט,
האט זיא געשוואָרען אי פאר גאט אי פאר לייט.
איז אראָפּ פון בעט, ארויס פון איהר חדר,
מיט איהר טעכטעריל פון אָרט צו אָרט כסדר,
קראנקערהייט נעגאנגען, נערוהט א ביסעל,
ביז זיא איז נעקומען צום פריץ׳ס שליסעל,
און דארט ביי דיא פראנצויזלעך איינגעשטאנען,
וואס האבען איהר ווערטה צו שעצען פערשטאנען.
זיא איז זיי חלילה נישט געווען קיין לאסט,
פארקעהרט, האבען זיך געפרעהט מיט אזא גאסט.
זיא איז ביי זיי געוועזען שרעקליך טהייער.
פאר איהר זיינען זיי געשפרונגען אין פייער. 11

---

11) דניאל ב׳ ב״ג.

בכדי איהר׳ס א קליינינקייט אויפצוהייבען,
זיינען זיי נעגאנגען אי צווישען לייבען. 12
זיי האבען פאר איהר בעשטענדיג זיך נעניינט,
און איהרע ווערטער אויף טעלערלעך צולייגט.
קורץ זיא האט מיט איהר טעכטעריל דער קליינער
ביי דיא לייט אויסגעגלייכט דיא קראנקע ביינער.
זיי האבען איהר אויף נאמנות געשווארען,
פון יודעל׳ס וועגען קיין מיה נישט צו שפּאָרען.
פאר איהם אין דעם הויף איינצולייגען דיא וועלט.
עס מעג זיי קאָסטען נעגוג מיה, צייט און געלט.
וועלען איהם נישט לאָזען אין תפיסה זיצען,
עס מעג אפילו דונערען און בליצען.

ג.

דאס הויז פון דיא פראנצוזיזלעך איז אין דער צייט
געוועזן א קלוב פאר א פעקיל חברה לייט.
וואס אויף זיי אלע אויף ארויס א צאָרען,
און אין דעם קאָנט געבעך מגולגל געווארען.
יודעל׳ס לאָגע האט זיי וויא פייער געברענט,
אלע האבען זיין טאטען זעהר גוט געקענט.
איינער, אלסדינג פארצייכענט אין זיין טייסטער,
פלעגט תמיד דערצעהלען וויא א שטאלמייסטער.
פון דעם אלטענ׳ס זעהר טהייערען רייטוואָגען 13
און פון זיינע פערד וויא זיי לויפען, טראָגען.
טאקי נאר לייבען, אָדלער, ווילדע חיות.
שפרינגען אין דער לופטען, מאכען הויות.
בשעת דיא פאָדראָדען אין יענע יאָהרען,
פלעגט ער צום זוהן אזוי קומען צופאָהרען.
יעדער האט דעם בן־אדם נאר אויף דעם בליק
דערקענט פאר א חידוש, פאר א מין אנטיק.
ער איז געוועזן אויף א משל זאָגער, 14

12) שם ו׳ ו״ז. 13) יחזקאל א׳. 14) שם כ״א ה׳.

א פייערדינער קאָפּ און אויף א קלאָגער.
פלעגט תמיד טרייסטען יודלען אין זיין צרה,
ער וועט נאָך לעבען א מאָל וויא א שררה.
וועט אין זיין מאַיאָנטעק זיך צוריק קעהרען,
וועט גוט לעבען, זיך פּרוכפּערען און מעהרען. 16
וועט זיך אָפּבויען און זייען דיא פעלדער,
וועט זיצען זיכער, שלאָפען אין דיא וועלדער. 17
עס וועט נאָך זיך פאַרזאַמלען דיא משפחה,
אין זיין הויז וועט נאָך זיין מזל און ברכה,
דרינען געווען אזוי זיכער, אזוי פעסט,
אז ער פלעגט אויסמאָהלען פאר דיא אלע געסט
דעם גאַנצען פּלאַן פון יודעל׳ס הויז און געבייא, 18
וואס ער וועט נאָך אויסמויערען אויף דאס נייא.
אין דעם קלוב פלעגט מען פון פּאָליטיק שמיעסין.
א סך פּריצים צופלאָכטען און צו שמיסין.
דער גרעסטער פון דיא דאָיגע חברה לייט,
האט פון דער פּאָליטיקע וואס אין זיין צייט,
אָנצוהערעניש געגעבען זעהר פאַרשטעלט, 19
וואס שפּעטער וועט ארויסשפּרינגען אויף דער וועלט. 20
נאָך זיין קוק אין פּאָליטיקע, נאָך זיין גאַנג,
האט זיך זיין פּריץ נישט בעדאַרפט האַלטען לאַנג.
ער האט פּשוט מיט איהם אין גאַנצען געעקט,
פון דערוויטענס גרויסע מלחמות געשמעקט.
עס איז עד היום דער וועלט א גרויס וואונדער,
וויא ער זאגט יעדע מלחמה בעזונדער.
דער קאָפּ זיינער איז איהם גאַנץ ווייט געפלויגען,
מדינות איהם געשטאַנען פאר זיינע אויגען.
כדי צו האַלטען זיינע זעהר פרייע רייד,
אין דער משל תמיד געווען זייער קלייד.
פּריצים, סטאַרעסטעס, דאס פּעקיל הילטייעס,
הייסען אלע אין זיינע רייד נאר חיות. 21

---

16) יחזקאל ל״ו ט׳ י״ב. 17) שם ל״ד כ״ה. 18) שם מ׳. 19) דניאל ד׳ ט׳. 20) שם ד׳ שם ח׳. 21) שם ז׳ ב׳.

ער רעדט איבּער לייבּען לעמפּערטען, בּערען, 22
וויא זיי רייסען, פרעסען איטליכען נערען.
ער רעדט איבּער א בּאראן, איבּער א צאפּ.
וויא איינער דעם אנדערען שטויסט, ניט א קלאפּ. 23
לעמפּערטען, בּערען, בּאראנעס און צאפּעס,
יעדער וויל חאפּען עפּעס אין דיא לאפּעס.
יעדער דרעהט אהין און אהער דאס שווענציל,
וויל אבּיסעל שטיפען און נעהן א טענצעל.
נימפּעל, זרח, אדער שמינדרינג בּן נעץ,
נעהט בּיי איהם אנגעטאהן הערנער וויא א לץ. 24
מען דערצעהלט, אז דער דאזיגער דיפּלאָמאט,
האט א מאָל זיין פּריץ זעהר פיין דעליקאט,
אין דער וועלט קלאָמערשטען איין עצה נעזאגט
בשעת ער האט עפּעס פאר איהם זיך נעקלאָגט.
כדי אויף איהם זאל ניט אויסניסען זיך דיא בּאָד,
זאל ער מיט ארימע לייט טאָהן חסד און נענאָד. 25
פון אלע אָרימע לייט האט ער גאנץ זיכער
א ודאי יודלען נעבּעך געמיינט ניכער.
פאר יודלען איז נעוועזן דיא חבריא גרייט,
זיך צולייגען אין דער לענג און אין דער בּרייט.
צוליעבּ זייער בּילדונג און גרויסע תקיפות,
האט יודעל נישט נעליטען שטארקע רדיפות.
מען האט נעמוזט איהם פאר א מענש בּעטראכטען
און פאר דער וועלט וויינינסטענס ניט פאראכטען.
פון דער ראָליע, וואס דיא לייט האבּען נעשפּילט,
האט יודעל שטארקער אבּיסעל זיך נעפיהלט. 26
חאטש ער האט מימ'ן ווייבּ זיך איבּערגעבּעטען,
זיא ליעבּ נעהאט, און נישט נעוואלט זיא נעטען.
דאך מחמת קאָפּדרעהעניש, טרדות אָהן א צאָהל,
האט ער נישט נעקענט זעהן זיא אָפט וויא א מאָל.
נצישעפּטען האבּען איהם דעם קאָפּ פארשלאָגען,

---

22) שם שם ד' ה' ו'. 23) שם ח' ד' ח'. 24) שם שם ג'. 25) שם ד' כ"ד. 26) דברי הימים לבית ישראל, פין, צד 4.

תמיד געוועזן אין דייזע בארשטש פארטראָגען.
דאָ האָב שטענדיג צו טאהן מיט דעם פראוויטעל,
דאָ גנה האלטען פאר דעם פריץ דאס היטעל.
האט געטוזט זיך אויסלערנען גויעש ריידען
און מיט זיין אייגענעם לשון זיך שיידען. 27
און ווייל ער האט גויעש ניט אין דיא שקאָלעס,
נאר עס זיך אויסגעלערענט פון חאחאָלעס,
האט ער גערעדט פול מיט פעהלער איטליכס ווארט, 28
וויא פויערען ריידען אין איטליכען אָרט.
אָט פון דענסמאָל אָן, ווערלינג וויא אונז געפעלט,
ווערט יודעל׳ס לשון א זשארגאן אין דער וועלט.

## ד.

אלע זאכען אין דער וועלט האָבען איין עק.
אי גוטין אי שלעכטין פליהען מיט דער צייט אוועק.
איידער דער זינדינער מענש טהוט נאר א בליק.
פליהט געשווינד וויא רויך אוועק זיין מזל, זיין גליק.
עס דרעהט זיך עפעס אין דער וועלט א מין ראָד,
וואס קעהרט איבער א מענשען אי א נאראָד.
הויכע און רייכע פאלען פלוצלים אראָפ,
נידריגע און אָרימע הייבען אויף א קאָפ.
פון אונזער פריץ זעהר גליקליך און זעהר רייך,
האט מיט דער צייט אויף זיך אויסגעלאזט א טייך.
עס איז אויפגעשטאנען א גרויסער דוקעס.
איהם איז ניט געפעלען דעם פריץ׳ס שטוקעס,
וויא ער האט פערעבענדעוועט עד־עתה,
און מיט איהם זיך אָפגערעכענט וויא א טאטע.
ער האט איהם ווער עלטער איז געוויזען,
איהם און זיינע קאָזאקען דיא ריזען,
איהם געקאטעוועט, געשמיסען מיט א רוט
און צוגענומען זיין מאיאָנטעק, זיין גוט.

---

27) נחמיה י״ג כ״ד. 28) שם שם. שם עיין ביאור.

אונזער פּאָליטיקער האט געמיינט מיט'ן בער
אָט דעם דוקעס, וואס איז געקומען אהער. 29
זעהר אָרענטליך איז געווען דער דוקעס.
האט פיינט געהאט אנשטעלען הוקעס־פוקעס.
איהם האט איינער פון אונזערע חברה לייט
גערופען דער משיח פון יענער צייט. 30
פיינינגען, שלעכטס טאהן איז איהם געווען נמאס,
פון אונזער חבריא געמאכט א צימעס.
האט דעם גרעסטען פון זיי געמאכט גרעסער נאך.
ער איז געוועזען ביי איהם אין הויף כל־ולך. 31
יודעל האט צו איהם דערלאַנגט א פּראָשעניע,
מכח זיין עסק פון דער אימעניע.
חברה האט אביסעל אונטערגעוואָרעמט,
און דער דוקעס האט אויף איהם זיך דערבאַרעמט.
א טהייל זאגען, דאס האט חברה אנגעמאכט,
נאר זיי האבען יודלען דיא ישועה געבראכט,
דורך זייערע רייד, וואס צום שר אנגעקומען,
האט יודעלס עסק א גוטען סוף גענומען. 33
נאר וויא דיא מעשה איז שוין געוועזען דאָרט,
דער דוקעס האט בעפוילען אָט מיט דעם וואָרט:
„איך דער בעריהמטער דוקעס מיט גאָטס גנאָד,
וואס האב אונטער מיר א גאנץ גרויסען גראָד,
וויל, וואס גאט געבאָט מיר פאָלגען גאנץ געטריי,
וויל ארויסלאָזען יודלען פון דאנען פרייא.
לאָז יודעל אין זיין מאיאָנטעק צוריק געהן,
און דאָרטען וויא פריהער זיך אָפּבויען שעהן.
אין דעם אָרט, וואס ער זיצט היינט, זאלען דיא לייט
איהם אונטערהאלטען מיט געלט פון זייער זייט". 34
יודעל האט אלסדינג פארנומען גאנץ געשווינד,
זיינע קלומקעס און פעקלעך, זיין ווייב און קינד.

---

29) דניאל ז׳ י״ח. פירוש רסה״ג שם. קדושין ע״ב א׳. 30) ישעיה מ״ה א׳. 31) דניאל ו׳ כ״ט. 33) שם בשם יוסיפון לרומיים.
34) עזרא א׳ א׳ ־ד׳.

ער האט זיך געמאכט אין גאנצען פארטיג, גרייט !
באלד אוועקצוגעהן א היים געזונטערהייט
יעדער האט מיט איהם זיך געזעגענט גאר פיין,
און איהם נאך געגעבען אין בייטעל אריין. 35
דיא געראויבטע כלים בשעת זיין אומגליק,
האט דער סקארב ארויסגעגעבען איהם צוריק. 36
נעהם דיא פיס אויף דיא פלייצעס יודעל און געה,
איצט פאָהר געזונט א היים זייא גליקליך, אדיע.

## ה.

צו דערצעהלען אייך דא דיא גרויסע וואונדער,
יודעל׳ס מיה ביי איטליכער זאך בעזונדער,
וויא פיעל עס האט זיך געצווינגען, געדויערט,
ביז ער האט איבער א נייעס זיך אויסגעמויערט.
דאס אלסדינג אויסצורעכענען ביז אויף א האָר,
בעדארף דיא דערצעהלונג זיך ציהען א יאָהר.
א טהייל האבען פיינט א זאך ביים צובריטען,
זיי האבען ליעב קומען תמיד צום גרייטען.
ליעב איין אָפגעשעהלט אייעלע אין דעם מויל,
אָפצושׁחלען עס אליין זיינען זיי פויל.
וואס־זשע טויג יודעל׳ס מיה ביים בויען צו זעהן ?
גלייכער צו איהם אין זיין פארטיג הויז צו געהן.
פון דעם הויז צום ערשטען איז גאר קיין פארגלייך,
אונזער יודעל איז וויא פריהער נישט מעהר רייך.
פון דעם חנוכת־הבית, אין דעם טאג,
דערצעהלט מען איז געווען א יאָמער א קלאָג.
מען האט זיך דערמאָהנט אָן יענער גוטער צייט,
און דאס געוויין האט זיך געהערט שרעקליך ווייט. 37
יודעל איז נישט מעהר וויא פריהער אליין א שר,
דער הקעס איז געווען זיין אויבערהאָר. 38

---

35) שם שם ו׳. 36) שם שם ד׳ י״א. 37) עזרא ג׳ י״ב י״ג. 38) שם ט׳ ד׳ ט׳. נחמיה ט׳ ל״ו ל״ז.

ער ויצם טאקי אין זיין מאיאַנטעק, גאנץ רעכט,
דאך איז איהם נעבעך פאַרט נעגאנגען זעהר שלעכט. 39
ער האט געהאט רענסמאל זעהר פיעל צו זאָרגען,
נעמוזט ברעכען דעם קאָפּ, לייהען און באָרגען. 40
מיט'ן ווייב זיך צו אונטערהאַלטען נעהמען צייט,
דעם פאַרגניגען קענען נישט אָרימע לייט.
איין זאך וואס דער אָרימאַן טראַכט אלץ, איז ברויט,
טראַכט נעבעך וויא מען ווערט ניצול פון דעם טויט
קיין טאַנץ, זאגט דער עולם, געהט נים פאר'ן עסעי
הונגעריג קען מען דאס טהייערסטע פארגעסען.
דעריבער זאל אייך גאר נים זיין קיין וואונדער,
וואס יודעל האלט זיך פונ'ם ווייב אלץ בעזונדער.
יודעל וואלט נעקענט בלייבען אָרעם אהן א העמד,
צום ווייב ווידער טאַקי וויא אַ מאַל ווילד פרעמד.
ווען עס זאל צו איהם אין יענער שווערער צייט,
נישט קומען א פריינד פון יענער חברה לייט.
ער איז נעווען גוט און פרום אָהן א פעהלער,
קלוג, נעבילדעט און א גרויסער שריפטשטעלער. 41
נעבילדעט, אין וועלט זאכען נעניט צוגלייך.
נים גלאַט א באַנק קוועטשער, איך פארזיכער אייך
חכמה און וועלט וויא ביי דעם פריינד אין איינעם
איז נישט נעווען דענסמאַל אזוי ביי קיינעם.
דער אלטער רבי מיט דיא ביינער גאר,
עס זאל דאס פעהלען אפילו אַ האָר. 42
בכדי יודעל'ס לאַגע בעסער צו מאַכען,
האט ער מתקן נעווען א סך זאכען.
עס האט ביי איהם נעשפּיעלט דיא ערשטע ראָליע
צו פארבעסערען זיין ווייב'ס שלעכטע דאָליע.
בכדי יודלען זאל געהן גוט אין דער וועלט,
מוז דיא פיהרונג אין הויז זיין איבערגעשטעלט.
זיין ווייב מוז האבען דיא גאנצע דעה דארט,

---

39) נחמיה א׳ ג׳. שם ט׳ ל״ז. 40) שם ה׳ א׳ ו׳. 41) עזרא ד׳ ו׳.
42) סנהדרין כ״א ב׳.

ער מח מיט איהר פאָרט ריידען, פּאָלגען איהר וואָרט.
אזוי וויא דענסמאל אבער אין א ריידע
זיך אויסשמיעסין האבען נישט געקענט ביידע.
יודלען האבען געשעפטען, אינטערעסען,
געצוואונגען זיין לשון נאר צו פארגעסען,
און נויעש ריידען, לאָז ער אונז מוחל זיין,
האט ער גערעדט עפּעס נים ריכטיג, נים פיין,
דעריבער האט ער געפונען פאר נעטהיג,
אויסצוהיילען פריהער דעם דאָזיגען וועהטיג.
פון נישט קיין ריינעם לשון, קען נאך זיין בליק
ארויסקומען פיעל צרות און פיעל אומגליק.
ערשטענס, האט יעדער מענש אהן א ריינער צונג
זעהר א שלעכטען געשמאק, וויא א גראָבער יונג.
צווייטענס, וויל ער מיט יענעם זיך אויסריידען,
קומט עפּעס נאר אוים פונקט קאפויר ביי ביידען.
ביי איהם איז דעריבער געווען זעהר וויכטיג,
אי יודעש אי נויעש צו פארשטעהן ריכטיג.
ער האט צו יודלען מיט'ן וויב זיך צוגעזעצט,
און ביידע לשונות זיי אויסגעלערענט צום לעצט. 43
דערנאך האט ער ווייטער געגעבען א טרייב,
אז דריי מאל דיא וואך זאל יודעל מיט דעם וויב
זיך צונויפקומען בעשטענדיג אין איין אָרט,
כדי צווישען זיך איבער צו וואַרפען א וואָרט. 44
עס איז אויך ביי אונזער יודלען אין דערהיים
איינגעפיהרט א גאנץ גרויסער סיים. 45
אין גאנצען מאַאָנטעק ארום און ארום
האט ער געזעצט שופטים, ריכטער אומעטום. 46
זיי זאלען מיט אלסדינג זיך אינטערעסירען,
זאלען משפט'ן און ארדנונג איינפיהרען.
דארטען וואו מענשען זיינען דא איז אויך שטרייט.

---

43) מגילה ג׳ א׳. סנהדרין כ״א ב׳. אמרי בינה ימי עולם פרק נ״ז.
44) בבא קמא פ״ג א׳. 45) כנסת הגדולה. 46) שם שם עיין תוספאת ודנין.

נאַם, זאַגט מען, איז צו הויך, דער פּריץ צו ווייט,
ביז וואַנען עס שפּאַרט אָן ביז צו דעם שררה,
דערווייל ווערט איינער נעבעך דיא כפּרה.
דער שררה אליין קען גאַר ניט זיין אין שטאַנד,
איטליכען צופרידענשטעלען אין זיין לאַנד.
איז נאָר דער אויבערהאַר דער גאַנצער קאָפּ דאָרט
טהון מוזען עהרליכע לייט אין יעדען אָרט.
איינער אַ גרויסער חכם, אַ געלעהרטער,
האָט געזאָגט דיא דאָזיגע קלוגע ווערטער:
אַז וואויל יעדען לאַנד, וואָס דער קעניג איז פרייא,
און דיא טשינאָווניקעס ארבייטען געטרייא.
אין געשעפטען, משפּטים ביז דעם האַלז ווייט,
עסען זייא נאָר אין דער געהעריגער צייט.
עסען געשמאַק מיט אַ שטאַרקען אַפּעטיט,
מיט טרינקען איהם צו מאַכען דאַרפען זיי ניט.
וועה יענעם לאַנד וואָס דער קעניג איז אַ קנעכט,
און זיינע טשינאָווניקעס ארבייטען שלעכט.
ווילען צו קיין זאַך נישט צולייגען קיין מיה
און עסען באַלד וויא זיי שטעהן אויף אין דער פריה. 47
יודעל האָט דורך עהרליכע לייט נאָמנים
בעקומען אַ פרייען קאָפּ אַ שעהן פּנים.
האָט דערווייל געקענט טראַכטען פון נאָך זאַכען,
וויא אַרום מען קען דיא קאָפּיקע מאַכען,
וויא מען בעקומט דיא אַפּויטיקע, דיא קאַץ,
צו לעבען ברייט, און צו שטעהן שעהן אויף דעם פּלאַץ.
ער ווערט אַ סוחר, נעהמט אַרויס אין דער וועלט,
הייבט אָן צו האַנדלען און צו פאַרדינען געלט. 48

---

47) קהלת י׳ ו׳ ז׳. 48) בבא קמא פ״ב א׳ שיהו רוכלין מחזירין בעירות ועיין פון דברי הימים לבני ישראל צד 67.

# ו.

אונזער יודלען ווערט וואס ווייטער אלץ בעסער,
ער ווערט וואס ווייטער אלץ גרעסער און גרעסער.
מיט ליאלקעס, קוקלעס שעהמט ער זיך צו שפילען.
אויס מאָדע ליבעס, נארעשקייט צו פיהלען, 49
מעפיסטאָפעל, וואס פריהער איבער איהם רעגירט,
האט איהם מיט דיא זאכען שוין מעהר נישט פארפיהרט.
ער זאל יודלען הונדערט מאל רופען אינגעל,
הערט ער איהם פונקט וויא דאס מילכדיגע קלינגעל.
יודעל שלאגט ארויס נארעשקייט פון דעם קאָפּ,
ווארפט פון זיך דיא קינדערשע שיכלעך אראָפּ.
ער איז שוין אָפּיטנע, אין דער וועלט געניט.
בערעכענט שוין גוט איידער ער גיט א טריט.
ער איז גאנץ איבעאנדערשט געווארען,
איז א פּאָליטיקער, א יונג מיט שפּאָרען.
דער טאטע האט איהם אלע זינד פארגעבען
און האט פון זיך ווידער א קול געגעבען. 50
ביי איהם אבער נישט געוואוינט וויא פאר צייטענס, 51
ער האט יודלען ליעב געהאט פון דער ווייטענס.
פלעגט איהם פריינדליך לאָזען גריסען אלע צייט,
דורך קלוגע מענשען פון זיינע חברה לייט. 52
„זאגט יודלען, לאָז ער נישט האבען פאראיבעל,
וואס אין זיין דוואָרעץ שטעהט ליידיג מיין שטיבעל.
יודעל בעדארף מעהר נישט האבען א היטער.
ער איז געווארען עלטער און געניטער,
אלסדינג גוט צו בעטראכטען איז ער נישט קליין,
ער האט א קעפּיל, לאָז ער דיינקען אליין.

---

49) משחרב בית המקדש ניטל טעם ביאה. 50) סוטה מ״ח ב׳ נסתלקה רוח הקודש וכו׳ והיו משתמשים בבת קול. 51) יומא כ״א ב׳ דמתוסר וכו׳ שכינה ורוח הקודש. 52) משחרב וכו׳ נתנה נבואה לחכמים.

מיט זיין חכמה לאָז ער בעקומען אַלסדינג,
נענוג זיין א יונגערמאַנטשיק, לעבען גרינג.
אלע מענשען ווערען פארנארעשט און פויל
פליהען געבראָטענע טויבען זיי אין מויל.
איבריגענס האט ער דאך א נוטען רעבען,
זיין ווייב דיא חכמה, זאל אייביג לעבען!
לאָז ער זיא שעצען, ניט זיין פון איהר בעזונדער,
דארף ער ניט קיין ווינטשפינגעריל און וואונדער. 53
גריסט יודלען, לאָז ער נאָר נישט זיין אָפּהענדיג!"
אזוי פלעגט אנזאגען דער טאטע שטענדיג.
ביי יודלען איז דאס ווייב געווען דיא נשמה,
נעה דוא, זאגט ער, אין ספּאָדיק, מיין חכמה.
לאָז מען זיא בעליידיגען מיט א קרום וואָרט,
איז ער בערייט יענעם צו טויטען אויף דעם אָרט
דיא גאנצע וועלט האט א מאָל זיך געוואונדערט
און זיא חידושט זיך טאקי נאָך איצונדערט.
וויא אזוי ער האט פאר איהר מיט גרויס כוח
געפּלעט א בעריהמטען פריץ דעם מוח.
דיא דאָזיגע מעשה איז אזוי געשעהן:
דער פריץ א גרויסער הבל'ניק געווען, 54
זעהר שלעכט, ווילד, דערצו נאָך אביסעל פאררוקט. 55
האט אויף יודעל'ס ווייב מיט גרויס האָזע געקוקט,
זיא געהאלטען עפּעס פאר א פּראָסט ווייבעל,
און געוואָלט איהר אראָפּרייסען דאס היטעל.
אויף מיר א מענש יודעל'ס ווייב געטראכט ביי זיך,
מיט אזעלכע ווערט מען פארטיג קורץ און גיך.
דא ניט אונזער יודעל וויא א לייב א שפרונג,
האלט פריץ, טהוט ער א געשריי, האלט דיא צונג.
ניט איהם הייסע פעטש, נעהמט איהם ארויס דיא ציין.
צופיהרט זיך זיינע הענד און ברעכט איהם א ביין.

---

53) פין, דברי הימים לבני ישראל פאראגראף 10 ובסוף פאראגראף 11 צד 22. 54) אנטיוכוס עפיפאניוס מלך יון. 55) איזראעלס געשיכטע חעכט ז. 5.

נאכדעם וויא ער לאָזט דעם פריץ א ראַציע,
מאכט ער ביי זיך אין הויז א לימינאַציע.
פון דענסמאל אָן אלע יאהר אכט טעג כסדר
ברענט צום צייכען לעכטלעך ביי איהם אין חדר.
איך האב צום ערשטען צו דערצעהלען פארפעהלט,
וויא מיט יודעל'ס ווייב האט זיך געווינט דיא וועלט.
א גרויסער שררה, פון זעהר א וויטען קאַנט, 56
האט גע'חלש'ט צו ווערען מיט איהר בעקאַנט.
געהערט איהרע מעלות פון אלע זייטען,
האט ער אין איהר זיך פאַרליבט פון דער ווייטען.
ער האט געמאכט, זאגט מען גרויסע הכנות. 57
געשיקט יודלען זעהר טהייערע מתנות.
דורך זיינע לייט איהם געלאזט בעטען זעהר פיין,
ער זאל איהם כבוד אנטאהן און מוחל זיין
מיט זיין קלוג ווייב קומען צו איהם אביסעל,
צו איהם צו גאסט אין זיין בעריהמטען שליסעל.
דיא פאַראדע וואס דער פריץ האט געמאכט,
אז ער האט יודעל'ס ווייב צו זיך אָפגעאכט,
וויא אזוי ער האט מיט איהר זיך געפרעהט דארט,
און וויא ער האט פארצוקערט איהר איטליכס ווארט,
און פשוט דיא פינגער געלעקט פון איהר,
איז חלעבען נישט צו בעשרייבען אויף פאפיר.
צוויי און זיבעציג מענשען אויף זייערע ערטער,
זיינען געזעסען, געשריבען איהרע ווערטער, 58
דא צו דערמאָנען איז דאס אָרט און דיא צייט,
אז פון איהר טעבטעריל איז געווארען לייט.
איז א בוגרות, אין דיא יאהרען געקומען,
אונטערגעוואקסען, אויף זיך לייב גענומען.
איז אפילו ניט אזוי שעהן אויף דעם קיק,
דערפאר א מויד, אהן עין־הרע ברייט דיק.
יודעל הייבט אן, זיא דיא וועלט פאַרצושטעלען,

---

56) פתאלמעאוס (תלמי) פהילאדעלפוס. 57) הדרת זקנים. 58) מגילה ט׳ א׳.

און דער עולם פלעגט פון איהר גאר אנקוועלן.
אין איהר זאל האט זיך נישט צונעמאכט דיא טהיר,
אזוי פיעל מענשען פלעגען קומען צו איהר.
ארום איהר האבען זיך נעדרעהט אלט אי יונג,
און זיא האט גע׳דרש׳ט, גערעדט מיט א צונג,
און וואס אלץ ווייטער און ווייטער אלע מאל,
איז איהר צוגעקומען דרשות אהן א צאהל,
אי גאנץ אלטע דרשות, אי שפאגעל נייע,
א מאל אויך מעשיות, ווערטלעך גאנץ פרייע.
פון דער מוטער פלעגט זיא ריידען מיט פייער,
איהרע ווערטער זיינען איהר געווען טהייער,
און איהרע רייד ארייננעלייגט פיעל פשט׳ליך,
פון איין ווארט אנגעשריבען הונדערט בלעטליך.
פלעגט אויסדריננען, ווייזען איהרע חברה לייט,
וואס דער מאמעס א מינסט ווערטעל גאר בעטייט.
וואס זיא לאזט מיך הערען מיט איהר׳ס א פינטעל.
אין איטליכעס ליגט כוונות א גאנץ בינטעל.
זיא האט געגעבען כללים כדי צו פארשטעהן, 59
וויא ווייט און וואהין איהר מאמעס ווערטער געהן.
דאס איז געווען דער שטייגער פון דעם מיידעל,
נאך בשעת טראגענדיג א קינדערש קליידעל,
אין איטליכער זאך און אין איטליכס פיצעל
צו זוכען עפעס א קנייטשעל, א שפיצעל
א טהייל מענשען איז דאס גאר ניט געפעלען,
און פלעגען איהר פראסט דיא צונג ארויסשטעלען. 60
זיי זיינען איהר געווען שרעקליכע פיינד,
און האבען חוזק געמאכט פון איהרע פריינד. 61
עס זיינען ארויסגעשפרונגען פארטייען,
וואס פלעגען תמיד זיך קריגען און שרייען.
יודלען פלעגט א מאל דיא דאזיגע זאך
אנמאכען צרות און יסורים א סך.

---

59) מדות שהתורה נדרשת בהן. 60) צדוקים. 61) כת פרושים.

חברה, וואס צווישען זיך אלץ קידער ווידער,
פלענען אין זיין הויז מאכען א גערידער.

### ז.

זינט יודעל איז געווארען אויס שררה,
דענסמאל נאך בשעת דער ערשטער צרה,
איז איהם איין ארענדאר צו זיין אויסגעקומען.
איין פריץ ביים אנדערן איהם איבערגענומען.
אזעלכע פריצים האט ער אויף זיך געהאט דרייא, 62
ביז נאם האם געהאָלפען, ער איז געווארען פרייא.
זינט ער האט דעם משוגענעם פריץ, דעם שלאק,
געגעבען א וויסטען, א פינסטערען פסק,
און איהם געוויזען וויא טהייער גילט קאָרען.
איז ער אליין א פריץ שוין געווארען.
ער האט אויך בעקומען א גרויסען טיטעל,
מען האט פאר איהם שוין געהאלטען דאס היטעל.
עס איז איהם א לאנגע צייט זעהר געלונגען,
מיט יודלען האט דיא גאנצע וועלט געקלונגען.
דאס האט אנגעמאכט צווישען פריצים א שנאה,
אין יענער צייט האט ביי זיי געהערשט קנאה.
איינער דעם אנדערן האט געווינשען דעם טויט,
דער ביי יענעם אויסגעהאפט דאס שטיקעל ברויט.
ניט מחמת דערמיט זיך אנצועסען זאט,
נאר כדי יענעם צו שאדען, צו האפען גלאט,
נאר כדי טאקי דיא גאנצע וועלט זאל וויסען,
אז ער, פריץ, קען א סך בלוט פארגיסען.
כדי מען זאל הערען, מען זאל וויסען גאנץ ווייט,
אז ניט אומזיסט וואקסט ער פון איידעל לייט.
אזעלכע וויא ער וואקסען ניט אויף דעם מיסט,
אייבעלעך, מעדאלען, טראגט ער ניט אומזיסט.
זיצט ניט ליידיג חלילה, האלט מלחמה,

---

62) בבל, פרס, יון.

און נעהמט ארויס בײ פיעל מענשען די׳א נשמה.
מהומ נישט, האנדעלט נישט עפעס וויא א קופעץ,
זיין עובדא איז צו געבען א קלאפ, א זעץ.
ער פארשעהמט ניט זיין גערעלדיע און זיין שווערד,
סוילעט נישקשה פיעל מענשען אויף דער ערד.
אזוי האבען פריצים געטאהן פארצייטען,
אט וואס זייערע מלחמות בעדייטען.
מען האט זיך געשלאגען, געמאכט א בורע,
בכדי נאר צו פריווען ווער האט מעהר גבורה.
איז איינער געזעסען רוהיג אויף זיין לאנד,
נישט געטשעפעט אפילו א פליג אויף דער וואנד.
האט דער רוח געבראכט א פריץ צו טראגען,
און ער האט איהם געבעך געהארגעט, געשלאגען.
איין פריץ דענסמאל, איין ארץ מחוצף פנים,
איז געווען גזלן פון אלע גזלנים.
א גרויסער תקיף שרעקליך געזונט און דיק,
א מורא געווען אויף איהם צו טאהן א קיק.
ער האט געהאט זעהר שטארקע אייזערנע ציין, 63
איטליכען געפרעסען, געבראכען א ביין.
האט מיט א צונעמעניש, וויא מיר ווייסען,
אין יענער צייט פשוט חזיר געהייסען. 64
דער חזיר האט די׳א גאנצע ערד אויפגעריהרט.
איטליכען געטרעטען און א וועלט געפיהרט:
פריצים האבען געמוזט צו איהם זיך בוקען,
פון זיינע הענד קיינער נישט ארויס טרוקען.
האט געוואלט אויף דער וועלט זיין נאר איינער,
ער זאל הייסען פריץ, ווייטער ניט קיינער.
יודעל, איהם אין די׳א אויגען וויא א דארען,
האט אויך געמוזט באלד ליידען פון זיין צארען.
דעם חזיר האט געארט, וואס יודלען איז גוט,
און האט זיך גענומען צו צאפען זיין בלוט.

---

63) דניאל ד ז. פסחים קי״ח ב׳ ועיין רש״י שם. 64) תהלים פ׳ י״ד, ובראב״ע שם.

יודלען איז געווען פינסטער און ביטער,
צו זעהן אזא חזיר׳ אין זיינע גיטער,
וואס ער האט זיי בעקומען גיט אזוי גרינג,
און איהם שרעקליך טהייער געקאָסט אלסדינג.
עס האט איהם אנגעהויבען זיך דרעהן דער קאָפּ,
פאר עגמת נפש פון דעם פנים אראָפּ.
יודעל האט ביז אָהער פון אלע שררות,
גיט געליטען אזעלכע גרויסע צרות.

## ח.

בשעת יודעל איז מיט צרות געווען זאט,
האט דערווייל זיין ווייב נאך א טאכטער געהאט.
קוים וואס דאס קינד האט געעפענט דיא אויגען,
האט עס פון דער מוטער׳ס ברוסט אלץ געזויגען.
זעהר פריה איז עס ארוים פון דיא וויקעלעך,
נישט געוואלט זיין געבונדען מיט שטריקעלעך.
עס האט זעהר געשריגען גיט געלענען שטיל,
דיא מאמע האט פון דעם געליטען זעהר פיעל.
קוים איז איהר א ציינדעל ארויסגעקראכען,
האט עס ביי דעם זויגען דיא ברוסט געשטאכען.
מחמת וועהטאָג, מחמת שרעקליכע שמאַרצען
פלעגט דער מאמע אָנהאפען ביי דעם הארצען.
נישט לאנג אבער האט עס געזויגען דיא ברוסט,
זיך צו ענטוועהנען האט עס בעקומען לוסט.
עס האט אין דרויסען ארוים זיך געצויגען,
צו פרעמדע איז עס אויף דיא הענד געפלויגען.
פון דער שוועסטער אבער זיך אוועקגעקעהרט,
מיט איהר אזוי וויא גאר נישט זיך אנגעקעהרט.
עס פלעגען זיך האמפערען דיא פארטייען,
דאס קליין מיידעל פלעגט צוביסלעך אויף שרייען.
פאר מעפיסטאָפלען איז געווען א לעבען,
ער האט אנגעהויבען געצען צו וועבען.

אונזער יודלען פארפומען אין זיי,
אין מיטען דעם גרויסען רעש און געשריי.
ווער קען נאך אזוי וויא ער פלאַטקעס מאכען,
ער איז א מייסטער אין אזעלכע זאכען.
ער איז דענסטאל געווארען א וואנדערער. 65
געריזם פון איין פארטיי צו דער אנדערער,
אויף איינער פאר דער אנדערער אָפּגעזאגט
רכילות און ליגענס וואס ער האט אָפּגעטאַקט.
ער האט אנגענומען פּנימער אהן א צאהל,
וויא עס האט איהם געפאסט צום עסק א מאָל.
א מאל האט ער פאר א דייטשעל זיך פארשטעלט, 66
נאכגעטאהן דער מאָדע, געלעבט אין דער וועלט,
געערדט גויעש, געכעש טאקי נאר וויא א גרעק.
געוועזן א גאנצער פילוסוף נאר א שרעק!
ער האט געלייענט אריסטאָטלעס ספרים, 67
געלייענט האָמער'ס שירים, זיינע שקרים. 68
האט פאר א למדן זיך פארשטעלט נאר, 69
נישט אוועק פון דער גמרא אויף א האָר.
געוועזן וויא א פרוש אין קלויז טאג און נאכט,
און האט עפּעס א שפּיצינ פשט'יל געמאכט.
פלעגט אויפטאהן חדושים אין דער גמרא,
און פאלען לאָמדיש אויף עפעס א סברא.
קיין מנהג איז איהם נישט געוועזן צו שווער,
קיינער נישט געוועזן אזא מחמיר וויא ער.
ער האט קלאמערשט אין א סך זאכען געגלויבט,
און יודעל'ס עלטערע טאכטער שטארק געלויבט.

---

65) בגמרא (סוטה נ"ב ב') אמרו על יצה"ר בתחלה קראו הלך ולבסוף קראו אורח וכו' שנאמר ויבא הלך לאיש העשיר. 66) העללעניסט. הם כת היהודים היונים שסגלו להם לשון וחכמת יונית, והיו בזמן בית שני. 67) הוא הפילוסוף אריסטו היוני. 68) הוא המשורר הנודע האמער היוני. ובירושלמי דפרק חלק איתא אבל ספרי המירס וכו'. 69) ר"ל כת פרושים הם חכמי התלמוד הידועים עמודי בית ישראל.

פלענט זיא חנפה׳נען און נארען מיט שווינדעל,
זיא רופען ביים נאמען: טהייערע מ י נ ד ע ל! 70
און א מאָל האט ער דיא ראָליע פארביטען,
וואס שטעהט געשריבען, זאגט ער, דארף מען היטען,
און אלע פשט׳ליך, וואס יענע טראכטען אויס,
זיינען ליגען, האטשע נעהם ווארף זיי ארויס.
ער לאכט אויף פון גהינם און גן־עדן,
מאלע וואס יענע ווילען אייך איינריידען.
דינט נישט נאט בכדי צו נעהמען דארט געצאָהלט. 71
נאך דעם טויט זיינען מענשען נאר שטיקער האָלץ.
א מאָל האט איהם זיך פארענדערט דאס פנים,
אזוי וויא א חסיד פון ימים ושנים. 72
טראגט ווייסע קליידער און געהט איינגעבויגען,
ער מאכט כוונות און גלאָצט מיט דיא אויגען,
עסט בשותפות מיט חברה חסידים, לעבט פרייא.
קלייבט קרייטעכצער, ניט זיך אָפּ מיט דאָקטאָרייא.
היילט קראנקע מיט שמות, שפרעכט און טהוט וואונדער,
רופט אָן דיא מלאכים יעדען בעזונדער.
פאר דיא דייטשען רעדט ער אויף דיא למדנים,

---

70) הוא מלשון בעל פה. 71) כוונתו לכת הצדוקים הבלתי מאמינים בתורה שבע״פ והשארת הנפש ובגמול השכר והעונש לעולם הבא ומאמר רבם אנטיגנוס איש סוכו (אבות פ״א) הוו כעבדים המשמשים את הרב שלא על מנת לקבל פרס״ הביאם לידי כפירת זו. 72) כוונתו לכת האיסים (עססאָער) שהם לד״ק החסידים הראשונים. דרכם היה להתבודד באגודה מיוחדת, כל הנספח אליהם לבש לבנים ואכל וחי מקופת החברה, כי כיס אחד היה לכלם. כל מעינם היה במילי דשמיא, במלאכים וצבא המרום במרום, והיו רופאי חולים בשמות ובסמי הרפואה שלכך נקראו לדעת קצת איסיים מלשון אסיא שהוראתו רופא, והיו נזהרים מאד לטבול בכל יום תמיד במים, והם טובלי שחרית הנזכרים בדרז״ל. עיין ע״ד הכתות בספרי החכם יאסט, אללגעמיינע געשיכטע דעס איזראעל׳ 1 באנד ז. 517—525. גם געשיכטע דער יודען להחכם גרעטץ חלק שלישי ובמאמר המחוכם „ירידת האומה התעלות האמונה״ להחכם ר״א קראכמאל.

זיי אלע זיינען ליידיג געהר, בטלנים.
זיי מאכען אן דער וועלט זעהר גרויסע צרות
מיט זייער לערנען וואס טויג אויף כפרות.
טראכטען אויס פון דעם קאפ קרומע איינפעלע,
דרינגען אויס בוידעם אויף איטליכער שטעלע.
זיי זיינען שטאָלץ, שרעקליך פאררייסען.
אייך דייטשען וואלטען זיי פשוט צורייסען,
דערפאר וואס איהר קוקט אריין אין א ביכעל,
און טראגט שבת אין קעשענע א טיכעל.
דערפאר וואס איהר זיינט אויסגעקעמט, ריין, נאָבעל,
וואס איהר עסט ניט פרייטאג צו נאכט קיין קנאָבעל.
האלט איינער נישט זייערע פוסטע זאכען,
ווילען דיא קלויזנער איהם דיא מיתה מאכען.
ווערלינג זיי מיינען, איז גאט זיך מחיה, קוועלט,
וואס ער האט אזעלכע וויא זיי אויף דער וועלט.
מיינען, דער צוועק פון בעשעפעניש אלערליי
אין דער מענש, פון מענשען דער צוועק זיינען זיי.
זיי מיינען עס קומט צו גאט פשוט חיות
פון זייער לערנען, זייערע הויות.
דערמיט ווילען זיי גאט א מענטליק אָנטאָן,
חלעבען, האט גאט טאקי נישט מעהר וואס צו טאהן!
אפגעזאגט פון זיין פזמון דאס לעצטע ווארט,
רעדט ער פאר דיא לומדים שוין אויף דייטשען דארט.
מישטעהענס געזאגט דיא היינטיגע דייטשען,
וואס קענען קיין פרשה חומש פארטייטשען.
זייער גאנצע חכמה בעשטעהט אין ריידען
וויא גוים צו לעבען און זיך צו קליידען.
טראגען נייע מאָדנע הויזען און א רעקיל
און געהן שבת אפילו מיט א שטעקיל.
נעהמען תמיד אן דיא נייע מעטאָדע,
אפילו אין ריידען הערשט ביי זיי מאדע.
קומט ארויס עפעס א ניי מאָדנער געדאנק,
מאכען זיי דערמיט שוין דיא גאנצע וועלט קראנק.
ס'איז א ליארעם, א געשריי, א געפילדער.

שרייט יענער ניט מיט זיי איז ער אַווילדער.
יעדער געדאַנק ווערט פּראָסט אַ חיוב, אַ דין,
שרייט קינדער, יאָ וויסען, נישט וויסען דעם זין.
קענט איהר אפשר מיינען דאָס שרייען געווערט,
חלילה, מאַרגען שרייען אַלע פאַרקעהרט!
אַ פילוסוף האָט פונ׳ם געדאַנק געלאַכט,
און עפּעס נאָר איין אַנדערען אויסגעטראַכט.
פאַנאַטיקער, רופט אייך בּיי זיי גרויס און קליין,
און ווייסען נישט, אַז דאָס זיינען זיי אַליין.
איהר האַלט, זאַגען זיי, וואָס גרויסע שרייבען פּאָר, 78
און איהר דייטשליך האַלט נישט פון גרויסע? זאָגט נאָר.
דיא דייטשען חלעבּען ריידען אַלץ פרעמדס אַ סך.
דער חילוק צווישען אייך און זיי, איז דיא זאַך:
איהר גלויבט אין אַלטע זאַכען אָהן אונטערשייד,
זיי חאַפּען וויא הייסע לאָקשען נייע רייד.
דיא לייט מיינען, וואָס אַלט איז נאַרעש און שלעכט,
און איטליכע זאַך וואָס ניי, איז קלוג און רעכט.
איהר, אַלטע, האָט חלעבּען בּיי זיי קיין פּנים,
זיי האַלטען אייך פאַר שרעקליכע נאַראָנים.
פון זייער גאַנץ בּענעהמען־זיך איז ניכר,
אַז זיי קומט אַלסדינג, זיי זיינען דער עיקר,
און איהר זיינט נאָר איבּעריג, אַלטע שקראַבּעס.
אָט אזוי מיינען דיא דייטשען, דיא דראַבּעס.
פיעל ערגער נאָך פון זיי זיינען דיא חסידים,
מיינען, זיי זיינען בּיי גאָט דיא בּני יחידים.
דיא אַלע מלאכים האָט גאָט בּעשאַפען,
זיי זאָלען זיין זייערע קנעכט און שקלאַפען.
דיא גאַנצע חכמה בּעשטעהט נאָר אין שמות,
אייך אַלע בּעטראַכטען זיי פּראָסט פאַר בּהמות
האַלטען אייך פאַר קאַלטע מענשליך אָהן פייער,
אייער לערנען בּיי זיי נישט ווערטה קיין דרייער.
דיא גאַנצע וועלט הערען זיי וויא דעם קאָטער,

---

78) אריטאריסאָטען.

משונעים ! מען דארף זיי פיהרען צום טאָטער.
פייער און וואסער זיינען ביי זיי זאכען,
וואס זאלען מענשען רייך און גליקליך מאכען.
נאך זיי, דארף תמיד דער מענש זיין פייער הייס,
ער בעדארף אזש פלאקערען, לעקען דעם שווייס.
דאס פנים אויסנעפריעט וויא א צימעס,
איין אויסגעווייקט פנימ׳ל איז נאט ניט נמאס !
דאס איז נומער איינס, היינט ווייטער נומער צוויי :
וואסער, וואסער ! שרייען זיי אלץ איין געשריי.
דעם מענשענ׳ס נשמה איז פארשמירט, קראנק מסוכן.
מען בעדארף אין וואסער זיך אונטערטוקען.
זיינען דיא זינד רויט, ווערען זיי ווייס וויא שנייא,
דאס איז גאנץ געוויס וקיא צוויי מאל איינס איז צוויי.
זיי פליוסקע זיך אין וואסער דיא גאנצע טעג
און ריידען חלעבען עפעס נאר פון דעם וועג.
מישטעהענס געזאגט זייער רייד, נאט אייך ניים !
פון פייער און וואסער רעדט מען משוגענערוויים.
מעפיסטאָפעל, פון חסידים געמאכט איין עק,
פארקערעוועט ער דעם דישעל און אוועק.
קומט מיט א פרום פנימ׳על צו חסידים דארט,
און רעדט אויף דיא לומדים אוים וואס אין דער קאָרם.

## ט.

ווען מעפיסטאָפלען איז אמאָל נערא‌טען,
יודלען מיט זיינע זאכען צו פאררראָטען :
מיט ליאלקעס, ליבעס, צום לעצט בלוטפארגיסען, 74
וואס דורך דעם האט ער שטארק קריעה נעריסען.
נעראָט דעם פאָקוסניק היינט בעסער א סך,

---

74) יומא ט׳ ב׳. מקדש ראשון מפני מה חרב מפני ג׳ דברים שהיו בו עבו״ם וגלוי עריות ושפיכות דמים.

יודלען אומגליקליך צו מאכען מיט איין זאך. 75
וואס דאס איז דיא ערגסטע און שרעקליכע זינד:
ער מאכט אן שנאת חנם אין זיין הויזגעזינד. 76
ער האט דארט א גוטע קאשע פארקאכט,
און האט מחמת גרויס פארגענינגען געשמאכט.
מען האט דארט זיך געבוטצקעט, געקריגט זעהר שטארק,
איינער דעם אנדערען גענעבען אין קארק.
איינעם דעם אנדערען גענעבען א רייב,
איהם געוואונשען: צו ברעכען האלז און לייב.
קריג, פלאטקעס האבען דארטען זיך אלץ פארמעהרט,
וואס איינער טהוט, טהוט דער אנדערער פארקעהרט.
איינער זאגט נאכט, זאגט דער אנדערער גאר טאג.
איינער שרייט שלאג זיך ניט, שרייט יענער גוואלד שלאג!
דער אויף יענעם האט חטאים אויסגעזוכט,
מען האט זיך געשלאגען, געזידעלט, געפלוכט.
יודעל איז שיעור נים אראפ פון דעם זינען,
האט ערגעץ קיין רוה נישט געקענט געפינען.
האט געהאט נעבעך א הארץ מיט מכות גאל,
פון דעם געשריי איז איהם דער קאפ געווען דול.
אין מיטען דרינען וויא ער האט גריזאטע,
איז ארויס יענער חזיר פון זיין בלאטע.
אויפגעריהרט יודעל׳ס מאיאנטעק מיט זיין צאהן,
און חשק געהאט איהם צו צורייבען וויא מאהן.
דער פיינד האט איהם נע׳רודפ׳ט וואס ווייטער מעהר,
ביז ס׳איז איהם געווארען ביטער שרעקליך שווער.
און מיין דערצעהלונג איז מיר רבותים איינג,
ארויסצושטעלען פון דעם פיינד אלע נייגג.
וויא אזוי ער האט סאמע פון אנהויב אן,

---

75) רז״ל מיחסים שני התורבנות למעשה שטן הוא היצה״ר ואמרו עליו (סוכה נ״ב א׳) שנתן עיניו במקדש ראשון והחריבו וכו׳ שנתן עיניו במקדש שני והחריבו. 76) יומא שם מקדש שני מפני מה חרב מפני מה שהיה בו שנאת חנם, ללמדך ששקולה שנאת חנם כנגד ג׳ עבירות עכו״ם וכו׳.

אתזער יודלען נעבעך צרות אנגעמאכט.
איינער קען נאר זאגען: וואס איז פאר א נאנג,
צו מוטשען אונז מיט א מעשה אזוי לאנג.
שא, אהן פרעטענציעס מיינע ליבע אידען,
איך בין רא מקצר און לאזט מיך צופרידען.
קורץ דער שרעקליכער פיינד האט יודלען פארטראכט
או האט איהם נעבעך אויף דעם פייער געבראכט,
יודעל האט געליטען צרות אהן א צאהל,
דיין הויז וויסט, חרוב געווארען וויא א מאל.
יודעל'ס מאיאנטעק קען מען גוט פארגלייכען
צו א גארטען, זעהר א שעהנעם, א רייכען,
וואס האט מיט זיין שעהנקייט איין אויג פארנומען,
פלוצלים איז אהין א חזיר געקומען,
אויפגעריהרט מיט דיא ציין איטליכס בייטעלע,
צוביסען, צוטרעטען איטליכס קוויטעלע,
פון אלסדינג אין דעם גארטען תל געמאכט, וויסט.
פון דיא טהייערע רויזען א קופע מיסט.
יודעל איז פון זיין גוט ארויס אהן א העמד,
און נעמחט זיך אוועקשלעפען אין דער פרעמד.

י׳

א סך מענשען קען זיין וועט נישט געפעלען
אין מיין דערצעהלונג דיא פיעל טרויעריגע שטעלען,
נאר יודעל'ס לעבען שילדערען וועד עס וויל,
מוז דערצעהלען צרות און יסורים זעהר פיעל.
וויינינ איז אין דיין געשיכטע, יודעל, פרייד,
שרעקליך פיעל זיינען דיינע צרות און לייד.
פאר דיין גוט קעפעל, יודעל, פאר דיין פארשטאנד,
פאר דיין גוט הארץ און פאר דיין אפענער האנד
האסט־דוא פון אייבינ אן נעבעך געליטען,
ווער עס האט געוואלט איז אויף דיר געריטען.
דיין קלוג ווייב, אומעטום דיר אנגעמאכט קנאות,
ריינע מעלות, דיר צונעצוינען שנאות.

וואלסט קיינעם ניט גרדיס געווען אין דיא אויגען,
בנאמנות, ווען דוא זאלסט צו גארנישט טויגען!
וויניג דיינע שמחות, נישט פיעל דיינע פריינד,
פיעל דיינע צרות, אהן איין עק דיינע פיינד.
ווער עס קען יודעל'ס פיעל צרות נישט הערען,
מעג זיין געשיכטע צו לייענען אויפהערען.
אזוי וועט טאקי זיין א סך געשייטער
דיא געשיכטע ווערט נאך טרויעריגער ווייטער.
נאקעט און בארפים און אהן א גראשען געלט,
האט יודעל זיך אוועקגעלאזט אין דער וועלט,
געוואנדערט וויא א בעטלער פון לאנד צו לאנד,
מיט א טארבע און א שטעקען אין דער האנד.
פון אזעלכע צרות און פון אזא פיין,
האט יודעל, דאכט זיך, גאר אויס מענש בעדארפט זיין.
נאר יודעל אבער ליידט, טראגט איבער אלסדינג,
מיט'ן ווייב אין איינעם, איז איהם צו ליידען גרינג.
ערשט אצונד פארשטעהט ער וויא זיא איז טהייער,
ליבע ברענט אין זיין הארץ וויא א פייער,
אין דער ביטערער ארעמקייט פיהלט ער זיך רייך,
אלע רייכע לייט זיינען איהם נישט גלייך.
איהר ווערטה צו בעצאהלען, קיינער ניט אין שטאנד,
מיט גינגאלד און מיט זילבער פון א גאנץ לאנד.
א גוט ווייב איז פאר דעם מענשען א גרויס גליק,
ניט איהם צו לעבען מיט איהר איטליכען בליק.
אין א שווערער צייט שטעלט זיא איהם אויף דיא פים,
זיא מאכט איהם זיין ביטער לעבען האניג זים.
יודעל פיהלט, אז ער איז דער גליקליכסטער מאן,
שפיעלט אויף דער עלטער מיט דעם ווייב א ראמאן.
מחמת ליעבע פיהלט ער זיך יונג גאר אויף דאס נייא.
ער ווערט ביי זיך שטארק, פון זיינע צרות פריי,
האלזט, קושט פאר ליבשאפט זיין ווייב, קושט זיא זעהר פיעל.
איך האב דיך ליעב נשמה, זאגט ער מיט געפיהל.
איך האב דיך ליעב פאר דיינע זעהר קלוגע רייד,
פאר דיין גרוים שעהנקייט אפילו אין א פראסט קלייד.

האב דיך ליעב פאר דיין ליעבע צו אָריטע לייט, 77
ליעב, פאר דיין ליעבע צו א גר פון גאנץ ווייט,
ער איז ביי דיר פאררעכענט פונקט וויא א קינד,
איהם א האָר צו קרימען איז ביי דיר א זינד. 78
פאר וואס דוא הייסט, יעדען דעם אמת זאגען,
און אויף איהם סיין שנאה אין הארץ ניט טראָגען. 79
פאר וואס דוא הייסט מענשען צו זיין ביי זיך קליין,
און יענעם ליעב צו האבען וויא זיך אליין. 80
פאר וואס דוא הייסט צו בעדינטע ניט זיין שלעכט,
נישט צו פייניגען א דינסטמיידעל, א קנעכט. 81
פאר וואס דוא הייסט, אל־דאָס־ביין צו פארגעסען
דעם פיינד, אין ווען לאנד מען איז געזעסען. 82
דוא ביסט, נשמה מיינע, זעהר גוט, קלוג און שעהן,
אין פייער, אין וואסער וועל איך פאר דיר געהן.
עס מעג וואס עס וויל דא זיך מאכען מיט מיר,
וועל איך, בנאמנות, נישט אָפּטרעטען פון דיר,
ליעב האבענדיג דיך, איז מיר ליעב דיא וועלט אין גאנצען,
אומעטום, דאכט זיך מיר, וואקסען פּאָמעראנצען,
אומעטום זעהן וואונדערליך שעהן אויס דיא פעלדער,
איך הער פייגעלעך זינגען אין דיא וועלדער,
איך הער אומעטום זינגען פרעהליכע לידער,
אלע מענשען האבען זיך ליעב וויא ברידער.
דיא ליעבע בעשאפט מיר א וועלט א נייע,
איך האב דיך ליעב פון הארצען מיין געטרייע.
אזוי האט יודעל אין זיין ווייב זיך פארליעבט
בשעת ער איז געוועזען געבעך בעטריבט. 83
אזוי איז שוין פון לאנג אין דער וועלט געשטעלט,

---

77) ויקרא י״ט ט׳ י׳, דברים ט״ו ד׳ י״ב. 78) ויקרא י״ט ל״ג ל״ד. 79) שם שם י״ז. 80) שם שם י״ח. 81) שם כ״ה ל״ג. 82) דברים כ״ג ח׳. 83) מרגלא בפומייהו דכל כותבי קורות בני ישראל, כי ברדת האומה במדינות גברה האמונה ועלתה יד התורה עד כי כלם קימו וקבלו עליהם לחרף את נפשם עליה ועל קיומה. ועיין במאמרו של החכם הר״א קראכמאל „ירידת האומה התעלות האמונה“.

אז איז כלל קיין פּאָר פאָלק ניט געפיהל מיט געלט.
איהר קענט עס רבותים אויף וויסען פון אייך,
ווייניג פיהלט איהר געבעך בשעת איהר זיינט רייך,
נאר ווערט איהר אבער ארימע לייט און האט שמארץ,
אט דענסמאל ערשט בעקומט איהר א מענשליך הארץ.
דענסמאל הייבט איהר אָן צו פיהלען, צו פארשטעהן,
דענסמאל דערקענט איהר וואס איז נוט, רעכט און שעהן,
איידעל און דעליקאַט, ווייך וויא טייג ווערט איהר,
חאָטשע צוצולייגען אייך צו א געשוויר.

# יא.

אז יודעל מיט דעם ווייב געהן אראָפּ פונ׳ם מארק
הייבען זיינע טעכטער אָן צו גילטען שטארק.
וואס ווייטער מיר מענשען ווערען אלץ עלטער,
ווערט אקענען אונז דיא וועלט אלץ קעלטער.
דיא וועלט האט בעשטענדיג אין איטליכער צייט,
ליעב, נייע פרישצאַפּעלדיגע יונגע לייט.
פון יודעל׳ס צוויי טעכטער איז איצט דיא ריידע,
זיי זיינען אין דער מאָדע, גילטען ביידע,
דער עלטערער האט דיא וועלט ווייניג געארט,
איז געזעסען טאג וויא נאכט אין שטוב פארשפּארט,
זיא איז איבער ביכער תמיד געזעסען,
א גאנצע שאפע ספרים אויפגעגעסען.
אלע זאכען זיך געדרעהט ביי איהר אין קאָפּ,
אזוי וויא אין א מיהל ארויף און אראָפּ.
נישט געווען אויף דער וועלט כמעט איין זאך,
זיא זאל עס ניט וויסען, ווייניג צו א סך.
זיא האט אין זיך קענען מיר זאגען זיכער,
איינגעשלונגען פון יענער צייט דיא ביכער.
א בית־מדרש פראסט איז געווען איהר חדר,
איהרע פריינד פלעגען דארטען זיצען כסדר,
יעדער האט דארט זיך אפגעזאגט זיין סליחה,
וואס איהם געפעהלט, וואס איהם איז בעסער ניחא

מען פלעגט זיך האמפערען, שרייען און קריגען,
קיין איין רגע אפילו ניט געשוויגען,
האט איינער ארויסגערעדט עפעס א ווארט,
האט יענער איהם אפגעשלאגען אויף דעם ארט,
זיי האבען זיך אוועקגעבוטשקעט ביינאנד,
איינער דעם אנדערען געפרעגט ווידעראייננאנד.
איינער האט אויסגעדרונגען שווארץ איז גאר ווייס,
א שרץ ריין צו מאכען אויפגעטאהן נייעס. 84
הערט בעסער נאך א שעהנערע הסברא,
איינער פלעגט גאר רייסען בערג מיט א סברא. 85
מען פלעגט מאכען א רעש, א געטימעל,
א גרויס געשריי ביז דעם זיבעטען הימעל.
מינדעל דערפון געווארען גרעבער, דיקער,
לערנען איז ביי איהר געוועזען דער עיקר.
פרעמדע לשונות האט זיא געקענט אהן א צאהל,
אין געשפרעך אויסגעמישט אלע מיט א מאל.
מיט קליידער, מיט ציערונג זיך אויסצופוצען,
דרינען האט זיא ניט געפונען קיין נוצען,
פרעמדע צו געפעהלען האט זיא נישט געוואוסט,
צו שפילען א ליבע האט זיא נישט קיין לוסט.
לעבען דער מאמען צו זיצען וויל זיא נאר,
מיט דער מוטער ביז הונדערט און צוואנציג יאהר.
דיא יונגערע שוועסטער איהרע אקעגען,
איז געגאנגען נאר אין אנדערע וועגען.
זיצען אין שטוב נישט אויסגלייכען דיא ביינער,
האט ביי איהר געהייסען א טויט א ריינער.
עס האט איהר עפעס וויא געמאנגעלט, געפעהלט,
נישט א קוק צו טאהן אויף דער ליכטינער וועלט.
ליעב געהאט זיך אפוואשען, שעהן צו קליידען,
מיט אלע מענשען אין דער וועלט צו ריידען. 86

---

84) עירובין י"ג ע"ב אומר על טמא טהור ומראה לו פנים על טהור טמא ומראה לו פנים וכו' שהיה מטהר את השרץ במאה וחמשים טעמים.
85) ברכות ס"ד א'. 86) פעלי המלאכים י"א א' י"ת. אגרת פאול אל רומיים א' ב' ג'.

ביי מיין שוועסטער, פלעגט זיא זאגען, איז אלסדינג
חוץ איהר פעקיל בית־מדרשניקעס, זעהר גרינג.
מיט דיא אתה־בחרתניקעס אין איינעם,
וויל זיא ווייטער מעהר נישט וויסען פון קיינעם. 87
אלע מענשען זיינען חלעבען גאט׳ס קינדער. 88
מען קען זיי נישט מרחיק זיין וויא דיא רינדער.
קענען אזוי וויא דיא קלויזניקעס לעבען, 89
זייער נשמה אויך נישט פון קלאָטשע חלעבען.
דיא נאטור, דיא וועלט אין גאנצען אין גאט׳ס קלויז,
נישט דוקא מיין שוועסטער׳ס חדר אין איהר הויז.
פע זיך דולען א קאָפּ מיט ווילדע זאכען,
א סך בעסער דאס הארץ איידעל צו מאכען!" 90
דיא אינגערע, ביים ארויסגעהן אין דער וועלט,
האט גערעדט דיא רייד, וואס מיר האבען געשטעלט.
דער עיקר וואס אין א מעשה איז וויכטיג,
יענעם׳ס רייד איבערצוגעבען גאנץ ריכטיג.
דאס בעסטע פארגניגען איז איהר געוועזען,
שעהנע מ ס־ ספרים א סך צו לעזען.
האט אויך א ליעבע ביכעל געמאכט אליין,
וואס האבען עס שטארק געמאכט גרויס און קליין.
אין איהם אלע געפיהלען ארייגנעליינט,
וואס זיא האט בעשטענדיג אין זיי זיך געוויינט.
זיא פלעגט ריידען תמיד פון ליעבע, פון גליק,
מיט פייכטע אויגען צום הימעל טאהן א בליק.
זיא פלעגט ריידען אלץ מיט געפיהל, מיט פייער,
ליעבע, ליעבע, דאס איז דעם מענשען טהייער.
פלעגט עפטערס שפאצירען געהן מיט איהרע לייט,

---

87) יבמות מ״ז ב׳ קשים גרים לישראל כספחת. ובמדרש רות רבת על הפסוק שובנה בגותי אמרו שרוחין את הגר. 88) אגרת פאול אל רומיים ג׳ כ״ט. האם אלהי היהודים לבדם הוא ולא אלהי הגוים. 89) פעלי השלאכים י״א י״ח. וגם לגוים נתן אלהים תשובה לחיים. 90) אגרת פאול אל העברים י״ג ט׳, אל תנשאו בלמודים שונים וזרים כי טוב לחזק את הלב בחן.

ריידענדיג מיט זיי פארנעהן טאקי גאנץ ווייט. 91
זיא פלעגט מיט איהר חן, 92 מיט איהרע הויות,
צונעהמען ביי יענעם פשוט דאס חיות.
עפעס האט זיך געהערט אין איהרע לידער:
לאָם מיר זיך ליעב האבען שוועסטער און ברידער.
לאָם מיר ליעב האבען אפילו אונזערע פיינד,
לאָם מיר אי שונאים גוטס טאהן אזוי וויא פריינד. 93
האט יענער אונזער רעכטע באק געשלאָגען,
לאָם מיר איהם דיא אנדערע אויך צוטראָגען. 94
אזעלכע לידער מיט אזעלכע ווערטער,
פלעגט זיא תמיד זינגען אין אלע ערטער.
תחלת זיינען איהרע פריינד געווען ווייניג,
מען איז איבער איהר נים געווען אייניג.
א טהייל האבען זיא פארגעטערט, געאכט,
און א טהייל האבען פון איהר חוזק געמאכט.
איהר יונגנד איז נים אָפגעלאָפען שטיל, גלאט
זיא האט שטארקע צרות און יסורים געהאט. 95
זיא האט וויא דיא מאמע אין פרעמדע מקומות
געליטען פון גראָבע מענשען וויא בהמות. 96
ביז ס'איז א גרויסער מאָנארכע געקומען,
און האט זיא פלוצלים פאר א ווייב גענומען. 97
ער האט בערעכענט נישקשה וואס ער טהוט,
זיין ווייב קומט דאך ארוים פון רב יודעל'ס בלוט.
יודעל'ס יחוס קען נישט צונעהמען קיינער,
פון זיינע בלוטפיינד אפילו נים איינער.

---

91) פעלי המלאכים אגרת פאול הליכותיו מסעיו ומדברותיו. 92) במלת חן משתמשים בעלי הברית על ההשפעה הרוחנית בהרבה מקומות כגון לשבת בחן אלהים, פעלי המלאכים י"ג מ"ג וכיוצא בו. 93) מתיא ה' מ"ד. 94) שם שם ל"ט, ואם איש יכך על הלחי הימיני הטה אליו גם האחר. 95) כמו שכתוב בברית החדשה בכמה מקומות. 96) כנודע לכל הקוראים בספרי הקורות מהרדיפות שסבלו בעלי הברית בתחלה במדינת רומא. 97) הוא הקיסר קאנסטאנטין הגדול שקבל הברית החדשה בעשרים ושנים לחודש מאי שנת 337 למספרם,

אדרבה זאגט חלעבען, עולם, איך בעט אייך,
ועמעס עלטערען זיינען ווי זיינע גלייך.
מאכט אייך האטשע יודלען פאר א מיעשטשאנין *
ער איז פארט איידעלמאן, א דוואראנין **
ער בעדאף נישט קויפען קיין דיפלאם פאר געלט,
זיין יחוס־בריף איז גאנץ אלט, אלט ווי די וועלט.

## יב.

יודעל'ס טאכטער א מאן מיט געלד בעקומען,
האט כמעט די גאנצע וועלט אפגענומען.
זי איז געווארען באלד די ערשטע דאמע,
געלעבט א סך גליקליכער פון דער מאמע.
בעדינטע האט זי געהאט א סך ווי האלץ,
איז אין עושר און כבוד געווארען שטאלץ.
שררות האבען זי געטראגען אויף די הענט,
די גרעסטע מאנארכעס מיט איהר זיך בעקענט,
יעדער האט צו נאסט זי געבעטען צו זיך,
איהר נאמען האט אין דער וועלט זיך פארברייט גיך.
יודעל האט דערווייל, נישט פאר אייך געדאכט,
זיין לעבען נעבעך אין צרות פארבראכט.
איז אין דער פרעמד עלענד געווען ווי א שטיין,
שרעקליך ארעם, שרעקליך נידריג, שרעקליך קליין.
ער האט געליטען, זיך געמוטשעט צום טויט,
ווי צו דערטאפען א טרוקען שטיקעל ברויט,
ווי צו בעקומען ערגעץ עפעס א לאך,
איבערצוחיצען רוהיג האטשע א וואך,
צו פריטולען זיך דארטען ווי נאר מעגליך,
און נישט בעדארפען זיין נע־ונד טאג טעגליך
ער האט, כדי צו דערנעהרען דאס הויזגעזינד,
געמחט נעבעך אנקומען צו זיין רייך קינד.

---

*) איינפאכער בירגער. **) עדעלמאן.

אז אָך און וועה אבער איז דיא פעטער,
וואס קומען אָן צו קינדער'ס הילף שפעטער.
זיי ווערען בעטראכט פאר שוטים נאראָנים,
פארלירען זייער ווערטה, דאס גאנצע פנים.
עס געפעהלט ניט אין זיי זייערע קינדער
איטליבע זאך, איטליכס פיצעל בעזונדער,
עס געפעהלט זיי ניט א מאָל זייערע רייד,
זייער גאנצע אויפפיהרונג און זייער קלייד,
און א מאָל געפעהלט ניט וויא דיא אלטע שטעהן,
וויא זיי עסען און טרינקען און וויא זיי געהן.
געהן זיי אריין אין שיך מיט דער קאפאָטע,
זאגט מען: זיי טראָגען אין זאל אָן דיא בלאָטע.
געהן זיי געבעך אונטען אין דיא קעך אראפ,
זאגט מען: זיי נאשען, נעהמען ארויס פונ'ם טאָפ.
ווילען זיי אריינקומען בשעת מען עסט,
זאגט מען: נישט פטור צו ווערען פון דיא געסט!
ווילען זיי זיצען אין איינעם מיט דיא קנעכט,
זאגט מען: דיא אלטע מאכען זיי חלעבען שלעכט.
חאפען זיי זיך צו העלפען אין עפעס א פאך,
זאגט מען: למאי מישט איהר זיך אין א פרעמדער זאך,
האבען זיי אבער פון ווייטען זיך געשטעלט,
זאגט מען: עס געהט זיי נישט אָן דיא גאנצע וועלט.
שווייגען זיי, זאגט מען: פאר וואס שווייגען זיי שטיל.
ריידען זיי, זאגט מען פאר וואס ריידען זייא פיעל.
הכלל וואס זיי זאלען טאהן וועט ניט זיין גוט,
אייביג וועט מען זיי פארטריפען זייער בלוט.
יודלען מסתמא אויך געווען ווען און ווינד,
אז ער האט בעדארפט אָנקומען צו זיין קינד.
דאס קינד אבער קען מען ניט שולדיג מאכען,
ליבע איז איהר בעסער פון אלע זאכען. :
וויא קען אויף איהר זיך קלאגען אונזער אידעל,
אז ליבע איז געווען תמיד איהר לידעל.
האט עס געמיינט טאקי ערענסט, גאנץ זיכער,
טמץ טאהן א פרעמדען, א קרוב נאך ניכער.

שולדינג זיינען דא געוועזען א פנים,
טאקי נאר פון איהר מאנ׳ס צד דיא מחותנים.
א טהייל האבען, כפי אין דער וועלט איז א קלאנג,
אויף יודלען פארדראָס געהאט נאך פון גאנץ לאנג.
א טהייל רייכע און גרויסע שררות ווידער,
נישט אנגעשטאנען מיט יודלען זיין ברידער,
יודעל, א שלעפער פון א פרעמדער נאציע,
זאל מיט זיי, מאָנארכעס, זיין פאני־בראציע,
א טהייל האבען געזאגט מיט א גרינג געמיט:
מיילע יודעל יאך יודעל, ער געהט נאך מיט,
למאי קומט נאך צופאשען, צו געבען עסען
זיין גראָבער, דיקער מויד, וואס איז פארזעסען.
זיא מיט איהר פעקיל וואס מאכען הוויות,
טהון נאר נישט הוץ נאר וואס לערנען משניות.
למאי זאל מען נאך פאסען אזא פויל מיידעל,
וואס פוילט זיך אויסוואשען איהר פארשמירט קליידעל,
וואס לא די עס איז, מישטעהענס געזאגט פויל,
האט עס נאך אויף שרויפען א פיסקעל, א מויל,
זיא זידעלט, לאזט ניט אויס פון אונז נישט איינעם,
איז ביי זיך פארריסען און הערט נישט קיינעם.
מיט אזעלכע ווערטער פון יודלען געלאכט,
האבען זיי איהם ביי דיא קנעכט מבוזה געמאכט.
דיא קנעכט האבען עס געהערט פון דיא שררות
און פלעגען יודלען געבען אָנטאָהן צרות,
מיט המצאות איהם נענוג בלוט פארגיסען,
ביז מען האט איהם געלאזט נעהמען א ביסען.
זיי פלעגען נאך שטילערהייד צו ביסעלעך
אונטערשיקען אויף איהם אונטערשיסעלעך,
אויסטראכטען ניט געשטויגען, ניט געפלויגען,
פלאָטקעס, בלבולים, וועלכע זיי פלעגט טויגען.
יודעל איז זייער בלוטפיינד נאר אויסגעטראכט,
און איהם געבען פראסט אויף דעם פייער געבראכט.
פלעגען אויף איהם הינט אנרייצען אָהן איין עק,
און הנאה האבען וויא ער שרייט פאר שרעק.

## י״ג.

יודלען אין דער וועלט צו לעבען שרעקליך שווער,
איז ער פארשפארט אין דער היים געזעסען מעהר.
זיין גאנץ לעבען איז געוועזען דאס הויזגעזינד,
זיין איינציגער טרויסט דאס קלוגע ווייב און קינד.
יודעל אין דער היים און יודעל אין דער וועלט,
ווערט אין צווייערליי געשטאלטען פארגעשטעלט :
אין דער וועלט א קנעכט, א בעטלער, א שמאטע,
אין דער היים א האר, א מאן און א טאטע.
דארטען א ווארעם, וויא א פליג נעבעך שלאף,
צו הויז א גאנצער יש, א פריץ, א גראף.
דארט אהן לייב און לעבען, אהן א שום געפיהל,
דא קומט איהם צו חיות, ער לעבט, פיהלט זעהר פיעל.
דארט א לא־יוצלח, אהן בילדונג, אהן א צינג,
דא א למדן, א מבין, פארשטעהט אלסדינג.
אין דער וועלט דערשלאגען פון המנ׳ס מסירות,
אין דער היים פרעהליך, לוסטיג, זינגט זיך זמירות.
דארטען פארגעסט גאר יודעל זיינע שמארצען,
האט ליעב זיין ווייב, זיין קינד פון גאנצען הארצען.
ער פוצט זיין ווייב מיט וואס ער קען נאר קריגען,
זיא צו פוצען שטענדיג איז זיין פארגניגען.
היינגט וואס ער דערטאפט אויף איהר אן, אי שמאטעס
זיא געהט בעהאנגען פון קאפ ביז דיא פיאטעס.
א שעהן ווייבעל אבער מאכען קליידער נישט אויס,
פון דער בלאטע אפילו בלישטשעט זיא ארויס.
מינדעל זיין טאכטער איהם אויך שטארק אין זינען,
פלעגט אין איהרע רייד פיעל חכמות געפינען.
וואס דיא וועלט האט גערעדט אויף איהר מיט שנאה,
האט ער עס צוגעשריבען נאר צו קנאה.
„וויים איך דען נים, פלעגט ער זיך תמיד קלאגען,
אז עס איז נים אמת וואס שונאים זאגען,
איך זאג עדות וויא זיא האט פיינט בטלנים,

אהן א מלאכה, זאגט זיא, ווערט מען גזלנים. 98
זיא זאגט: דיין שטוב זאל אָפען זיין אלע צייט,
און לאזען ארעמע זיין דיינע הויזלייט. 99
איך זאָג עדות, וויא זיא הייסט מיט איהרע רייד
ליעב האָבען אלע מענשען אָהן אונטערשייד. 100
קיין שום מענשען מבזה צו זיין הייסט זיא ניט,
זעהר, זעהר צו האָבען א נידעריג געמיט. 101
מענשען וואָס דינען עבודה זרה גאָר,
אפילו זיי אויך נישט צו קרימען א האָר,
זייערע אָרעמע צו שפייזען גאנץ פיין,
זייערע קראנקע מבקר־חולה צו זיין, 102
זייערע טויטע נעבעך צו בעקלאָגען,
פונ׳ם אבל׳ס הארץ צער ארויסצושלאָגען. 103
מען דארף זיא נאָר אזוי וויא איך קענען רעכט,
וועט מען ארויסזעהן, זיא איז נאָר גוט, נים שלעכט.
זיא איז א מלומדת מיט אלע מעלות,
קען וויא דער גרעסטער רב פסק׳ענען שאלות.
קען וויא א זאקאָנטשיק *) דעם זאקאָן, דעם דין,
וויא א דאָקטאָר פארשטעהט זיא דיא מעדיצין.
קען אויך דיא פיזיקע, דיא אסטראָנאָמיע,
חשבון, פּאָליטיקע, און עקאָנאָמיע.
קען נאטורגעשיכטע וויא א פּראָפעסאָר,
און דיא אנאטאָמיע קען זיא נאָך בעסער.
אין דער אלטער היסטאָריע ביז אויף א האָר,
איז זיא אזוי וויא א יוד אין אשרי קלאָהר.
היינטיגע קענער מענען זיך נים שעהמען,
דרינען חלעבען ביי איהר שטונדען צו נעהמען.
היינט איהרע גלייכווערטליך זיינען זעהר שפּיציג
און איהרע משלים נאָר חידושים וויציג. 104

---

98) קדושין כ׳ ב׳. כל שאינו מלמדו אומנות מלמדו ליסטות. 99) אבות פ״א ה׳. 100) שם שם י״ב. 101) שם פ״ד ג׳ ד׳. 102) גיטין ס״א א׳. 103) תוספתא פ״ג. *) וריסט. 104) יאהאן בוקסדארף בהקדמתו לספר השרשים ארמית ותלמודית.

פון לייטישע רייד פאל איך נאך נישט אראפ,
מיר טהייערע מאַכטער, זאל זיין פאר דיין קאפ !
דערמיט פלעגט יודעל ענדינען זיינע רייד,
א קוש טאָהן דיא טאכטער און וויינען פאר פרייד.
לעבען ווייב און קינד האט יודעל פארנעסען,
אז ער איז אָרעם, האט נישט וואָס צו עסען,
פלעגט נאך תמיד האָפען און טראכטען ביי זיך.
אָט, אָט לייזט איהם דער אלטער טאַטע אויס גיך.
ער טהוט דאך דעם טאטען טאקי פאָרט זעהר באנג,
איהם צו העלפען האט ער פארשפראָכען נאך לאנג.

## יד.

ביז איצט האט יודעל נאך א האלבע צרה.
וויינינסטענס זיצט ער צו הויז וויא א שררה.
זיצט גאנץ רוהיג ביי זיך מיט זיין הויזגעזינד.
באַלד אבער ווערט דארט אויף א שטורעמווינד.
פיינד פלעגען זיך אָפט אין זיין הויז פארקלייבען,
זידלען זיין טאכטער נעבעך און זיא טורייבען.
זיי האָבען אויף איהר מיט רשעות אלע מאל,
אויסגעטראַכט בלבולים, שקרים אָהן א צאהל
איהר נעבעך געוואלט דיא אָדערען טרענען,
צורייסען און אויף דעם פייער פארברענען. 105
יודלען פאר צרות דיא גאַל שיעור צוזעצט.
נעהמט ווידער זיין טאָרבע, זיין שטעקען צום לעצט.
און בלאָנקעט זיך ארום אהין און אהער,
וויא א שעפעלע נעבעך, און וויא א נר.
ער וואנדרעוועט גאר אהן א סוף, אהן איין עק.
וואָהין ער קומט, טרייבט מען איהם נעבעך אוועק.

105) בכל דור ודור היו עומדים שוטנים על התלמוד לכלותו ולשרפו באש, כמו גרעגאר הרביעי, אינאצענץ התשיעי, בענעדיקט הי״ד. גם הצורר יאהאן פפעפערקארן, וכרוסה עוד הרבה, המנויים בספרי הקורות יאסט וגרעטץ.

צו וועלכער שטאדט ער קומט הערט צר איין לידעל :
נעה ווייטער, דאָ טאָרסט־דוא נים זיצען אידעל !
בעדארף ער אויף דעם וועג איבערגעהן א בריק,
זאגט מען : צאָהל אידעל, אלא ניין, געה צוריק.
בעדארף ער וואנדערען ערגעץ דורך איין אָרט,
בעצאָהל יודעל, בעצאָהל ! הערט ער אלץ אייןווארט.
ער האט געקענט אין איין טאג עטליכע מאל
פאר זיך צאהלען וויא פאר א קוה דעם „לייבצאהל“. 106
אז ביי זיך צו נעכטיגען לאזט איהם איינער,
צאהל געלט, זאגט ער, פאר אויסגלייכען דיא ביינער.
בעצאהל „שוצגעלד“ טאקי דערפאר וואס דוא זיצט,
וואס איך זעה דיר דא פאר מיינע אויגען איצט. 107
הכלל איז אין איטליכען אָרט אויף דער וועלט,
הערט ער אלץ שרייען : יודעל גיב געלט, גיב געלט.
יודעל גיעב געלט, פלעגט א מאל איינער זאגען,
אויב נים וועל איך דיך הארגענען, טוים שלאגען. 108
יודעל גיב געלט, פלעגט זאגען דער אנדערער,
ועסט־דוא זיצען ביי מיר, נים זיין א וואנדערער.
יודעל, פון דעם וועג מיעד, שלאף צובראכען,
האט, אבי צו רוהען, אלסדינג פארשפראָכען.
האט ער אבער דאָרט גערוהט ? איז דיא פראגע,

---

106) את „לייבצאלל“ שלם כל איש יהודי בדרך, בבואו ממקום אחר למקום אחר. איין ערטער מאַן, פאטער פאָן קינדערן, דער זיך פאן דעם פערקויפע אלטער קליידער ערנעהרטע, צייגטע פיר 5 און א האלב גולדען צאלצעטעל אויף, דיא ער א. ז. וו. ענטריכטען מוסטע בינגען 6 טאגען... זא קאם ער אם ענדע צו זיינער בראָדלאָזע פאמיליע ניכט נור מיט ניכטס, זאָנדערן נאָך מיט 2 טהאלערן שולדען“. איזר. געשיכט. העכט ז. 155.

107) היהודים היו משועבדים למלך בגופם ובממונם והיה ביכלתו לעשות בם כרצונו, שלכך נקראו : „קאממערקנעכטע“ והמכס הגדול אשר גבה מהם נקרא „שוטצגעלד“, ר״ל בגלל אשר ישבו בארצו ויחסו בצל כנפיו. שם 126. 108) ראה שם „יאגד נאָך דעם פערמעגען“ פאראגראף 4.

ניין! ביטער, פינסטער איז געוועזן זיין לאגע.
יודעל האט מיט דעם נאָז געאַקערט דיא ערד,
גענאַנגען אין דעם יאָך נעבעך וויא א פערד,
זיך געשלאגען קאָפּ אן וואנד, געמאכט דיא קינץ,
וויא אזוי צו דערטאַפּען דאס ביסעל מינץ.
מען בעטראַכט איהם פאר א מעלקענדע קיה,
דער פריץ מעלקט איהם, וויל לעבען פון זיין מיה.
יודעל ווערט א קיה, אויף קעז און אויף פוטער!
ער גיט מילך, איהם אבער גיט מען קיין פוטער,
מען פערטרייבט איהם אין א בעזונדערען אָרט, 109
אין מיסט אין בלאָטע וואלגערט ער זיך דארט
הינט קריכען דורך דעם צוברעָכענעם טויער,
פאלען אויף איהם אָן, חאַפּען איהם ביים אויער. 110
ווערט ער יאַלאָווקע מיט ליידיגע אייטער,
טרייבט איהם :עבעך דער פריץ ארויס ווייטער.
ער געהט, געהט, קוים וואס ער פלאָנטעט מיט דיא פיס
וועלכער עס בעגעגענט איהם, גיט איהם א ביס.
יודעל גיב געלט, זאגט ווידער איין אנדערער,
ווען איך דיר לאָזען ביי מיר זיצען וואנדערער,
בכדי פון ווענ אויסצוורוהען א ביסעל,
זאגט ער צו, און בלייבט ביים פריץ אין שליסעל.
זיצט ער דארט חאטשע רוהיג? אבער גאר ניין,
דער פריץ וויל פון איהם אפּלעקען א ביין.
יודעל ברעכט דעם קאפּ און פאלט אויף הסברות,
טהוט, האנדעלט, געהט ארום אין איינע צרות,

---

109) געטאָ אָדער יודענגאַססע. ממאה חעשתי עשרה החלו מלכי איטאליא צרפת ואשכנז להושיב את היהודים ברחוב מיוחד ולכלוא אותם שמה כמקנה בקר. בערב סגרו שער הרחוב מבוא ונפתח בבוקר. 110) ובכל זאת היו מתפרצים שמה שודדים מדלת העם לשלול שלל ולבוז בז ויעשו ביהודים כרצונם. שם ז. 153. וכמה מעלות טובות לארצנו, אמעריקא, עלינו, אשר בה לא סבלנו ולא ידענו את כל הרעות והנאצות האלה, לפיכך אנחנו חייבים להודות לה ולאהוב אותה בכל נפשנו ובכל מאדנו.

ער לויפט אהער, לויפט אהין און מאכט דיא קינץ
וויא אזוי צו בעקומען דאס ביסעל מינץ.
מען צווינגט איהם נעבעך צו מאכען מיט דער רייף.
זיין גראשען איז כשר, יודעל נאר איז טרייף.
אונזער יודעל ווערט דאס כפרה הינדעל,
ער גיט געלט און איהם פאטערט מען מיט שווינדעל.
מען לאזט איהם ניט אטהעמען, ניט לעבען פריי,
יודעל איז, זאגט מען, א שווינדלער, א שאחריי.
דערפאר געה אנגעטאהן אין א מין שמאטע,
אויף דעם רוקען נעה, זיי מוחל, צו א לאטע, 111
טראָג דערצו אויף דעם קאָפּ א ציגען שווענצעל, 112
אין דעם זינג מה־יפית, און נעה א טענצעל.
אין דעם דערקענט איהם איטליכער בעזונדער,
געהט ער אין גאס לויפט מען אויף זיין בייז וואונדער.
מען שרעקט מיט איהם א קינד, וויינט עס ביי ווענען,
שאָ, שאַ! יודעל וועט דיך אין טאָרבע נעהמען,
ציט! וועסט־דוא הלילה טאהן נאך איין געשריי,
וועט דיר נאָר אויפעסען יודעל חאלעמייא! 113
אז דער פריץ זוינט יודלען אין גאנצען אויס,
בעט ער איהם שעהן מחילה און טרייבט איהם ארויס.
יודעל גיב אויף הוצאות, יודעל גיב געלט!
שרייט א חאליאסטרע, וואס שלעפט זיך אין דער וועלט.
וואָס זאָגסט דוא אָן צום פעטער רב ישמעאל?
מיר געהן פון דאַנען קיין ארץ־ישראל! 114

---

111) להבדיל את ישראל מכל העמים לחרפה ולבושת גזרו שיהיו מצוינים כעבדים במלבושיהם ולעשות סימנים מיוחדים על בגדיהם מצבע צהוב או אדום. העכט ז. 154. 112) בצרפת גזרו על היהודים בשנת 1273 לשאת קרן בכובע. שם שם. ובספר צמח דוד חלק ראשון כתוב: בשנת רנ"ו נצטוו בני עמנו בעיר וויניציא לשאת על ראשם כובע צהוב. גם בגדי היהודים בפולין והשטרייטיל היו נשואים עפ"י הגזרה המפורסמת. ולזאת עלינו להודות לממשלתנו הנדיבה אשר מעולם לא הבדילה אותנו לחרפה ואדרבא כל ישעה וכל חפצה כי נלבש בגדי חופש, לבלתי יהיה שם ישראל לגדופה. 113) היא עלילת

אין ווען וועלען מיר זיין ביי דיין משפחה,
מיר ווילען ביי זיי נעהמען זייער ברכה.
מיר וועלען חלילה זיי נישט פארשעהמען,
נעהן און זייער ברכה פריהער נישט צונעהמען.
מיר נעהן דאוונען דארט אין דעם היילינען לאנד,
קומט דאך אונז יודעל, עפעס נעלט אין דער האנד.
נעהמען ביי איהם צו דאס לעצטע שטיקעל ברויט,
שלאגען איהם נאך גאנץ גוט, מאכען איהם דעם טויט.
שרעקליך קויטיג, פארשמירט, יודעל, איז דיין לייב,
זאגט איהם איינמאל א פריץ מיט זיין פרום ווייב, 115
דוא קענסט נאך איטליכען ביי מיר איינשמירען,
מען מוז דיר חלעבען אין באד אריין פיהרען.
דער גרויסער בעדער דענסמאל טארקוועמאדע, 116
האט אויסגעהייצט זיין בעדיל *) מיט פארארע–
א בעדער איז ער נעוועזן א געטרייער,
דיא היטץ אין זיין בעדעל נעוועזן היים פייער,
האלץ האט ער נישט נעהאלטען אונטער דעם שלאס,
אויסגעהייצט אין איינמאל מיט א גאנצען סטאס–
טארקוועמאדע א קאטאוועס, ער אליין,
האט מיט זיין כבוד אויפגעגאסען אויפ'ן שטיין.
עס איז געווארען א פארע וויא א רויך,
און אויף דער גאנץ אויבערשטער באנק אין דער הויך,

---

דם. שהאשימו את היהודים כי שוחטי הילדים הם. 114) ר"ל מסע הצלב (קרייצציגע) לארץ הקדושה בדורות הבינים, ואמרו הנוסעים, עד שאנחנו הולכים להכרית האויבים הרחוקים נכרית נא לראשונה את היהודים אויבינו שבארצנו, ואז סבלו היהודים מאד כנזכר בכל ספרי הקורות. ועיין ביחוד בס׳ דברי הימים, מאת החכם הקדמון יוסף הכהן הספרדי. 115) הוא פערדינאנד הקנאי מלך ספרד ואשתו איזאבעללא הידועה, אשר בחשבם כי היהודים יטמאו את ארצם התעיבו עלילה להעלותם על מוקדי אש בזמן האינקוויזיציאן שיסדוהו חמת ואח"כ כלה גרשום מארצם. 116) הוא הגראססאינקוויזיטאר מהאמאס פאן טארקוועמאדא שהי׳ בזמן ההוא והצר ליהודים עד מאד. יאסט אללג. געשיכ. ז. 401 יתלאה. *) אויפא־דע־פע.

אויסנעצווינגען מחילה אונזער יודלען באלד,
און איהם דאָרט געפּאַרעט דיא ביינער מיט גוואלד.
יודעל געבּעך שרייט געוואלד, עס שאַרפעט, אי, אי.
ווער הערט דיך, זאגט דער בעדער, נישקשה שריי,
לאָז שרפענען, ברענען, שוויין נאַר, יודעל שוויטץ.
מען דאַרף נאָך אונטערגעבּען א ביסעל היטץ.
מענשעלעך שטעהן ארום און לאַכען אלע,
וויא מען פּאַרעט דאָ יודלען נאַפּראַפּאַלע.
יודעל, לאַכען זיי, וועט דיא באָד געדיינקען,
ער וועט נאָך אזא היטץ חלעבען לאַנג קריינקען.
פּריצים פּלעגען אין יענער צייט שפּאַס טרייבען.
זייערע שטוקעס איז נישט צו בעשרייבען.
פּלעגט א מאָל חאַפּען איינעם פון דער גאַס,
און איהם דיא נשמה ארויסנעהמען אויף שפּאַס.
באָד־געלט, יודעל, האט מען געשריגען גאַנץ שטאַרק.
לאָז אונז דיינע זאַכען און גאַ דיר אין קאַרק.
מען האט יודלען דאָרט דיא הויט אפּגעריבען.
דערנאָך נאַקעט און באָרפיס ארויסגעטריבען. 117
אזוי האט יודעל געמוטשט אלץ וואַנדערען,
כסדר פון איין פּריץ צו דעם אנדערען.

---

117) הוא גירוש ספרד. כתב השר דון יצחק אברבנאל בתחלת ספר מלכים וזה לשונו: בשנת מזר״ה ישראל לכד מלך ספרד כל מלכות גראַנאַדאָ... יצא דבר מלכות ודתו: לכון אמרין כל משפחות בית ישראל כי תעברון במים ותסגדון לאלהי הגוים טוב הארץ תאכלו, ואם תמאנו קומו צאו מתוך עמי, מארצות ספרד.... וכמשלש חדשים לא תשאר פרסה וילכו בלא כח שלש מאות אלף רגלי העם אשר אנכי בקרבו“. והחכם יאסט כתב בספרו אללג. געשיכטע דעס איזראל ז. 402 „דאס עדיקט פאָם 31 מאַרץ 1492, וועלכעס זעמטליכען יודען דעם לאנדעס בעפאהל, בינגען פיער מאָנאַטען דאס לאנד צו רויםען, אהנע יעדאָך געלד אונד זילבער מיטצונעהמען“. הכונת בהתיסדות האוטאָ־דע־פע היתה להתעולל על בעלי נכסים מופלגים ולקחת מהם את נכסיהם.

איצט ערשט האט יודעל פארשטאנען זיין חלום,
א מאָל בשעת ער איז געזעסען בשלום.
ער איז מקוים געווארען, האט ער געדאכט,
און פון זיין לעבען א חד־גדיא געמאכט.
דער חד גדיא איז געווארען זיין לידעל.
אזוי האט טרויעריג געזונגען אידעל:

חד גדיא. חד גדיא!

עס חלום'ט זיך מיר א מאל אין שלאָף,
וויא פון א מענשען ווער איך א שאָף.

חד גדיא. חד גדיא!

אין דער מדבר דאָרטען זיך פאראירט,
האבען מיך א משאטע וועלף דערשפירט.
זייערע שארפע ציין און פון דיא אויגען
פונקען פייער שרעקליך געפלויגען.

חד גדיא. חד גדיא!

וויא זיי נעהמען מיך אָן ביי דעם עק,
קומט א פריציל האפט מיך אוועק.
מיך געמאָלקען, מיין מילך גענעסען,
צו פיטערען מיך נאָר פארגעסען.

חד גדיא. חד גדיא!

קומט א דוקעס'ל מיך אוועקגעפיהרט,
מיך געשאָרען, מיט מיין וואָל זיך געצירט.
אָן מיר אליין זיך נאר פארגעסען,
צו געבען מיר א שטעלכען און עסען.

חד גדיא. חד גדיא!

קומט א בעדעריל פיהרט מיך אין באָד.
מיין קויטיגע וואָל איז איהם א שאָד.
וואשט מיך, שערט מיך, קיין האָר פארגעסען.
לאָזט מיך נאקעט, הונגעריג אָהן עסען.
חד גדיא. חד גדיא!

קומט א קצב׳ל קויפט מיך אוועק.
מיך אויסגעטאפט פון קאָפּ ביז דעם עק.
צו פיטערען מיך נישט פארגעסען,
כדי פעטערהייט מיך אויפצועסען.

חד גדיא. חד גד׳א !

קומט א שוחט׳על האפט מיך ביים קאפ,
מיך אנידערגעליינט וויא א סנאָפּ.
שטרעקט מיין העלזועלע אויס, פליקט פליק, פליק.
נים א פיהר דעם חלף און מאכט חיק.

חד גדיא. חד גדיא !

הערענדיג יודלען דעם חד גדיא זינגען,
קען מען פשוט פון דער הויט ארויסשפרינגען.
אין זיין ניגון הערט זיך טרויער, זעהר פיעל שמאַרץ,
איטלעכם ווארט זיינס נעהמט פשוט ארוים דאס הארץ.
אין זיין ניגון׳דעל הערט זיך א שטיל געוויין,
עס קען חלעבען ריהרען אפילו א שטיין.
עס שטעלען זיך קאפויר דיא האָר פון דעם קאָפּ,
און עס נעהמט ביי איטליכען דאס לשון אָפּ.
עס הערט זיך וויא שלאָפּע קינדערלעך קלאָגען :
פאר וואס איז אונז געקומען אזוי שלאָגען?
פאר וואס איז געקומען אין פנים א שפיי,
אז מיר האבען זיך געשפילט אביסעל פריי?
עס הערט זיך וויא א מאמע בעוויינט איהר קינד.
מען בעגראָבּט דיך אין דער ערד, וועה מיר און ווינד!
מען בעגראָבּט דיך אין דיינע בעסטע יאָהרען,
וועה מיר, וואס האב אזא גוט קינד פארלאָרען!
עס הערט זיך וויא א פארוואָגעלטער חליפעט.
דאס לעבען איהם נמאס, קוים וואס ער זיפעט.
הערט מען אונזער יודלען זינגען צו צייטענס,
דאכט זיך חלעבען, ער וויינט נאר פון דער ווייטענס.
זיין געזאנג איז א וויינען טאקי חלעבען,
ער האט נענוג צו וויינען אין זיין לעבען.

יודעל איז טרויעריג, קוקט וויא א גולם,
ער לעבט וויא אין חלום, ניט אויף דעם עולם.
זיין לעבען דא האט ער אין יסורים פארבראכט,
וואס דארטען, דארטען טהוט זיך, זיצט ער און טראכט.
ער טראכט פון עפעס אזא מין קעניגרייך,
וואס דארט קען ער לעבען גליקליך לייטען גלייך.
ער בויט זיך דארט אויס וואונדערליכע שלעסער,
איין שלאָס פון דעם אנדערן שעהנער גרעסער.
רייכער און שטארקער פון אלע איז ער דארט.
טויזענד משרתים וואקסען אויס, זאגט ער א ווארט.
משרתים, אזעלכע נישט בנמצא אויף דער וועלט,
נישט צו בעקומען ערגעץ פאר גאר דאס געלד.
איטליכער משרת נאָר א שפירט, א פייער.
יעדער האט ארבייט, דיא צייט איז זיי טהייער.
אך, וויא וואונדער שעהן זיי גרייטען איהם צום טיש!
בריינגען איהם גוטען וויין, געבראָטענס און פיש. 118
ער ליגט צוליינט וויא ביים טאטען אין ווייגהויז.
ארום איהם דיא גרעסטע מיוחסים פון קלויז.—
פון פיעל צרות און רדיפות אין זיין לעבען,
פון א סך טראכטען אזן אין דער לופט שוועבען,
האט ביסלעכווייס זיך פארדרעהט איהם דער מוח
און ליגט אצונד טויט קראנק געבעך אהן כח.

## טז.

א פינסטער שטיבעל אויף א הינערש פיסעל,
מהיר און טויער פארשפארט, אהן לופט אביסעל.
נישט געוועזן אָפען אפשר א יאהר הונדערט,
ערגעץ אין א העק, פון לייט אפגעזונדערט.

---

118) בבא בתרא ע"ה א', סנהדרין צ"ט א', בפיוט אקדמות ובכל המקומות הנרשמים האלה יתואר ענין גן העדן וסעודת היהודים מן שור הבר ולויתן ומיין המשומר.

דאס האט מען פאר יודלען אויסגעוועהלט איין ארט.
אין געהאקטע וואונדען קראנק צו ליגען דארט.
דעם געזונטען מענשען טיעף צו בעגראבען,
הייבט דיא וועלט אן קראנקערהייט איהם ליעב האבען.
ניט איהם א בעט, אז טהוט איהם וועה איין אבר,
שטארבט ער, גיט זיא איהם א בעזונדער קבר.
דיא וועלט איז חלעבען פארט ניט אזוי גראב שלעכט.
ס'איז אין איהר דא רחמנות יושר און רעכט.
דאקטוירים האט ביים הארצען אנגענומען,
צו בעטראכטען יודלען אלע געקומען.
עס האבען, פון װאנען דיא וועלט האט איין עק,
צו איהם זיך אפגעריסען אלערליי שלעק.
אי גוטע דאקטוירים אי שארלאטאנעס.
עס זיינען געקומען רופאים מיט קאנעס.
דאקטוירים פון דעם אלטען און נייעם שנים,
קאנאוואלען אויך געקומען אין דער מיט.
קורץ צו געהמען יודלען אין דער קוראציע,
קומען דאקטוירים פון איטליכער נאציע.
אם מיינסטען קומען דייטשעשע דאקטוירים,
דייטשעשע רופאים, יונגאטשעס, חמורים. 119
אויף דיא קאנסילעמס וואס זיי פלעגען מאכען,
האט מען זיך נישט אויסגעגלייכט אין פיעל זאכען.
איטליכער האט זיך אויסגעטראכט פון דעם קאפ,
וואס יודלען מאנגעלט און וואס יודלען געהט אפ.
וואס פאר א רעצעפט מען דארף איהם פארשרייבען.
מיט וואס מען בעדארף זיינע ביינער רייבען.
חאטש ער איז געוועזן אויף יודלען א מבין,
טאקי אזוי וויא א חזיר אויף הייוועז.
איין דייטש, יודלען גענומען ביי דער פאה,
האט געזאגט חלעבען ער איז חסר־דעה.
עפעס פלוידערט ער, רעדט ווערטער נאר נייע,

---

119) דיא דייטשע ליטעראטור איז דיא רייכסטע אן שמעהשריפטען געגען יודען. גרעטץ געשיכטע דער יודען 11 באנד ז. 612 נאטץ 4.

שאָקעלט זיך זעהר און שרייט אמר אביי.
ער רעדט וואס ניט געשטויגען ניט געפלויגען,
און א גאנצער יש בּיי זיך אין דיא אויגען.
דיא בּעכטע רפואה, קאַלענעס, וועט דאס זיין:
נעהמט זעצט יודלען אין א בּיט וואסער אריין.
טוקט איהם אין וואַסער עטליכע מאל אונטער,
נעהט ער ארויס א פרישער, א געזונטער. 120
נייז, ענטפערט איהם א דייטשער פּראָפעסאָר,
עס וועט ניט העלפען קיין וואסער גאנצע פעסער.
דאס וואסער אומריין צו מאכען איז א שאָד.
צווייטענס, וועט איהם נישט העלפען דיא בּאָד.
קאַלט וואסער קור איז היינט אויס דער מאָדע,
איך האלט בּעסער פון דער הייסער מעטאָדע:
מען בּעדאַרף איהם אין געוואנד אריינשטעקען
און פראָשעקלעך פולווער איהם געבען שמעקען 121
חלילה! שרייט איינער, דאס איז ניט קיין קור.
דאס איז אקוראט געגען יודעל'ס נאטור.
מיר איז בּעסער בּעקאנט יודעל דער פאקטער,
פולווער שמעקען איז נישט אין זיין חאראקטער. 122
נאך א דאקטאר האט יודעל'ס דפק געטאַפּט,
מיט א קולאַק זיין ברוסט, זיין רוקען געקלאַפּט.
מיט אונזער קראנקען, זאגט ער, שטעהט עס ניט גוט.
בּיי יודלען איז שרעקליך פארדאָרבּען דאס בּלוט.
עס זאל איהם ניט זיין קיין חרפּה, קיין בּושה,
דאס פארדאָרבּענע בּלוט האט ער בירושה.
זיינע עלטערען זיינען דערפון געשטארבּען,
וואס בּיי זיי איז געוועזן דאס בּלוט פארדאָרבּען,

---

120) אלה הם דבדי פריעדריך ריהס מורה דברי תימים בהאקאדעמיא אשר בברלין. שם ז. 832. 121) אלה דברי פריעדריך בוכהאלץ, גרעטץ שם ז. 261, ומצאתי לנחוץ להעיר כי אין מוקדם ומאוחר בספורי בסדר המשטינים והמליצים שיבאו בה. 122) הדברים האלה דבר יאהאנן דוד מיכאעליס, פראפעסאר בגעטטינגען. גרעטץ שם ז. 79.

פון דער קראנקהייט אלע בעסטע סימנים,
האט מען נאך לאנג געזעהן אין יודעל׳ס פנים.
נענען דער גאנצער וועלט האט ער געהאט האס,
גערעדט תמיד מיט גאל, פון דער פוסטע פאס.
איהם פלעגט שטענדיג ניט געפעלען יענעמס גאנג
און אליין איז ער געגאנגען שלינג און שלאנג. 123
דער דאקטאר האט מיט דער האנד געטאהן א פאטש,
איז באלד געקומען א רופא, א יונגאטש. 124
מיט אלע קליפערגעצייג א גאנץ זעקיל:
פיאווקעס, א לאנצעט און באנקעס א פעקיל.
האט זיך געאיילט, געוואָלט ניכער פארחאפען,
מיט אלע כלים יודעל׳ס בלוט צו צאפען.
הערט נאָר קאָלעגעס, וואס איך וועל אייך זאגען:
יודעל האט נאר קאלע געמאכט דעם מאָגען.
האט זיך אנגערופען נאך א פראָפעסער.
יודעל איז בטבע זעהר א גרויסער פרעסער.
פרעגט אלע מענשען אין לאנד וואס זיינען דא,
וועט איהר הערכען, אזוינס וויא ער איז ניטא.
ביי יעדען פלעגט ער דעם מיטאג אויסנארען,
ער פלעגט עסען און יענער געבעך דארען.
ער האט אזוי וויא אין א צדקה־פישקע,
אריינגעלייגט יענעמס גוטץ אין זיין קישקע.
האט אויסגעזוכט עסען פון אונטער דער ערד,
מיט יענעמ׳ס ווארמעס זיך געשטאָפט וויא א פערד.
ער איז וויא א היישרעק נישט געווען זאט,
דיא וועלט האט פון זיין הוננער צרות געהאט.
מיין דעה איז, מיר זאָלען איהם פארשרייבען
א שארף מיטעל, וואס עס זאל איהם גוט טרייבען
טרייבען, דאס איז בעסער פון אלע זאכען,

---

123) דברים קשים כאלה יצאו מפי השופט חריסטיאן לודוויג שהיה ראש המסטינים. גרעטץ שם ז. 256. 124) הוא הצורר הגדיל הבלתי מלומד כן כחבריו הראשונים גראטטענאויער, הוא כתב ספרי פלסתר הרבה על היהודים. גרעטץ שם שם.

מען דארף חלעבען יודלען א קאנע מאכען. 125
טרייבען איז טאקע נוט, האט נעזאגט מיט נאל,
א נעריהמטער שארלאטאן א קאנאוואל.
בלוט לאָזען איז חלעבען אויך א גוט מיטעל,
עס שאדט אויך נים פון קראַטקע וויק א ביטעל.
מהיכי־תיתי מען דארף פריוזען יעדע זאך,
מיין מיטעל אבער איז נאך בעסער א סך.
ס'איז בעקאנט, ליידינג נעהן איז דיא גרעסטע זינד,
דורך דעם טאקע איז יודעל אויך קראנק אצינד.
ער האט, קוקט נאר אויף איהם מיט מיינע אויגען,
זעהר פיעל פעהלער דערמיט זיך צוגעצויגען.
דריבער בעדארף מען איהם פארשיקען העט ווייט,
אויף דיא קאלאניעס צו ארבייטען א צייט.
אז מען זאל קוקען ווייטער אין תוך אריין,
בעדארף מען איהם נאר פשוט אויך מסרס זיין.
ארבייטען געשמאק און דיא אָפעראציע,
זיינען פאר יודלען דיא בעסטע קוראציע.
ער טאָר זיך נים פרוכפערן, טאָר נים זיין בעווייבט.
אזוי טהייערע קאָלענעס אזוי בלייבט. 126
פון יודעל'ס קראנקהייט איז דער קאָפּ מיר שוין דול,
זאגט א דאקטאר, וואס דיא וועלט איז מיט איהם פול, 127
שיקט איהם חאטש קיין ארץ־ישראל, צום זאטער,
אבי מען זאל ווערען דא זיינע פטור.

---

125) כדבריב האלה הגיד הצורר הרע י. פ. פריעס. אָם גיפטיגסטען וואָר דיא שריפט אייגעס אָרצטעס אונד פראָפעסאָרס דער נאַטור וויסענ־שאַפטען אין היידעלבערג: י. פ. פריעס: „געפעהרדונג דעס וואָהל־שטאַנדעס אונד חאראַקטערס דער דייטשען דורך דיא יודען". גרעטץ שם ז. 344. 126) ככל הדברים האלה דבר איש צר ואויב הונדט־ראָדאָווסקי בספרו „יודענשפיגעל". עצתו היתה: מאַן פערקויפט איזראַאלס קינדער אַן דיא ענגלענדער, וועלכען זיא שטאַטט דער שוואַרצען אין איהרען אינדישען פפלאַנצונגען געברויכען קענען, דאַמיט זיא זיך ניכט פערמעהרען זאָלטע מאַן דיא מענער ענטמאַנען אונד איהרע ווייבער אונד טעכטער אין שאַנדהייזערן אונטערברינגען. גרעטץ שם ז. 361. 127) הוא הפילוסוף פיכטע. שם 249.

# מז.

וויא דיא דאָקטוירים האבען דא אַלץ געקלעהרט,
האט אין שטיבעל דערוויל א קרעכץ זיך געהערט.
יודעל, שטארק פארדולט געלעגען ביז אהער
האט איצט איין אויג געעפענט אביסעל שווער.
ער האט פאר שלאפקייט געבעך קוים געזיפצט,
אין הארצען האט ביי איהם שרעקליך געחרפיעט.
האט רחמנות, בעט ער און עפענט דיא טיהר,
לאָזט פרישע לופט אביסעל אריין צו מיר.
שענקט מיר אביסעל לופט, עפענט דיא טיהר גיך.
עס גודעט, עס רושעט, עס שטיקט און ווארגט מיך.
ווארט, זאגען דיא דאקטוים, ווארט יודעל, ווארט.
דו מוזט יודעל, זאגען מיר, ליגען פארשפארט.
אומזיסט דיין בעטען, דיא שיין מוז זיין פארשטעלט.
דו טאָרסט ניט קוקען אויף דער ליכטיגער וועלט.
מיט ריידען יודעל וועסט־דוא ערגער מאכען,
ליג שטיל, מיר האבען פיינט אזעלכע זאכען.
האט חאטש רחמנות, ניט מיר אביסעל יויך,
בעט יודעל ווייטער און האפט זיך אָן ביים בויך.
דערבארעמט זיך מענשען, האט חס אויף איין אלטען,
ניט מיר עפעס דיא נשמה צו דערהאלטען!
דאס איז, זאגען דיא דאקטוירים, א פעהלער,
וואס דוא פארלאנגסט אלץ עסען יויך א טעלער.
חלילה יודעל, מוזט זיך ניט פארגעסען,
דיר טאָר מען כלל נישט געבען עפעס עסען.
ווער רערט פליישיקס קען דיר שאדען שרעקליך פיעל,
בעט נאר נישט יודעל ליג חלעבען רוהיג שטיל.
וויינינגסטענס, דאָקטוירים, זאגט מיר דאס ניט אָפּ.
בעט יודעל רחמים און האפט זיך ביי דעם קאָפּ.
לאזט מיך חאטשע מיין הויזגעזינד זיין געטריי,
לאזט מיך חאָטשע מיט מיין ווייב און קינד ריידען פריי.
לאזט מיך האטשע זיי דריקען צו מיין הארצען,

װעל איך פארנעסען מיין װעהטאג און שמארצען.
לאזט מיך זיי האלוזן אין מיין ביטערער נויט,
לאזט מיך לעבען זיי חאטש נעפינען דעם טויט.
דערװייטערט פון מיר ניט מיין װייב און מיין קינד,
זיי אפט צו זעהן, רעכענט מיר ניט פאר א זינד.
מאך, זאגנען דיא דאקטוירים, קיין הויות.
דאס װייב, יודעל, נעהמט ביי דיר צו דאס חיות.
שא, רייד נישט קיין נארעשקייט, ליג בעסער שטיל.
דול חלעבען קיין קאפ ניט און טענה נים פיעל.
יודעל האט א מאך נעגעבען מיט דער האנד,
און מיט א קרעכץ זיך אומגעקעהרט צו דער װאנד.
זיין אפען אויג האט װידער זיך צונעמאכט,
און איז געבליבען ליגען שטארק אפגעשװאכט.
דער קאפ זיינער האט געברענט נעגליהט פאר היץ,
זיינע געדאנקען נעפלוינען װיא א בליץ.
פון דעם מויל האט ארויסגעשלאגען א שוים.
ער האט גערעדט אזוי װיא איינער פון טרוים.
יודעל רעדט בייבערעק, גאר נישט צו דער זאך,
האבען דיא דאקטוירים נעזאגט מיט א לאך.
איז תמיד נעװעזן א שוטה, זעהר פארפיהרט,
פון אייבינ אן האט ער-שרעקליך פאנטאזירט.
פון אייבינ אן נעהאט מיט װייב א פול מויל.
אלץ װייב, װייב, און צום ארבייטען נעװעזן פויל.
איז א פארקלאגטע נשמה פון אייבינ אן,
בעשטענדינ האט מען מיט איהם אלץ װאס צו טאהן.
דיא דאקטוירים ריידען איבער נאך א מאל,
און נאך א סך טענות, װערטער אהן א צאהל,
איז צװישען זיי נעבליבען, אז לאזען בלוט
איז פאר יודלען דערװייל לכל הדעות גוט.
לעת־עתה זאל מען קיינעם נישט פארשעהמען.
איטליכענס רעצעפט פריװען אנצונעהמען.
דיא רופאים זיינען פון שמחה נעװעזן זאט,
איטליכער פון זיי האט דאך פיאװקעס נעהאט.
יעדער רופא איז תמיד איבערגליקליך,

אָפּצוהעמצען פּיאַווקעס עטליכע שטיקליך.
ער וועט יענעם דאָקטאָר אייבּיג טריי דינען,
וואס דורך איהם קען ער פון פּיאַווקעס פאַרדינען.
וויל א דאַקטאַר, דיא שטאָדט זאָל פון איהם קווענען.
מה ער דעם רופא הייסען פּיאַווקעס שטעלען,
איך קען א דאַקטאַר וואס לעבט אין גרויס נחת,
דערפאַר, וואָס ער איז מיט'ן רופא יד־אחת.

## יז.

פלוצלים אין מיטען דעם גרויסען געטימעל,
איז אַראָפּגעפאַלען וויא פון דעם הימעל,
איין זעהר גערימהמטער דאַקטאַר א האָרבּאַטע, 128
וואס האט בעהאַנדעלט קראַנקע וויא א טאַטע.
וואס זיין גוט הארץ, זיין דימענדיגע נאַטור,
איז פאר דיא קראַנקע געוועזען דיא בעסטע קור.
מיט איהם איז אויך געקומען זיין חבריא, 129
אַלע גוטע דאָקטוירים, זעהר געטרייע.
אריינקומענדיג צו יודלען אין שטיבּעל,
איז זיי אויף דעם הארצען געוואָרען איבּעל.
אנקוקענדיג איהם דיא פאַרשימעלטע וועגד,
האבען זיי פאר צער געבּראָכען דיא הענד.
יודעל געבּעך דאַר קוואַר וויא א צוים שטעקיל,
ארום איהם, וויא לייבּען, רופאים א פּעקיל.
דער צוקאַראַדאַשעט איהם געבּעך דאס לייב,
יענער גיט איהם איבּער דיא ביינער א רייב.
דער, וויל איהם אריינזעצען אין א וואַנע.
דער אנדערער חאַפּט און מאַכט איהם א קאַנע.
אין שטיבּעל דושנע, צום דערשטיקט ווערען הייס.
יודעל אָטהעמט ניט קיין לופט, געהט אָפּ מיט שווייס.

---

128) הוא החכם הנודע הרמבם"ן המכונה מענדעלזאָהן. 129) לעסינג, דאָהם, ניקאָלייא, דיעץ, יאָהאַנעס פאָן מולער, מיראַבּאָ ודומיהם עוד הרבה.

עס האט דעם האַרבאַטע דאס הארץ געריסען.
פאר וואס מען זאל אומשולדיג בלוט פארגיסען.
פאר וואס מען מאַטערט יודלען א לאנגע צייט,
און נישט צו וויסען וואס זיין קראנקהייט בעטייט.
זיך גענומען שווארץ אויף וויים צו בעווייזען,
אז יודעל איז נאר בטבע געזונט אייזען.
נאר דיא דאקטוירים זיי פארדרעהן איהם דעם מוח
און נעהמען ביי איהם צו דעם לעצטען כח.
פרישע לופט און פריי עטעמען אין דער וועלט,
וואלטען איהם גאנץ געווים אויף דיא פיס געשטעלט.
זייער פארשרייבען אִיז ניט ווערטה קיין פיטאק,
עס מאכט איהם נאר קראנק און פארדארבט זיין געשמאַק.
דער דאקטאר וואס געהט אקעגען דער נאטור,
ער אליין איז קראנק און דארף האבען א קור.
אך, זאגט נאך איינער צו יענע דאקטוירים,
איהר אלע זיינט דאך נאר פראסטע חמורים.
איהר האלט נאך רפואות פון דיא אלטע צייטען,
וואס מען מוז זיי אויף בעסערע פארבייטען.
אין אונזער צייט איז א מענש מעהר ניט קיין שפיל,
יעדער דאקטאר זאָל מיט איהם טאָהן וואָס ער וויל.
יודעל, זאָגט איהר, איז קראנק, ניט ווערטה קיין העלער.
איהר מאכט איהם קראנק, פון אייך האָט ער א פעהלער,
פריווט חלעבען ליינט אייך אויף זיין אָרט אנידער,
130 וועט איהר פיעל ערגער נאָך קראַנקער ווערען ברידער.
עס האָט זיך ארויסגעשטעלט וויא א מלאך,
אויף א פראנצוויזישער דאקטאר א גלח.
אך, האט ער געשריגען, שוין טאקי גאנץ לאנג
פארניפטעט איהר יודעל'ס לעבען וויא א שלאנג.
ווער ניט אייך דאָס רעכט, בין צו וויסען גערען,
איהר זאָלט אויף יודעל'ס באָרד זיך לערנען שערען ?
וויא האָט איהר בעהאנדעלט, ברידער, זאָגט מיר גלייך,

---

130) כדברים האלה כתב החכם דאהם בספרו „שוטצשריפט" להצדיק את בני עמנו. גרעטץ שם ז. 71 ונתלאת.

דאָס שעפּעלע וואס איז נעקומען צו אייך,
וואס איז פון טייכען בלוט ארויסגעשוואומען
און מיעד, בּיי אייך צו בּעטען הילף נעקומען ?
דערמיט וואס איהר לאזט עס לעבען אויף דער וועלט,
האט איהר עס נאך גאר ניט צופרידען געשטעלט,
אז איהר נעהמט דאך אוועק בּיי איהם טאג טעגליך,
דאס, וואס קען מאכען זיין לעבען ערטרעגליך.
מיינט איהר דען אייער קוראציע אצינדער
אויף לאזען בּירושה אייערע קינדער ? . . .
ניין, ווערט בעסער קלינער, הערט וואס דיא צייט רופט,
לאזט איטליכען מענשען פריי אָטהעמען דיא לופט.
נעהמט בעסער דיא נייע מעדיצין אפיר,
עפענט דא אויף דיא פענסטער, עפענט דיא טיהר,
לאָז יודעל נעבעך דיכען, עטעמען פריי,
ווערט ער ווידער געזונט און שטארק אויף דאס ניי.
ווען איהר זאלט געוועז לינען אויף יודעלס אָרט,
וואלט איהר, בּרידער,טאַקי שוין געשטאָרבּען דאָרט. 131
איין ענגלישער דאָקטאָר מישט זיך אויף אריין,
יודעל, זאגט ער, איז בּטבע דעליקאט, פיין,
ער איז נעבּעך איין אָפּגעקומענער פּרינץ,
אין איידעל אפילו אָהן א גראשען מינץ.
נישט אייבּיג וועט דער טאַטע אויף איהם זיין בּייז,
וועט איהם פון זיינע צרות נאך מאכען לייז,
וועט גאנץ זיכער דערפילען זיין הבטחה
און איהם צוריק בּריינגען צו זיין משפחה,
פריהער, אדער אפשר שפּעטער אביסעל,
וועט דער טאַטע איהם אפּגעבּען זיין שליסעל.
דעריבּער דאקטוירים בּעהאנדעלט איהם גוט,
און פּארגיסט איהם ניט אומזיסט נעבּעך זיין בלוט. 132

---

131) פריעסטער גרעגאָאָר הצרפתי אחד ממצדיקי עמנו המצוינים הוא כתב כדברים האלה בספר. גרעטץ שם ז. 197 והלאה.

132) הן אלה אך קצות דברים מדברי החכם לעוויס וואי האנגלי, ויתר דבריו תמצא בספר. גרעטץ שם ז. 352 והלאה.

אלע דאקטוירים פון ביידע פארטייען,
האבען אנגעהויבען שרעקליך צו שרייען.
האבען איבער יודלען זיך געווערטעלט שטארק,
זיך געזידעלט וויא פראָסטע מענשען אין מארק.
פון זייער געשריי איז דער קאָפּ געוועזן דול,
אלע גאזעטען געוועזען דערמיט פול.
א מאל איז געראָטען דער גוטער פארטיי,
אין יודעלס שטיבעל צו עפענען דיא טיהר פריי,
פרישע לופט אהינצו אריינצולאָזען,
און א פריש ווינטעלע זאל דארטען בלאָזען.
דיא ליכטיגע זון אויף אריינגעשיינט דארט.
ס׳איז געווארען פריש, ליכטיג אין יעדען אָרט.
יודעל האט דערפון געזינטער זיך געפיהלט,
זיין וועהטאג געווארען אביסעל געשטילט,
האט געעפענט דיא אויגען געקוקט פרייער,
און איז געווארען א מענש גאר א נייער.
אין מיטען דריגען געראָטען יענער פארטיי,
יודעל׳ס שטיבעל צו פארשפארען אויף דאס ניי.
עס ווערט דארטען פינסטער און דושנע ווידער,
יודעל פאלט אויף זיין בעטיל שלאף אנידער.
יודעל האט פיעל פערעמענעס *) געליטען,
זיין לאַנגע וויא דאס וועטער זיך געביטען,
אזוי וויא דאס וועטער אין חודש אפריל :
א רגע א שטורעמווינד, א רגע שטיל.
איז געלעגען אזוי וויא אויף א וואָגשאָל,
און זיך געשאקעלט הין און הער אלע מאל.
דענסמאל גראד האט אין דער וועלט ניט היינט געדאכט.
איין איבערקעהרעניש פלוצלים זיך געמאכט.
מענשען האט עפעס שטארק אין קאפ געקלונגען,
און פון דיא האלאבלעס ארויסגעשפרונגען.
עס האט ביי זיי אלע זיך פארדרעהט דיא קעפּ,
ארומגעלאפען פריי וויא פערד אויף דעם סטעפּ.

---

*) פערענדערונגען.

דיא דאזינע קראנקהײט נישט געװען קײן שפיל,
מען האט צו דער אדער געלאזט שרעקליך פיל.
אז דיא קראנקהײט האט זיך איבערגענומען,
זײנען דיא קראנקע באלד צו זיך געקומען,
גם איז געװארען פרעהליך אויף דעם הארצען.
איטליכער האט פארגעסען זײנע שמארצען.
איטליכער געשעפט לופט, געהאט פארגנינען,
אלסדינג האט אײן אנדער פנים געקריגען:
עס האט געשפראצט, געבליהט ארום און ארום
מענשען אויפגעריכט געװארען אומעטום,
דיא ברכה האט אויף זײ זיך אויסגעגאסען.
יודעל האט אין זײער זכות אויך גענאסען.
דיא זון האט צו יודלען אויך ארײנגעקיקט,
איטליכס אבר זײנס האט פשוט זיך דערקװיקט.
אי בײ איהם אין שטיבעל איז ליכטיג און העל,
איהם בעסער געװארען אין טױזענטער פעל.

## יח.

װאס העלפט עס אבער, אך יודעל מײן ליבער,
אז דוא האסט געבעך נאר א חראניש פיבער.
דאכט זיך, יודעל ביסט א מענש, געװארען לײט,
רופט זיך דיר פלוצלים דיא קרענק אפ אלע צײט.
לאז נאר א בלאז טאהן עפעס א קאלט װינטעל,
לאז נאר א האװקע טאהן עפעס א הינטעל,
לאז נאר אײנער אויף דיר עפעס קרום קוקען,
לאז נאר דיא זון אין דיא װאלקען זיך טוקען,
און לאז חלילה, לא יבוא ולא יעלה,
אין דער װעלט פינסטער װערען נאר א װײלע,
װערסט־דוא געבעך אויס מענש װידער צוריק,
ס׳איז אויף דיר א רחמנות צו טאהן א בליק.
יודלען האט װידער זיך פארדרעהט דער מוח,
און ער ליגט דא טויט קראנק געבעך אהן כח
עס קומען נײע מארנע ראקטװריזמלעך,

צווישען זיי אויף שרעקליך פיעל חמורים׳לעך.
ראקטוירימלעך, ערשט ארויס פון דעם חדר,
און ביי זיך קלינער פון איטליכען כסדר.
זיי קענען ניט, ווייסען ניט יודעל׳ס נאטור,
און ווילען איהם נעהמען צו זיך אין דער קור.
בשעת זיי זיינען צו יודלען געקומען,
האבען זיי איהם ביים דפק נישט גענומען,
אי וויא יענע דאקטוירים איהם נישט בעטראכט.
דאס, זאגען זיי, האט מען היינט אונטערגעבראכט.
איהם נאר געהייסען, דיא צונג ארויסשטעלען,
יודעל׳ס צונג איז זיי שרעקליך ניט געפעהלען.
האבען יודלען געמאכט א פארפוילטע לונג,
פאר וואס האט ער אזא פארדארבענע צונג.
יודעל לינט דערשלאגען, פינסטער וויא דיא ערד,
און זיי שפעטען נאך, רופען איהם בהמה, פערד.
יודלען איז איינג, קען נישט געפינען קיין ארט,
און זיי יארען קריינקען איהם מיט איטליכס ווארט.
יודלען קוועטשט נעבעך, ליידט, פלאגט זיך טאקי אלץ.
און זיי שיטען איהם נאך אויף דיא וואונדען זאלץ.
יודלען איז דושנע, אויף דעם הארצען ניט גוט,
און זיי צוקאכען איהם נאך ערגער דאס בלוט.
איינער איז געשטאנען צווישען דער באנדע,
און האט אלץ געפיהרט דיא גאנצע קאמאנדע.
עפעס משונה ווילד איז געוועזען זיין גאנג,
זיינע האר וויא ניט אויסגעקעמט, שרעקליך לאנג.
אויף דעם קאפ געטראגען עפעס א מין מיטץ.
און אין א העמד איז ער געגאנגען פון ציטץ.
געטראגען א סוויטע פון זעהר גראב געוואנד,
לאנגע שטיוועל און א שטעקען אין דער האנד.
אז יודעל האט דערזעהן דעם יונג מיט שפארען,
איז איהם אין דעם הארצען א לאך געווארען.
ער האט זיך דערשראקען נאר אהן קאטאוועס,
גלייך ער האט דערזעהן דעם מלאך המות.
אז חברה לייט האבען גערעדט צווישען זיך,

איז ער צו יודלען צוגעגאנגען גאנץ ניך.
יודעל, זאגט ער, וואס איז דיר אזוי שפּעל?
איך בין דיין אלטער פריינד מעפיסטאָפעל.
ביסט נעבעך שלאף יודעל, לינ־זשע בעסער שטיל.
איך וועל ריידען, צו ריידען האב איך זעהר פיעל.
אך, ליבער יודעל, איז דאס היינט א לעבען
פאר דיין מעפיסטאָפלען, דעם אלטען רעבען.
איך האב אהן עין־הרע א גוטע צייט,
בין א חשוב, שטארק אנגענומען ביי לייט.
היינטיגע צייט איז א סך בעסער פאר מיר,
א מאל האב איך לאנג בעדארפט שטעהן ביי דער טהיר.
נעמוחט מיט יענעם טענה׳ן א יאָהר לערך,
ביז האב מיט איהם נעהאלטען אויף א דרך.
היינט זיינען פאר מיר אָפען אלע ערטער,
און בין מיט יעדען פארטיג אין צוויי ווערטער.
א מאל האט מען געדיינקט, אליין געפּאָרשט מעהר.
דריבער איז איינריידען יענעם געווען שווער.
עס איז מיר ארויסגעקראכען דיא אויגען,
ביז איך האב א חכם צו מיר צוגעצויגען.
היינט בעשטעהט חכמה אין לייענען ביכער.
וואס מען זאגט איינעם, דרינען גלויבט ער זיכער.
דאס מויל רעדט לשונות, מעשות, פראזען א סך.
דער קאָפּ אבער ליידיג, דיינקט ניט קיין שום זאך,
טאקי מיין חברה דא, קלאָמערשט חקרנים.
באמת זיינען זיי דאך בהמות, נאראָנים.
בהמות, חלעבען, וואס דארפען קייען היי, גראָז,
מעפיסטאָפעל פיהרט זיי אלע ביי דער נאָז,
איך ווארף זיי אונטער פראזען אזוי וויא היי,
חאפּען זיי עס אויף און מאכען א געשריי.
מיינס א וואָרט, וואס עס ענדיגט זיך מיט איזמוס,
רופען זיי עס היינט מעפיסטאָפעליזמוס.
עס איז שטארק אין דער מאדע אי ביי דאמען,
באלד וועט עס אויך איינשטעהן אי ביי דיא אמען,
ביי דאמען איז מיין ווארט א גאנצע תורה.

דאמען זיינען היינט א וואלוועלע סחורה,
זיי דרעהן זיך ארום מיר וויא פליגען,
חלעבען יודעל, איך זאג דיר נישט קיין ליגען!
קורץ, יודעל, איך האב אין דער וועלט א פנים,
וויא קראפיווע וואקסען מיינע נאראנים.
איין נאר פון דיא וואס דוא זעהסט דא פון דערווייטענס,
בעשטעהט אקענען טויזענד, וואס פארצייטענס,
א יא, נוטער ברודער, מעפיסטאפעל טויג,
עס זאל מיר טאקי נישט שאטען קיין בייז אויג!
דיר יודעל א פנים געהט עס נעבעך שלעכט,
ביסט חלעבען אליין שולהיג, רעכט אויף דיר רעכט.
ביסט נאך דער זעלבינגער עקשן וואס א מאל,
דעריבער זיינען דיינע פיינד אהן א צאהל.
בעשטענדיג האב איך מיט דיר יודעל געקנעלט:
האלט זיך נישט אפגעזונדערט, לעב אין דער וועלט.
לעב גלייך וויא אלע מענשען, אהן אונטערשייד,
הער נישט דיינע קלויזניקעס און דיין ווייבס רייד.
זיי לייגען דיר אפ דאס לעבען אויף שפעטער,
לעבען אין קבר דארט אונטער דיא ברעטער.
נאראנים! איין מאל נאר לעבט א מענש ניט מעהר,
דעם מענשענ׳ס לעבען איז קיין אייביג געוועהר.
למאי־זשע זאלסט־דוא דיר פארווימטען דיינע טעג?
נארעלע געה מיט איטליכען אין איין וועג.
ווארף חלעבען יודעל אוועק דיין עקשנות,
צוליעב דעם טאקי ביסט דוא קראנק בנאמנות!
מיינע נאראנים מיט זייער פארשרייבען,
וועלען דיין קראנקהייט אסור נישט פארטרייבען.
איין רפואה איז וויא איך הייס מעפיסטאפעל,
קריך ארויס פון אונטער דיין ווייב׳ס פאנטאפעל!
יודעל האט א מאך געגעבען מיט דער האנד,
און זיך אומגעקעהרט מיט׳ן פנים צו דער וואנד.
יודעל, זאגט מעפיסטאפעל, ביסט א בהמה,
וועסט אייביג נישט האבען קיין רפואה שלמה!...
פלוצלים ווערט מעפיסטאפלען עפעס איבעל,

יודעל׳ס ווייב קומט אריינצונעהן אין שטיבעל,
זיא האט זיך געזעצט ביי יודלען צוקאפענס,
און האט איהם געקרעפטיגט מיט איהרע טראפענס.
אצונד חברה, זאגט מעפיסטאפעל גאנץ שטיל,
קומט, לאם מיר אוועקגעהן, נישט טענה׳ן דא פיעל.
אומזיסט חלעבען אייערע אלע זאכען,
אין זיא לעבען איהם, וועט איהר גאר נישט מאכען.

# ענדע.

# א רייזע בעשרייבונג

פון

# בנימין דעם דריטען.

ווער דער בנימין איז, פון וואנען ער איז און וויא
דיא נסיכה האט פלוצלונג צו איהם זיך גענומען.

„כל ימי, אזוי זאגט בנימין דער דריטער אליין, כל ימי נתגדלתי בטונעיא־רעווקע, מיין גאנץ לעבען, דאס הייסט ביז מיין גרויסער נסיעה. בין איך נתגדל געוואָרען אין טונעיאדעווקע, דאָרט בין איך אויך געבוירען געוואָרען, דאָרט בין רערצויגען געוואָרען, און דאָרט האב איך למזל חתונה געהאט עם אישתי מיט מיין פלוניתטע הצנועה מרת זעלדע תחיה.“ טונעיאדעווקע דאס קליינע שטעטיל איז א פארוואָרפען ווינקעל, אָנדערזייט פונ'ם פאַטשטאַווען טראקט, כמעט אָפּגעריסען פון דער וועלט אזוי, אז ווען א מאָהל מאכט זיך, איינער קומט אהין צופאָהרען עפענט מען דיא פענסטער, דיא טהירען און מען קוקט פערוואונדערט אָן דעם פרישען פארשוין, שכנים פרעגען איינער ביי דעם אנדערן, ארויסקוקענדיג פון דיא אָפענע פענסטער. א סך מעהר וויא פיער קשיות: הא, ווער זאָל עס אזוינס זיין? פון וואנען האט ער פלוצלים פון דער העלער הויט אהער זיך גענומען? וואס קען אזעלכער בעדארפען? האט ער עפעס נישט א מיין? עפעס אזוי גלאט קען עס נים זיין, גלאט אזוי דען נעהמט מען און מען קומט! מסתמא ליגט דאָך דאָ עפעס. וואָס מען מוז עס דערגעהן.... דערביי וויל איטליכער ארויסווייזען זיין חכמה, זיין געניטשאפט, און בויך סברות פאלען וויא מיסט. אלטע לייט, דערצעהלען מעשיות און ברענגען משלים פון אורחים, וואָס זיינען אין דעם און דעם יאָהר געקומען אהער צופאָהרען, בעלי המצאות זאָגען מכח דעם ווערטלאָך, אביסעל עפעס נישט קיין שיינע, מאנסבילין האלטען זיך בייא דיא בערדליך און שמייכלען, אלטע ווייבער זידלען אָפּ דיא בעלי המצאות אויף קאטאָוועס, מיט א בייזער אי מיט א לאכען אין איינעם, יונגע ווייבלאך דערלאנגען פון דיא אראָבגעלאָזענע אויגען א געבייגענעם קוק פון אונטען ארויף, האלטען דיא האנט אויפ'ן מויל און שטיקען זיך לאכענדיג אין קילאָק. דער שמיעס מכח דעם דאזיגען ענין קויקעלט זיך פון שטוב צו שטוב וויא א קויל פון שנייא און ווערד קויקלענדיג זיך אלץ גרעסער גרעסער ביז ער קויקעלט זיך אריין אין בית־המדרש סאמע אונ־טערן אויוועז, אין דעם אָרט, וואס אהין פערקויקלען זיך אלע שמיעסען פון אלער־ליי ענינים, הן סודות פון שטובזאכען, הן פאָליטיקע מכח סטאמבול, מכח דעם תוגר ומכח קיהר'ן, הן געלד געשעפטען, מכח ראטהשילדס פארמעגען אין פער־גלייך מיט דיא גרויסע פריצים און דיא אנדערע געוויסע נגידים, והן פאַטשטען מכח דיא גזרות ומכח דיא רויטע יודליך וכדומה און וואָס דאָרט ראזביראיעט זיי כסדר א בעזונדער קאמיטעט פון שיינע בעטאָגטע יודען, וואָס זיטצען שטענ־

דינג א גאַנצען טאָג ביז שפעט אין דער נאַכט, זענין מפקיר ווייב און קינדער און גיבען זיך מיט דיא אַלע געשעפטען טאַקי אמת געטריי אָפּ, טהוען זייער זאַך בשלימות גלאַט אַזוי לשם שמים, נישט צונעהמען פאַר זייער מיה, פאַר זייער פּראַצע אפילו א צוּבראָכענעם העללער, פון דעם דאָזיגען קאָמיטעט געהען אָפּט דיא ענינים אוועק אין באַנק און אין א פּאָלנער סאָבראַניע פון שטאָדט בעלי בתים ווערען זיי דאָרט אויסגעוועהלט, והכל שריר וקים, אַז דערנאָך זאָלען אפילו קומען כל מלכי מזרח און מערב, זיך שטעלען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ און מיט דיא פיס אַרויף וועלען זיי גאָר ניט פועלין. דער תוגר איז שיער איין מאָל נישט אומגליקליך געוואָרען אין אַזאַ סאָבראַניע אויף דער אויבערשטער באַנק. ווען עטליכע יוסטע בעלי־בתים זאָלען נישט געוועזן האַלטען מיט איהם בלאַט, ווער ווייסט וואו ער וואָלט איצט אָנגעשפּאַרט, ראָהשילד נעבּיך האָט שיער ניט פערלוירען דאָרטען עפּיס א צעהען פופצעהען מיליאָן, דערפאַר האָט איהם גאָט געהאָלפען אין א פּאָר וואָכען אַרום, דער עולם איז געוועזן, וויא מען זאָגט, בגילופין, אויף דער אויבערשטער באַנק איז גראָד געוועזן א ביסעל לעבליך, דיא בעזימליך האָבען זיך געהויבען און מען האָט איהם מיט א מאָהל צוגעלאָזט ריין פּאַרדינסט אַקעגען א ק״ן מיליאָן קערבליך! דיא איינוואָהנער אליין אין טונעיאַדרעווקע זענין כמעט אַלע לא עליכם גרויסע אביונים שטאַרקע דלפנים, נאָר דעם אמת מוז מען זאָגען, זיי זיינען פריילֿיכע אביונים, לוסטיגע קבצנים, ווילדע בעלי־בטחון׳ס. אַז מען זאָל א שטיינער פלוצלים א פרעג געבען א טוניאַדרעווקער יודען פון וואַנען און וויא אַזוי ער איז זיך מפרנס? בלייבט ער תחילת שטעהען וויא צומישט, וויים נעביך נישט וואָס צו ענטפערן, נאָר שפּעטער אביסעל אָבער קומט ער צו זיך און ענטפערט בתמימות: איך, וויא אַרום איך לעב, איך? עט, ס׳איז דאָ א גאָט, זאָג איך אייך אָט־אָ, וואָס פאַרלאָזט נימ אַלע ויינע בעשעפעניש. ער שיקט צו און וועט מסתמא ווייטער צושיקען, זאָג איך אייך אָט־אָ.— פאָרט וואָס טהוט איהר אַזוינס? האָט איהר חאָטש עפּיס וואָס ס׳איז א מלאכה אָדער א פרנסה אין דער האַנד?—געלויבט איז השם יתברך. איך האָב ברוך השם, אַזוי וויא איהר קוקט מיך אָן אָט־אָ, א מתנה פון זיין ליבען נאָמען, א כלי, א קול נגינה און דאַוועון מוספים ימים נוראים אין דער סביבה, איך בין א מוהל און א מצה־רעדלער איינער אין דער וועלט, איך פיהר א מאָהל אויס א שידוך. פיהר איך אויס; איך האָב א שטאָט, אַזוי וויא איהר קוקט מיך אָן אָט־אָ, אין דער שול. היינט האַלט איך אויך, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, א שיינקעל, וואָס מעלקט זיך צוביסלאַך, איך האָב א ציעג וואָס מעלקט זיך אָהן

עין־הרע זעהר' גוט און האָב נישט ווייט פון דאנען א רייכען קרוב אָט־אָ, וואָס
לאָזט זיך אונטער א שלעכטער צייט אויף אביסעל מעלקען. היינט חוץ דיא אלע
זאכען, זאָג איך אייך אָט־אָ, איז גאָט א טאטע און דיא ישראל זיינען רחמנים
בני רחמנים, זאָג איך אייך אָט־אָ, נישט צו פארזינדיגען !.... אויך מוז מען דיא
טונעיאַדעווקער איינוואוינער דעם שבת נאָכזאָגען, אז זיי זיינען צופרידען מיט
וואָס גאָט גיט און קלויבען חלילה אין דער הלבשה און אין דעם עסען שטארק
נישט איבער. אז דיא שבת'דיגע קאַפּאָטע א שטייגער איז צוהאקט צופאלען,
צוריסען א ביסעל פארשלומפערט און עפּיס נישט אזוי ריין, מאכט אויך גיט
אויס, אבי זיא איז פאָרט פון אטלעס און גלאנצט, אי ערטערווייס קוקט וויא פון
א רעשעטע ארויס דאָס הוילע לייב. מיילא וואָס ארט עס ועמען, ווער וועט זיך דאָ
אזוי שטעלען צוקוקען ? למאי פיאטעס. מיט וואָס איז דאָס ערגער פון אויסגערי־
סענע פיאטעס ? פיאטעס איז דען נישט קיין לייב, קיין מענשען פלייש ?......
א שטיקעל ברויט מיט א קאָליש, אבי ס'איז נאָר דאָ איז זעהער א גוטער מיטאָג,
ווער שמיעסט א בולקע מיט א ראָסעל פלייש פרייטאָג, ווער עס האָט נאָר, דאָס
איז טאקי א מאכל מלכים, קיין בעסערעס דערפון איז שוין, דאכט זיך, אויף
דער וועלט נישטאָ. לאָז מען זיי דערצעהלען א שטייגער פון אנדערע מיני פּאָט־
ראוועס חוץ פיש יוך, געבראָטענס און א מעהרען אָדער פּאָסטערנאק צימעס
קומט זיי דאָס אויס עפּיס משונה ווילד און זאָגען דערויף אָפּ פארשיעדענע ווערט־
ליך מיט דעם גרעסטען געלעכטער גלייך וויא דער וואָס זאָגט 'דאָס איז נאריש,
משוגע, און וויל זיי אויך מאכען משוגע, איינריידען זיי א קינד אין בויך, א
קוה איז געפלויגען איבערן דאך און געלייגט איין איי,א שטיקעל באָקסער אין
חמשה־עשר דאָס איז אזא פרי וואָס מחיה נפשות, קוקענדיג דארויף דערמאָהנט
מען זיך אין ארץ ישראל, נישט איין מאָהל פארגלאָצט מען דערביי דיא אויגען
מיט א קרעכץ : אך, ותוליכנו קוממיות, זאָלסט אונז הארצעדיגער פאָטער פיה־
רען קוממיות, טאקי וואָס קוממיות הייסט, לארצנו צו אונזער לאנד, וואָס ציגען
עסען דאָרט באָקסאָרען !.... על פי מקרה האָט איינער א מאָל אין דעם שטעדטיל
גראָד געבראכט א טייטעל, האָט איהר בעדארפט זעהען וויא אזוי מען איז דאָס
געלאָפען אָנקוקען אויף חידושים, מען האָט אויפגעמישט א חומש און געוויזען אז
תמר, דער טייטעל שטייט אין חומש ! סטייטש דער טייטעל, אָט דער טיי־
טעל וואקסט דאָך פון ארץ ישראל !.... קוקענדיג אויפ'ן טייטעל האָט זיך אויסגע־
דאכט, ארץ ישראל איז פאר דיא אויגען, אָט געהט מען איבער דעם ירדן, אָט איז
דיא מערת המכפלת, דער מוטער רחל'ן קבר, דאָס כותל מערבי, אָט באָדט מען

זיך אין חמי טבריא, מען קריכט ארויף אויפ'ן הר הזיתים, מען עסט זיך אָן מיט באַקסאַרען, מיט טייטלען און ליגט אָן פולע קעשענעס מיט ארץ־ישראל ערד. אך, האָט מען געקרעכצט, און אין דיא אויגען האָבען זיך איטליכען געשטעלט טרערען, „יענע צייט, אזוי זאָגט בנימין, איז גאנץ טונעיאדעווקע, וויא גרויס זיא איז. געווען אין ארץ ישראל. מען האָט געשמאק גערעדט פון משיח'ן, אָט אָט איז שוין גאָט'ס פריימאָג נאָך האלבען טאָג. דער נייער פריסטאוו. וואָס איז נישט לאנג אָנגעקומען האָט גראָד ביד רמה דענסטמאָל געפיהרט דאָס שטעטיל, ביי א פּאָאר אידען האָט ער אראָפּגעריסען דיא יאמורלקעס, איינעם אָפּגעשניטען א פאה, עטליכע נעביך געהאפּט שפּעט ביי דער נאכט אין א געסיל אָהן פּאַס־פּאָרטען, ביי נאָך איינעם פארנומען א ציג. וואָס האָט אויפגעגעסען א נייעם שטרויענעם דאך און ער איז דערמיט אויך געווען דיא סיבה דערפון, וואָס דער קאָמיטעט אונטערן אוויוען האָט זיך שטארק געדורעט מיט דעם תוגר, עד מתי וועט דער שר של ישמעאל אזוי שולט זיין ? מען האָט אויפגעמישט דעם געוויינט־ליכען שמיעס מכוח דיא עשרת השבטים וויא גליקליך זיי לעבען דאָרטען אין יע־נע וויטע מקומות, אין גדולה עושר און כבוד, מען האָט אפיר גענומען דיא רוי־טע יודליך, דיא בני משה מיט גוזמאות מעשיות פון זייערע גבורות וכדומה, אלדד הדני, עס פערשטעהט זיך, האָט אויך געטאנצט אין דערמיט. יענער צייט צום מייסטען, האָב איך צו פערדאנקען דיא נסיעה מיינע וואָס איך האָב דערנאָך גע־מאכט.

פריהער, איז בנימין געווען וויא א הינרעלע, וואָס ליגט אין איי. אָדער וויא א וואָרעם וואָס ליעגט אין חריין, ער האָט געמיינט אז אויף יענער זייט טונעיא־דעווקע עקט זיך דיא וועלט. קיין זיסער. קיין בעסערער לעבען וויא דאָ איז גאָר נישטאָ. „איך האָב געמיינט, זאָגט בנימין ערגעץ אין איין אָרט, אז רייכער פון פון אונזער ארענדאר בעדארף מען שוין ניט זיין, א קליינינקייט עפּיס אזא שטוב מיט בעל־הבתישקייט, פיער פּאָר מעשענעלייכטער, א זעקס־רעהריגער הייננ־לייכטער אויבען מיט איין אָדלער, צוויי קופּערנע פּארעווע טעפּ מיט א פינף קו־פּערנע פענדליך, אפּאָלעצע צינערנע טעלער און אוורזאי, אקעגען א טוץ טעמבע־קאָווע לעפעל, צוויי זילבערנע בעכערליך, א הדסיל, א חנוכה לעמפּיל, א ציבעלע־זייגער אין צוויי קופּערטעס מיט א גראב קייטעל פון זאמדפּאטשערקעס, צוויי קיה מיט א מאָהל און א טעלעצע אויף דער צייט. צוויי שבת'דיגע קאַפּאָטעס וכדומה נאָך און נאָך אזא נוטץ. איך האָב געמיינט, א חכם איז טאקי נאָר איין רב אייזיק דוד רב אהרן יוסילים שרה זלאטעס, א קאַטאָוועס, מען זאָגט. אז ער האָט א מאָל

אין דער יוגענד געהאט א ידיעה אין תשבורות, ער האט געמעגט זיין מיניסטער ווען דאס שטיקעלע מזל זאל איהם נאר דינען. ווער האט נאך, האב איך גע-מיינט, אזא הדרת פנים, אזא בנעימותדיג שמיעסיל וויא אונזער חיקיל, זאאיקע, אדער ווער איז אזא מומחה אזא דאקטאר. וואס מאכט פון טוידט לעבעדיג וויא אונזער רופא, וואס ער האט כפי השמועה דיא חכמת הדאקטאריע געלערענט ביי א ציגיינער פון דיא חרטומי מצרים. „הכלל דאס לעבען אין זיין שטעטיל האט בנימינ'ען זיך אויסגעוויזען זעהר שיין, זעהר גוט, ער האט אפילו געלעבט אין דחקות, ער מיט זיין ווייב און קינדער זענין געגאנגען קריעה־בליאה, נאר האט דען אדם הראשון און זיין ווייב בשעת זיי זיינען געוועזען אין גן־ערן פערשטאנען זיך צו שעהמען, וואס זיי זיינען נאקעט און בארפוס? דיא וואונדערליכע מעשיות אבער פון דיא רויטע יודליך און דיא עשרת השבטים זענין איהם אריין טיעף אין הארצען און פון יענער צייט אן איז איהם עפים וויא ענג געווארען אין זיין שטע-טיל, עס האט איהם עפעס געצויגען אלץ אהין, אהין דארט אין ווייטע מקומות אריין,, דאס הארץ האט אין איהם זיך געצויגען אזוי וויא קליינע קינדער ציהען זיך מיט דיא הענטלאך אקעגען דיא לבנה. דאכט זיך אין פלוק וואס איז אזוינס א טייטעל, א פריסטאוו, א יארמולקע, א פאה, א יוד נעביך וואס ווערט נלכד אין א געסעל שפעט ביי דער נאכט, א ציג און א שטרויענער דאך? נאר דאס אלסדינג האט אנגעמאכט אין איהם א גרויסע פערענדערונג, עס האט געפיהרט דערצו. און ער זאל בעגליקען דיא וועלט מיט זיין בעריהמטער נסיעה. אין דער וועלט זעהט מען נישט אין מאהל וויא פון קליינע סיבות קומען ארוים גרויסע, זעהר גרויסע זאכען, דערפון וואס דער מוזשיק האט געזייעט ווייץ און קארען, וואס דער מיהלנער האט עס געמאהלען, וואס דערפון איז א טהייל אריין אין דער גאראלנע און געווארען בראנפען און א ביסעל פונ'ם מעהל איז אריין אין גימעל דער שיינקערענס הענד, וואס זיא האט עס געראשטשינעט געקנאטען, געקאטשעט און געמאכט קנישעס, מצורף לזה, וואס דיא פעניציר האבען מיט טויזענדער יאהר צוריק ענטדעקט דיא המצאה וויא מען מאכט גלאז און דורך דעם איז ארויסגע-קומען כוסות אי קעלישקעס, אט פון דיא דאזיגע אלע קליינע סיבות זענין ביי אונז אין א סך שטעדט ארויסגעשפרונגען יענע ווילדע קהלם לייט. יענע משונה בע-ריהמטע פיינע בריות.... מעגליך איז, אין בנימינ'ן איז געלעגען א ניצוץ פון א נוסע, נאר דער ניצוץ וואלט פארלאשען געווארען, ווען דיא סיבות און דיא מעשיות פון יענער צייט וואלטען איהם נישט אויפגעבלאזען, און ווען אפילו דער ניצוץ וואלט נישט פארלאשען געווארען אין גאנצען, וואלט ער, ווען נישט

דיא דאָזיגע סיבות אין יענער צייט, געהאט אזא קליינעם כח, אז פון בנימינ'ן וואָלט מיט דער צייט אויסגעוואקסען א וואסערפיהרער אָדער ווען פיעל א בעל העגלה. איך האָב אין מיין לעבען בעגעגענט זעהר פיעל בעלי העגלות און שמיי־סערס, וואָס זיי זיינען מסוגל געוואָרען צו זיין אזעלכע נוסעים גלייך חלעבען וויא יענע, וואָס וואנדרעווען היינט ארום צווישען יודען.... נישט דאָס אָבער בין איך אויסען:

פון יענער צייט אָן פלעגט בנימין מיט גרויס חשק זיך פארטיעפען אין רבה בר בר חנה'ס נסיעות אויפן ים און אין דער מדבר. ער האָט אויך דער־טאפט שפעטער דעם ספר „אלדד הדני" דעם ספר „מסעות בנימין" וואָס ער האָט מיט א זיעבען הונדערט יאָהר צוריק געררייזט ביז עק וועלט, דעם ספר „שבחי ירושלים" מיט הוספות און דעם ספר „צל עולם" וואָס אין זיבען קליינע בלעטלאך איז ער כולל אלע שבע חכמות און דערצעהלט חדושים ונפלאות פון דער גאנצער וועלט און פון איהרע משונה ווילדע בעשעפעניש. דיא דאָזיגע ספרים האָבּ'ן איהם געעפענט דיא אויגען און איהם איבערגעקעהרט פשוט גאָר פאר איין אנ־דער מענשען. „פון דיא וואונדער שיינע מעשיות דאָרט, דריקט זיך אזוי בנימין אויס אין זיין ספר, פלעג איך שטארק נתפעל ווערען. אי, אי! פלעג איך ניט איין מאָהל פאר גרויס התפעלות א געשריי טאָהן, וויא העלפט מיר גאָט חאָטש א הונדערטיל דערפון צו זעהען מיט מיינע אויגען! דער קאָפּ מיינער האָט גע־טראָגען ווייט, ווייט.... „פון דענסטמאָל אָן איז איהם טונעיאדעווקע שוין טאקי געוואָרען צו ענג, ער האָט ביי זיך גומר געווען ארויסצוהאפען זיך פון דאָרט מיט אלע כוחות, גלייך וויא א הינדעלע, וואָס הויבט זיך אָן אויסצופיקען און ארויס־קריכען פונעם איי אויף דער ליכטיגער וועלט.

---

## וויא בנימין ווערד א קדוש און זעלדע איין עגונה.

בטבע איז אונזער בנימין דער נוסע געווען א ווילדער בעל פחדן, היינו ביי דער נאכט פלעגט ער מורא האָבען צו געהן אויף דער גאס. שלאָפען איינער אליין אין א שטוב וואָלט ער נישט געוואָלט מען זאָל איהם אָפּנילמען. ארויסצור־געהן אביסעל ווייט פון דער שטאָדט האָט ביי איהם געהייסען פשוט זיך איינ־שטעלען דאָס לעבען, מאלע וואָס קען חלילה געשעהען. פאר א ליאד הינטעל האָט ער געציטערט אימות מות. „איין מאָל, אזוי דערצעהלט בנימין, איין מאָל, איך געדענק עס וויא היינט, דאָס איז געווען תמוז אין א שרעקליך הייסען טאָג, איז אונזער רב מיט איינעם פון זיינע לייט געגאנגען זיך אָפּטובלען אין דעם

טייכעל, וואָס אונטער דער שטאָדט. איך מיט א פּאָאר יונגליך, מיינע חברים, זענין מיט גרויס דרך ארץ נאָכגעגאנגען פון הינטען און געוועזן ביי זיך זיכער, אז מיר וועלען נישט האָבען קיין שום שלעכטע בעגעגעניש און אים־ירצה־השם קומען צוריק בשלום אהיים געדופעט אויף דעם רב. עפּיס א קאטאָוועס א רב, וואָס פאר איהם האָט דרך ארץ א וועלט, וואָס קיין עלטערס פאר איהם איז שוין גאָר נישטאָ! וואָס דער טיטעל זיינער פארנעהמט א בלעטעל פּאַפּיער.... דער רב, אונזער בעשיטצער איז מיט ברייטקייט געגאנגען היבש פריהער פאר אונז און אז ער האָט געהאַלטען אין אויסטאָהן זיך איז אין מיטען דערינען אָנגעקומען עפּיס א שייגעץ און אויף איהם אָנגערייצט זיין הונד. אונזער בעשיטצער איז נישט טויט לעבעדיג אנטלויפען צוגעהאלטען מחילה די אָפּגעשפּילעטע תחתונים מיט איין האנד און מיט דער אנדערער דאָס קיילעכדיגע געסטעפּטע פעלפּע־נע היטעל. מיר יונגליך זיינען אוודאי מבולבל געוואָרען, דען אז דער לויתן ווערד אויף דער וועגטקע געחאפּט וואָס זשע נעביך זאָלען שוין טאָן דיא פלאָט־קעס אין דער בלאָטע? מיר האָבען אָנגעגורט אונזערע לענדען און גשווינד וויא דיא הירשען געלאָפען פאָראויס מיט א גוואלד מיט א ביטער געשריי ביז מיר זיי־נען אזוי הענדום פענדום אָהן א נשמה אין איינעם מיט אונזער גיבור אריינגעלאָ־פען אין דער שטאָדט ס'איז געוואָרען א מהומה, א צונויפלויפעניש א ליארם: עס ברענט! מען הרגעט, מען שלאָגט! איינער פונעם אנדערן האָט נישט גע-וואוסט.

אז בנימין האָט פיערגענומען דיא נסיעה אין דיא וויטע מקומות איז ביי איהם געבליעבען קודם כל זיך צו שטארקען אוועקצוווארפען דעם פּחד ער האָט זיך געצוואונגען, דווקא געהן אליין שפּעט ביי דער נאכט, דווקא שלאָפען איינער אליין אין א חדר און דווקא ארויסגעהן אָפּט אונטער דער שאָדט, האָטשע דאָס האָט איהם געקאָסט געזונד און איז פאר שרעקנעביך פונ'ם פנים אראָפּ, דיא נייע הנהגה זיינע אין דער היים און אין בית־המדרש, זיין פערטראכט־בלייך פּנימיל און זיין פערפאלען ווערען אָפּט אויף עטליכע שעה פון דער שטאָדט, איז איטליכען געוואָרען עפּיס א פּליאה. מען האָט איהם גענומען אין מויל אריין און פון איהם געשמאַק גערעדט. א טהייל האָבען געזאָגט, נישט אנדערש ער איז משוגע, חסר דעה. איין מאָל, אזוי האָבען זיי געדרונגען, איז בנימין טאקי געוועזן תמיד אביסיל שוטהוואטע, עס האָט איהם געפּעהלט אין קאָפּ א קלעפּקע, צוויי־טענס איז שוין טאקי אין טונעיארעווקע לערך עטליכע יאָהר נישט געוועזן קיין משוגענער און וויא שיקט זיך עס עפּיס? מיר האָבען דאָך א קימא־לן, הא וויא

זאָגט מען עפּיס, עיר ועיר וחכמיה עיר ועיר ומשוגעיה, איטליכע שטאָדט מיט איהר חכם אי מיט איהר משוגענעם. בפרט נאָך היינט אין אזעלכע גרויסע היט־צען. פשוט איז פשוט בנימין איז משוגע, ווידער א טהייל, און בראש פון זיי רב אייזיק דוד רב אהרן יוסילים שרה זלאטעס, האָבען געמאכט: עט, עט!... טאקי נאָך א מאָהל עט! אמת טאקי בנימין איז שוטהוואטע, טאקי שטארק שוטהוואטע, נאָר דערפון איז נאָך כלל נישט געדרונגען, אז ער מוז ווערען אי משוגע, וואָרים זעלט־עם אנדערש זיין אזוי, איז דאָך דיא קשיא פאר וואָס גראָד אצינד און נישט פריהער? אדרבה ואדרבה, דערצו האָט ער געהאט צייט אי פאר צוויי יאָהרען אי פאר א יאָהרען זומער. וואָס דיא היטצען זיינען דענסטאָל געווען א גוזמה גרע־סער. אי וואָס איהר זאָגט, טונעיאדעווקע איז ווערליג דעם קימאַ-לן נישט ערגער פון אנדערע שטעדט, מילא בלייבט דאָך טאקי אלץ דיא קשיא, פאר וואָס איז עטליכע יאָהר לערך נישט געווען דאָ קיין משוגענער? אי וואָס טהוט מען וויע־דער צוריק מיט דעם קימאַ־לן? דער תירוץ איז אָבער אונזער טייך. דער טייך אונ־זערער, האָבען מיר דאָך א קיימאַ־לן, נעהמט זיך צו פון אייבינג אָן א מענשען אלע יאָהר, און פון דעסטוועגען האָט ער שוין א פּאָר יאָהר קיינעם נישט צוגע־נומען! פארקעהרט, ער אליין איז אין דיא פּאָר יאָהר אָפּגעפאלען, אז עך־טמער־ווייז קען מען ממש איהם איבערגעהן טרוקען־פוס... אי בנימין? וואָס טהוט מען מיט בנימינ'ן? תיקו, בלייבט א קשיא. דער גרעסטער טהייל אָבער, און צווישען זייא דיא ווייבער, האָבען געזאָגט, ער מוז האָבען צו טאָהן מיט זיי... ער פּאָרעט זיך אוודאי מיט איהם.... מיט דעם בעל דבר.... וואָס דען זשע בראָדזעט ער אליין בייא נאכט אין דער פינסטער? וואָס דען זשע ווערד ער א מאָל פארפאלען אויף עטליכע שעה? וואָס דען זשע שלאָפט ער איינער אליין אין ספּיזשארנע? זעלדע זיין איינען ווייב דערציילט אויף, אז זיא האָרכט בייא דער נאכט וויא מען קלאפט בייא איהם אין ספּיזשארנע, זיא האָרכט א קלאפּערייא וויא מען געהט דאָרט מיט דיא פּיס... דער דאָזיגער שמיעס מכח דעם ענין האָט, וויא געוועהנט־ליך, זיך אוועק געקויקעלט אהין אונטערען אויוועז, פון דאָרט אין דער סאבראניע אויף דער אויבערשטער באנק. מען איז איבער בנימינ'ן דאָרט צווישען זיך נאָך נישט פארטיג געוואָרען. נאָר דערוויל איז געבליבען מוסכם בייא אלע, מען זאָל צונויפשטעלען א קאָמפּאניע פון א פּאָר שיינע יודען מיט דעם סופר, וואָס זייא אין איינעם זאָלען ארומגעהן אין אלע הייזער כסדר נאָכין צעטיל און אומטום בודק זיין, רעווידירען דיא מזוזות. און ווייל דיא סאבראניע האָט אויף דעם ענין געקוקט וויא אויף א קהלשער זאך, א פּ אָ ל ז ע פאר דער שטאָדט, לכן איז גע־

בליבען, אז בכדי אויסצושטעהן דיא הצאות, וואָס אזא קומפאניע בעדאַרף קאָסטען זאָל מען ארויפציהען דעם מקח פון פלייש.... אין טונעיאדעוועקע איז דאָ א ווערטיל: פון וואָס מען זאָל ניט שמיעסען מוז ארויסקומען אויפן טויט און פון וואָס מען זאָל נישט ריידען אויף איין אסיפה מוז מען אויסלאָזען מיט דער טאַקסע פון פלייש. און באמת איז עס טאקי על פי דרך הטבע, אנדערש קען עס טאקי גאָר נישט זיין דער שכל איז אויך אזוי מתחייב, וואָרים סוף כל אדם למות וסוף יהודי לטאקסע, דאָס טייטשט: דער סוף פון א מענשען איז צוא שטארבען און דער סוף פון א יודען צוצאָהלען טאקסע! דער טויט און דיא טאקסע דאָס זענין בטבע אזעלכע צווייא זאכען, וואָס מען קען פון זייא בשום אופן נישט פטור ווערען. אזוי האָט דער אויבערשטער בעשאפען דיא וועלט און וויא ער האָט זיא בעשאפען, אזוי איז גוט, אזוי געהר עס זיכער צו זיין. קשיות פרעגען נאָר אפיקורסים.....

שפעטער אביסיל האָט מיט בנימינ'ן זיך פארלויפען א מעשה, וואָס ער האָט מיט איהר קונה שם געווען. ארויסגעהענדיג איינמאָל פון דער שטאָדט, תמוז אין א הייסען טאָג צוועלף א זייגער אין דער פריה. סאמע ווען דיא זוהן האָט נעבראָטען, איז ער פערגאנגען טיפליך אין א וואלד, אקעגען א דרייא תחום־שבתין פון דער שטאָדט. מיט זיך אין דער קעשענע האָט ער געהאט זיינע ספרים, וואָס אָהן זייא פלעגט ער נישט געהן קיין טריט. ער איז געזעסען אין וואלד אונטערגעלעהנט אונטער א בוים און האָט נעשמאק געטראכט. צוטראכטען האָט ער געהאט זעהר פיל. באלד איז איהם דער קאָפּ פארפלויגען ווייט אהין אין יענע לענדער איין עק וועלט ער איז געגאנגען איבער בערג איבער טהאָלען, איבער מדבריות און אלע ערטער, וואָס שטעהט אין זיינע ספרים. ער האָט גיוואנדרעוועט פוס טריט נאָך אלכסנדר מוקדון, נאָך אלדד הדני וכדומה, ער האָט געזעהן דעם שרעקליכען פיפערנאָטער, דעם לינדענוואָרעם, שלאנגען, עקדישען און אלע מיני שלעק אי משלחתין. ער האָט זיך צוגעשלאָגען צו דיא רויטע יודליך און גערעדט מיט דיא בני משה. דערנאָך איז ער בשלום צוריקגעקומען צו זיך און האָט געטראכט, וויא אזוי און ווען זשע זאָל ער שוין טאקי מאכען דיא נסיעה. אין מחשבות'ן איז דערווייל צוגעפאלען דיא נאכט ער איז אויפגעשטאנען אויסגעגלייכט דיא ביינער און זיך געלאָזט געהן א היים. ער געהט, און געהט, נאָך אליץ נישט פונם וואלד ארויס. ער געהט א שעה, צווייא, דרייא, פיער שעה, ס'איז קיין סוף קיין עק. ער האָט נאָך טיפער אין וואלד זיך פארשלאָגען און דאָ איז פינצטער חאָטש איין אויג ארויסצונעהמען, פלוצלים איז נאָך געווארען א שטורמווינד מיט

א שלאקסרעגען, עס האָט געבליצט געדונערט און דיא ביימער האָבען געראַוישט א שרעק! בנימין איז געבליבען שטעהן, דער רעגען האָט איהם געוואשען, א צאָהן אָן א צאָהן האָט איהם געקלאפּט פאר קעלט, פאר נעטץ און פאר גרויס פחד. עס האָט איהם זיך געדאכט אַז פאלט אויף איהם אָן א בער, אַז פארצוקט איהם א לייב, א לעמפּערט, אַט נעהט דער מאַטו׳ל, וואָס כפי עס שטעהט אין „צל עולם״ איז ער א גרויסער א לאנגער מין בעשעפעניש מיט צוויי לאנגע העגר מיט וועלכע ער ווארפט אנידער א העלפאנד, אנגסטען האָבען איהם בעשלאָגען נעביך און דאָ איז ער נאָך טויט הונגעריג, חוץ א רעטשען קיכעל איז דעם גאנצען טאָג אין זיין מויל נישט געקומען. ער האָט פאר אלע צרות זיך גענומען דאווגען מעריב און געדאווענט מיט התלהבות פונם גאנצען הארץ, גאָט האָט געהאָלפען ס׳איז טאָג געוואָרען, אונזער בנימין נעהמט זיך ווייטער צום געהן אויף גאָטס בעראטה, ער געהט, ער געהט, ביז ער שלאָגט זיך צום סוף ארויף אויף עפּעס א שמאָלע וועג. מיט דעם וועג איז ער געגאנגען אקעגען א שעה צווייא און פלוצים דער הערט ער פון דערווייטענס א קול פון א מענשען. אַנשטאָט ער זאָל מיט דעם קול זיך דערפרייען איז ער, שונא ציון, פארצאפּעלט געוואָרען. איהם האָט זיך נישט אנדערש געדאכט אז דאָס איז אוודאי א גזלן. מחמת שרעק האָט ער זיך געלאָזט לויפען צוריק אָהן אַטהעם אקוראט וויא ער איז א מאָל, נישט פאר אונז געדאכט געלאָפען פארן רב. באלד אָבער האָט ער זיך בעטראכט: פע בנימין! דוא ווילסט וואנרעווען אזוי ווייט איבער ימים און מדבריות, וואָס דאָרט שוויבעלט און גריבעלט פון עקרעשען, פון חיות רעות און ווילדע אומות, און דאָ האָסט דוא מורא פארן געדאנק, טאָמיר בעגעגענסט־דוא א גזלן. אי, פע, מעגסט, חלעבין, זיך שעהמען בנימין. איז דען אלכסנדער מוקדון אויך אנטלויפען אזוי וויא דוא? האָט דען אלכסנדר מוקדון אויך אזוי וויא דוא זיך מיאש געווען, בשעת ער איז געפלויגען רייטענדיג אויף זיין אָדלער און ס׳איז אויסגעגאנגען דאָס פלייש פונם שפּיטץ שפּיז, וואָס דער אָדלער פלעגט עס פּיקען און פליהען דורכדעם אלץ העכער? ניין, אלכסנדר מוקדון איז נישט אנטלויפען, אלכסנדר מוקדון האָט ביי זיך אליין אויסגעשניטען א שטיק פלייש און ארויפגעשטאָכען אויפן שפּיז! אדרבה שטארק זיך בנימין, דאָס וויל גאָט דערמיט דיך נאָר אויספּריווען. האלכט־דוא אויס דיא פּראָבע אז וואויל און גוט איז דיר דענסטמאָל! דענסטמאָל בנימין ביסט־דוא א מענש און וועסט טאקי ווערט זיין צו האָבען דיא זכיה פון השי״ת צודערגרייכען דיין וואונש וועגען דיא בני משה און מיט זיי איבערשמיעסין מכח דעם כלל ישראל אין אונזער ווינקעל, דערציילען זיי גאנץ פּאָדראָבנע דיא הנהגות פון אונ־

זערע יורעליך דא, וואס זייא טהוען און וואס זייא מאכען. וועסט־דוא איצט אויסשטעהן נאך אי דיא ראזינגע פראבע. און געהן צוריק אקעגען דעם קול, דענכ־מאל ביסט־דוא מנצח אלע פחדים און שרעקעניזשען. וועסט ווערען א כלי־שלמה, א ברכה, א בענטשונג צווישען דיא קינדער ישראל און אנטאן כבוד גאנץ טונע־יאדרווקע. טונעיאדעווקע און מוקדון דאס וועלען זיין צווייא ערטער גלייך בע־קאנט אין דער גאנצער וועלט דורך אלכסנדר טונעיאדעווקער און בנימין מוקדון!.... אונזער בנימין האט זיך אומגעקעהרט טאקי צוריק און איז נעגאנגען בעהארצט ווייא א גבור מיט גרוים בטחון ביז ער האט פאר זיך דערזעהן דעם גזלן. דאס איז געווען א מוזשיק, וואס איז געפאהרען אויף א פאר אקסען מיט אנגעלאדענע זעק אין וואגען.

— דאברי־דיען! האט בנימין צוגעהענדיג א זאג געטאן ראכטאם אויף א משונה קול, וואס ער האט אין זיך געהאט אלע טעמים: אי געשרייא, אי געבעט, אי ווייא איינער זאגט: נא, נא טהוא מיט מיר וואס דוא ווילסט! אי עפעס ווייא א בקשה: גוואלד, האב רחמנות אויף מיר, אויף מיין ווייב און קינדער נעביך!...

אפזאגענדיג, אדער אפ שרייענדיג אי אפווייענדיג דעם „דאברי־דיען" איז בנימין געבליבען אהן לשון ווייא דערוואָרגען. דער קאפ האט איהם זיך פאר־דרעהט, אין דיא אויגען איז איהם געווארען פינצטער, דיא פיס האבען איהם אויפגעהערט צו דינען און ער איז טויט אנידער געפאלען אויפן ארט.

אז ער האט אויפגיעפענט דיא אויגען און צו זיך געקומען האט ער זיך גע־פונען ליגענדיג אין וואגען אויף א גרויסען זאק קארטאפלעס, איבער געדעקט מיט א גראבער סוויטע. צוקאפענס איז איהם געלעגען א געבונדענער האהן, וואס האט אויף איהם געקוקט אין דער זייט מיט איין אייגעל און איהם געגראבעלט מיט די נענעל, צופיסען איז געשטאנען אנגעשטעלט קאראבקעליך מיט יונגען קנאבעל אי ציבעלעס און שאר ירקות. אייער א פנים איז דארט אויך געלעגען, וואָרים פא־לאווע זענין געפלוינגען און איהם פארשאטען דיא אויגען. דער מוזשיק איז גע־זעסען, נערייכערט גאנץ רוהיג דאס ליולקע און איטליכע רגע אויף דיא אקסען אונטערגעשריען: סאפ, הייטא, סאפ! דיא אקסען קוים וואס זייא האבען זיך געריהרט. און דיא רעדליך פונם וואגען האבען משונה געסקריפעט איטליכעס אויף איין אנדער קול, אין איינעם איז אויסגעקומען עפיס א סקריפענדיגער קאנ־צערט. וואס האט נעגרילצט אין דיא אויערען. דעם האהן א־פנים, ווייא עס האט אויסגעזעהן, איז אזא סקריפערייא אויך נישט געווען לרצון, וואָרים איטליכעס מאל בשעת דיא רעדלאך פלעגען אין גאנצען זיך אומדרעהען און אויסאזען אויף א

סווישטש מיט א שלשלת, פלעגט ער בנימינ'ן א שטארקען גראבעל טאָן מיט דיא נעגעל און א קרעה געבען קוקוריקוא מיט כעס, מיט אימפעט. אז עטליכע רגע דערנאָך פלעגט בייא איהם חאָרחלען פאר דומפען אינעווייניג אין האלז. בנימין האָט אין זיך נישט געפיהלט קיין גאנץ אבר און איז געלעגען א היבשע צייט שטארק פארדולט: א שפאס וואָס ער איז אויסגעשטאנען: שרעק, הונגער, נעטי'ז און קעלט! עס האָט איהם זיך גערוואכט, אז א טערק האָט איהם געפאנגען אין דער מדבר און פיהרט איהם פארקויפען ערגיץ פאר א קנעכט. ניחייא, האט ער גע־טראכט, ניחייא זאָל ער מיר חאָטש פארקויפען צו א יודען וואָלט איך נאָך גע־קענט פאָרט עפּיס אויפגעריכט ווערען, און באים אָבער, ער וועט מיר פארקויפען צו א פרינץ אָדער חלילה גאָר צו א פרינצעסין פון דיא אומות העולם בין איך דאָך פארלוירען, פארלוירען אויף אייביג. דערצו נאָך האָט ער זיך גראד דערמאָהנט דיא מעשה פון יוסף הצדיק מיט זליכה'ן און האָט מחמת יסורים א שטארקען קרעכץ געטאָן. דער מוזשיק האָט זיך אומגעקוקט אז ער האָט דערהערט בנימינס' קרעכץ, זיך צוגעריקט נעהנטער און איהם א פרעג געטאָן:

— נוא זשידקאָ, א שטשאָ, טראָשקע ליכשע?

דער קאָפּ איז בנימינן באמת געוואָרען אביסיל פרייער און ער האָט זיך דער־מאָהנט אין גאנצען וואָס מיט איהם איז פּאָרגעגאנגען. ער האָט אָבער זיך גע־פיהלט אין זעהר א שלעכטע לאגע: גויעש קען ער כמעט נישט קיין וואָרט, הײנט וואָס־זשע טהוט מען דאָ? וויא ענטפערט מען דעם ערל און וויא טענהט מען מיט אים זיך דאָ אוים צו וויסען אקוראט וואָהין ער פיהרט מיך? בנימין האָט גע־פריווט זיך אייפזועטצען, נאָר אומזיסט, דיא פיס האָבען איהם שטארק געבראָכען.

— טראָשקע טעבע ליפשע? האָט איהם דער מוזשיק ווייטער א מאָל גע־פרעגט און טאקי בנשימה אחת א מאך גיטאָן סאָפּ, הייטא, סאָפּ!

— ליפשע. רק ריבי מאָי אי, אי, אי! האָט בנימין גיענטפערט וויא ער האָט נעביך געקענט און איהם געוויזען אויף דיא פיס.

— איזווידקי טי זשידקאָ?

— איזווידקי טי זשיטקע? ! האָט בנימין געמאכט מיט א ניגון וויא אמהפך־פשטאָ, יא ניאָמקא, בניאמקא אוב טונעיאדעווקוא! ?

— טי איז טונעיאדעווקי? קאזשי-זשע שטשאָ טי וויטאראשטשיל נא מעני אָטשי אי גליאניש יאק שילאָני. אליע מאָזשע טי טאקי אי שילאָני. טראסצאָ טוואָאי מאטערי. סאָפּ, הייטא, סאָפּ!

— יא, סטייטש, יא טעבי לכתחלה קאזאטע, יא ניאָמקע סאם אוב טונעיא־

ד'עווקו! האָט בנימין געענטפערט, געמאַכט דערביי א רחמנות פנים, א ווייז געטאָן מיט דער האַנד און געבעטען רחמים: גוואלד אוב טונעיאדרעווקע זשינקאָ טעבי דאם טשארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאנקויעט טעבי.

דער מוזשיק אפנים האָט זיך אָנגעשטויסען וואָס בנימין מיינט, דאָברי זשידקאָ! האָט ער געזאָגט, זיך געזעצט אויף זיין אָרט מיט דעם פנים צו דיא אָקסען און געמאַכט סאָפּ, הייטא!

אקעגען א פּאָאר שעה ארום איז דער וואָגען ארויסגעפאָהרען גלייך אויפ'ן מארק אין טונעיאדרעווקע, ווייבער און מאנסביל האָבען זיך א שאָט געגעבען אקעגען מיט פארשיעדענע שאלות: דער שרייעט: טשויעש סקילקע האָטשעם זא פיווען? זא ציבולי? יענער פרעגט: מאָזשע מאיעש קארטאָפּלי, יאיצי? בתוך הבאים קומט איינער מיט א שאלה: טשויעש מאָזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? או נאם יעדין זשידקאָ, בניאָמקא, ווטשאָרא פּראפּאל יק אוב וואָדי, און איידער דער מוזשיק האָט אוספּייעט איטליכען צו ענטפערן זיינען דיא אלע ווייבער וויא דיא היישעריקען איבערגעפאַלען דעם וואָגען, האָבען אויפגערעקט דיא סוויטקע און אין איין קול ארויסגעלאָזט א געשריי: בנימין!..... ער איז דאָ! ציפּע קרוינע! בת־שבע בריינדיל, לויפט גיכער צו זעלדען מיט דער גוטער בשורה, אז איהר שאָרען האָט זיך אָפּגעזוכט! זיא וועט שוין ניט זיין קיין וויסטע עגונה.

סאיז געוואָרען א רעש, א צונויפלויפעניש, גאַנץ טונעיאדרעווקע האָט זיך געווינט, קינד און קויט זענין געלאָפען אָנקוקען בנימינ'ן. מען האָט איהם פאר־וואָרפען מיט רייד, מיט שאלות, מיט ווערטלאך, מען האָט דערציילט. אז דעם גאנצען נעכטיגען טאָג מיט דער נאכט האָ מען איהם געזוכט. געאקערט, מען האָט איהם שוין געהאלטען פאר א קדוש און זיין ווייב פאר א וויסטע עגונה, פליצים אין מיטען געטימעל איז דאָס ווייב זיינס צוגעלויפען מיט א געוויין. זיא האָט געבראָ־כען דיא הענד אָנקוקענדיג איהר באשערטען וויא ער ליעגט בלייך און טויט און קען קיין ריהר זיך ניט טאָהן. זיא האָט נעבאך אליין נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זיא איהם שעלטען אויסלאָזען צו איהם איהר שווער ביטער געמיטה, צי זאָל זיא ארויסווייזען איהר פרייד, איהר שמחה. וואָס גאָט האָט זיא, וויסטע עגונה, אויפגעריכט.

אין עטליכע מינוט ארום האָט מען בנימינ'ן אזוי טאקי וויא ער איז געלע־גען אויפ'ן זאק קארטאָפלעס, געפיהרט צו זיך אהיים איבער דעם מארק מיט א גרויסער פּאראדע, דער גאנצער טונעיאדרעווקער עולם פון קליין ביז גרויס האָט

איהם אָפּגעגעבען כבוד, קיינער האָט זיך נישט געלאָזט בעטען, און איהם בעלייט מיט א רעש, מיט א געשריי: קדוש! קדוש! קדוש.

דער נאָמען קדוש איז בנימינ'ן פון דענסטמאָהל אָן טאקי אויף תמיד גע־בליעבען, ער האָט געהייסען בנימין דער קדוש און זיין ווייב זעלדע דיא עגונה.

דער טונעיארעווקער מומחה איז נאָך דעם טאָג טאקי צו בנימינ'ן געקומען, און האָט איהם געגעבען ראטוניק מיט אלע תחבולות, וואָס איז נאָר מעגליך גע־ווען. ער האָט איהם געשטעלט באנקעס אי פּיאיווקעס, אויך אין גאנצען איהם אָפּגעגאָלט און געזאָגט פארין אוועקגאנג, אז נאָך דיא אלע מיטעל וועט ער אים־ירצה־השם גענעזען ווערען און וועט נאָך מָארגען קענען, אויב ער וועט כח האָבען, געהן גומל בענטשען אין בית מדרש אריין.

---

## וויא בנימין סקאָמפּאנייעט זיך מיט סענדעריל דער יודענע.

דיא דאָזיגע מעשה, וואָס מיט בנימינ'ן האָט זיך געטראָפען, וואָס האָט אָנ־געמאכט אזוי פיעל יסורים זיין ווייב, אזוי פיעל לייטישע רייד אי אין דער שטאָדט אי דאָרטען אונטערן אויוון אי אויף דער אויבערשטער באנק האָט אין פלונק, דאכט זיך, בעדארפט אויף אויביג פון איהם ארויסשלאָגען דעם געדאנק פון זיין נסיעה אין דיא ווייטע מקומות, נאָר אָבער א טעות, פארקעהרט עס האָט נאָך אין איהם דעם דאָזיגען געדאנק ערשט בעסער ארייננגעשלאָגען. ער האָט פון דענסטמאָל אָן אויף זיך געקוקט מיט דרך ארץ וויא אויף א מענשען, א געניטען, וואָס איז געגוג אין זיין לעבען אויסגעשטאנען, ער איז ביי זיך געוועזן צעהען מאָל טהייערער פאר זיין בעהארצקייט, פאר זיין שטארקייט, מיט וועלכער ער איז אויסגעשטאנען אזוי פיעל שווערע פּראָבעס און גובר געווען אין גאנצען דיא טבע זיינע. ער האָט אָנגעהויבען זיך צו האלטען פאר א גיבור, פאר א חקרן, וואָס האָט א ידיעה אין אלע שבעה חכמות, וועלכע עס געפינען זיך נאָר אין דעם „צל עולם“ וואָס האָט זיך אָנגעלייענט וויא אפּויק אין אזעלכע מיני ספרים און ווייסט וואָס אויף דער גאנצער וועלט טהוט זיך. ער האָט אָנגעהויבען אליין אויף זיך א מבין צו ווערען און זיך אליינצובעדויערן וואָס ער, אזא מענש וויא ער, געפינט זיך געביך כשושנה בין החוחים, וויא א ריעז צווישען דערנער, וואו? אין טונעיא־רעווקע, אין אזא העק, צווישען פּראָסטע מענשען, וואָס פערשטעהען נישט און ווייסען נישט פון זייער לעבען צו זאָגען! דיא לייטישע רייד און דיא ווערטלאך, וואָס זענין איבער איהם געפאלען, זיי האָבען אדרבה איהם ערשט געטריעבען

אין וונג ארײן. עס האָט איהם זיך געלוסט וויא צום גיכסטען אוועק פון טונעיאַ־
רעווקע. וויא דערלעב איך שוין, פלעגט ער אלץ טראכטען, זיך אוועקצולאָזען אהין
ווייט, און קומען בשלום צוריק מיט ישועות און נחמות אויף יודען, מיט
כבוד און מיט א גוטען נאָמען אין דער וועלט, און דענסטמאָל וועט גאנץ טונע־
יארעווקע וויסען, פון קליין ביז גרויס, וואָס איך בנימין בין, וואָס איך בנימין
בעטייט......

בנימינ'ן האָט לעת עתה אָפּגעהאלטען פון דער נסיעה נאָר דיא דאָזיגע קליי־
נע מניעות: ערשטענס וואו נעהמט מען אויף הצאות? ביי איהם אליין האָט קיין
מאָל זיך נישט געפונען קיין גראָשען איינקעשענע. ער פלעגט תמיד זיצען ליידיג
אין בית-המדרש און זיין פלוניתטע איז געווען דיא אשת חיל, דיא פרנסה געבע־
רין פון א נאס אפטייקעל, וואָס זיא האָט זיך געמאכט באלד נאָכ'ן קעסט אראָפּ־
געהענדיג, און מישטעהענס געזאָגט, וואָס דאָס גאנצע קלייטעל האָט אָנגעטראָ־
פען; ווען זיא זאָל דערביי נישט געווען ארבייטען זאָקען, נישט פליקען ווינטער
ביז שפּעט אין דער נאכט פעדערן, נישט פרעגלען אויף צו פערקויפען פסחדיג
שמאלץ, נישט איינהאנדלען א מאָל אין א מארק טאָג־טאָג ביי איהרע בעקאנטע
מוזשיקעס קיין מציאות, וואָלט נישט געווען מיט וואָס דיא נשמה צו דערהאל־
טען. פארקויפען עפּעס פון שטוב-זאכען? נאָר וואָס אָבער האָט דאָרט זיך געפו־
נען? א פּאָאר מעשענע לייכטער, וואָס זיינען זעלדען געבליעבען ירושה פון איה־
רע עלטערען, אין וועלכע זיא בענטשט ליכט, שייערט עס תמיד און זיך דערמיט
שטארק מהנה. קיין ציהרונג האָט זיא ניטי חוץ א זילבערן רייפעלע מיט א פעריל
פון איהר מאמעס שטערענטיכעל, וואָס דאָס ליגט ביי איהר פארשלאָסען און
טהוט עס אָן נאָר א מאָל בשעת א גרויסע שמחה אָדער בשעת א מזל־טוב אָפּגעבען.
פארקויפען זשע עפּעס פון זיינע חפצים? גאָר אין גאנצען האָט ער געהאט א
שבת'דיגע אטלעסענע קאפּאָטע נאָך פון דער חתונה אָן, צוהאקט צופאלען פאָ־
רענט אי הינטען און דער געלער אונטערשלאק האָט ארויסגעקוקט. ער האָט גע־
האט פראוודע אי א טולעפּיל, נאָר אונטען איז ער געווען אין גאנצען אָפּגעבא־
רעט, דער קאָלנער מיט גאָר נישט בעלייגט. בשעת זיין חתונה האָט דער טאטע
זיינער, איהם צו לאנגע יאָהר, געהייסען נישט זשאלעווען, אדרבה מאכען א לאנ־
גען קאָלנער פון דער פולער האנד און אָפּסטעפּען איהם לעת־עתה פון אויבען
מיט א שטיק אונטערשלאק. וואָס איז געבליעבען יתור פון זיי קאפּאָטע און האָט
דערביי זיך מתחייב געווען צו בעלייגען דעם קאָלנער מיט פייא איה"ש שפּעטער
ביים סילוק'ן דעם מותר פונם נדן. דעם נדן אָבער האָט ער נישט געסיליקט און

דער קאַלנער איז געבליעבען אזוי וויא ער איז געוועזן ביז דעם היינטיגען טאָג...
צווייטענס האָט בנימין ניט געוואוסט וויא מען רייסט זיך ארויס פון דער היים,
איבערשמיעסען מכח דער נסיעה מיט זיין פלוניתטע און ארויסזאָגען איהר דיא
גאנצע זאך בפירוש? חלילה וחס! וואָלט געוואָרען א ליארעם, א געפילדער,
זיא וואָלט איהם אָפּגעווייגט מיט טרעהרען אום איהם געהאלטען זיכער פאר
ריין משוגע, וואָרום וויא האָט א יודענע שכל אזעלכע ענינים משיג צו זיין?
א יודענע, אז זיא איז שוין אפילו גאָר דיא אשת חיל, איז זיא דאָך פאָרט נישט
מעהר וויא א יודענע. וואָס דער מינדסטער מאנסביל האָט אין נאָגעל, האָט זיא
נישט, און קען עס גאָר ניט האָבען, דיא פיינסטע און דיא קלינסטע יודענע אפילו
אין איהר קאָפּ.... אוועקגעהן זשע בשתיקה און דעם זיי־געזונט פארגעסען? איז
עפּיס אויך פריקרע, דאָס איז אביסעל מעשה ליטוואק. ווידער זשע בלייבען זיט־
צען אין דער היים און אָפּזאָגען זיך פון דער גאנצער נסיעה? דאָס איז ריין אונ־
מעגליך. עס הייסט אזוי פיעל וויא אָפּזאָגען זיך צו לעבען, דיא נסיעה איז בנימנ'ן
געוואָרען דיא צווייטע נאטור. וויא א יוד מוז דריי מאָל אין טאָג דאווענען אזוי
האָט ער געמוזט איטליכע רגע אין דער נסיעה טראכטען. אפילו אין שלאָף איז
זיא איהם פון זינען ניט ארויס און האָט איהם זיך שטענדיג געחלום'ט. זיא האָט
טיעף איינגעוואָרצעלט איהם אין הארץ און זיך בעשעפטיגט געמאכט מיט
זיינע אויגען און אויערן אזוי, אז ער האָט אויפגעהערט צוזעהען אי צוהערען
דאָס אלסדינג, וואָס פאר איהם, ער האָט נאָר געזעהען אי געהערט דאָס וואָס טוט
זיך דאָרט, דאָרט העט ווייט אין יענע מקומות, נישט איין מאָהל פלעגט ער אין
א שמיעס מיט עמעצין פלולים ארייננמישען: הינדיא, סמבטיון, אנטיקו'דאָ, פּי־
פערנאָטער, לינדענוואָרעם, אייזעל, מוילאייזעל, באָקסאָר, כצפיחית, טערק, טאָ־
טער, גזלן וכדומה נאָך אזעלכע ווערטער. דיא נסיעה האָט געמוזט געמאכט ווע־
רען, נאָר וואָס טהוט מען מיט דיא מניעות. דאָס האָט ער זיך קיין עצה נישט גע־
קענט געבען. ער האָט געפיהלט אז ער בעדאַרף האָבען איינעם, מיט וועמען ער
זאָל קענען מכח דעם זיך מישב זיין.

איש אחד היה בטונעיאדעווקע, איין מענש איז געווען אין טונעיאדעווקע
ושמו סענדעריל און ער האָט געהייסען סענדעריל, נאָך זיין עלטערזיידען רב סענ־
דעריל. זה הסענדעריל דער סענדעריל היה איש פשוט איז געווען א פשוט מענ־
שעל, דאָס הייסט א פּראָסטער אָהן חכמות, אין בית המדרש האָט ער געהאט א
שטאָט אונטער דעם בעלמעמער, און דאָס אליין איז שוין דער בעסטער סימן,
אז ער איז ניט געווען פון דיא טונעיאדעווקער פיינע בריות, פונם דאָרטיגען צי־

מעס און דער גילדענער פאָן. דיא שמיעסען אין בית המדרש אָדער ערגיץ אנדערש פלעגט ער דאָס רוב צו הערען שטיל, וויא א זייטיגער פארשוין אָדער א וואָלניע סלושאטעל. נאָר פלעגט ער א מאָהל זיך אָנרופען א וואָרט האָט ער אָנגעמאכט א גרויס געלעכטער, נישט מחמת דרינען איז געלעגען עפּיס א ווילדע חכמה אָדער א גרויסע המצאה, ניין, נאָר גלאט זיינס א וואָרט האָט עפּעס געמאכט לאַ־כעדיג, חאָטשע ער האָט עס נעביך געזאָגט גאנץ פּשוט בתמימות און האָט כלל נאָר נישט געמיינט יענעם דערמיט לאכעדיג צו מאכען, אדרבה, אז מען פלעגט לאכען, פלעגט ער אויסשטעלען א פּאָר אויגען און אָנקוקען פאר וואָס מען לאכט, פאראיבעל האָבען דערפאר פלעגט ער קיין מאָהל נים. ווארים ער איז בטבע געוועזן א גוטער, א פּאָקאָרנער, וויא עס נים זיך א מאָהל אוים א פּאָקאָרנע קיה, ער האָט נאָר נישט געוואוסט אז מען בעדארף פאראיבעל האָבען. יענער לאכט, נוא מילא לאָז ער זיך לאכען, מסתמא האָט ער דאָך הנאה. דאָך מוז מען מודה זיין, אז אין סענדערלים א וואָרט איז א מאָל געלעגען טאקי איין אמת גלייכער איינפאל חאָטש ער אליין האָט עס גאָר אזוי ווייט נישט געמיינט און עס געזאָגט גלאט בתמימות. מיט איהם פלעגט מען ליעב האָבען קאטאָוועס צו טרייבען. דער גרעסטער טהייל בערליך אין תשעה־באב זענין אין זיינע פּאות איינגעפלאָנטעט געוועזן. דער בעסטער חלק קישעליך, וועלכע מען ווארפט הושענא רבה ביי דער נאכט ביים אויפזיין, איז איהם אָנגעקומען, אקעגען זשע דער קליינסטער חלק רעטשען קיכעל און בראנפען פון תיקון אָדער גלאט אזוי בראנפין איז ווידער טאקי אין איהם אָנגעקומען. הכלל סענדעריל איז תמיד און אומעטום געוועזן דאָס כפרה הינדעל, און מחמת דעם האָט ער טאקי בעקומען א צונעמעניש: סענדעריל דאָס כפרה הינדעל, סענדעריל איז בטבע נישט געוועזן, וויא אנדערע, קיין עקשן, האָט איינער געזאָגט אזוי איז פון זיינעטוועגען רעכט געוועזן אזוי. סענדעריל האָט געטאָהן יענעמס רצון, נישט מחמת מבטל צו זיין זיין רצון כדי יענער זאָל דערפאר מבטל זיין זיין רצון פאר זיין רצון, נאָר גלאט פּראָסטע איז מאָסטע ער האָט געטאָן יענעמס רצון. וואָס ארט עס מיך? איז זיין שטייגער געוועזן צו זאָ־גען, וואָס פאר א דאגה האָב איך? דוא ווילסט דוקא אזוי נו זאָל זיין אזוי. צווי־שען יונגליך איז סענדעריל געוועזן א יונגעל, ער פלעגט עפּטערס געהן, שמיעסען, זיך שפּיעלען מיט זיי אין איינעם און האָבען דערפון תענוג צווישען זיי איז סענ־דעריל באמת געוועזן וויא א פּאָקאָרנע בהמה וואָס לאָזט צו זיך צו קינדער, זיי זאָלען אויף איהר רייטען און איהר קראַטצען דיא מאָרדע, קונדסים פלעגען איהם קריכען אויפן קאָפּ און צופּען איהם ביים בערדיל. אנדערע פלעגט עס א מאָל אָרען

און פלעגען אָנשרייען: תרבית שקצים פאר איין עלטערן פאר א יודען מיט א באָרד! וואָס צופּט איהר איהם דאָס בערדיל?! נישקשה, נישקשה, פלעגט סענ־דעריל זיך אָנרופען, וואָס אַרט עס מיך? וואָס פאר א דאגה איך האָב? זאָלען זיי מיך א ביסעל קראַטצען, ביי זיך אין דער היים האָט סענדעריל נעביך קיין האַ־נינג ניט געלעקט. זיין ווייב איז געגאנגען אין ספּאָדיק און ער האָט ביי איהר געהאַט א וויסטע, ביטערע דאָליע, זיא פלעגט איהם האלטען אין דער מורא, א מאָל דערלאַנגען א זעטץ און ער נעביך האָט עס געמוזט מקבל באהבה זיין. אונ־טער א יום טוב פלעגט זיא איהם אנידערשטעלען אויסווייסען דיא שטוב און אונ־טערבינדען איהם דאָס בערדיל מיט א טיכעל, ער פלעגט איהר שיילען קארטאָפּ־לעס, קאַטשען און בראָקען לאָקשען, אָנפילען פיש, אָנטראָגען אי אריינלייגען אין אויוועז האָלץ און אונטערהייצען, אקוראַט וויא א יודענע, דעריבער האָט מען איהם טאקי אויך גערופען סענדעריל דיא יודענע.

אָט דעם סענדעריל דיא יודענע האָט אונזער בנימין אויסגעקליבען איהם צו עפענען דאָס הארץ און מיט איהם זיך שואל בעצה זיין וואָס ער זאָל טאָן. דער טעם דערפון, פאר וואָס גראָד סענדעריל? איז דער: ווייל בנימין האָט תמיד געפיהלט צו איהם עפּיס א שטיקעל ליבשאַפט. סענדעריל איז אין פיל זאכען איהם זעהר געפעהלען, ער האָט אין א סך ענינים זיך מיט איהם אויסגעגלייכט און פלעגט א מאָהל אין שמיעס מיט איהם זיך פשוט מחיה זיין. מעגליך אפשר נאָך אי צוליעב דעם אויך וואָס בנימין האָט גערעכענט דאַרויף וואָס סענדעריל איז קיין עקשן נישט. ער סענדעריל, וועט זיין פּלאַן אָננעהמען און איהם נאָכגעבען אלסדינג, וואָס ער וועט איהם זאָגען. און אויב סענדעריל וועט אפשר אין עטליכע פונקטען זיך איינשפּארען, וועט ער איהם מיט גאַטש הילף און מיט זיין חלקת הלשון גובר זיין......

ויהי כבוא בנימין לסענדעריל און אז בנימין איז געקומען צוא סענדערלין האָט ער איהם געטראָפען כשהוא יושב על ספסל החלב וקולף קארטאָפלעס. ווי ער זיצט אויף דער מילכידינער באנק און שיילט קארטאָפלעס. איין באק האָט איהם שטארק געפלאמט און אונטערן אויג איז איהם געוועזן בלויא מיט א גראבעל, עפּיס וויא מען דערלאַנגט א קרעל מיט א נאָגעל. ער איז געזעסען וויא א נעכטי־גער, בעטריבט און פערזומערט וויא א יוגענד, וואָס דער מאַן איהרער האָט זיא אוועקגעוואָרפען און איז אוועקגעגאַנגען למדינת הים, אָדער וויא איין אשה, וואָס דער מאַן האָט איהר דערלאַנגט א פאטש.... סענדעריל'ס ווייב איז ניט געווען אין דער היים.

— גוט מאָרגען סענדעריל! וואָס ביסט דוא שערדצע אזוי בעטריעבט? האָט בנימין געזאָגט אריינקומענדיג און געוויזען סענדערלין מיט א פינגער אויף דער באק. הא, ווייטער זיא? וואו איז זיא, דיא בחורטע?

—אין מארק.

—גאנץ גוט! האָט בנימין כמעט א געשריי געטאָהן פאר גרויס שמחה. לייג אוועק, נשמה מיינע, דיינע קארטאָפּלעס און קום מיט מיר אין אלקער אריין. דאָרט איז קיינער נישטאָ? קיין שומר מיט דיר בעדאַרף איך איצט נישט האָבען, איך וויל דיר ענטפּלעקען מיין הארץ. איך קען מיר שוין נישט איינהאל־טען, עס קאָכען אין מיר דיא געבליטען, אך גיכער סערדצע גיכער, זיא קען נאָך אנקומען און אונז שטערען איידער מיר וועלען פארטיג ווערען.

—וואָס ארט עס מיך? דוא ווילסט טאקי ניך זאָל זיין גיך, וואָס פאר א דאנה איך האָב? האָט סענדעריל זיך אָנגערופען און איז אריין אין אלקיר.

—סענדעריל! האָט בנימין אָנגעהויבען מיט אזא שמיעס, זאָג מיר. דוא ווייסט וואָס אויף יענער זייט טונעיאדעוועקע איז?

— איך וויים. דאָרט איז דיא פריטשעפּע וואו מען בעקומט א מאָל א גוט ביסעל בראנפין.

— דוא ביזט א נאר, איך מיין ווייטער, א סך ווייטער.

— נאָך ווייטער פון דער פריטשעפּע?! האָט סענדעריל פערוואונדערט זיך אָנגערופען. ניין, ווייטער דערפון וויים איך נים. און דוא בנימין ווייסט?

— אויב איך וויים? א שאלה אביסעל אויב איך וויים? דאָ איז ערשט דאָ א וועלט? האָט בנימין א זאָג געטאָהן מיט התלהבות גלייך וויא קאָלומבוס בשעת ער האָט ענטדעקט אמעריקא.

— וואָס זשע איז אזוינס דאָרטען?

— דאָרטען, דאָרטען. האָט בנימין זיך צופלאקערט. פּיפּערנאָטער! ליג־דענוואָרעם!.....

—דער לינדענטוואָרעם, מיט וועלכען שלמה המלך האָט געשניטען דיא שטיי־נער צום בית המקדש? האָט סענדעריל אריינגערוקט זיין וואָרט בתמימות.

—יאָ, נשמה מיינע, יאָ, דאָרט איז ארץ ישראל, דאָרט איז יענע מקומות... הא, דוא וואָלסט געוואָלט זיין דאָרט?

— און דוא וואָלסט געוואָלט?

— א שאלה אביסעל! איך וויל סענדעריל, איך וויל און וועל טאקי דאָרט באלד זיין.

—איך בין דיר מקנא בנימין. דוא ווערסט עס דאָרט זיך אָנעסען אביסעל מיט באָקסאָרען און מיט טייטלען. הא הא!

—דוא סענדעריל קאָנסט עס אויך עסען וויא איך. דוא האָסט אין ארץ ישראל אזא חלק וויא איך.

— חלק האָב איך טאקי. נאָר וויא קומט מען אָבער אהין? דאָרט איז דאָך דער תוגר.

— דערצו סענדעריל איז דאָ א תרופה, זאָג מיר, סערצע, דוא ווייסט עפּיס פון דיא רויטע יודליך?

—איך האָב אָנגעהערט געגוג מעשיות איבער זיי אונטערן אויוועץ, נאָר וויסען אקוראט וואו זיי זיצען און וויא מען קומט צו זיי, דאָס ווייס איך נישט. איך זאָל וויסען מסתמא וואָלט איך דיר אויך מודיע געווען. פאר וואָס ניט? וואָס ארט עס מיך?

— הע הע! זעהסט־דוא און איך ווייס, האָט בנימין געזאָגט מיט גדלות און ארויסדערטאפּט פון קעשענע דעם „שבחי ירושלים“. זעהסטו אָט וואָס דאָ שטייט איך וועל דיר עס לייענען.

„אז איך בין געקומען קיין ברוט“י, אזוי שטעהט געשריעבען, האָב איך גע־פונען פיער יודען פון בבל. האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי וואָס האָט פערשטאנען לשון קודש און האָט געהייסען ר' משה. האָט ער מיר דערציילט גאנץ אמתע זאכען פון טייך סמבטיון אז ער האָט געהאָרכט פון ישמעאלים וואָס האָ־בען איהם געזעיהן און אז דאָרט זענין דאָ דיא בני משה. אויך זאָגט ער ווייטער: „אז דער נגיד האָט מיר דערציילט, אז א יאהר דרייסיג אין דעם איז בייא איהם איינגעשטאנען איינער וואָס ער איז געווען פון שבט שמעון, און ער האָט געזאָגט אז אין זיין מקום זענין דאָ פיער שבטים, איינער פון זיי איז דער שבט יששכר, וואָס איז זיך עוסק אין תורה און פון דעם שבט איז דאָ א מלך איבער זייא“. חוץ דעם שטעהט נאָך בפירוש, אי אין דעם דאָזיגען ספר „מסעות בנימין“ אָט דיא ווערטער: פון דאָרט איז א מהלך פון צוואנציג טעג צו דיא בערג ניסבון, וואָס אויף דער טייך ג ו ז ן. אין דיא בערג ניסבון זענין דאָ פיער שבטים: דער שבט זבולון, דער שבט אשר און דער שבט נפתלי, זיי האָבען מדינות און כרכים און די בערג. פון איין זייט נעהמט זייא ארום דער טייך גוזן, זייא האָבען ניט אויף זיך קיין יאָך פון דיא אומות. נאָר איין מלך איז דאָ איבער זייא און ער הייסט ר' יוסף אמרכלא הלוי. און זייא האָבען א ברית, א בונד מיט דעם כופר אל־תור"ך. „א חוץ דעם שטעהט נאָך זאכען און נאָך וועגען דיא בני רכב אין דעם לאנד

תימא, וואָס זיי האָבען איבער זיך א יודישען מלך און פאסטען און בעטען נאָך אויפן גלות ישראל, נוא, וואָס דיינקסט דוא, סערדצע, אז זייא וואָלטען א שטיי־נער פּלוצלים דערזעהן מיך. מיך זייער ברודער בנימין פון טונעיאדעווקע קומט צו זייא צו גאסט ? הא. וואָס דיינקסט דוא סענדעריל ? אדרבה זאָג, איך בעט דיך, וואָס זאָגסט־דוא דערצו ?

— זיי וועלען פּשוט זיך מחיה זיין, זאָג איך דיר בינימין. א קאַטאָוועס אזא גאסט, אזא טהייערער גאסט ! איטליכער וועט דיך פארבעטען צו זיך אויף א מאָהלצייט. דער מלך אמרכלא מסתמא אויך. לאָז זייא דאָרט חאָטש פון מיר נאָר פריינטליך גשריסען. איך זאָל קענען וואָלט איך חלעבין אויך מיט דיר אהין גע־גאנגען.

— הא ! האָט בנימין א מאך געטאָן פארפלאמט פון א נייעם געדאנק. וואָס איז איהם איינגעפאלען. הא ! טאָמיר באמת טאקי סענדעריל. סערדצע, וואָלסט־דוא מיט מיר אין איינעם געמאכט דיא נסיעה. נארעלע. אצינד חלעבין האָסט־דוא זעהר א גוטע געלעגענהייט. איך געה אבלייז אהין וועל איך דיר מיטנעהמען. נארעלע איינער, אין צווייען איז היימליכער. טאָמיר וועל איך דאָרט, א קשיא אויף א מעשה. ווערען מלך וועל איך דיך מאכען, חלעבין, פאר א משנה למלך. נא דיר מיין האנד תקיעת־כף ! וואָס ועסט דוא, נאַרעלע, דאָ זיטצען און ליידען גלות נעביך פון דיין פּלוניתטע, דיא רשע'טע. קוק אָן וואָס פאר א באק נעביך דוא האָסט. דוא האָסט דאָך בייא איהר א וויסטע, פינצטערע דאָליע. חלעבין סענדעריל קום. וועסט נישקשה קיין חרטה נישט האָבען.

— טאָ. האָט געזאָגט סענדעריל. אויב דוא ווילסט דוקא אזוי, זאָל זיין אזוי. אי זיא ? וואָס פאר א דאגה איך האָב ? א נאר וואָלט איך בעדארפט זיין איר זאָגין וואָהין איך לאָז מיך אוועק.

— נשמה מיינע. לאָמיך דיך א קיש טאָן ! האָט בנימין ארויסגעלאָזט מיט גרויס שמחה און פאר ליבשאפט ארומגענומען סענדעריל דיא יודענע. דוא האָסט מיר סערדצע מיט איין וואָרט פארענטפערט א קשיא, א קלאָטץ־קשיא. איך זאָג איצט אויך אזוי וויא דוא : אי זיא ?־ מיינע. מיין איך, וואָס פאר א דאגה איך האָב ? ס'איז אָבער דאָ נאָך א קשיא וואו נעהמט מען אויף הוצאות.

— אויף הצאות ? דוא ווילסט דען זיך אויסקליידען, בנימין, אָדער אי־בערניטצעווען דיין קאפּאָטע. הערסט־דוא. און איך וואָלט געזאָגט, מען בעדאַרף חלעבין נישט. אין וועג איז אדרבה גלייכער אלטע קליידער. דאָרט וועלען מיר מסתמא בעקומען נייע שיינע קאפּאָטעס.

— יאָ טאַקי אמת, דאָרט האָב איך שוין קיין דאגה נישט. מען בעדאַרף דאָך אָבער לעת־עתה ביז דאָרט האָבען עפּיס געלד פּראָסט אויף צועסען ?

— וואָס הייסט, בנימין, אויף־צועסען ? דוא האָסט דען בדעה מיטפיהרען מיט זיך א קעך ? צו וואָס ? נישטאָ דען אויפן וועג קיין קרעטשמעס, קיין הייזער ?

— איך פערשטעה דיך, סענדעריל, נישט וואָס דוא מיינסט, האָט בנימין פאַרוואונדערט זיך אָפּגערופען.

— איך מיין, האָט סענדעריל גיענטפערט בתמימות, אבי ס'איז דאָ נאָר הייזער, קען מען אין איין וועג טאַקי געהן איבער דיא הייזער. וואָס טהוען דען אלע אנדערע יודען ? היינט געהן א טהייל צו יענע אין דיא הייזער דערנאָך געהן יענע פון זייער זייט צו אנדערע אין דיא הייזער. ס'איז דאָך א יודישע זאַך, נאָר א גמילות חסד....

— דוא ביסט חלעבין גערעכט ! האָט בנימין א זאָג געטאָהן בשמחה. אצונד איז מיר ליכטיג געוואָרען אין דיא אויגען. אויב אזוי, בין איך ברוך השם אין גאַנצען פאַרטיג און פאַרזאָרגט מיט אלסדינג. נאָך מאָרגען טאַקי, גאַנץ פריה אז דער עולם וועט נאָך שלאָפען קענען מיר אוועקגעהן. פאַרליהרען צייט איז חלעבין איין עברה. דוא ביסט מוסכם ?

— דוא ווילסט מאָרגען, זאָל זיין מאָרגען, וואָס פאַר א דאגה איך האָב ?

— מאָרגען גאַנץ פריה, הערסטו סענדעריל ?, וועל איך שטילערהייט ארויס־געהן פון דער היים. לעבין דער פּוסטער ווינטמיהל דאָרט וועל איך אויף דיר וואַר־טען. געדיינק זשע סענדעריל, מאָרגען גאַנץ פריה זאָלסט דוא אהין ארויסקומען. געדיינק זשע, האָט בנימין נאָך א מאָל איבערגעחזערט און שוין געוואָלט אוועקגעהן.

— ווארט נאָך בנימין, ווארט אביסיל ! האָט סענדעריל געיאָגט. זיך :ע־באָברעט איבער דער בוזעם לעשעננייע פּונם לייביל און ארויסדערטאַפּט פון דאָרט עפּיס איין אלט פאַרשוויצט שטיקעל יערכע, ארומגעוויקעלט מיט בענדליך עט־ליכע מאָל הין און צוריק און פערקניפּט אוודאי מיט א צוואַנציג קניפּלאַך. זעהסט־דוא בנימין, אָט דאָס קניפּעל האָב איך אוספּייעט אָנזאמלען אונטער מיין ווייב פאַר דער גענצער צייט, וואָס איך האָב פאַר איהר חתונה געהאַט. עס וועט אונז אין דער התחלה צוניטץ קומען, הא ?

— אציגר, סערדצע, ביסט דוא ווערט מען זאָל דיר אויסקישען איטליכס

אבער, איטליכס גליד בעזונדער, האָט בנימין געזאָגט הויך, לעבעדיג און ארומגע־חאפּט סענדעריל דיא יודענע.

— אַ פארהאפּט זאָלסט־דוא ווערען! קוקט נאָר אָן, איך בעט אייך, דאָס גרויסע ליבשאפּט וויא מען נעהמט זיך אזוי ארום. און דאָ איין שטוב שטעהט א ציג און עסט דיא קארטאָפלעס! האָט זיך פלוצים געהערט א געשרייא.

— דאָס געשרייא איז געוועזן פון סענדערילס פלוניתטע, זיא איז געשטאנען אָנגעצונדען אין איין פייער, מיט איין האנד געוויזען אויף דער ציג און מיט דער אנדערער גערופען צו זיך סענדערלין, סענדעריל האָט מיט איין ארָאפּגעלאָזטען קאָפּ זיך געלאָזט פאמעליך פאמעליך אריינגעהן אין שטוב גלייך וויא א פארזינ־דיגט קינד וואָס מען וויל איהם מקיים פסק זיין. ז

— שטארק זיך, נשמה מיינע, דאָס איז איהר שוין דאָס לעצטע מאָל, גע־דיינק זשע מאָרגען.... האָט בנימין שטילערהייט איינגערוימט סענדערלין אין אויער און וויא א קעטצעלע זיך ארויסגערוקט פונם שטוב.

וויא בנימין מיט סענדערלין פארלאָזען טונעיאדעווקע.

אויף מאָרגען גאנץ פריה איידער דער פאסטוך האָט נאָך פארנומען דיא בהמות אין דער טשערעדע אריין איז אונזער בנימין שוין געשטאנען גרייט לע־בין דער ווינטמיהל מיט א פעקיל אונטערן אָרם. אינעווייניג אין דעם פעקיל איז געלעגען אלע זאכען, וואָס זענען נייטיג געווען צו דער נסיעה היינו: טלית און תפילין, א סידור דרך החיים, א חוקיל, א תהילים און יענע אלע ספרים, אָהן וועל־כע ער האָט זיך נישט געקענט ריהרען אזוי וויא א בעל מלאכע אָהן זיין געצייג. דיא שבתדיגע קאפּאָטע זיינע איז אויך דאָרט געלעגען מען מוז דאָך פאר דער וועלט א פנים האָבען און יוצא זיין פאר לייט. אין קעשעניע האָט ער געהאט א פופצעהנטהאלבען גראָשען, וואָס ער האָט פארן אוועקגאנג ארויסבעקומען ביי־א זיין פלוניתטע אונטער דער קישען. הכלל ער איז געוועזן ברוך השם פאר זאָרגט מיט אלסדינג און שוין געקענט זיך לאָזען אין וועג אריין.

דיא זון איז דערווייל אויפגעגאנגען זעהר שיין און האָט ארָאפּגעקוקט מיט איהר ליכטיגען פנים אויף דער וועלט. איין קוק איהרער האָט צוא געגעבען א שטיק געזונד, מחיה געוועזן איטליכע זאך בעזונדער.ביימער און גראָז האָבען עפּיס וויא זיס געשמייכעלט איידער דיא גרויסע טרעהרין טויא פון ביי־נאכט זענען זיי נאָך נישט אויסגעטריקענט, אקוראט וויא קליינע קינדער צולאכען זיך פלוצלים פרעהליך אין מיטען געוויין פון א בליטשעדיג טשאטשקעלע, בשעת טרעהרען ווי דיא באָבען שטעהן זייא נאָך אין דיא אויגען. דיא פעלדפייגעליך האָבען געשווינ־

זיך געטראָגנען אין דער לופט, געשפּילט און געזונגען ארום בנימינ'ן. גלייך וויא זייא וואָלטען געזאָגט: קומט, לאָמיר זינגען אי שאלען און דערפרייען דעם פיינעם פארשוין לעבין דער ווינטמיהל! דאָס איז בנימין אליין, דאָס איז בנימין דער טונעיאדעווקער, דער אלכסנדר מוקדון פון זיין צייט, וואָס ער פארלאָזט זיין פאָ־טער לאנד, ווארפט אוועק ווייב און קינדער און געהט אין גאָטס שליחות וואָהין דיא אויגען טראָגען! אָט שטעהט דער גרויסער בנימין, וואָס ער איז וויא דיא זון ארוים פון זיין געצעלט און פרייט זיך וויא א גבור צולויפען אין וועג מיט זיין פעקיל אין דער האנד! ער איז שטארק וויא א לעמפּערט און גרינג וויא איין אָדלער צוטאָן דעם רצון פון אונזער פאָטער אין הימעל! זינגט שפּילט: טריליליליי, טרריל, טריל! שאלט זינגט און דערפרייעט זיין הארץ!... בנימינ'ן איז טאקי באמת פריילעך געוועזן אויפן הארץ, ער האָט בייא זיך געטראכט: „איך בין דאָך דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, וואָס פעהלט מיר אָהן עין־הרע? וואָס געהט מיר אָפּ? מיין ווייב האָב איך, געלויבט איז השי"ת, פאר־זאָרגט. זיא האָט א שטיקעל פרנסה. איך אליין בין א פרייער פויגעל, גלייך וויא דיא אלע פעלדפייגעליך דאָ. דיא גאנצע וועלט איז פאר מיר אָפען. מיט מיין נע־נימשאפט, מיט מיין בעהארצקייט און מיט מיין שטיקעל ידיעה אין דיא שבע חכמות וועל איך נישקשה ערגיץ נישט פארפאלען ווערען. היינט דערבייא בין איך דאָך עפּיס א יוד, א שטיקעל בעל בטחון, אוועקגעלייגט שוין אלע מעלות אין דער זייט לעבען דאָך יודען אָפּ א וועלט מיט בטחון אליין און גאָט פיהרט זייא אוים.

בנימין איז עפּיס זעהר גוט געוועזן אויפן הארץ אזוי, אז דיא לעפצען זיינע האָבען זיך ניעפּענט און ער האָט בנעימותדיג אויפן בייא־קול אונטערגעזונגען א מארש פונם מלך עליון. זיין מארש האָט זיך פארמישט מיט דעם געזאנג פון דיא פייגעליך, מיט דעם זוזשען פון דיא פליגלען. מיט דעם שמוטצערען פון דיא גריי־לען און האָבען אין א קאָנצערט זיך דערהייבען ביז צום כסא הכבוד פון זיין ליבען נאָמען הויך אויף דעם אויבערשטען הימעל!

דערוויי איז א וועק א היבשע צייט און סענדעריל איז נאָך נישטאָ דאָס האָט אָנגעהויבען בנימינ'ן אביסיל צוארען און צושטערט זיין שמחה ער האָט געקוקט אין אלע זייטען, זיך ארויסגענומען דיא אויגען קוקענדיג, נאָר אומזיסט דיא מיה מען הערט נישט מען זעהט נישט, ניטאָ סענדעריל! האָט איהם אפשר דען דיא רשעטע זיינע מכבד געוועזן מיט עפּיס א מלאכה? נאָר דערצו איז נאָך אָבער איצט נישט דיא ציט, גאנץ טונעיאדעווקע שלאָפט נאָך אצונד געשמאַק. קאר־טאָפלעס הייבט מען אָן צו שיילען העט שפּעטער, יודענס נעהמען זיך צום וואר־

עמס ערשט נאָכן אָפּקריגנען און אָפּשעלטען זיך מיט דיא מאנען, ערשט דערנאָך ווען מען שמייסט שוין אָפּ קינדער און מען הייננט ארויס טריקענען דיא בעבי־כעס... אונזער בנימין האָט ניט געוואוסט וואָס צוטאָן און איהם איז געוואָרען נישט פרייליך שטארק ניט פריילי‌ך. אלכסנדר מוקדון האָט צובראָכען דיא בריק איבער וועלכער ער איז אריבער קיין הינדיאָ, בכדי ער זאָל נישט קענען צוריק געהן. לאָזען־זשע זיך אליין אָהן סענדערלין ? ניין, דאָס איז פּריקרע זעהר פּריק־רע ! סענדעריל איז איהם געוועזען שטארק נייטיג, זינט ער האָט מיט איהם זיך סקאָמפּעניִיעט איז איהם עפּיס ליכטיג געוואָרען אין דיא אויגען. אָהן סענדערלין זיך אוועקצולאָזען וואָלט אויסגעקומען עפּיס משונה ווילד, עס וואָלט נאָר א פּנים געהאַט וויא א שיף אָן א רודער, אָדער וויא א מלוכה אָהן א מיניסטער. פּלוצלים האָט זיך געלאָזט זעהן פון דער וויטענס עפּיס וויא א מענשענגעשטאלט, דאכט זיך סענדעריל און פאַרט נישט סענדעריל. דאכט זיך נאָר איינע אין א ציצען קליידעל און מיט א טיכעל אויפן קאָפּ. בנימינ'ן האָט א טיאָכקע געגעבען דאָס הארץ און איז געוואָרען טוים, בלייך וויא דיא וואנד. איהם האָט זיך גע־דאכט אז דאָס געהט זיין ווייב. ניין זיא געהט נישט, זיא לויפט, זיא יאָגט, אָט קומט זיא צולויפען, חאפּט זיך אויף איהם ארויף מיט גרויס כעס. לאָזט צו איהם אויס איהר שווער ביטער הארץ און שלעפּט איהם א היים מיט א יאָמער, א קלאָג. „איין נאָט נאָר ווייסט" אזוי דערצעהלט בנימין אליין „וויא איך בין דענסטמאָל געשטאנען אין איינע צרות, אין געהאקטע וואונדען, הונדערט פּיפּערנאָטערען וואָלט מיר דענסמאָל ליבער געווען צובעגעגנען וויא מיין ווייב ; ווארים א פּי־פערנאָטער בייסט נאָר דאָס לייב, דעם גוף, און א ווייב בשעת כעס גריזשעט און בייסט דיא נשמה. השי"ת אָבער האָט מיר געשטארקט, איך בין באלד טאקי בע־הארצט אנטלאָפען זיך פארבאָרגען הינטער דער ווינטמיהל און געגלוט דאָרט ווי א לייב גלינט אויף זיין פארצוקונג". — אין עטליכע מינוט ארום איז בנימין ארויסגעשפרונגען פון זיין פארבאָרגעניש מיט א שרעקליכען שפרונג און מיט א געשרייא וויא א ריינער משוגענער :

האָ סענדעריל !

סענדעריל איז געגאנגען אָנגעטאָן אין א ציצען האלאטיל. אונטערגעבונדען ביידע באקען מיט א פארשמאָלצענע טיכעל, אונטער ביידע אויגען בלויא, צו־גראבעלט, א שטעקען אין דער האנד און אויף דיא פּלייצעס א היפּש פּעקיל. ער האָט אין בנימינס אויגען געהאט דענסמאָל דעם זיבעטען חן וויא א שיינע אויס־געפּוצטע כלה אין דיא אויגען פונם חתן. בנימין שילדערט זיין שמחה דענסטמאָל

מיט דיא ווערטער: וויא א קינד וואָס גלוסט אויף קוואלען וואסער, וויא א דאָרשטינגער אין דער מדבר, וואָס געפינט לעבעדינגע, קוועלענדינגע וואסער, וואָס רינט אראָפּ פון א שפּיץ סקאלע אזוי האָט מיין גלוסטינגע לייב זיך ניטאָן טאָן דערפרייען אויף סענדערלין מיין בעשעהרטען מיין געטרייען געזעלען".

— וואָס איז דיא מעשה סענדעריל? וואָס האָסט־דוא געלאָזט אויף זיך אזוי לאנג ווארטען?

— שטייטס איך בין דאָך געגאנגען צו דיר א היים. האָט סענדעריל בתמימות געענטפערט, ביז וואנען איך בין דערגאנגען און ביז וואנען איך האָב איפגעוועקט דיין זעלדען איז דערווייל אוועק א היבשע צייט.

— אויפגעוועקט זעלדען! האָט בנימין א געשרייא געגעבען משונה ווילד נישט מיט זיין קול. סענדעריל. למאי משוגענער, האָסט דוא אזוינס געטאָן?

— וואָס סטייטש למאי? ! האָט סענדעריל פארוואונדערט זיך אָנגערופען למאי, אז איך האָב דיר פריהער אָנגעקלאפּט אין דער ספּיזשארנע און דוא האָסט זיך נישט אָנגערופען האָב איך מיך גענומען קלאפּען אין דער שטובטהיר סטוק, סטוק, סטוק נוא איז זעלדע, נישט טוט נישט לעבעדיג, אויפגעשטאנען. און איך האָב זיא גיפרעגט מכח דיר.

— סענדעריל, מיר זענין פערבייא! דוא האָסט פארקאָכט א גוטע קאשע סטייטש זעלדע וועט נאָך לויפען, זעלדע און וועט....

— אי, שרעק זיך נישט בנימין! זיא האָט מיך אָפּגעשיקט צו אלרע שוואר־צע יאהר מיט אזא כעס גלייך וויא איך וואָלט איהר געקוילעט דיא קאפּאָטע. „נעה מיט מיינעם אין איינעם, אין דער ערד אריין ביידע!" האָט זיא געזאָגט און צונעמאכט דיא טהיר. איך בין א היבשע צייט געבליבען שטעהן אין דרויסען וויא צומישט. דערנאָך ערסט האָב איך מיך דערמאָנט אָן דער ווינטמיל און זיך געשטויסען, דוא מוזט שוין א פּנים זיין דאָ, און דעריבער מאקי האָט א פּנים דיינע געזאָגט: „נעה מיט מיינעם אין איינעם, אין דער ערד אריין ביידע" זיא האָט א פּנים, מוז געדרונגען זיין, געזעהען וויא דוא ביסט אוועקגעגאנגען.

— וואָס, וואָס סענדעריל! זיא האָט געזעהען? אפשר געהט זיא, נעהם זיא אפשר?

— חלילה, בנימין! זיא האָט נאָר פארקייטעלט דיא טהיר. אז איך האָב פארן אוועקגעהן ווידער אָנגעקלאפּט און געפרעגט: זעלדע זעלדע. וואָס זאָגסט־דוא עפּיס אָן צו דיין מאן זעלדע? אָדער האָסט דוא אפשר, א קשיא אויף א מעשה, וואָס איהם מיטצוגעבען, זעלדע? האָט זיא נישט געענטפערט קיין טם

וואָרט. א פּנים זיא האָט זעהר א הארטען שלאָף, און שלאָפּט געשמאַק אָהן עין־הרע. נוא האָב איך געזאָגט: זעלדע דוא שלאָפסט, שלאָף זשע שלאָף געזונטער־היים! זייא מיר געזונט זעלדע! האָב איך געזאָגט און בין מיר אוועקגעגאנגען.

סענדערילס לעצטע ווערטער האָבען אזוי וויא טראָפּענס אָפּגעמינטערט בנימינען. ער האָט אָנגעהויבען פרייא צו אָטהעמען און געסאָפּעט, גלייך וויא א שטיין איז איהם פונם הארץ אראָפּ. דאָס פּנים האָט איהם געשיינט און זיינע אויגען האָבען געפלאַקערט פאַר גרויס פרייד.

— אצינד סענדעריל! האָט ער עפּיס ווילד א קוויטש געגעבען, אצינד מיט דער רעכטער פוס!

אין דער צייט האָט פון אלוזשע אין דער זייט זיך ארויסגעלאָזט א קול פון זשאבעס. גלייך וויא זיי האָבען זיךגעזעגענט מיט אונזערע פארשוינען און זייא צונעקוואקעט א מארש, טונעיאדעווקער זשאבעס שרייען משונה שטארק אין זייערע פארשימעלטע בלאָטעס, זיי זענין בעריהמט אין דער וועלט גלייך מיט דניעפּראָוויצער וואנצען און טאראקאנעס...

---

## וואָס מיט אונזערע פארשוינען פּאסירט זיך באלד ביים ערשטין ארויספאָהר:

אונזערע פארשוינען האָבען זיך אלאָז געטאָן ראפּטאָם און געגאנגען גע־שמאַק גיך, גלייך וויא זייא וואָלטען זיך אָפּגעריסען פון א קייט אָדער גלייך וויא איינער וואָלט זייא פון הינטען געטריבען מיט א בייטש. מיט זייערע ברייטע פאָ־רעס פון געוויסע דילעזשאנסען אין אונזער ווינקעל וואָלטען זיך חלעבען געמענט שיף, וואָס געהט געשווינד אויף איהרע אויסגעשפרייטע זעגלען. דיא קאָנדוקטע־רעס פון געיסע דעלעזשאנסען אין אונזער ווינקעל וואָלטען זיך חלעבען געמענט ווינשען: הלוואי דער גאנג פון אונזערע וואנדערער אויף זייערע פערד געזאָגט געוואָרען! סאראָקעס און ווראָנעס וואָס האָבען ארומגעשפאצירט אויף דער ערד האָבען מיט דרך ארץ אָפּגעטראָטען דעם וועג און זענין שרייענדיג זיך צופליינען אין אלע זייטען מחמת גרויס פּחד פאר דיא צוויי פיסיגע מיני בעשעפענים, וואָס האָבען זיך געיאָגט מיט גרויס חשק און התלהבות. קיין פּען איז נישט ביכולת צו בעשרייבען וויא גליקליך, איבער גליקליך זייא זענין דענסמאָל געוועזן, עס האָט זייא עפּיס משונה הנאה געטאָן און זענין געוועזן שטארק צופרידען — צו־פרידען פון זיך אליין, צופרידען איינער פונם אנדערען און צופרידען פון דער גאנצער וועלט. סענדעריל, וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז זעהר פריילי גלייך געוועזן,

וואס ער האט זיך ארויסגעחאפט פון זיין ווייבס הענט און איז פטור געווארען אזא שווערען, ביטערען גלות, נעכטיגער טאג בעזאנדערענס איז פאר איהם נעביך געווען זעהר א שווערער, א ביטערער, א טאג פון צרות און יסורים, וואס האט איבערגעלאזט א סליעד פון סיניאקעס אויף זיין לייב, וואס האט מיט שטורעם אויסגעווארצעלט אסך האר פון זיין בערדיל און וואס האט גאנץ פרייא פאר דער גאנער וועלט זיך געהתמעט מיט ברוין־בלויע צייכענס אונטער זיינע ביידע אויגען. נישט פאר אייך פאנטאפעלמענער געזאגט געווארען אזא וויסטען פינצטערען פעטשאטאק, וועלכען סענדעריל נעביך האט נעכטען פריה געחאפט פון זיין בחורטע!

א היבשע צייט זיינען אונזערע פארשוינען געפלויגען כמעט אהן א נשמה שא שטיל, נישט צו ריידען איינער מיט דעם אנדערן א ווארט. זייא האבען זיך שטארק דערווארעמט און גרויסע טראפען שוויס האבען זייא ארויסגעטרעטען אויפן פנים. סענדעריל האט אנגעהויבען ביסלעכווייס זיך אפצושטעלען און געסאפעט וויא א גאנז. גיכער, ניכער סענדעריל! האט בנימין איהם אלץ אונטערגעגעבען קוראזש און איז געפלויגען מיט אימפעט פאראויס, וויא א־גבור וואס גורט אן זיינע לענדען און לויפט מיט פייל־און־בוינען אין דער מלחמה.

— גוואלד, בנימין, האב רחמנות אויף מיין נשמה! האט סענדעריל געבעטען רחמים, איך האב מעהר קיין כח נישט דיר נאך־צולויפען. דו לויפסט אהן עין־הרע וויא א הירש אויף דיא בערג און וויא א צאפ פאר דער משערעדע.

— ניכער, גיכער סענדעריל! האט בנימין איהם אלץ געשריגען און נעלויפען פאראויס מיט גדלות אויף זיין בריהשקיים. זעהסט דו סענדעריל, איך וואלט אזוי געפלויגען, געפלויגען ביז עק וועלט!

— נאר צו וואס בנימין, איך בעט דיך, לויפסט דו אזוי? האט סענדעריל געפרעגט. מיר וועלען חלעבין גארנישט פארזאמען. אז מיר וועלען אנקומען אהין שפעטער מיט א טאג אדער אפילו מיט עטליכע טעג איז אויך חלעבין קיין סכנה נישט. דיא וועלט וועט נאך אזוי גיך נישט אונטערגעהן, זיא האט נאך צו שטעהן, כפי איך האב געהערט, ביז דעם אלף השביעי, שטארקע עטליכע הונדערט יאהר.

—גיכער סענדעריל, גיכער, איין עברה דיא צייט! וואס גיכער ארויסרייסען זיך פון דאנען איז אלץ בעסער. הארציגע סענדעריל, קנעל אביסעל צו, נישקשה! דערפאר קומענדיג אהין וועסט דו אויסגלייכען דיר דיא ביינער, וועסט עטהמען און לעבען וויא א שררה.

— דו ביסט, בנימין, זעהר גערעכט. דו ווילסט גיכער, וואס פאר א דאנה

איך האָב זאָל זיין גיכער, בייא מיר האָסט־דוא געפּויעלט, נאָר וואָס טהוט מען מיט דיא פּיס. מיט מיינע פּיס ?

אין ברירה בנימין האָט געמוזט צוליב טאָן סענדערלין און איינהאַלטען אבי־סיל דעם גאנג, אז דיא זון איז ארוים פון איהר פוטערפאס און האָט געשמאק גע־ווארעמט, געבראָטען מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען זענין אונזערע וואנדערע אנידערגעפאלען נעבען א וועלדעלע ביי דער זייט פונם וועג. זיי זענין געלעגען אין איין שוויים און האָבען שטארק געסאָפּעט, געמאכט מיט דיא זייטען, דיא פרישע סינאַקעס האָבען בייא סענדערלין זיך צופריעט און ער האָט געפיהלט א וועהטיג וויא מען שטעכט מיט שפּילקעס. נאָכדעם אז זייא האָבען אביסיל אָפּ־גערוהט איז דיא ערשטע זאך געווען ארויסצונעהמען טלית און תפילין און דאוו־נען, בנימין האָט זיך געשאָקעלט, געדאַווענט לעבעדיג מיט א ברען. ער איז ווערט געווען דערנאָך אביסיל בראנפין. נאָר וויא האָט ער עס אָבער געקענט דאָ אויס־פיהרען ? ער וואָלט גערען געוועזען ער זאָל האָבען חאָטש א שטיקעל ברויט. דאָס הארץ האָט איהם געחאלעשט, דער אפּעטיט זיינער איז געווען זעהר גרויס נאָך אזא געשמאקען גאנג, ער וואָלט געקענט אויפעסען א וועלט און דאָ האָט ביי איהם מעשה שטן, זיך נישט געפונען אפילו א ברעקיל ברויט וויא אכזית. ער האָט גע־וואָרפען מיט דיא אויגען אהין און אהער, אויסגעקנאקט דיא פינגער, געגענעצט, זיך געקראצט באסמאקעוועט, געמאכט אליץ טא. טא. גענלעט געצויגען דיא פּאית דאָס בערדיל, נאָך א מאָל א קראטץ און נאָך א מאָל טא, ביז ער האָט זיך מיישב געווען און ארויסדערטאפּט פונם קלומיקיל עפּים א פערטעלדיגין ספר וויא א מהזוריל, אין וועלכען ער האָט אריינגעקוקט און אונטערגעברומט מיט איין אקדמות־ניגונדיל.

— סענדעריל ! האָט בנימין אין דערמיט מפסיק געווען, דוא ווייסט וואָס איך זאָג דאָ איצט אזוינס ? דוא ווייסט פאר וואָס איך זאָג עס איצט מיט דעם ניגונדיל ?

— דוא מוזט אוודאי הונגעריג זיין, האָט סענדעריל גיענטפערט בתמימות.

— נראָם שטארם , האָט בנימין זיך אָנגערופען, און אז איך בין הונגעריג מילא ? !

— מילא, מילא, דעריבער זינגסט דוא, האָט סענדעריל געענטפערט. ס'איז דאָך דאָ א בפירוש ווערטיל : קאָלי זשיד ספּיוואיע, קאָלי ווין גאָלאָדני. דוא, בנימין, מעגסט דיר זינגען, זינג דיר, זינג, און איך וועל מיר דערווייל עפּיס אַנ־דערש טאָן.

אינדעם וויא סענדעריל האָט געזעדט האָט ער טאקי אריינגעשטעקט דיא האנד זיינע צוזיך אין פעקיל און ארויסבעקומען פון דאָרט א טאָרבע.

— עס, דוא ווייסט נישט, דוא פארשטעהסט נישט אקענען וואָס איך טהוא עס. האָט בנימין געזאָגט. סענדעריל, נארעלע, איך וועל דיר מפורש זיין דעם טעם דערפון.

נאָר סענדעריל אָבער האָט דערווייל זיך זיינס געטאָן און פאמיליך פאמעליך אויפגעבונדען דיא טאָרבע. אז בנימין האָט א קוק געטאָן איז איהם ליכטיג געווארען אין אלע רמ"ח אברים. אין טאָרבע איז געלעגען פון כל טוב, ברויט שטיקליך קוילעטש, וואָס איז איבערגעבליבען פון שבת. אוגערקעס, רעטעכליך, ציבעלעס און קנאָבעל סענדעריל האָט אין זינען געהאט אלסדינג, אַנצוגרייטען וויא א גוטע בעל הביתטע און ער איז בייא בנימין דערפאר געהויכט געקרוינט געוואָרען נאָך א סך מעהר וויא פריהער. בנימין האָט אין האַרץ זיך שטארק געפרייעט וואָס השי"ת האָט איהם בעשערט אזא טהייערען חבר אויף דער נסיעה, סענדערלין האָט מיר גאָט צוגעשיקט. אזוי האָט ער געטראכט, וויא דיא קינדער ישראל מן אין דער מדבר.

נאָכדעם אז זיי האָבען אונטערגעלעהנט זייער האַרץ האָט סענדעריל איינגעוויקעלט דאָס ביסיל שפייז וואָס איז איבערגעבליבען צוריק אין טאָרבעלע מיט דיא ווערטער :

— דאָס ביסיל שפייז וועט אונז צוניטץ קומען נאָך אויף א מאָל און דאָס טאָרבעלע אויף טויזענד מאָל, אויף אונזער גאנצען לעבען. דערמיט וועלען מיר איה'ש איבער דיא הייזער ארומגעהן. נישקשה, גאָט ברוך־הוא וועט אונז העלפען !

דאָס וואונדערליכע טישטיכעל, אין דיא מעשה־ביכליך, וואָס מען זאָגט : טישטיכעל, טישטיכעל, גיב מיר עסען ! גיב מיר דאָס, גיב מיר יענס ! און דאָס טישטיכעל גיט, אָט דאָס דאָזיגע הידושים וואונדערליכע טישטיכעל איז בייא אונז יהדען דיא טאָרבע. פיל נפשות. זעהר פיל, שפייזען זיך חידושליך־גרינג זייער גאנץ לעבען נאָר פון דער טאָרבע און לאָזען זיא איבער בירושה קינדס־קינדס קינדער. דיא טאָרבע איז אין תוך אריין אלץ איינע, נאָר בייא פארשיעדענע קלאַסען מענשען בעקומט זיא איין אנדער מין פאָרמע און איין אנדער מין נאָמען. ביים פראָסטען עולם איז זיא פשוט א טאָרבע, א פראָסטע ליוונטענע טאָרבע, ביים געהייבענעם עולם אָבער נעהמט זיא אָן אלערלייא מיני געשטאלטען וויא א שטיינער : א קעסטעלע, א קאראַבקעלע, א כלי־קודשיל, א חברהלע, א פישקעלע

א קהלש בייטעלע, א גמילות חסד באנקעלע, א מחברישער פלוידעריזעקעלע וכדומה, דיא אלע זענין באמת טאקי נאר טארבעס, טארבעס, עכטע יודישע טארבעס !...

— סענדעריל ! האט בנימין זיך אנגערופען, געשטארקט פון סענדערילס ווערטער, מירביידע זענין א זיווג מן השמים, מיר ביידע זענין וויא א גוף מיט דער נשמה. ווען דוא זארגסט אין גשמיות מכח עסען און טרינקען אויף אונזער נסיעה אקעגען זשע זארג איך אין רוחניות זאכען. נאך א מאל פרעג איך דיר סענ־דעריל, דוא ווייסט פאר וואס איך זאג אקדמות ? איך האב דערמיט א גרויסען כיוון. איך זארג מיך איצט, אז השי"ת וועט אונז בשלום ברייננגען אהין, צוא דיא בני משה זאהלען מיר קענען א מויל עפענען און מיט זייא זיך אויסטענהן. זייא ריידען עפיס האלב תרגום, צום מייסטען ריידען זייא דארט אקדמות-לשון. אלדר הרני, וואס איז פונם יענעם ווינקעל צו אונז געקומען ער האט דאך דאס דעם אקדמות געמאכט, ושריות שותא סענדעריל, איז דער טייטש, איך הייב אן צו שפרעכען געדיינק זשע סענדעריל ! דא אין חוץ לארץ קען מען זיך בעגעהען מיט אונזער לשון, מיט דייטש. אבער דארט, דארט מוזען זייא קיין דייטש אוודאי נישט קענען.

— איך פארלאז מיך אין דיא זאכען אין גאנצען אויף דיר, האט סענדעריל געזאגט בהכנעה. דוא ביסט א געלערענטער מענש און קוקסט אריין אין דיינע ספרים, מסתמא ווייסט דוא וואס דוא טהוסט, וואהין דוא געהסט, א סימן איך האב דיך אפילו נישט איבערגעפרעגט צו געהן מיר מיט דעם גלייכען וועג. דוא געהסט, וואס פאר א דאגה איך האב, געה, איך געה דיר נאך וויא א קיה נא־ א קעלביל.

בנימין'ן האט משונה הנאה געטאן סענדערילס גרויסער בטחון אויף זיין חכמה. ער האט ביי זיך אין דיא אויגען אויסגעזעהן וויא א שיפסקאפיטאן וואס ער אליין פיהרט דיא שיף אויפן ים. דאס פון דעסטוועגען, האט איהם נישט אפ־געהאלטען זיך באלד טאקי צו בעטראכטען, אז ער ווייסט באמת נישט וואו ער געפינט זיך, מעגליך אפשר בלאנדזשעט ער און איז נאר אראפ פונם וועג. דערוויל וויא ער האט געטראכט האט נאט אנגעטראגען א מוזשיק, וואס ער איז געפאהרען פארבייא אויף א פולען, אנגעטאסעוועטען וואגען מיט הייא.

— סענעדריל, האט בנימין געזאגט, עס שאדט כלל נישט א פרעג צוגעבען דעם ערל מכח דעם וועג. געה אויף ציקאוועשטש גיב א פרעג. דא אין חוץ לארץ וועסט דוא בעסער פון מיר זיך קענען אויסטענה'ן מיט די מוזשיקעס אויף זייער

גראָבען לשון. דיין פלוניתטע פלענט דאָך עפטערס דיך מיטנעהמען מיט זיך אויפן מארק.

סענדעריל האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט צונעגאנגען מיט גרויס דרך ארץ צום מוזשיק און געזאָגט כהאי לישנא:

— דאָברי דיען! קאָזשי נאָ טשעלאָוויטשע קודי דאראָגי אויף ארץ ישראל!

— שטשאָ? ! האָט דער מוזשיק פארוואונדערט געמאכט און אויסגעשטעלט א פאָר אויגען. יאקי סרול? באטשיל יא סרוליא?

— ניא, ניא! האָט בנימין זיך נישט געקענט איינהאלטיען און זיך ארייני געמישט פון דערוייטען. עטאָ וויא סרול, א ווין להבדיל ארץ ישראל קאזאטע ווין, סענדעריל. זאָג איהם נאָך א מאָל בפירוש ארויס. ער האָט א פויערש קעפע־לע. שארפער שארפער סענדעריל!

— אויף ערדרץ־אישראל קודי דאראָגי? האָט סענדעריל נאָך אמאָל שארף איבעו׳ געחזרט.

— א פיעם וואס זשידקי זנאיעט. שטשאָ וויא מאראָטשעטע מעני גאלאָווי, עטאָ דאראָגי דאָ פיעווקי א וויני עלעססלאל! עלעססלאל! האָט דער מוזשיק זיך נאָכגעקרימט. א שפייא געטאָן און אוועק געפאָהרען ווייטער.

אונזערע פארשוינען האָבען זיך געלאָזט ווייטער אין ועג. בנימין האָט גע־פיהלט א וועהטיג אין דיא ליטקעס, דיא פיס זענין איהם געווען. לא עליכם, וויא אָפגעשניטען. דאָך האָט ער נעביך זיך נישט וויסענדיג געמאכט, זיך געמאכט הארץ, אלץ אונטערגענעבען קוראזש. און מחמת איהם איז, נישט פאר קיין יודען גערעכט, זעהר שווער געווען צו געהן גלייך און געשווינד, האָט ער געמוזט אלץ אונטערשפרינגען. אוודאי איז דאָס נישט געווען אזא גאנג וויא פריהער. עס איז געווען געמוטשעט נאָר פון דעסטוועגען האָט ער געטאָהן זיינס און איז געגאנגען, וואָרים דיא קשיא איז דאָך, וואָס האָט ער דען געקענט מאכען? אנידערלייגען זיך, שונא ציון, אויפן וועג? מילא, וואָס וואָלט דערפון דער תכלית געווען? היינט וויא ליינט עס זיך א איד אין מיטען וועג גלאט אנידער? ער וואָלט נאָר מצער געווען סענדערלין, און דיא נסיעה וואָלט חלילה אויפגעהאלטען געוואָרען. הכלל זייא זיינען געגאנגען, געגאנגען אזוי א גאנצען טאָג ביז נאָט האָט זייא בשלום געבראכט קיין פיעווקי אויף נאכטלעגער.

אריינקומענדיג אין פיעווקער קרעטשמע איז בנימינס ערשטע זאך געווען, זיך א וואָרף צוטאָן וויא גרויס ער איז אין א ווינקעלע אויסצורוהען דיא פיס און האָפען דעם אָטהעם. סענדעריל איז וויא איין אלטע בעל־הביתטע געגאנגען צו־

בעשעפטיגען זיך אין דעם בעל־הבאטישקייט און שמיעסען מכח וועטשערע. דער גאנצען הילוך ארויסגעזעהן, אז דאס איז עפּעס נישט גלאט אזא פארשוין וויא אנדערע, וואס פאהרען געוויינט ליך דורך. ער האט איהם אפגעשטעקט א שלום עליכם, און אויף דער שאלה: מה שמכם? פון וואנען איז א יוד? האט סענדעריל, געענטפערט בתמימות. ער הייסט סענדעריל, ער איז א שטיקעל ארץ ישראל יוד, ער איז א משמש בייא רב בנימין, וואס ליגט איצט מיט זיין כבוד דא אין א ווינקעל. דער ארענדאר האט געמאכט א פרום־פנימיל, זיך אביסיל פארטראכט און געבעטען סענדערלין זיטצען.

לאמיר לאזען דיא בת מלכה, דאס הייסט סענדערלין, שמיעסין מיט דעם ארענדאר און זיך אומקעהרען צום בן מלך, צו בנימינ׳ן זעהן וואס ער מאכט און וואס ער טהוט.

אונזער בנימין אז ער האט זיך א ווארף געטאן אין ווינקעל איז געבליבען ליגען וויא א שטיין און נישט געוואוסט אויף וועלכען עולם ער איז. דיא אדערען פון דיא פיס זענין געווען שטארק אנגעקוואלען דאס בלוט האט אין זייא זיך צושפילט. געזעטצט און געטשיפעט, גלייך וויא מורעשקעס וואלטען דארט הויפענס וויים ארומגעפלויגען און געביסען. געשטאכען. דיא שלייפען האבען געהאקט, געקלאפט וויא האמערס. אין דיא אויערען האט פארדומפּפען געראוישט און דאס רוישען פלעגט זיך אלץ אויסלאזען צום סוף מיט א הילכידיגען לאנגען קלונג וויא א תקיעה גדולה, אדער מיט א שארפען שום, וויא בשעת מען לאזט ראקעטען. בייא איטליכען ארויספליהענדען ראקעט פונם קאפ האט מיט א מאל איהם א בלישטשע געגעבען אין דיא אויגען טויזענדערלייא פייערווערק: געלע, גרינע, בלויע, העלע, רויטע, פאמסענע, נאך אי נאך קאלירין אהן איין עק אהן א סוף. אין א מינוט ארום ווערען דיאפייערווערק אויסגעלאשען, חושך פינצטער ווערד איהם אין דיא אויגען און אין דיא אויערען רוישט ווידער וויא אין א מיהל, ליגענדיג פארטראגען אזוי א היבש צייט הערט בנימין א קול פון גלעקליך קלינגען אין דרויסען פון רערווייטען, מיט איטליכער מינוט קומט דער קול צו אלץ נעהענטער, נעהענטער ווערט אלץ העלער אי שטארקער און פלוצים גיט א סקריפּ וויא א וואגען האט זיך אפגעשטעלט לעבען טויער. פונם וואגען לאזען זיך הערען, אלערלייא מיני קולות: בייא־קעלכליך, פיסטליך, געמבעס, הייזעריגע, חארחלענדיגע אי געלענערטע שטימעס, גלייך וויא א גאנצע שטעדטיל האט דארט זיך פארקליבען אויף א וויכטיגער, וואזשנער אסיפה, אלע ריידען שרייען מיט א מאל און מען

הערט נישט איין וואָרט. פון קעטץ, וואָס פערזאמלען זיך, צייטענוויים אויף דיא
דעכער, הערט מען חאָטש א מיוקען, דאָס הייסט, ווען אפילו קאטצען־לשון איז
נישט צום פארשטעהן, דאָך אויסהערענדיג א סאָבראניע קעטץ קען מען וויינינ־
סטענס זאָגען גאנץ בעשטימט: יאָ דיא קעטץ מיוקען. נאָר דאָ אָבער איז ריין
אוממעגליך צו בעשטימען אי דאָס אויך, וואָס פאר א מין איז דאָס געשרייא פון
דיא פארשוינען, ווייל דרינען איז אויסגעמישט אי גלעכטער אי א געקרעכצערייא,
געזיפצערייא, אי א שושקערייא אי א קוויטשערייא, אי א טאָן פון א שייגעץ אי
דאָס זיסע חניפה־קולכעל, אי א הוסטערייא אי א נאָזשנייצערייא, א געקלאפּע־
רייא, און א געפּאטשערייא. הייגט געה פארשטעה וואָס דאָס אלסדינג איין איי־
נעם איז. וואָס דאָס בעטייט? באלד דארויף עפענט זיך דיא טהיר און א חאָפּטע
מענשען שיטען זיך אריין אין שטוב מיט אימפּעט. בנימין ריקט זיך ווייטער אין
ווינקעל און גורעט זיך שטארק איין. דערווייל ווערד אין שטוב זעהר ליכטיג פון
א סך ליכט, וואָס ברענען אין שבתדיגע מעשענע לייכטער, א טהייל זענין פאר־
שטאָפּט מיט שנויצען און דיא ליכט שטעהן אויף זייא צוגעשמאָלצען, נאָר אויף
משקלות, א טהייל זענין מיט צוגרויסע ברייטע נישט קיין טיפע לעכער און דיא
ליכט שטעהן אין זייא קרום אין דער זייט פארשטעקט פון אונטען מיט א קויל.
ביים עק פון א לאנגען דעמבענעם טיש זיצט א חברה קלעזמער און סטראָיען שטע־
לען אָן זייערע כלים, דער פידלער פּאָרעט זיך מיט דער פידיל, קיצעלט זיא מיטן
פינגער און איטליכע סטרונע רופט זיך אָפּ זים, זים, זים אויף איהר קול. גלייך
וויא זיי ריידען: נישקשה מעגכט אונז קיטצלען, פון אונזערט וועגען זענין מיר
פארטיג, אבי דיין סמיטשיק זאָל נאָר קיין מניעה נישט זיין, ער חאפּט זיך צום
סמיטשיק, גלעט איהם און האלט איהם גרייט צום שפּיל. דער פלייטער שמיעסט
איבער שטיל מיט דער פלייט, זיא פייפט איהם שטילערהייט אָן, און דער צימב־
לער לויפט זיך דורך איבער דעם צימבעל און קלאפּט זיא פּאמעליך מיט דיא הע־
מערליך, נאָר דער בלינדער פויקער זיטצט אָנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער
דיא אויגען און האפּט א דרעמיל. לעבין דיא קלעזמער שטעהט אויף א ביינקעל
עפּיס א מין פּארשוין, וואָס קוים רעדט ער אויס א וואָרט שטיקט מען זיך פאר
גלעכטער אפילו קינדער וואָס שטעהן אָנגעשטופּט און קוקען אריין פון דיא פענס־
טער לאכען משונה און קרימען זיך נאָך. דער פּארשוין גיט דערנאָך א געשרייא:
הררי! לכבוד דיא מחותנים ולכבוד דעם בעל הבית ולכבוד כל המסובים בכאן
שפּילט אָפּ א לעבעדינעם א פריילּיכעס! און דיא קלעזמער צולאָזען זיך באלד
אויף דיא כלים, פריילּיך לעבעדיג, ווייבער מיט מאנזבילין נעמען זיך צונויף און

טאנצען א ראָד תאָץ, האָץ, אלס דינג האָט זיך בעוועגט אפילו וואנצען אי טאראַ־
קאַנעם זענין ארוים פון דיא שפּאַלטען און זיך צוקראָכען איבער דיא וועגד. טאנ־
צענדיג פאלט איינער ארויף אויף בנימינ'ן אין ווינקעל. דער טענצער קוקט איהם
אין פנים אריין און לאָזט ארוים א געשרייא : א בנימין! איך האָב איהם דער־
טאפּט תלעבין. דיא כשרה מציאה, ער איז דאָ, ער איז דאָ! אויף דעם געשרייא
לויפען צו נאָך מענשען. בנימין דערקענט צווישען זייא טונעיאד־עווקער פיינע
בריות און דעם דאָרטיגען רביל. אין איין קול איין געשרייא : בנימין קום טאנ־
צען! בנימין קום טאנצען! איך קען אסור ניט, בעט זיך בנימין רחמים, איך קען
זיך נישט ריהרען פונם אָרט. — נישקשה, נישקשה! ענטפערט מען איהם קום,
זאָגט מען דיר דוא וועסט קענען, וואָס האָט מען דאָ צו קענען? אדם א מענש,
קאטשקע ריס זיך! ריהר זיך בהמה, מיר ועלען נישקשה דערציילען. — זעלדען!
גיט בנימין א געשרייא אין איין אָטהעם, איך בעט אייך דערצעהלט נישט זעל־
רען! — ריהר זיך זשע בהמה! שרייעט מען איהם, ריהר זיך בהמה, שטעל זיך
שוין אויף דיא פיס! — דערבארעמט זיך יודישע קינדער! בעט זיך בנימין, איך
קען חלעבין זיך איצט נישט ריהרען, איך האָב א טעם פאר וואָס איך קען נישט.
ס'איז א סוד, וואָס איך ועל איהם מגלה זיין דעם רב. און וויא ער חאפּט ארום
דעם רב פעסט מיטביידע הענד אריינצורייטען איהם אין אויער א סוד פיהלט ער
פּלוצלים א שרעקליכען זעטיז אין דער זייט אזש ס'איז איהם פארגאנגען אין דער
נאָז וויא פון חריין, ער גיט זיך פאר ווערהיג א וואָרף, רייבט דיא אויגען און
זעהט, אין שטוב איז גאָר טונקעל, דיא לבנה שיינט אריין פון דיא פענסטער ער
ליעגט לעבין א קעלביל און האלט זיא ארומגענומען שטייף מיט ביידע הענד.

וואָס טהוט זיך דאָ אזוינס?! פון וואנען נעהמט זיך דאָ פּלוצלים א קעל־
ביל? האָט זיך רען בנימין געקעלבט? נאָר וויא שיקט זיך עס? אָנגענומען דיא
סברא בנימין איז א בהמה, צעהן מאָל הונדערט מאָל א בהמה. נאָר ער איז דאָך
אָבער א צוויי־פיסיגע בהמה און וואו איז דאָס געהערט אי געזעהן געוואָרען אז
א צווייא־פיסיגע בהמה זאָל האָבען א קעלבעל?! אמת בייא אונז איז דאָ א סך
קעלבליך און דאָס רוב דווקא אין לייטישע הייזער, אָבער דאָס זענין דאָך פאָהרט
נישט מעהר וויא קעלבליך אין א מענשענס געשטאלט. זייא זענין דאָך דאָס
רוב גראָד זעהר שיין מיט א שיין פּנימיל און מיט חן גריבעליך, אָבער דאָס
קעלבעל, וועלכער בנימין האלזט דאָ און נעהמט זיא שטארק ארום איז דאָך
טאקי פשוט איין אמת קעלבעל. היינט פון וואנען, איז דיא קשיא האָט זיא זיך

אהער געגומען? א חידוש נפלא. נישט אנדערש זיא איז פונם הימעל אראפגע-פאלען!....

ניין רבותי! גלויבט נישט אין הימעלשע קעלבליך, צווישען אלע אונזערע קעלבער איז אפילו נישט אי איין קעלביל פונם הימעל אראפגעשיקט געווארען, עס איז גאר נישט אזא חידוש נפלא וויא איהר מיינט, איהר האט זיך אויף דעם קעלביל גאר נישט אזוי צו וואונדערין און פון איהם אזא פירוש צומאכען. פראס-טע איז מאסטע'גאר אהן קונצען, דיא מעשה דערפון איז אזוי געשעהן.

אז בנימין איז נישט טויט נים לעבעדיג אנידערגעפאלען אין ווינקעל האט ער פאר גרויס מידיגקייט נישט בעמערקט אז דארט ליגט א קעלביל. בשעת איהם האבען זיך צושפילט דיא געבליטען איז ער אנשלאפען געווארען און איהם האט זיך פארגעשטעלט אין חלום דיא גאנצע חתונה מיט דיא מחותנים און מיט דיא קלעזמער. ער איז געוועזן שרעקליך אומרוהיג, זיך אלץ גערוקט אין ווינקעל, און בשעת ער האט אין חלום ארומגענומען דעם טונעיארעווקער רביל האט ער גאר ארומגעכאפט פעסט דעם פיקעווער ארענדארס קעלבעל, און איהם איינגע-ריימט אין אויער דעם סוד פון זיין נסיעה. דאס קעלביל אבער האט עס נישט גורם געוועזן, נישט געוואלט ליידען מען זאל איהם אזוי האלזען אי שטיקען. עס האט אויסגעשטרעקט דאס פיסעל אנגעריהרט בנימין אין דער דיך און בנימין האט זיך אויפגעחאפט.

אז בנימין האט זיך אויפגעחאפט האט ער נאך אלץ געהאלטען ארומגענו-מען דאס קעלביל מיטביידע הענד זעהר פארדולט און צומישט. ערשט אין א רגע שפעטער האט ער פון זיך א שטופ געטאן דאס קעלביל, זיך אויפגעהויבען דערשראקען און זיך געלאזט געהן געשווינד. דאס קעלבעל פון זיין זייט וויא באלד עס איז לייז געווארען פון פרעמדע הענד איז אויך אויפגעשטאנען געשווינד און זיך געלאזט מאכען א פליטה איז לויפענדיג ארויף ראפטאם אויף בנימינ'ן און ביידע זענין געפאלען איבער א גרויסען צעבער וואסער, טראך מיט א שרעקלי-כען קלאפ!

שטארק דערשראקען פון אזא טראך איז סענדעריל און דער ארענדאר מיט א ליכטיל אין האנד ארויסגעלאפען פונם אנדערען חדר אין שטוב אריין. זייא גיבען א בליק. א-ווא, א שרעק! בנימין מיט דעם קעלביל ליגען ביידע אויסגע-צויגען אויף דער ערד און שווימען פשוט אין א לוזשע וואסער, עפיס נישט אזוי פריש שמעקעדיג! ווען א לידעל-מאכער זאל געוועזן דעמסטמאל זייא ביידען אנ-קוקען וואלט ער אזוי געמאכט: „ליבעהארצעדיגע און זיסע, אי אין ווינקעל אי

אין דער לוזשע זענען זייא ניט צושיידט געוואָרען!" נאָר דער ארענדאר און סענדעריל זענין געוועזן פראָסטע בשר ודם, נישט קיין לידעלמאכער און האָבען די ליבהארצעריקע אי זיסע באלד צושיידט. דאָס קעלביל האָט מען אָפּגעשיקט צו דער מוטער מיט שטעכוואָרטליך פאר איהר שלעכטער אויפפיהרונג, און בנימינ'ן האָט מען פון דער טבילה ארייגגעפיהרט אין א בעזונדערן אלקיר און בעלייגט אויף עטליכע קוליקליך שטרויא מיט א קישען צוקאָפּען.

ווייא אונזערע פארשוינען פארשלעפּען זיך קיין טעטעריווקע און בנימין האפּט א פּאטש.

בנימינס אברים זענין אביסיל אָפּגעגאנגען אין דער ליל טבילה נאָך דעם אָפּשווייינקען זיך מיט א גאנצען צעבער קאלטע וואסער. און אויפשטעהענדיג אין דער פריה האָט ער זיך געפיהלט פרישער אי געזינטער. ער האָט בעשיינפערליך ארויסגעזעהן א פינגער פון וואונדער אין נעכטיגער מעשה מיט דעם קעלביל, וואָס דורך איהם גראָד איז געקומען דיא רפואה צו זיינע וועטהיגען, ער האָט בעוויזען סענדערלין דערמיט, ווייא אומגערעכט דער זינדער מענש איז, וואָס בעקלאגט זיך בשעת עפּיס איין אומגליק קען זיין, פיהרט גאָר צום גליק און פון דער רעה קומט ארויס א טובה; ווייא דער אויבערשטער מאכט פאר א שליה אלע זיינע בעשעפעניש, אפילו א בהמה; ווייא א דאָקטאָר קען א מאָל גאָר זיין א קעלביל; ווייא אמיק אפילו קען א מאָל פּיקן אין קאָפּ, שטארק דאקוטשען און שטעהן אין דער גרגרת, פאר א ראיה דערצו דינט דיא מיק מיט טיטוס הרשע אין דיא אלטע, אלטע צייטען. דאָס נעכטיגע בעגעגעניש איז איהם איצט געווען א גוטער סימן, אז דיא נסיעה זיינע איז אין א גוטער מזלדיגער שעה און ער וועט איה"ש מצליח זיין צודערגרייכען וואָס ער ווינשט. — „וואסערטרעגער" וואָס געהט איבער מיט פולען איז פון אייביג אָן א גוטער סימן, א פשיטא שוין א גרויסער א פולער צעבער: האָט סענדעריל זיך אָנגערופען און צוגעבאסעוועט מיט דיא רייד.

נאָר מחמהת דעם וועטהיג, וואָס בנימין האָט נאָך געפיהלט אין דיא פיס און מחמת דיא קוליקליך שטרויא, וואָס דארויף איז איהם ווייך געוועזן צוליגען איז בנימין פארבליבען דעם גאנצען טאָג אין פּיעווקע. ער איז געגליכען געוועזן צו א שיף אין ים, וואָס האָט זיך געזעצט אויף א זאמד און קיין גוטער ווינד איז נישטאָ ארויפצוטרייבען פון דאָרט. אויף מאָרגען גאנץ פריה האָט בנימין זיך אויפגעהייבען פון זיין געלעגער און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אריין.

א היבשע צייט איז בנימין געגאנגען עפיס ווייא מרא־שחורהדיג, שטיל

פארטראכט, נישט צורײדען קיין װארט דער נאך האט ער א פאטש נעגעבען זיך אין שטערען און געבליבען שטעהן שטארק בעטריבט. ערשט אין א פאר מינוט שפעטער האט ער געעפענט א מויל און ארויסגעלאזט מיט א קרעכץ דיא ווערטער :

—אך, סענדעריל, איך האב פארגעסען !

— וואו פארגעסען ? וואס פארגעסען האט סענדעריל זיך אנגערופען און זיך א האפ געטאן צו דער טארבע.

— אין דער היים, סענדעריל, אין דער היים האב איך פארגעסען !

— אי, בנימין, וואס פאלט דיר איין ? האט סענדעריל געמאכט. מיר האָ־בען, דאכט זיך, מיטגענומען אלסדינג, וואס נייטיג איז מענשען אין וועג אריין: א טארבע, נישט צופארזינדיגען, איז דא, טלית און תפילין מיט סידורים איז אויך דא, שבתדיגע קאפאטעס אויך דא, דאכט זיך אלסדינג ברוך השם איז דא, אלסדינג האבען מיר פארנומען. וואס געהט אונז דען אפ ? און וואס האבען מיר אזוינס געקענט פארגעסען ?

—דיא זאך וואס איך האב פערגעסען, סענדעריל, איז זעהר וויכטיג, נייטיג אין לעבען אריין, הלוואי אלסדינג זאל אפלויפען בשלום נאר באים חלילה, לא יעלה ולא יבוא ,גאט זאל שומר ומציל זיין, אויפן וועג וועט עפים מעשה שטן געשעהן, דענסמאל וועלען מיר ערשט דערפיהלען דעם גרויסען ווערטה פון דער טהייערער זאך, וואס איך האב פארגעסען, ארויסגעהענדיג פון דער היים האב איך אין איילעניש פארגעסען צו זאגען א שפרוך, וואס שטעהט געשריבען אין א ספר, ארויסגענומען פון א גאנץ אלטען כתב יד, דער שפרוך מוז גיזאגט ווערען פאר א נסיעה ארויסגעהענדיג פון דער היים, בייא דער ראגאנדקע, און מען איז ערב, אז ער איז א זיכערע שמירה אין וועג פאר כל מיני סכנות און שלעכטע בע־נעגענים ,אט וואס איך האב פארגעסען !

— אפשר איז דיין גוטער ווילען זיך אומקעהרען א היים ? האט סענדעריל געזאגט בתמימות.

— דוא ביסט משוגע צי חסר דעה ! האט בנימין א געשרייא געטאן און דאס גאנצע בלוט איז איהם אין פנים אריין סטייטש, וואס הייסט, זיך אומ־קעהרען א היים ? נאך אזוי פיעל מיה און אנגעהען זיך אזא וועג פלוצלים אומ־קהרען זיך ! סטייטש און דיא וועלט ? וואס וועט זאגען דיא וועלט ?

— וואס הערען מיר, בנימין, דיא וועלט ? האט סענדעריל זיך אנגערופען, דיא וועלט האט דען דיך געבעטען מאכען דיא נסיעה ? האט זיא דען מיט ד־ר

א קאָנטראַקט געמאַכט און דיר אויף הוצאות געגעבען דוא זאָלסט געהן, וואנדרעווען?

— גאַנץ שכלדיג! האָט בנימין זיך נאָכגעקרימט, און אלכסנדר מוקדון איהם האָט דען דיא וועלט געבעטען ער זאָל געהן קיין הינדיאַ און מלחמה האַל־טין דאָרט? און דיא אלעווענדרער בייא אונז יודען האָט דען דיא וועלט גע־בעטען ארום צו-וואנדרעווען פון שטאָדט צו שטאָדט?

— ווייס איך? האָט סענדעריל געמאַכט מיט א שמייכעלע, פון מיינעט־וועגען האָבען זייא אַלע געמעגט חלעבין זיטצען אין דער היים, עס וואָלט. דאַכט זיך, בעסער און גלייכער געווען פאַר איטליכען, אך נאַרעלע, נאַרעלע דוא אלכסנדריל מוקדון. דוא האָסט אין דער היים פון כל טוב, זיטץ, לעב היר צו פרידען און גלעט דיר דאָס בייכיל, צו וואָס טויג דיר נאָך נאַרעלע הינדיען? סידי דאָמא דא ני ריפּאיסא, איז דאָ א עולם'ס ווערטיל, און דער עולם זאָגט: א עולם'ס ווערטיל איז להבדיל א גמרא, מעהר חידוש איז אויף אונזערע יודעליך זייא האָבען דאָך טאַקי יא געמאָגט האַלטען פון דער גמרא. זיטצען אויף זייער אָרט און בעשעפטיגען זיך איטליכער מיט זיין זאַך, צו וואָס טויג דאָס ארומ־וואנדרעווען, דאָס ארומבלאָנקען זיך וויא א דולער הוא-הא־הא נישט צו וויסין אליין פונם געזינד פונם לעבען און גאָר אומזיסט אומנישט רייסען שטיוועל? וויא איך בין א יוד, בנימין! איך זאָל אזא פּארשוין בעגעגענען וואָלט איך איהם גלייך אויפן אָרט אָפּ געזאָגט דעם עולם'ס ווערטיל, להבדיל דיא גמרא מיין איך.

א היבשע צייט האָבען אונזערע פּארשוינען זיך אוועקגעהאַמפּערט, סענדע־ריל האָט געפרעגט קשיות און בנימין האָט איהם אלץ אויס געוויזען אז ער איז א נאַר און האָט קיין פּיטצעל ידיעה נישט אין אזעלכע זאַכען. סענדעריל איז דענסמאָל געגליכען גיווען צו א פּערדיל, וואָס תמיד דינט ער זיין האַר געטרייא און פּאָלגט איהם אין פייער און אין וואַסער אריין, פּלוצלים מאַכט זיך אמאָל פאלט אויף איהם אָן פון דער העלער הויט עפּיס א מאַנקאָליע. עס שפּאַרט זיך איין, שטעלט זיך דיבאָם און וויל זיך נישט ריהרען פונם אָרט, טהוא זיך דאָ, שונא ציון, א מעשה אָן, און ווען בנימין האָט דענסמאָל ניט געשמיסען דעם איינגעשפּאַרטען סענדערלין מיט א בייטש, דערפאַר האָט ער איהם דורכגעבוי־קערט מיט זיין זיס צינגעל און איהם אָפּגעשאָטען מיט רייד, ביז סענדעריל איז געוואָרען ווייך וויא א טייג, א גוט פּערדיל וויא פריהער ער האָט אויפגעשטעלט דיא אויערן הערענדיג בנימי'נ'ס רייד, וואָס האָבען געבראָכען דעם מוח, און

לסוף האָט ער זיך אָנגערופֿין, וויא זיין שטיינער איז געוועהנטליך, מיט דיא ווערטער:

— אויב דוא ווילסט דוקא אזוי, זאָל זיין אזוי. וואָס פאר א דאגה איך האָב?

אז בנימין איז פארטיג געוואָרען מיט סענדערלין האָבין זייא זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אריין און נאָכדעם אז זייא זענין זיך אָנגעגאנגען אויף וועגען און זייטענוועגליך זענין זייא נישט טויט נישט לעבעדיג אָנגעקומען קיין טעטריוקע.

טעטעריוקע איז דיא ערשטע גרויסע שטאָדט, וואָס אונזער־ע וואנדרער האָבען געזעהן אין זייער לעבין, דריבער איז קיין וואונדער נישט וואָס זייא האָבען געקוקט אויף דיא גלייכע אויסגעברוקירטע גאסען אי אויף דיא גרויסע הויכע מויערין און נישט געקאָנט זיך זאט אָנקוקען. כמעט אויף דיא שפיצען פינגער זענין זייא געגאנגען אויף דיא טרעטוארען און געהויבען דיא פיס עפּיס משונה, גלייך וויא זייא וואָלטין זיך געהיט צושטארק נישט צו בעריהרען דיא גלאטע שטיינער א.ן נישט אָנמאכען חלילה קיין שאדען, פיס, וואָס האָבען נישט עפּעס אזא גוטע דאָליע בייא זייערע בעלי־הבתים אין דיא קליינע שטעדליך און וואָס מען מאכט דאָרט פאר זייא נישט עפּעס גרויסע צערעמאָניעס! קליינשטעטיל־דיגע פיס, וואָס וויסען נעביך נישט פון קיין פּאדלאָגע צוזאָגען אפילו אין שטיב. וואָס קריכען נעביך וויא דיא חזרים אין בלאָטע, וואָס זייערע בעלי־הבתים שטעקען זייא געהענדיג טיף אהינצו אריין און דראלען מיט זייא פּאָרס־טע־מאָכטע גאָר אָהן שום מלאכות, אזעלכע פיס מוזען באמת מבולבל ווערען ווי דיא שיכורע אז זייא דערפיהלען פלוצלים אונטער זיך א בריק פון שטיינער און מוזען פאר גרוים כבוד טאָקי אביסעל אונטערשפרינגען און נישט וויסען א צייט זיך וואָהין צוטאָן, פרישע ערשט אָנגעקומענע קליינשטעטילדיגע פיס וועט איהר באלד דערקענען אויף דיא אויסגעבריקירטע גאסען אין דיא גרויסע שטעדט, אונזערע טונעיאדעווקער פארשוינגען זענין געגאנגען וויא מיט א פּאר־קלעהמט הארץ און בהכנעה אָפּ געטרעטען פאר איטליכען דעם וועג, סענדעריל פלעגט אין אזא פאל אָננעהמען בנימין בייא דער פּאָלע און איהם א שלעפּ טאָן אין דער זייט, אמאָל איז דורך דעם סענדערלין אוים געקומען צוחאפּען א שטיל טענציל מיט עמיצין וואָס איז געקומען אקעגען. יענער איז זיך געגאנגען גלייך זיין וועג און האָט זיך אָנגעשלאָגען מיט סענדערלין, וואָס מחמת דעם אָפּטרע־טען האָט ער איהם פונקט גאָר פארשטעלט דעם וועג, יענער האפּט זיך רעכטס,

אבער אונזער סענדעריל האט איהם מקדים געווען און שטעהט שוין גרייט.ביידע ווארפען זיך לינקס און וויטער רעכטס ביז יענעם געראט לסוף אויסצומיידען זיך איינער, וואס איז גראד נישט אויפגעלייגט געווען צו טאנצען מיט סעגדער־לין, האט איהם פראסט אנגענומען און א ווארף געטאן אין דער זייט אז דיא ציין זיינען איהם שיער נישט ארויסגעפאלען. אלסדינג זיינין פאר אונזערע פאר־שוינען געווען נייא. אלסדינג, האט זיך זייא אויסגעוויזען, טייט אויף זייא מיט דיא פינגער. דיא דראזשקעס שרייען, דיא פאעטאנען פילדערען, דיא מויערען שטעהן האפערדיג, קוקען שמאלץ מיט זייערע גרויסע גלעזערנע טאפלעס און דיא מענשען קרימען זיך, אלסדינג שרייעט זייא נאך: תרבית קבצנימליך! תרבית קליינשטטילדיגע יודעליך! תרבית תרבית!....

— הערסט־דוא בנימין! האט סענדעריל געזאגט, נאכדעם אז ער האט פארריסען דעם קאפ און געקוקט אויף דיא מויערען מיט דרך ארץ, איך מיין בנימין, דאס איז כטאמבול!

— נעה ש־ין, נעה נארעלע, וויא קומט עס צו סטאמבול? האט בנימין גע־מעכט מיט אזא מינע גלייך וויא ער איז א סטאמבולער א געבירדיגער. סטאמ־בול נארעלע, האט ת"ק מאל ת"ק גאסען, איטליכע גאס האט ת"ק מאל ת"ק פופעהן „צוואנציג" אדער אפשר דרייסיגגארענדיגע הייזער און אין איטליכס הויז וואוינען ת"ק מאל ת"ק מענשען! דוא מיינסט אז דוא ביסט שוין פארטיג? ניין, ווארט נארעלע איינער, היינט איז נאך דא קליינע גאסען, יורדקעס, קאט־שעוניקעס, מאטשעווניקעס, פיסקעס יארען און פאדוילען כחול הים!

אי ,אי, אי! האט סענדעריל געמאכט פאר גרוים וואונדער, ס'איז דאך עפים נאר א שרעק חלעבין אזא גרויסע שטאדט! נאר איך בעט דיך, בנימין, פון וואנען קומט עס אט דיא אלע גרויסע שטעדט? מענשען זאלען זיך צונויפ־שטיקען אין איין ארט און לינען איינער איבער דעם אנדערן, גלייך וויא דיא וועלט איז ווייניג און נישטא מעהר קיין ערד! עס מוז דאך אוודאי דרינען עפים זיין וואס מענשען דערוויטערען זיך פון דער ערד און ווילען אלץ פליהען אין הימעל, אין דיא הויכע פענסטער, זאל עס אפשר זיין דעריבער, וואס דעם מענ־שענס נשמה וואקסט פון הימעל און מחמת דעם ציהט עס איהם נעביך אלץ ארויף ארויף, און ער האט זעהר שטארק חשק אויסצושפרייטען דיא פליגעליך און זיין אלץ פון אויבען? וואס זאגען דערצו עפים דיינע חקרנים, בנימין? האסט דוא נישט בעגעגענט מכח דעם עפים א שמיעס ערגיץ אין דיינע חקרה־ספרים.

— על פי חקירה, האָט בנימין געמאַכט מיט א קנייטשעל, איז וועגען דעם ענין דאָ א גאַנץ ווייטער שמיעס, איך האָב שוין דערפון אפילו געהאט א מאָל צוטאָן בייא אונז אין בית־המדרש אונטערן אויוון און דורכדעם איז פאַרענט־פערט געוואָרען דיא גמרא פון דיא צעהן טעפּ אָרעמקייט, וואָס זענין אראָפּגע־שיקט געוואָרען אויף דער וועלט, וויא אויף דער פסוק, כי מלאה הארץ חמס, דיא וועלט איז פול געווארען מיט רויב. נאָר איך וועל עס דיר אביסיל מסביר זיין על פי אונזער תורה: חומש האָסט־דוא דאָך געלערענט, סענדעריל! לויט וויא עס שטעהט אין חומש האָבען אונזערע עלטערען נאָר תחילת, אין דיא פריהערדיגע דרות, געוואוינט אין געצעלטען, נאָר בשעת דעם דור הפלגה האָבען אלע מענשען זיך פארקליבען אין איין אָרט, זיך גענומען מאכען ציגעל און אויסבויען א שטאָדט מיט הויכע מויערען אין הימעל. אין דערמיט ארבייט טאקי איז שוין אויף זייא אָנגעפאלען א בייזע מהומה א געטימעל. איינער האָט נישט פאר־שטאַנען דעם אנדערען און דיא גאנצע פיהרונג דאָרט איז עפּיס אויסגעקומען קאַפּויר, א נס וואָס גאָט האָט זייא באלד צוטריבען האָבען מענשען ווידער אָנגעהויבען צו לעבען, עטהמען פרייער און דיא וועלט איז ווייטער אויפגעריכט געוואָרען, נאָר דער חטא פונם דור הפלגה האָט נאָך אין גאנצען נישט אויפגע־הערט, פון יענער צייט אָן ציהט זיך נאָך אלץ, בעונותינו הרבים, דיא תאוה ביי מענשען צושטיקען און צונויפשטיקען זיך, אויסצומויערען זיך הויך, צומאכען זיך א שם און פליהען אין הימעל. וואָס האָסט דוא אין מיר זיך אָנגעטשעפּעט וויא א אזלודניע? זאָגט אברהם צו לוטין, למאי זאָלען דיינע מענשען זיך קריגען מיט מיינע איבער א שפאן ערד, דיא גאנצע וועלט שטעהט דאָך פאר דיר פרייא, נעה דיר וואָהין דוא ווילסט און לאָז מיך געמאַך!

נאָר איידער נאָך בנימין האָט געענדיגט דעם שמיעס האָט זיך געלאָזט הע־רען א שטאַרקער געשרייא פון א פּאַרטשיק, וואָס איז אונזערע פארשוינען אָנ־געפּאָהרען פון הינטען און האָט זייא שיעור ניט מזיק געווען מיט דעם דישעל, אוחניאָקעם! האָט דער פּאַרטשיק געשריגען אין איין אָטהעם און געמאַכט אויף זייא מיט דער בייטש. וואָס קריכט איהר, צוא אלדע שווארצע יאהר, וויא דיא ראקעם און פארשטעלט דעם וועג! הייא, הייא יאָלדען! הייא, הייא פלאָכטען!

אונזערע פּארשוינען נעביך האָבען געהייבען פיס און געלאָפען פאר שרעק וויא דיא פארסאמטע מייז, דער אהין און דער אהער. לויפענדיג האָט סענדעריל זיך א זעטץ געטאָן אין א שטופּ און זיך אויסגעצויגען נעביך, וויא גרויס ער איז, אויף דער ערד, בנימין האָט אין איילעניס זיך אָנגעשלאָגען אין א קויש מיט

אייער, וואָס א קורעלאפניטשקע האָט געטראָגען, דיא אייער האָבען זיך צובראָ־כען און אויף איהם האָט זיך געעפנט א גיהנ׳ם, א פיסק, א פייער, א געשרייא, יענע פון דיא צוסבראָכענע איינער נעבאך האָט איהם אָפגעשאָטען מיט טויטע קללות, זיא האָט איהם געוואָלט אָפשטעקען אָדער זיא האָט איהם שוין טאקי אָפגעשטעקט א פאטש און שטארק חשק געהאט איינצופלאָנטען זיך אין זיינע האָר, קורץ, בנימין האָט גענוג געלייזט ביז ער איז קוים מיט צרות לעבעדיג ארויס פון איהרע הענד און געמאכט א פליטה אין א הינטערגעסיל, וואָס אהינצו איז אויך סענדעריל באלד צוגעקומען.

אָט האָסט-דוא דיר א גרויסע שטאָדט! האָט סענדעריל געזאָגט און אָפגע־ווישט מיט דער פאָלע דעם שוויים פון זיין פנים. דאָ גיה נישט, דאָ שטעה נישט, דאָ רוה נישט. ווייסט זייא אלע דער שוואַרץ־יאהר!

— דאָס ציהט זיך נאָך אלץ פונם דור הפלגה, האָט געענטפערט בנימין, וואָס האָט געשעפּט וויא א גאנז, דאָס אלסדינג וואָס דוא זעהסט דאָ, איז אלץ דור הפלגה, מיט בייזער מהומה. מיט זיין געטימעל, גנבה, גזלה און רציחה!

— א, אין דער ערד אריין מיטן קאָפּ! האָט סענדעריל א מאך געטאָן, קום בנימין, לאָמיר זיך אויסרוהען! דוא זעהסט עפּיס שרעקליך אויס, עס פייערט דיר עפּיס א באק, א רוח אין דער חצופה׳ס טאטען אריין! וויש נאָר אָפּ, זייא מוחל, דעם פנים, דיא חצופה האָט א פנים בשעת מעשה דיך אויסגעשמירט מיט געלכען פון אייער!

---

## וויא צוליעב בנימינען ווערד איין איבערקעהרעניש אין דער פאָליטיקע.

אין איינעם פון דיא טעטעריוועקער קלייזליך האָט שטארק געקאָכט פון דער דענסמאָליגער קרימער מלחמה, דער אונטערראויוען איז צופאַלען אויף פארשי־דענע כתות, איטליכע כתה מיט איהר פרעזידענט און מיט איהר גאנג אין דער פאָליטיקע, חייקיל בעל־מוה און זיין קומפאניע איז זעהר בעשעפטיגט געווען מיט דער מוהמע וויטען, פלעגט זיא צוליינען אויף טעלערליך און בעווייזען דיא הכברות אי דיא שפּיטצליך וואָס אין איהר שטעקט. חייקיל איז געווען א מאָל א שטיקעל זיינערמאכער, ער האָט געהאט א גרינגע האנד צו מצה רעדלען, קיי־נער האָט נישט געקענט אזוי וויא ער א סוכה מאכען, דאָס לאָקשענברעט, דיא לאָפּעטע, דיא מילכעדיגע באנק, דאָס טשאָלענטברעטיל און דיא צובראָכענע שטיינ פונעופות זענין אין קיינעמס סוכה נישט געווען אזוי גוט צוגעפּאסט וויא אין זיינער, דעריבער ווען עס פלעגט נאָר אויסקומען עפּיס א רייד אין מאשינ׳ען זאכען פלעגט דער עולם האָבען פאר איהם אָבשיי און זאָגען: דאָס געהער זיך

אָן מיט חייקלין, חייקיל ווייסט, חייקעל פלעגט אלץ דערצעהלען וואונדערליכע זאכען פון משונה ווילדע ענגעלשע מאשינעס, אזש דיא האר פלעגען זיך שטע־לען פשוט קאפויר הערענדיג. און אז איינער האט איהם א מאל מפסיק געווען דיא רייד מיט עפּיס א קשיא און איהם געפרעגט דעם שכל דער פון, פלעגט חייקעל דערקלעהרען דאס אין גאנצען קורץ און פּראַסט מיט עפּיס אזא מין שפּרינזשינקעלע און דערבייא מאכען אזא מינע מיט א זיס שמייכעלע גלייך ווייא ער וואלט פארענטפערט א קלאָץ קשיא און יענעם געעפענט דיא אויגען, הכלל מיט א שפּרינזשינע האט חייקעל דערקלעהרט אלסדינג, אי דעם זייגער, אי דעם טעלעגראף אי א שפּיעלפושקע און אלע אנדערע מיני המצאות אויף דער וועלט. איציק פּשטן אבער איז קיינמאל נישט צופרידען געווען מיט חייקילס שפּרינזשינקעס ער פלעגט קיקען דארויף עפּיס ווייא אויף אפּיקורסת און מאכען מיט א געשפּעט: באלד וועט שוין חייקעל זאגען אז א גולם וכדומה אזעלכע מופתים זענען אויף דורך א שפּרינזשינקעלע... פע, פע חלעבין! זיינע אלע זא־כענישען זיינען פשוט איז פשוט. איך בעט אייך איבער, גארנישט טאקע אמתע נארעשקייטען. און ווייל חייקיל בעל מוח איז געווען פארקאכעט אין וויטען, דריי־בער האט איציק פשטן,חייקילס בעשטענדיגער מתנגד אין אלע זאכען, זיך אָנ־געטשעפעט אין דער מוהמע ראסיע און זיך ארויסגעשטעלט פאר איהר מיט אלע קרעפטען, איטליכער פוןביידע צדדים האט שטארק געארבייט צו געווינען אויף זיין זייט דיא איבעריגע קומפּאניעס, איז חייקיל שוין געשטאנען אויף א שטי־קעל שטיינער מיט שמיאליק וואקסאר, דער פּרעזידענט פונם פעטער ישמעאלס כנופיא, און האט שוין כמעט ווייא האלב זיך אויסגעגלייכט מיט בעריל פראנצויז נאפּאלעאנס א הייסער חסיד. האט איציק אנגעמאכט א הארמירעד און צוגעצוי־גען צוא זיך טביא מאק, קירהם מענש, פּאטשטען זענין געפלויגען פון אלע זייטען, איטליכער האט געלאזט זיינע ראציעס, דיא וועלט האט זיך געקעהרט און דאס קלייזעל האט זיך פשוט געווינט! אט אין דער דאזיגער ייט בשעת דער גרויסער מהומה זענין אינזערע פארשוינען אנגעקומען קיין טעטעריוווקע און זיך אפּגע־שטעלט אין דעם דאזינען קלייזעל אויף סטאנציע.

סענדעריל מיט זיין כאראקטער איטליכען נאכצוגעבען האט אין דיא עניני הפּאליטיקע אויף זיך נישט איינגעשפּארט און איטליכען צוליב געטאן אזוי ווייא ער וויל, דוא ווילסט אזוי, פלעגט ער זאגין. וואס פאר א דאגה איך האב זאל זיין אזוי. און דאריבער האט ער שטארק נושא חן געווען און איז באלד איטליכען געפעלען, ביים ערשטען שלום־עליכם איז בייא דעם עולם געבליבען, אז סענדעריל

איז אָהן א גאַל, איוד אָהן כחמות, וואָס האָט אין זיך נישט דיא מרה פון עקשנות. און ווען סענדעריל איז געווען אויפגעטראָגען מיט אלע גליך גאַר אָהן א שום חלוק, אקעגען־זשע איז בנימין געווען איין איבערקלייבער און גאַר צום ערשטען איז איהם מעהר פון אלע עפּיס געפעלען שמואליק באָקסאַר, צו וועלכען ער האָט ביסלעכוויים זיך צוגעלאָזט ביז ער איז מיט איהם געוואָרען שטארק חבר, בנימין האָט איהם מגלה געווען דעם גאנצען פּלאַן פון זיין נסיעה און שמואליקין איז דיא זאך זעהר שטארק געפעלען, ער האָט מכה דעם איבערגעשמי־עסט מיט חייקלין, חייקיל האָט דאָס גענומען אויף זיין מוח, און הגם דיא זאך איז איהם אויסגעקומען אביסיל שווערליך, דאָך איז דאָס איהם געגאנגען אין קאָפּ, ער האָט באלד טאקי אין א סעסיע מיט בעריל פראנצוויז און טוביה מאָק אפּירגענומען דעם דאָזיגען ענין. און זייא האָבען זיך דארויף שטארק פארחי־דושט. בנימין, האָבען זייא געזאָגט, זעהט טאקי עפּיס ניט אויס וויא א געוויינט־ליכער מענש, ער איז עפּיס וויא צוטראָגען נישט אויף דעם עולם, אז ער רעדט איז שווער צופארשטעהן וואָס ער מיינט, ער פאַרטראכט זיך א מאָל, שטעלט אויס א פּאָר גלעזערנע אויגען און שמייכעלט. זיין הילוך און זיינע אלע פּאָס־מעטקעס זענין עפּיס משונה, דאָך אליז בעווייזט, אז ער איז העט העט גאַר פון איין אנדערע מדרגה, נישט גלאט א מענשל, אין איהם מוז בוודאי עפּיס שטעקען, גלאט פשוט קען עס לגמרי נישט זיין, ווער ווייסט, אפשר איז דער בנימין גאַר נישט קיין בנימין, א קאשיא אויף א מעשה!.....

אז בנימין און סענדעריל זענין פארשאַפּעט אריינגעקומען אין קלייזעל נאָך דער מעשה מיט דער יודינע פון דיא אייער איז דאָרט געווען א שרעקליכער גע־פּילדער, דיא סעסיע פון אונזערע פּאָליטיקער האָט שטארק זיך מפלפּל געווען מיט איציק פשטן, וואָס ער האָט זיך געריסען אויפן גאָרגעל און איטליכען ארי־בערגעשריגען.

— נאט זעהט, וואָס שטעהט אין יוסיפון, האָט איציק געשריגען אין איין אָטהעם און געטייט מיטן פינגער אין א ספריל, אין יוספון שטעהט. אז אלכסנדר מוקדון האָט געוואָלט געהן צו דיא קינדער יונדב בן רכב איז ער דערגאנגען ביז צו דיא הרי חושך און ער מיט זיינע גבורים האָבען דאָרט נישט געקענט לחלוטין געהן, זייערע פיס זענין געזונקען אין בלאָטע ביז איבער דיא קניע, מחמת דיא זון שיינט דאָרט נישט איז דיא ערד אין יענעם אָרט שטארק זומפּיג. היינט פאר־שטעהט איהר שוין, אלכסנדר מוקדון, דער גרויסער. אלכסנדר מוקדון, וואָס איז געפלויגען אויף איין אָדלער און וואָס איז שוין געווען בייא דיא טיהרען פונם

גן־עדן ער האָט נישט געקענט אריבער דיא הרי חושך, מכל־שכן אייער פארשוין, אזא נפש וויא ר! עס וועט איהם נישט העלפען דערצו אפילו חייקעל מיט אלע זיינע שפרינגשינקעס.

— דוא גראָבע קאָפּ איינער! האָט חייקיל זיך צולאָזט אויף א קול און גע־טיטשעט איציקין מיטן גראָבען פינגער, וואו זיינען דיינע אויגען? אדרבה זעה טאקי וואָס דאָ שטעט ווייטער ,ער זאָגט: אז אלכסנדר מוקדון האָט דאָרט גע־הערט עופות, פייגליך, ריידען יונית, איין פויגעל האָט איהם געזאָגט בזה הלשון דיין מיה איז אומזיסט, ווייל דוא ווילסט קומען אין גאָטס הויז און אין דעם הויז פון זיינע קנעכט, דיא בני אברהם יצחק ויעקב, היינט פארשטעהסט־דוא שוין, גראָבע קאָפּ איינער, פאר וואָס אלכסנדר מוקדון האָט אהינצו נישט געקענט געהן?

— מילא וואָס ווערסט־דוא אָבער טאָן, מיין גרויסער בעל מוח, אויב עס קומט נאָר אוים וויא דיא יש אומרים דאָרט, אז דיא עשרת השבטים מיט דיא רויטע יודליך אָדער דיא בני משה וואוינען נאָר דאָרט ערגיץ לעבין דעם לאנד פונם פריסטער יאָן? נוא, היינט לאָז דיין נפש מוחל זיין געפינען ערגיץ דאָס לאנד פונם פריסטער יאָן! מאָרגען נאָכן קאלטען קוגעל!

— עס נארעשקייטען, איציק! הלעבין נארעשקייטען.

—ווארט נאָר, ווארט מיין בעל מוח! עס איז עפּיס נאָך דאָ א סמבטיון אויך! וואָס וועט ער טאָן מיט דעם סמבטיון, וואָס ער שליידערט א גאנצע וואָך שטיינער? לאָמיר שוין אָננעהמען אין דער סברא, אז ער איז שוין אריבער דיא הרי חושך, ער האָט שוין געפונען דאָס לאנד פונם פריסטער יאָן. נוא קומט ער צו צום סמבטיון, טפּרדוא! עס רעגענט מיט שטיינער אוממעגליך צושטעלען א פוס דאָס דאָ וועט דאָך איהם נישט העלפען אפילו דיין וויטע, זיא זאָל זיך אפילו שטעלען מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט דיא פיס ארויף.

— העה, העה, דוא טשעפּעשט שוין זיך אין וויטען! אָט וואוהין דוא ביסט פארקראָכען.

— וואָס איז דאָס אין אמת'ן פאר א גאנג, איציק, אומזיסט אומנישט שפּעטען פון דיא מלכיות, האָט בעריל פראנצוויז זיך ארייננעמישט מיט פאר־דראָס, מיר רעדען דאָך איצט פון בנימינן, זידיל דיר בנימינין און מיש ניט אריין דיא מלכיות, איך בעט דיך!

פאר וואָס זידלען בנימינין? האָט זיך אָנגערופען טוביה מאָס. בנימין געהט ראכט זיך אויף א דרך, דורך איהם קען נצמח ווערען יודען א ישועה.

— אי מאַק, מאַק! האָט איציק געמאכט מיט תרעמות און געשאָקעלט מיטן קאָפּ, אויף דיר מאַקוניוּוא האָב איך מיך חלעבין נישט געריכט, אז דוא זאָלסט האַלטען מיט זיי און מאכען אזא פּירוש פון בנימינין, וואָס האָסט־דוא אין איהם אזוינס דערזעהן?

הערט נאַר, איך בעט אייך, א גאנג פון א מענשען: וואָס האָסט־דוא אין איהם אזוינס דערזעהן? האָט שמואליק באָקסאַר זיך נאָכגעקרימט מיט א גע־שפּעט, משוגע ביסט־דוא היינט, איציק, צי וואָס? זיין אָפּגעלאָזענקייט, זיין צוטראָגענקייט, זיין קוקען, זיין ריידען מיט זיין גאנץ בענעהמען בעווייזען דאכט זיך זעהר גוט ווער ער איז אזוינס, דאָס פּנים איז דער בעסטער שפּיגעל אויב דאָס אלסדינג איז בייא דיר קיין בעווייז נישט, ווייס איך שוין ניט וואָס הייסט בייא דיר אזוינס א מענש, אדרבה איך בעט דיך, אָט איז ער איצט אליין אָנגע־קומען, קוק איהם זייא מוחל אָן און זאָג אויב דוא ביסט נישט משוגע מאַקי ריין חסר דעה.... איהר זעהט, עפּיס פלאמט איהם דאָרט א באַק און דרייא געלע פּאַ־סעקליך ציהען זיך איהם וויא א שין אויפן פּנים! נוא איציק וואָס פאַר א פּנים האָסט־דוא איצט?

איציק איז צוגעגאנגען נעהנטער צו בנימינן. האָט איהם אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז דיא פיס, איהם א שפּייא געטאָן כמעט אין פּנים אריין און איז אוועקגעגאנ־גען אין איין כעס. פון דעם דאָזיגען שמיעס אָן וועגען בנימינין האָט בעקומען די פּאָליטיקע איין אנדער פּנים, שמואליק באָקסאַר מיט בעריל פּראנצוויז האָבען געשלאָסען בלאט מיט חייקלין, וויטע האָט ארויסגעשיקט אין ים טויזענט גרויסע אָקרענטען מיט שרעקליך ווילדע מאשינעס, דער פעטער ישמעאל איז אריבער דעם פּרוט און נאַפּאָלעאָן האָט געשאָסען מיט באָמבעס אויף סעוואסטאָפּעל. טוביה מאַק איז געשטאנען אויף משקולת נישט אהין נישט אהער, געדרעהט מיט דער צונג נישט צו־וויסען מישטעהנס געזאָגט אויף וועלכער וועלט ער איז און איציק פּשטן איז געבליבען איינער אליין וויא אויפן וואסער, ער האָט גע־באַך געארבייט אויף אלע כלים און שיער נישט געשפּרונגען ארויס פון דער פון הויט א קאַטאָוועס איינער אקענען אזא חברה! דערפאַר האָט ער זיך פּארגעסן אויף בנימנן, ער האָט פון יענער צייט אָן זיך אלץ צו אים געזוכט און איהם געטאָן אין דער גאַל אריין, „גאָט איז מיין עדות. דערצעהלט בנימין אין איין אָרט, אז איך האָב מיך נישט געמישט אי דער פּאָליטיקע, וואָרום איין מאָל צו וואָס טויג עס? צווייטענס וואָס געהער זיך עס מיט א יודען אָן? פון מיינעטוועגען האָט גע־מענט זיין אזוי צרער אזוי, גאנץ גלייך, סענדעריל מיינער האָט אין אזעלכע זאַ־

בענישען זיך אויף אסור נישט געמישט און פון דעסטוועגען האט מיך איציק ני געלאזט רוהען, איך האב פון איהם נישט געהאט קיין טאג און קיין נאכט. א מאל פלעגט ער מיך ארומשטעקען הינטען מיט פעדערען, אדער ווארפען אויף מיר שטילערהייט א קישעלע, אדער פערשליידערן ערגעץ מיינעם א שוך, אז איך האב מיר דעם קאפ פערדרעהט זוכענדיג. בין איך ביי דער נאכט אנשלאפען געווארען אויף מיין געלעגער פלעגט ער מיט א שטרייעלע מיר קיטצלען דיא פיאטעם אז איך פלעג אזש אונטערשפרינגען, אדער ער פלעגט מיר לאזען א פאמפע אונטער דער נאז, איך פלעג זיך אויפהאפען נישט טויט נישט לעבעדיג און קיי־כען הוסטען מחמת דער רויך אפשר א שעה כסדר, גלייך וויא איך בין שולדיג געוועזען וואס דיא דריי קומפאניעס האבען געמאכט יד אחת".

דעם גרעסטען טהייל פון שטאדט זיינען אונזערע פארשוינען טרוד געוועזען מיט דער פרנסה. זיי האבען געמאכט וויזיטען אין דיא טעטעריוואקער הייזער און האבען אין א קורצער צייט קונה שם געוועזען אזוי אז מען פלעגט אויף זיי נאכטייטען מיט דיא פינגער אונבעגעגנען זיי דער מיט א גלייך ווערטעל. דער מיט א שמייכעלע. איין אנדערער אויף זייערער ארט וואלט זיך שטארק איבער־גענומען פון אזא כבוד און צופויקט אומעטום פון זיין גרויסקייט, אהן עין־הרע, אין דער וועלט, וויא מען האט זיך געשמאלצען פשוט אנקוקענדיג איהם, וויא מען האט זיך געלאבט מיט איטליך זיינס א ווארט און מיט וואס פאר א שמיי־כעלע מען פלעגט איהם אויפנעהמען און ארויסבעלייטען פון דער טיהר ,נאר אונזערע פארשוינען אבער זענין ביי זיך געוועזען פראסטע מענשליך און האבען פון אזא כבוד זיך גאר נישט געמאכט. בנימין איז געוועזען פארטראגען אין זיינע זאכען און סענדערלין איז געלעגען אין זינען דיא טארבע זאל זיין פול און אין דער קעשענע זאל זיין עטליכע גראשען אויף הוצאות, צי גיסט־דוא מיט א שמיי־כעלע צי מיט א קרים וואס מאכט עס א יודע אוים, אבי גיב.

היינט איז פורים מארגען איז אוים

גיב מיר א גראשען און טרייב מיך ארוים!

אט דאס איז דאס בעקאנטע אידישע לידעל, וואס שילדערט זעהר גוט, זייער פראסטקיים, זייער עניוות און וואס סענדעריל פלעגט עס געהענדיג אויפן וועג זעהר אפט שטילערהייט אונטערזינגען.

א גוט מארגען, נאט העלף! פלעגט סענדעריל זאגען ביים אריינגעהן ער־ניץ אין א שטוב נאכשלעפענדיג הינטער זיך בנימינ'ן פאר דער פאלע, דערנאך פלעגט ער איהם דערלאנגען א שטופ פאראוים, איהם איינראמען אין אויער

ער זאָל ניט שטערען און אליין אנידערשטעלען זיך אין דער זייט מיט גרויס דרך ארץ.

ארומגעהענדיג אויף אזא שטייגער זענין אונזערע פארשוינען איין מאָל אריין אין א שטוב, אין וועלכען זיי האָבען געטראָפען עפעס א יונגען מאן טענהנדיג מיט דעם בעל הבית, עס האָט אויסגעזעהן פון דיא רייד וויא דער יונגער מאן גיט דעם בעל הבית צו פערשטעהן דיא וויכטיגקייט פון עפיס איין ענין, וואָס דורך דעם קלינגט מיט איהם איצט דיא וועלט, וויא ער לויבט זיך פאר איהם אָפּ, וויזט פאפירען א:ן פערלאנגט פון איהם עפעס א זאך, נאָר דער בעל הבית קרימט זיך אָבער, טענהט וויא ער קען און צאפּעלט פשוט זיך אויסצו־רדרעהען פונם יונגען מאנס הענד, דער בעל הבית האָט זיך אָנגעהאפּט אין אונזע־רע פארשוינען אזוי וויא א דערטרונקענער אין א שטרוי. ער האָט געשווינד זיך צוגעלאָזט צו זיי אין דער דאָפּנונג אפשר האָבען זיי צו איהם א נייטיג געשעפט און וועלען איהם דערוויי"ל בעפרייען פון דער נויט. נאָר קוים אָבער האָט ער דערהערט ווער זיי זיינען און וואָס זיי ווילען איז ער געבליעבען שטעהן צומישט, שטארק פערוואונדערט, וויא איינער בשעת דאָס אָנשיקעניש טרעט פלוצים צו פון אלע זייטען:

— אָט האָט איהר נאָך נוסעים! האָט דער בעל הבית זיך אָנגערופען נאָכ־דעם אז ער איז צו זיך געקומען און זיך געווענדעט צום יונגען מאן. דיא דאָזיגע יורען, זעהט איהר, זענין אויך נוסעים! נאט אייך נייס, נוסעים אויף אונזער קאָפּ!

דער יונגער מאן מיט אונזערע פארשוינען האָבען איינער דעם אנדערן זיך אָנגעקוקט.

— הערסט דוא, האָט סענדעריל א ציה געטאָהן בנימינ'ן פאר דער פאָלע און איהם איינגערוימט אין אויער, מעגליך אז דער דאָזיגער יונגער מאן וואנדרע־וועט אויך אהינצו.... ער קען נאָך חלילה פארלויפען פריהער און אונז אָפּטאָן אייף טערקיש.

— אפשר זיינט איהר טאקע אלע איין קומפּאניע? האָט דער בעל הבית זיך ווייטער אָנגערופען.

— חלילה, חלילה! האָט בנימין מיט סענדערלען ביידע אין איין קול גע־שריען, מיר געהן בעזונדער, געהען מיר!

— געהט אייך געזונטער הייט בעזונדער, ביי מיר אָבער הייסט איהר איין קאָמפּאניע. האָט דער בעל הבית געזאָגט און ארויסגענומען א מטבע פון דער קעשעניע.

— ניט, זייט מוחל, אונז, אונז ניט, האָט סענדעריל געבעטען און אויס־געשטרעקט דיא האנד. מיר וועלען שוין דעם יונגען מאן ארויסגעבען זיין חלק קומט יונגער מאן, מיר וועלען אייך ארויסגעבען, איך האָב מינץ.

אין מיטען דרינען האָט זיך געעפענט דיא טהיר פון דער קיך און א שרעק־ליכער קול האָט זיך געלאָזט הערען פונדאָרט משונה ווילד:

דאָס איז ער, ער! אָט דער, וואָס שטעהט לעבין דעם קליינעם דארען אידעלֿ, זיי האָבען דענסטמאָל אויךביידע זיך ארומגעשלעפט. איך האָב איהם דערקענט, דעם שיינעם נפש. אין זיין פּנים'ל, אין זיין גנב בערדיל, אויסגעצופּט זאָל עס איהם ווערען! אין זיין צוחראשטעט הערצעלע, א פארחאפּט רבונו של עולם זאָל ער ווערען! זאָל עס מיט איהם קויקלען, מאָרדעווען און אויסרינגען דאָס מארך פון זיינע טרפהנע ביינער אויסרינען!

קום בנימין אוועק! האָט סענדעריל געזאָגט שלעפּענדיג בנימינען פאר דער פּאָלע, א רוח אין דער חצופה'ס טאטען אריין, זיא האָט נאָך אלץ צוטאָהן מיט דיא צובראָכענע אייער.

---

## וויא זכות אָבות האָבען פאר אונזערע פארשוינען זיך געלייגט.

זיפצען און קרעכצען מוז מען אז מען לייענט דיא געשיכטע פון דיא גרויסע בעריהמטע קאָפּ־מענשען וויא זיי האָבען נעביך געלימען שטארק זייער גאנצען לעבען פון דער וועלט, פאר וועלכע זיי האָבען מקריב געווען זייערע טעג און יאָה־רען און זיא בעגליקט מיט זעהר ניצליכע זאכען, וואָס זיי האָבען מיט זייער שכל בעגאנגען. דיא וועלט איז בטבע א קינד וואָס האָט ליעב זיך צו האלטען נאָר אין דער מאמעס פארטוך, נישט אָפּצוטרעטען פון איהר אויף א האָאר, וואָס האָט ליעב אלץ דיא אלטע נארישע מעשיות, וועלכע דיא ניאנקעס און אלטע באָ־בעס חזרן זיי איהם איבער הונדערט מאָל אין טאָג. וואָס מיינט, אז בעסערס פון זיינע שפּילבלאָך איז טאקי נאָר נישטאָ. אין דערינען שטעקט דיא גאנצע חכמות וואָס קען נאָר זיין, און אז דער בעהעפּער קומט איהם נעהמען אין חדר אריין, אויסצולעהרנען איהם עפּעס, שרייעט ער געוואלד גלייך וויא מען וואָלט איהם געקוילעט, דיא וועלט האָט ליעב צו לעבען אזוי וויא זיא איז געוואָהנט, עפּעס א נייס קומט איהר אויס משונה ווילד, זיא שרייעט דארויף מעשים און זידעלט, מאכט מיט דער בלאָטע גלייך דעם, וואָס טראכט אזוינס אויס, ערשט דערנאָך אז דאָס נייס איז שוין נולד געוואָרן, עס האָט זיך איינגעלעבט און וויזט בעשייפערליך ארויס דעם גרויסען נוטצען וואָס אין איהם ליגט, ערשט דענסט־

מאָל חאַפּט מען זיך אין דעם שטארק אָן. מען האָט דערפון גרויס הנאה און פארגעסט כלל יענעם נעביך וואָס האָט ער מיט נויטשוויים ממציא געוועזן, נאָך זעהר שיין פון דער וועלט אז זיא האָט זיך זיינער דערמאָהנט איהם צו מאכען חאָטשע א מלא און צושטעלען איהם א מצבה, מיליאָנען מענשען לעבען היינט גליקליך און עטהמען פרייא אין אמעריקא, און קאלומבוס בשעת איהם איז אריין דער געדאנק צו ענטדעקען אמעריקא האָט נעביך שטארק געליטען, דיא וועלט האָט איהם געהאלטען פאר משוגע און אויס איהם חוזק געמאכט, דעסגלייכען איז אויך געוועזן מיט אונזער בנימינין פון טונעיאדעווקע, נאָר אָנקוקענדיג איהם האָט מען איהם געהאלטען פאר א משוגענעם און הערענדיג זיינע רייד איבער דער נסיעה האָט מען זיך געשטיקט פאר געלעכטער, מען האָט מיט איהם געטריבען קאטאָוועס.איטליכער האָט מיט אים געהאט צו טאָן און אויס איהם געמאכט א קאָטער, א נס וואָס בנימין האָט עס אזוי פיעל ניט פערשטאנען, זיסט וואָלט ער זיך פארעסען, חס ושלום קראנק געוואָרען און א שפייא געטאָן אויף דער גאנצער נסיעה! מיר היפערען איבער א סך זאכען פון דעם עולם'ס המצאותליך איבער בנימינין בכדי דאָס זאָל אויף אונז אלע נישט פאלען פאר קיין אייבינגען פלעק און דאָס זאָל אונז נישט זיין צו קיין חרפה צו קיין בושה אין דער געשיכטע פאר דיא שפעטערדיגע דורות. מיר מאכען זיך נישט וויסענדיג פון דיא אלע זאכען, האָטעפּאַקרעשקע, און נעהמען זיך ווייטער צו אונזער דערצעהלונג.

אין טעטעריווקע, זאָגט בנימין, איז דאָ א גרויסע קהלה יודען, זאָלען זיך פרוכפּערען און מעהרען, ווער זייא זענין, וואָס פאר א מיני מענשען זייא זענין און פון וואנען זייא האָבען זיך גענומען, דאָס, פרעגט זייא בחרם, ווייסען זייא אליין נישט, זייא האָבען נאָר בקבלה פון טאטעס, זיידעס או עלטער־עלטער זיידעס. אז זייא וואקסען פון יודען, און וויא עס זעהט אויס פון א טהייל זייערע מנהגים, פון זייער הלבשה, פון זייער לשון און פון זייער האנדעל וכדומה זענין זייא אפנים טאקי מחויב צו זיין יודען, נאָר צונויפגעלאָפענע, אָפּגעריסענע פון פארשיעדענע שבטים, וואָרום איינער מיט דעם אנדערן געהר זיך כמעט נישט אָן. לאָז א שטייגער איינער פאלען וועט דער אנדערער איהם נישט אויפהייבען חאָטש ער זאָל שונא ציון דיא כפּרה ווערען, דיא מיתה משונה איינגעהמען דאָ אויפן אָרט... צווישען זייא איז דאָ א טהייל, וואָס פארשטעהען זעהר גוט מאניפארגע לשון. מאניפארגע איז פון דעם שורש מאניפארניסימו'ז, דאָס הייסט מאני לשון, פארגי ציניינעריש, מאניפארגע־יודען קענען חכמת היד, קוקען יענעם אין האנד אריין און ציהען געוויינטליך דערפון זייער פּרנסה דערצו נאָך קענען

זיי אנדערע מלאכות, לעמכלכמאכערס און טאָקערס זענין זיי טאקי איינע אין דער וועלט, חידושין נאָר מוז מען זיך וויא זייא מאכען א מאָל יענעם א לעמפעל און טאָקען אָפּ זאכען עפּעס גאָר שלא כדרך הטבע, אויך האָבען זייא א מתנה פון זיין ליבען נאָמען אָפּצוזאָגען א מאָל א פּזמון, און דווקא שטילער הייט, מיט אזעלכע מיני תנועות, אזש טרעהרען שטעלען זיך דורכדעם אין דיא אויגען און זייא נעהמען דערמיט בייא יענעם פּשוט צו דאָס חיות... מען זאָגט יאקבי זייא שטאמען פון דיא ערב רב פון דער גזע כפתרים, בכלל, זאָגט בנימין, זענין דיא איינוואוינער דאָרט עהרליכע לייט. גוטע מענשען, זייא פלעגען מיך אויפנעהמען תמיד מיט א שמייכעלע און משונה הנאה האָבען מיט מיר זיך אָפּצוגעבען. מען האָט געזעהן בעשיינפערליך, אז זייא זענין מיט מיר שטארק צופרידען. איך ווינטש זייא פונם גאנצען הארץ, אז גאָט און לייט זאָלען פון זייא אייביג אויך אזוי צופריעדען זיין, אָמן."

א חידוש נפלא, דערצעהלט וויטער בנימין, דאָרט אין דער סביבה בעגעגנענטמען א מאָל פארשוינגען וואָס זענין אביסיל וויא חזירעוואטע, מען דערקענט עס זייא באלד אין דעם אנבליק. א טהייל זאָגען אז דאָס איז אזא פּאָראָדע, ווידער א טהייל ווילען האָבען אז דער אָרט איז דערצו מסוגל. בנימין וויל דרינגען נישט מכריע זיין, דאָס געהער זיך אָן מיט דיא געלערענטע. זייא זאָלען דיא זאך פאָרשען און אונז דערקלעהרען אקוראט וואָס דאָס בעטייט. נאָר וויא דיא מעשה איז, זאָגט בנימין, אזוי צי אזוי, דיא זאך אליין איז קיין נייס ניט אויף דער וועלט, נאָך דער אלטער מתתיהו דעלעקארטי העט העט אין דיא פריהערדיגע יאהרען ברייננגט אין זיין ספר „צל עולם" בזה הלשון: „אין בריטאניה איז דאָ א פאָלק מיט איין עק פון הינטען וויא בייא בהמות, אויך זענין נאָך דאָ ווייבער, הויכע גרויסע וויא דיא ריזען און זייא זענין בעוואקסען מיט שטשיטינעס (חזיר־האָר) וויא דיא חזירים. אין צפרת האָט זיך געוויזען א פאָלק מיט הערנער, אויף יענע בערג זענין דאָ קרומע ווייבער און דיא וואָס איז מעהר קרום איז אלץ שעהנער: „טאקי ממש וויא מען בעגעגענט נאָך בייא א אונז, היינטיגע צייטען, זעהר פיעל ווייבער, וואָס קומען אויס קרום. שטארק בולט מחילה פון הינטען, מיט א לאנגען עק. וואָס באָמבעלט זיך און שלעפּט זיך זייא נאָך אויף דער ערד, דאָס וואָס איז געוועזען, זאָגט דער פסוק, דאָס וועט אויך זיין און ס'איז נישטאָ קיין נייס אונטער דער זון!

טעטעריוווקע, זאָגט בנימין, איז גרויס מיט שיינע מויערען און לאנגע גאַסען, אָנקוקענדיג זיא ביים ערשטען מאָל דאכט זיך אויס. זיא לעבט, עס קאָכט

דאָרט און רוישט, נאָר דערנאָך אז מען ווערד אביסיל איינגעוועהנט זעהט מען, אז זיא איז אין תוך אריין א מין גרויסע טונעיאַדעווקע, דיא איינוואוינער דאָרט עסען, לייגען זיך שלאָפען, שטעהן אויף וויא געוויינטליך אלע טאָג אין איין צייט, דיא צייט ווערט גערעכענט דאָרט נאָך דעם עסען, פונם אָנבייסען א שטייגער ביז ווארמעס און פון ווארמעס ביז וועטשערע, מחמת אָנבייסען, ווארמעס און וועטשערע זענין דרייא קרעטשמעס אין זייער לעבען. וואָס אהינצו גארט מען זיך צודערשלעפּען אויף א פּאָפּאס און עפּים טאָן נאָכדעם אז מען האָט פארבראכט א שטיק צייט מיט גאָרנישט אין א פוסטען סטעפּ. מען זאָגט יאקבי טעטעריווקער לופט מאכט בטבע פויל, אָפּהענדיג און שלעפעריג, וועז עס פאלט אהינצו אריין עפּעס א מענש מיט קוראזש, מיט א חשק עפּעס צו ווירקען, נעהמט עס אין א קורצער צייט בייא איהם צו אי דעם קוראזש, אי דעם חשק, און עס בלייבט איהם מעהר נישט איבער וויא דער חשק צו עסען, שלאָפען און אויפצושטעהן בכדי ווייטער צו עסען און צו שלאָפען .בנימין האָט דאָרט געזעהן דיא סטאנציעס פון דיא קליין שטעטעלדיגע סבאָרטשיקעס און פּאָוויערענעס, אוועקפּאָהרענדיג פון דער היים האָבען זייא ארויסגעוויזען קוראזש און שטארקייט נאָך פיל מעהר וויא מען בעדארף. מען מוז פּאָהרען, האָבען זייא אלץ גערדונגען און איינגעשמיעסט דעם עולם, מען מוז פּאָהרען זיך סטארען ארבייטען און איינלאדעווען מכח דעם געלד אויף געוויסע קהלשע הצטרכות און מכח נאָך אנדערע שטעטישע זאכען, חאָטש זייער סטארען זיך, ארבייטען און טאָן וועגען דעם איז אין גאנצען איין איבעריגע זאָך, טאקי נאָר וויא א פינפטע ראָד צום וואָגען, ווייל דארויף איז דאָ א סמעטע, און אלצדינג וועט געמאכט ווערען גאָר אָהן זייער הילף, נאָר זייא האָבען אָבער פאָרט בעקומען שטארק חשק, עס האָט זיך זייא משונה פאר געלוסט, האָבען זייא גענומען ביים עולם געלד פאר זייערע ווייבער און קינדער אי פאר זיך אויף הוצאות און מארש אין וועג אריין אין א גוטער אין א מזלדיגער שעה, אין טעטעריווקע קומענדיג איז זייא. מעשה שטן, באלד פארגאנגען דער חשק, וואו בריהשקייט, וועז בריהשקייט ! האָבען זיך אנידערגעזעצט אויף דער סטאנציע פויל, אָפּהענדיג, נאָר גענעסען נעביך, געטרונקען און געשלאָפען, גלייך מען האָט זייא א כישוף אָנגעטאָן, אין דעם צושטאנד פארברייגגען זייא נעביך דאָרט זייערע טעג און יאהרען, דער עולם שיקט זייא אלץ צו, אויף זייער בקשה, געלד און ווייטער געלד און זייא הינען טאקע אלץ, געניצין, עסען, שלאָפען נעביך וויא דיא פארצויבערטע פּרינצען און ס'איז פשוט אוממעגליך זייא פון דאָרט ארויסצורייסען, אפילו קיין בעל שם און קיין טאָטער קענען דערצו אויף נישט

חעלפען. — בנימין האט אנגענומען א יצר הרע זיך צו בעקענען מיט דיא בע־ריהמטע געלערענטע און שריפטשטעלער וואס אין טעטעריוועקע, עפעס איז ער דאך אויך א שטיקעל קענער, א חקרן, וואס קוקט אריין אין דיא קליינע אותיות־ליך און ווייס, וואס איז אזוינס א יודישער חקירה־ספר. פון וואנען דיא דאזיגע לייט האבען געשעפט זייער תורה. זייער ידיעה אין דיא שבע חכמות, היינט וויא שיקט זיך עס, קומען אהער און זיך נישט זעהן מיט זיין סארט מענשען ? ! חוץ דעם האט זיך איהם געוואלט טאקי איבערשמיעסען מיט זייא וועגען זיין נסיעה, אזעלכע לייט וועלען איהם דאך פארשטעהן און קענען אפשאטצען דעם ווערטה זיינעם, ער האט געהאפט, זייא וועלען איהם נאך געבען הסכמות און איהם היי־בען וויא אויף דרוקעס. זייא האבען דאך ליעב ארויסצוגעהן מיט זייערע הסכמות אויף קלייניגקייטען, שמאכטעלייען. בפרט נאך אויף אזא זאך, אויף אזא וויכטי־גע זאך, דא וועט דאך דיא פען זייערע זיך צולאזען גאלאפ, גאלאפ וויא א פערד, נאר צו וועלכען פון זייא בנימין איז געקומען האט ער איהם אלץ געטראפען אדער ער עסט אדער ער שלאפט ! איינמאל איז איהם געראטען צו טרעפען א נעם פון דיא לייט — א ווילדער שרייבער משונה א בעריהמטער בריה — וויא ער איז געזעסען אנגעלעהענט אויף א באנקבעטעל אין איין אפגעזונדערט חדריל, גוט מארגען ! — גוט יאהר ! ? וואס וויל א יוד— עט. אזוי, א ביסיל שמיעסין ! — אהין אהער עפיס פלאטשיק דער עוסק. דער בריה איז עפיס וויא צוקראכען, קוים וואס ער ריהרט מיט דיא ליפען, דיא נשמה ליגט איהם אויף דעם שפיטץ נאז און עס קלעפען זיך איהם דיא אויגען. בנימין מינטערט איהם, רעדט איבער איהם וויא ער קען, נאר אומזיסט דיא מיה, ער איז קאלט וויא אייז. ערשט דערנאך האט ער זיך אביסיל אויסגעטשוכעט. א שטארקען געניץ געטאן און ארייננערופען דאס וויב, ווען וועט מען שוין געהן עסען ? האט ער זי א פרעג געגעבען או אויסגעקנאקט דיא ביינער מיט א געשמאקען געניץ. לאז מען שוין געבען עסען, ווארום איך וויל, האט ער גיזאגט, איך וויל אביסיל צולייגען מיך שלאפען.... הכלל טעטעריוועקע איז א גוטע ספאלניע אלסדינג שלאפט דארט רוהיג. אי דאס געלערענטקייט ,אי דער האנדעל, אי דיא ביינק. אי דיא פראצע־סען (לארענישען) און אלע מיני געשעפטען. וויא מען זאל זייא נישט פריוען וועק־קען קען מען זייא אלץ נישט דערוועקען. אפילו ווען עטליכע מענשען פארקלייבען זיך אמאל אין איינעם נעהמט זייא באלד פפ דאס לשון, זיטצען, געניצין און קור־קען איינעם דעם אנדערען אן וויא דיא גולם'ס, און דיא גאנצע געזעלשאפט ווערען אנשלאפען. ערשט ווען מען דערלאנגט דיא וועטשערע ריהרט זיך אין זיי

איין אבר, זייא ווערען לעבעדיג, נעהמען זיך נעשמאק צו דער אכילה, עסען אָפּ— און א גוטע נאכט זייא גייען א היים שלאָפען.... אונזער בנימין האָט עס געפיהלט שפּעטער אויף זיך אליין, ער האָט דערנאָך אין טעטעריווקע נישט מעהר געטאָהן וויא געגעסען און געשלאָפען און דער חשק פון דער נסיעה איז איהם עפּים וויא פארגאנגען. ער איז געווען אין א גרויסער סכנה פארפאלען צו ווערען דאָרט, אזוי וויא א שיף, וואָס חאפּט זיך אריין אין דעם שטילען ים, און אָפּשלאָפען דאָרט זיין לעבען ביז אצונד ווען מיט איהם זאָל זיך נישט געווען מאכען א מעשה, וואָס האָט וויא א שטורמווינד, אויף זיין גליק און אויף דער וועלטס גליק, איהם מיט געוואלד ארויסגעטריבען פון דאנען ווייטער צו זיין נסיעה.

דיא שנאה פון איציק פשטן צו בנימינין האָט וואָס א טאָג אלץ מעהר גע־וואקסען, ער האָט דיא לעצטע צייט וויא א זלודניע זיך איינגעגעסען אין בנימנין און זיך גענומען שטארק מפלפל צו זיין מיט איהם איבער זיין נסיעה, איהם ליי־גען שטיינער אויפן הארץ. אז דענסמאָל ווען דאָ אויף דער דאלאָניע וועט וואק־סען האָר, וועט ער קומען צום סמבטיון, און זעהן דיא רויטע יודליך וויא ער זעהט זיין אויער. בנימין אָבער האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאשע און אויסגעדרונגען, אז סאיז דאָ אין דער וועלט א בורא, וואָס פארלאָזט נישט דיא, וואָס האָבען אין איהם א בטחון, נישקשה ער וועט אם ירצה השם מיט גאָטס כח דערגעהן אהינצו, שונאים אויף צושפּרינגעניש, און אז בנימינין פלעגט טענהדיג זיך צושפּילען דיא געבליטען, פלעגט ער ווערען פלאם־פייער און אין דערמיט שמיעס אריינווארפען אויף א קול. פּיפּערנאָטער, לינדענווארם, אייזעל, מויל־אייזעל וכדומה! דאָס האָט געהייסען אזוי פיל וויא: בילט אויף דיא ציין, אָט בין איך שוין העט וויים, אָט בין איך שוין דאָרט אין דער מדבר און געה און געה און געה!... איציק פלעגט דרייא מאָל אויסשפּייען און זאָגען: ער איז פּשוט משוגע חסר דעה, מען בעדארף איהם פיהרען צום טאָטער. און האָט צום סוף אזוי ווייט געבראכט, אז קוים האָט בנימין זיך געוויעזען אויף דער גאס, זענין איהם ווייסע חברה נאָכגעלאָפען וויא נאָך א משוגענעם מיט שטיינער, איהם געמאכט א אורא און געשריען: פּיפּערנאָטער לינדענוואָרם! איינמאָל אז בנימין מיט סענדערלין זענין פארנאכט געגאנגעןביידע אין גאס איז חברה זייא בעפאלען וויא דיא היישרעקען און זייא שטארק דעקוטשעט, אזוי אז זייא האָבען געמוזט אנטלויפען מיט הינטערנעסליך. אין איינעם פון דיא איינגע געסליך, האָבען זייא לויפענדיג בארג אראָפּ איבער א לאנגער, שמאָלער קלאטקע זיך בעגעגענט דאָרט כאמע אייף דערמיט מיט א מענשען, וואָס איז זייא געקומען אקעגען, אויסטיידען

זיך דאָרט איז נישט געווען קיין שום מעגליכקייט סיידען אראָפּשפּרינגען און צו־שלאָגען דעם קאָפּ, אָדער ווייניגסטענס זיך אויסברעכען א פוס. דיא ביידע זאכען אָבער האָבען אונזערע פּארשוינען בעראָפּט האָבען נייטיג אין לעבען אריין, אָהן א קאָפּ אָדער אָהן א פוס וואָלט דאָך קיין סברא ניט געווען צו מאכען זייער נסיעה. און בנימין מיט סענדערלין זענין געבליבען שטעהן מיט אראָפּגעלאָזענע נעזער.

— א־א שלום עליכם בנימין! האָט יענער פּארשוין, וואָס איז געקומען אקעגען, א זאָג געגעבען מיט א פּארדראָס אי מיט א געלעכטער אין איינעם. א גוטע בעגעגעניש חלעבין, אזוי וויא געוואונשען!

— שלום עליכם, עליכם שלום רב אייזיק דוד! האָט בנימין געענטפערט נישט מיט זיין קול שטארק צומישט.

דער דאָזיגער פּארשוין איז געווען רב אייזיק דוד רב אהרן יוסילים שרה זלאטעס, דער חכם פון טונעיאדעווקע.

— שיינע מענשען! האָט רב אייזיק דוד געמאכט מיט תרעומות. מען פאָהרט אוועק פון דער היים בגנבה גלאַט אוועק, פאר וואָס, פאר ווען? וויים איך? אלסדינג מוז דאָך זיין עפּים מיט א גאנג, מיט א דרך הטבע. וואָס הייסט גלאַט אוועק און מאכען ווייבער נעביך. אָהן א שום גאנג, פאר וויסטע עגונות מאכען ווייבער! וויים איך? שטייטש אדרבה, שוין אוועקגעשטעלט אלסדינג אין דער זייט, פרעג איך אייך נישט מעהר, נאָך אמאָל טאקי אדרבה סטייטש סטייטש? ! פּארקעהרט זאָגט וואָס טהוט איהר דאָ? איך מיין טאקי דיך אויך סענדעריל, נישקשה איך זעה דיך וויא דוא שטעהסט פון הינטען. דיין ווייב סענ־דעריל וועט דיר נישקשה געבען, גוט מכבד זיין וועט זיא דיך דיין ווייב, וויא א הערינג אזוי אין כעס איז זיא וואָלט זיא דיך צוריסען דיין ווייב, דאָס הארץ אָבער האָט איהר געזאָגט אז דאָ מוזט איהר אוודאי זיין האָט איהר געזאָגט דאָס הארץ דיין ווייב, און זיא האָט געוואָלט נישט אנדערש פאָהרען נאָר אהער האָט זיא געוואָלט נאָר מיט מיר דיין ווייב.

— הא ער איז דאָ! האָט א געשרייא געטאָן א יודענע, וואָס איז אונטער־געקומען פון הינטען צו רב אייזיק דוד'ן.

סענדעריל האָט אין איין קול דערקענט זיין בהורטע, ער איז געוואָרען טויט וויא דיא וואנד און געבליבען אָהן א נשמה פאר שרעק. ער האָט מיט ביידע הענד זיך אָנגעהאפּט אין בנימינס פּאָלע. ער זאָל נישט אראָפּפאלען פון דער קלאטקע אזוי האָט איהם זיך דער קאָפּ פּארדרעהט. עס האָט איהם זיך געדאכט, אָט

נעהמט איהם שוין אַן זיין ווייב און פּעטש שיטען זיך איהם וויא האָלץ.

— קוקט נאָר אַן דיא נפשות, דיא שיינע נפשות. אַ דיא כפּרה זאָלין זייא ביידע ווערען! הא וואו איז ער דאָרט ערגיץ מיין ימחשמוניק? לאָזט מיך נאָר צו איהם צו אביסיל, לאָזט מיך, איך וועל איהם ווייזען וואָס פאר א גאָט מיר האָבען! אזוי האָט אין איין אָטהעם געשריגען סענדערילס ווייב און געשטופּט רב אייזיק דוד'ן.

— נאָר אָהן געשרייא, אָן רעש. האָט רב אייזיק דוד זיא געבעטען. האָט נאָר ציימ. אז איהר האָט אזוי פיל געוואַרט, ווארט זשע נאָך אביסיל. קיין עגונה מיט גאָטס הילף וועט איהר דאָך שוין קיין עגונה נישט זיין. און ווייטער וויא זאָגט מען עפּיס הא? אויף דיא אייגענע מעשה, א יודענע בלייבט טאַקי א יודענע. דאכט זיך א קלוגע און פאַהרט א יודענע. לאָמיר שמיעסען דיא אייגענע זאַך פּאַרקעהרט, מילא מה רעש? ס'איז נישט מעהר גלאַט פּאַרדראָסיג: גלאַט אוועק, פאר וואָס, פאר וועןן? אלסדיינג מוז דאָך זיין עפּיס מיט א גאַנג, פאַר־שטעהט איהר מיך? נאָר אז ס'איז אזוי איז דאָך טאַקי דיא קשיא: צי וואָס נאָך שרייען? דער תירוץ איז אָבער, איך בעט אייך איבער וויאַ איין אייגענע מוטער; א יודענע מחילה בלייבט א יודענע.

רב אייזיק דוד האָט זיך ערשט צו ווינקט און געוואָלט, וויא זיין שטייגער איז, דעם שמיעס זיינעם איבערשמיעסען ווידער פּאַרקעהרט, דער נאָך ווייטער א מאָל פּאַרקעהרט און אריינגעבען דרינען אַ ביסעל פּעפּער מיט ציבעלע. נאָר פון ביידע זייטען קלאַטקע זיינין געשטאַנען א סך מענשען, וואָס זענין דערווייל אָנגעקומען. זייא האָבען פון דערווייטען זיך שטאַרק געבייזערט דארויף, וואָס יודען האָבען זיך אנידערגעשטעלט דאָ שמיעסין, גלייך וויא עס געהט זייא נישט אָן דיא גאַנצע וועלט, און לאָזען קיינעם נישט אריבערגעהן. דיא קלאַטקע איז אזוי שמאָל געווען, אז צווייא מענשען האָבען דאָרט זיך נישט געקענט מיידען. דיא וואָס פון איין זייט האָבען תמיד געמוזט וואַרטען ביז יענע פון דער אנדערער זייט וועלען פריהער אריבער. דריבער האָט סענדערילס ווייב מיט רב אייזיק דוד'ן געמוזט צוריק געהן צו יענער זייט קלאַטקע פון וואַנען זייא זענין אָנגעקומען, דעסגלייכע סענדעריל מיט בנימינ'ן האָבען זיך צוריק געקעהרט צו דער אנ־דערער זייט און ערשט דערנאָך האָט, פון דער דאָזיגער זייט טאַקי, דער עולם אָנגעהויבען איבערצוגעהן דיא קלאַטקע.

— איך בעט דיך סענדעריל, וואָס שטעהן מיר דאָ אזוי, און וואַרטען? האָט זיך אָנגערופען בנימין, וואָס איז פריהער צו זיך געקומען. עפּיס שטעהן

מיר דאָ, אזוי גלייך וויא מען בינט צו א יונגעל מיט איין עק פאָדים אין מויל און מיט דעם אנדערען צום פיסיל פון טיש .נארעלע, איצט האָבען מיר צייט ניצול צו ווערען.

— גערעכט, וויא איך בין א יוד! האָט סענדעריל א זאָג געטאָן פרעהליך וויא איינער וואָס רייסט זיך ארויס פון דער קלעהם. ניכער, ניכער, בנימין! אויב דוא ווילסט איך זאָל נישט ארייןפאלען אין איהרע הענד. דאָס איז נישט קיין קלאָטקע, נאָר זכות אבות האָבען דאָ פאר אונז זיך געלייגט.....

אונזערע פארשוינען האָבען געמאכט געשווינד א פליטה און אין עטליכע מינוט זענען זייא שוין געווען ווייט ערגיץ אין איין אנדער עק שטאָדט. זייא האָבען נישט געמאכט לאנג שיהות, פארנומען באלד זייערע פעקליך און זיך געזעגענט מיט טעטעריווקע.

---

## אורא רויטע יודליך!

חייא, וויאָ, וויאָ, האָט אויף דער קעלניע פון א בויד הייזעריג געשריגען א שמייסער און איז שיעור מיטן דישעל נישט ארויפגעפאָהרען אויף צווייא ווייבליך, וואָס זענען געשטאנען אין דערמיט גאס, סאמע דיא לעבעדיגסטע פון גלופּסקער גאסען,ביידע מיט טאָרבעליך שפּייז: פלייש, רעטעריליך, ציבעלע, קנאָבעל, אונטערען אָרם, און האָבען איינער דער אנדערער איינגערוימט סודות אי אויסגעגאָסען דאָס הארץ שרייענדיג אויף א קולכיל, אז מען האָט איהם געקענט הערען ווייט פאר א מייל, דיא ווייבליך זיינען אין מיטן שמיעס זיך צולאָפען, איטליכע אין איין אנדער זייט גאס, און זיך געשטעלט פון דערווייטענס צו ענדיגען זייער שמיעס אריבערשרייענדיג מיט א ניגון איבער בוידען, דראָזשקעס, טעליגעס און פוהרליך האָלץ, וואָס האָבען זיך געצויגען איינע הינטער דער אנדערער אין א גאנץ לאנגער שורה, אזוי אז א היבשע צייט איז ריין אוממעגליך געווען דיא גאס איבערצוגעהן.

— חסיא ביילע! נוא ועסט־דוא היינט בייא דער נאכט קומען אהינצו — צו דער קאָרטענוואַרפערין? איך וועל דאָרט זיין מיט מיינעם... דיינער וועט אויך אהינצו קומען. ער האָט מיך געבעטען איך זאָל דיר זאָגען, עס וועט דאָרט זיין פרעהליך. קום נארעלע. וועסט חלעבין הנאה האָבען! נוא חסיא ביילע, יועסט דוא קומען?

מיין בעל־הביתטע, ברענען זאָל זיא, וויל מיך היינט מכבד זיין מיט ראָשטשינען ברויט און איבעררייבען גרייפליך. איך וועל מיך אָבער אויסדרעהן און

קומען. נאָר איך בעט דיך דאָבריש, לאָז עס זיין בסוד, זאָג נישט קיינעם!

—ווארט נאָר חסיא ביילע ווארט! דער רוח וועט דיין בעל-הביתטע נישט נעהמען אז דער ווארמעס וועט שפעטער מיט א שעה ארויסקומען. זיא וויל פרעסען? ניא לאָז זיא עסען ווערעם, קריינק! איך האָב גאָר פארגעסען חסיא ביילע! זיפ נישט איבער אזוי דיא מעהל. דיא מיטשניטשקע איז ניט צופרידען פון דיינע קלייען. וויפיל איז דיר געבליבען היינט פונם אנקויפען?

— שיינעץ, שיינעץ! האפט איהם נאָר דעם שייגעץ! וואָס איז עס פאר א מאָדע האפען? א פארחאפט זאָל ער ווערען!

— וואָס איז דאָרט חסיא ביילע? וואָס שרייעסט-דוא אזוי?

— א קארמאנשטשיק דאָבריש! ער האָט ביי מיר שיעור שיעור נישט ארויסגעשלעפט דאָס טאָרבעלע שפייז פון אונטערן אָרם. א מערכה וואָס איך האָב בעצייטען מיך ארומגעקוקט.

— זעה נאָר זעה חסיא ביילע! וואָס איז דאָרט אזא צולויפעניש? עס מוז שוין ווייטער עדגיץ ברענען, ס'איז שוין היינט דיא צווייטע שרפה. ביז נאכט קען זיין נאָך עטליכע שרפות.

— מען הערט נישט קלינגען, דאָבריש א שרפה וואָלט מען דאָך געקלונגען.

— שא, אָט נעהט דיא מעקלערין. איך וועל זיא א פרעג טאָן. סימע דוואָסיע! סימע דוואָסיע! וואָס לויפט מען דאָרט עפּיס אזוי?

— איך ווייס נישט קיין צער! אפשר ווייסט נחמע ניסע, נחמע ניסע! וואָס איז דאָרט פאר א רעדיל, סערדצע? אייערע קאטשקעס שרייען עפּיס, אז מען הערט נישט וואָס מען רעדט. האָדיל איז היינט געלעגען געוואָרען, זיא וועט בייא אייך צונעהמען דיא קאטשקעס. היהנער האָט איהר אויך? זעהר פעטע קאטשקעס, אייער איז היינט נישט געווען זיך צו דערקויפען. וואָס איז דאָרט אזא מהומה?

— ווייס איך? עפּיס רויטע יודליך. עפּיס האָב איך געהערט שרייענדיג רויטע יודליך.

— וואָס, עס זענין אָנגעקומען רויטע יודליך! אי־אי־אי־! מען מוז דאָך געהן אָנקוקען אויף חידושים. האָבען אלע מיט א מאָל א געשרייא געטאָן און זיך געלאָזט לויפען הענדום פענדום צום רעדיל מענשען.

— אורא פיפערנאָטער, לינדענוואָרם! אורא רויטע יודליך! האָבען צוויי־

שין דעם רערעל מענשען געשריען א גאנצע האַפּטע ווייסע חברה.

דיא דאָזיגע רויטע יודליך, דאַס זענין געוועזן אונזערע פארשוינען. בנימין מיט סענדערלין, וואָס אין א קורצער צייט נאָך יענער מעשה. וועלכע עס האַט מיט זייא זיך געטראָפען אויף דער קלאטקע, זענין זייא אָנגעקומען קיין גלופסק און האָבען דאָרט במשך פון א פּאָר וואָכען שטאַרק קונה שם געוועזן. עס האָבען זיך געפונען א סך עהרליכע אידען וואָס האָבען פון זיי פּשוט אָנגעקוואָלען, ממש אזוי וויא פון דעם שוסטעריל, וואָס ער איז אין יענע צייט דורך זיינע מופתים אין גלופסק פלוצלים נתגלה געוואָרען. טאָלצע און טריינע, צווייא געוויסע אלטע יודענעס, כשרה נשמות, וואָס פלעגען, וויא איטליכען איז בעקאַנט, אלע טאָג פאר נאכט שבתדיג זיך אָנטאָן מיט דער ייפּע אי מיט דעם שטערענטיכעל און ארויסגעהן אונטער דער שטאָדט בעגעגענען משיח'ן, אָט זייא זענין דאָס געוועזן דיא גליקליכע אין איין פארנאכט צו-ווסטרענציען אויף יענער זייט ראגאדקע אונזערע פארשוינען ביים אָנקומען זייערען פון טעטעריווקע און אין א גוטע שעה אריינצופיהרען זייא אין גלופסק. באלד טאקי בייא דעם ערשטען בעגעגענים האָבען שוין דיאביידע ייפּעס זיך דערוואוסט אלסדינג, ועמען גאָט האָט זייא דאָ בעשעהרט. טאָלצע מיט טריינען האָבען פארוואונדערט זיך אָנגעקוקט, איינע די אנדערע זיך געשטאָרכעט. נוא טריינע? — נוא טאָלצע? האָבען זייא זיך גע־שושקעט. דאָס הארץ אָבער האָט אונז גלייך געזאָגט, אז דאָס זענין עפּיס ניט קיין גלאטע מענשען. טאָלצע און טריינע האָבען זיך געשמאָלצען אין אונזערע פארשוינען, זייא זיינען עפּיס וויא יונגער געוואָרען, עס האָט זיך זייא געפרייעט דאָס הארץ הערענדיג פון דער נסיעה, זייא האָבען געקוקט אויף זייערע בעשעהר־טע און זיך אלץ געשטורכעט מיט א שמייכעלע: נוא טריינע? — נוא טאָלצע?...

טאָלצע האָט זייא אונטערגעארבייט זאָקען, טריינע האָט זייא פארלאטעט העמ־דער. צוגענעהט בענדליך און זענין געוועזן גליקליך, איבערגליקליך, אקוראט וויא כלה־ווייס, א מאָל אין דיא יונגע יאהרען, הכלל אונזערע פארשוינען האָבען אין גלופסק אויף זיך געפונען מבינים. אזעלכע לייט וויא זייא קען טאקי נאָר אין גלופסק שאטצען און פארשטעהן זייער טהייערען ווערטה. אהין, אין גלופסק אריין איהר יודישע קינדער! וואָס וואלגערט איהר זיך נפשות שיינע מענשען און ווערט וויא בטלנים פארפאלען אין דיא קליינע שטעטליך אונטערן אויוען ?!

אין גלופסק אריין צו אלדע שווארץ יאהר! דאָרט וועט איהר געפינען אייער גליי־כען, דאָרט ווארטען אויף אייך אייערע טאָלצעס, אייערע טריינעס און טויזענטער עהרליכע יודען. כשרה נשמות, דאָרט קענט איהר וואקסען, דאָרט קענט איהר

אויפגעריכט ווערען, דארט קענט איהר געפעלען, שטארק גילטען א פנים,האבען און ערשט לעבען!

אין גלופסק א רוח אין אייער טאטען אריין!

אט וויא אזוי אונזער בנימין שילדערט דיא שטאדט גלופסק:

אז איהר קומט אן קיין גלופסק דורך דער טעטעריוועקער גאס זאלט איהר מוחל זיין איבערשפרינגען דארט איין בלאטע, ווייטער א ביסעל דיא צווייטע, נאך ווייטער אביסיל דיא דריטע, סאמע דיא גרעסטע, וואס אהינצו לויפען אריין מחילה רינשטעקליך אי בעלי בתישע פאמייניצעס און ברענגען מיט זיך אן פון כל טוב. איטליכען טאג עפיס איין אנדער מין סחורה, אנדע״ע סארטען חפצים פון אלערלייא קאלירען און פארשיעדענע מיני ריחות, וויא עס פאסט צום ענין. און דורכדעם איז זעהר גרינג צו טרעפען דעם טאג. גיסען זיך אהין א שטייגער נעלע לוזשקעליך פון זאמד, מיט וועלכען מען וואשט דיא פאלען, און טראגען מיט זיך אן לישקעס פון פיש, דרויב פיסליך, קעפליך פון היהנער. אביסיל האר מיט פארברענטע שטיקלעך קאפיטעס, זאלט איהר האבען א סימן היינט איז פרייטאג, נעהמט א בעזעם מיט א ראשקע און לויפט, זייט מוחל, אין מרחץ אריין. טראגען לעבער מיט עקין פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מארחביינער, אהא, גוט שבת אייך יודישע קינדער! זאל אייך וואויל בעקומע נאכין קיגעל, זעהט איהר אבער דיא רינשטעקליך קוים קוים וואס זייא ריהרען זיך, עס שלעפען זיך דארט פארברענטע שטיקלעך קאשע, פארדארטע שטיקליך טייג, א צעריסענע שמאטע מיט א צופאלען וויכעטש איז א סימן דאס איז היינט זונטאג, דער וואסער פיה־רער האט נאך ניט געבראכט קיין וואסער, קוים וואס מען האט אויסגעזויגען אבי־סעל פון דער פאס אויף אויסצו־וואשען ווי ס׳איז האטש די טשאלענטעפ מיט דיא מאקערטעס. און אזוי אין אלע איבעריגע טעג פון דער וואך האט איטליכע לוזשע איהר בעזונדער פנים, איהר בעזונדער געשטאלט מיט איהר בעזונדער ריח. און אז איהר זענט בשלום איבערגעקומען אי דיא דאזיגע בלאטע אויף וועט איהר, רבותים, נעהן פארביי א היבשען בערגעל מיסט, דאס איז א איבערגעבליען זכר פון איין אפגעברענט הייזיל, וואס אויבען שטעהט געוויינטליך א בהמה, גלייך וויא א קעלבעקער מגיד, איז גאנץ רוהיג זיך מעלה גרה, מאכט מיט דעם מויל און קוקט תאמאוואטע אויף דעם גאנצען עולם יודען, וואס לויפען אונטען וויא דיא פארסאמטע מיט אלערהאנד שטעקענס, שטעקליך אי פאראסאנען. טהוט דערביי א מאל א סאפע, אדער א קיהישען זיפץ, טאקי נאר גלייך וויא זיא געזיפצעט און געקרעכצט מישטעהענס געזאגט אויף דעם דאזיגען עולם אויך אויף

איהר, שלימסאזל, וואס זיא איז נעבאך אריינגעפאלען אין יודישע הענד.... אי. בעקומענדיג אי דעם בערגיל, וועט איהר געהן גלייך, גלייך, אלץ גלייך. אפשר וועט איהר, לא יעלה ולא יבוא, זיך א זעטץ געבען אין דיא שפיצעכדיגע שטיינער פונם ברוק, וואס ליגען צוזייעט, צושפרייעט משוגה ווילדע, און חס ושלום פאלען זאלט איהר מוחל זיין אויפשטעהן, אויב איהר וועט קענען, און אלץ טאקי געהן, געהן, באם איהר האט נישט אויסגעבראכען קיין פוס חלילה, ביז איהר וועט קומען אויף עפעס א פלאץ. דארט אויף דעם פלאטץ וועט איהר געפינען דעב תמצית פון גלופסק. און ווען סאיז נאר א סברא טעטעריוועקער גאס אנצורופען דעם מאגען פון גלופסק קען מען נאכדעם שוין מיט רעכט זאגען, אז דער דאזי-גער פלאטץ איז איהר הארץ, וואס דארט קלאפט זיך תמיד טאג אי נאכט און וואס דארט איז איהר חיות. דאס גאנצע לעבען. דארט שטעהען קלייטען. קלייטלאך, שאפקעס און דיא בעקאנטע גנבה-שאפקעלעך, וואו בעלי מלאכות זעטצען דארט אפ דעם יתור: שטיקלאך מאטעריע, טאסמעס, ענדליך, סאמעט און שטיקלאך פעלץ. דארט רידעוועט זיך שטארק, עס שוויבעלט און גריבעלט, א געדריכטער עולם אהן עין-הרע: אידען שטופען זיך און האפען געביך פון איטליכען זיים דיש-לעם פון טעליגעס און פארקעס. דאקטוירים זאגען, באשר אז מען פאלמעסט א גלופסקער יודען געפינט מען דאס רוב ביי איהם אין לייב שטעקט א דישעל. נאר אויף גלופסקער דאקטוירים קען מען זיך גאר נישט סומך זיין, דיא רופאים שפיעלען דארט א סך א גרעסערע ראליע. דארט הערט מען תמיד א קול: הייסע באבקעס יודעלעך! אהער, הייסע רעטשאניקעס, קנאבעל, ציבעלעס יודישע קינדער! פון אפגעריסענע אינגלעך, וואס געהען ארום און שרייען מיט עפעס א משונהס ניגון. דארט האפט מען א מאל פארנאכט א דאווען, מען איז מחדש גאנץ הויך דיא לבנה און מען שרייעט דערביי צו איטליכען, וואס געהט נאר פארביי: שלום עליכם פעטער! דארט שטעהען טרעגערס ארומגעגארטעלט מיט גראבע שטריק, אטסטאוונע סאלדאטען מיט אלטע חאלאוועס און אויסגעריבענע שענעלען, טאנדעטניקעס מיט אלטע תחתונים, קאפטענס, לייבליך או נאך אלער-ליי שמאטעס, אין מיטען שטעהט דער פאני סטאראזש און עסט און עסט גע-שמאק א שטיק אידישען קוילעטש. וואס ער בעקומט שבת פאר דיא ליכט אפ-שנייצען און היט זיך, להבדיל וויא א שמורהניק, בשעת ער גיט א ביס. עס זאל הלילה קיין ברעקעל נים אראפפאלען. קארמאנשטשיקעס דרעהען זיך דארט ארום צו מאכען דיא קונץ, עפעס א פערשמירט מיידעל מיט צושויבערטע, צופאטעלטע האר שפרינגט פלוצים פון דער העלער הויט ארויס רעוועט, בעט א נדבה אויף א

צוריפעטען קול, האפט אָן פאר דער פּאָלע און שרייט. חאַרחעלט וויינענדיג, גלייך וויא איהר וואָלט זיא געקוילעט און צוגענומען ביי איהר געלד. א פּעקיל ווייסע חברה לויפט דאָרט מיט א אורא נאָך עפּיס א משוגענעם, וואָס זינגט טרויעריגע לידלעך, האלב אידיש האלב פּויליש, און טראָגט אויפ׳ן קאָפּ א צוקנייטשט קאַסטע־לושעל דאָרט שטעהט א בחור מיט עפּעס א מין קעסטעלע, יורען קוקען אהינצו אין לאָך און ער רעדט דערביי מיט פּיסקעס זיין געוועגטליכען פּזמון: דאָס איז לאָנ־דאָן, דער פּייפּס פאָהרט דאָ רייטענדיג אין רויטע הויזען און אלע שטעהען פאַר איהם אָהן א היטעל! איצט זעהט איהר, וויא נאפּאָלעאָן מיט זיינע פראנצויזלעך שלאָגען זיך מיט דעם פּריים און דיא פּרייסען צולויפען זיך וויא דיא טאראַ־קאנעס! אָט אצינד קומט פּיר, וויא איינע פאָהרט אין איינעם מיט דעם תוגר אין איין קארעטע, דער גראָספּעציר האלט דיא בייטש און טרייבט אָן. דיא פערד האָבען זיך ראספּאָלאשעט, אויסגעקעהרט דיא קארעטע, דער תוגר נעביך איז גע־פאלען, זיך א גוטען זעטץ געטאָהן, און זיא זוכט אין איילעניש וויא זיך אויסצוּ־דרעהען! נוא א סוף! געגוג שוין צו קוקען פאר א הארטען גראָשען. דאָרט זיצען שורות-ווייס אויסגעזעצט אידענעס מיט מולטערס ,פּול אָנגעלייגט מיט בינד־לעך קנאָבעל, מיט אוגערקעס, קארשען, אגרעסען, ווייםפּערלעך, ארץ ישראל עפּע־לעך, כל נדרי בארלעך און מיט נאָך אנדערע זאכען, אין דער זייט שטעהט אויף הינערשע פּיסלאָך איין אלטע איינגעהויקערטע בודקע, אָהן טיהר און פענס־טער, וואָס כפי אלטע גרייז-גרויע אידען דערצעהלען איז א מאָל דאָרט געשטאַנען א בודאָטשניק און דיא גאנצע שטאָט איז דאמאָלס געלאָפען אָנקוקען דיא בוד־קע, מיט וועלכער גאנץ גלופּסק איז זיך מיחם וויא מיט עפּעס איין אלטען קרע־פּאָסט, דאָרט אונטער עפּעס א מין דעכעל בערעקט מיט עטליכע פּאשימעלטע ברעטליך, מיט איבערגעפּוילטע שטרוי און ראָגאָזשעס, אָנגעשפּארט אויף פּיער קרומע אויסגעבויגענע סלופּעם זיטצט דוואָשע דיא סעדעכע, ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט מולטערס. ביי איהר געפינט זיך תמיד איהר גרויסער פייער־טאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זיא אויף איהם, וויא א קוואָטשע אויף דיא אייער, דעם גאנצען טאָג כסדר, נאָר וואָס זיא האפּט איהם א מאָהל פון אונטער זיך ארויס אונמטערצובלאָזען דיא קוילען און ארויסנעהמען פּונם אש געבראָטענע קארטאָפלעס.

פון יענע אידען, אזוי געהט ארום צווישען עולם א גאנץ אלטע אגדתא, פון יענע אידען, וואָס שלמה המלך האָט געשיקט אויף שיפען קיין אופיר נאָך גאָלד און אנדערע מיני אויסלענדישע סחורות זענען א סך, מחמת כמה טעמים, אי־

בערגעבליעבען דאָרט. זיי האָבען מיט דער צייט גנעפּענט אין אינדיען זעהר טהייערע קלייטען אי גרויסע קאנטאָרען, האָבען געהייבען ביי דיא דאָרטיגע דייטשען שטארקע הקפות און אלערליי קאָמיסיעס און דאָס מזל האָט זיי א לאנגע צייט שטארק געדינט. דערנאָך אָבער האָט זיך איבערגעדרעהט דאָס רעדעל און אונזערע סוחרים האָבען זיך געשטעלט און געמוזט עוקר זיין. א טהייל פון זיי זיינען פערפאלען געוואָרען אין דעם מדבר, א טהייל זיינען בשלום אריבער דיא גרענעץ, האָבען זיך געזעצט אין אָקרענטען און געזעגעלט אויף דער פיאטיגנילעווקע, וואָס איז אין יענער צייט אריינגעפאלען גלייך אין ים אריין, אזוי האָבען זיי געזעגעלט געזעגעלט ביז פּלוצים איז אויפגעשטאנען א שרעקליכער שטורמווינד, דיא חוואליעס האָבען זיך אויפגעהויבען ביז דעם הימעל, האָבען צושלאָגען דיא אָקרענטען און ארויפגעוואָרפען דיא מענשען אויפן ברעג. דאָרט האָבען זיי אויסגעבויט א שטאָדט און זיא א נאָמען געגעבען גלופּסק. דיא חוקרי קדמיניות וואָס קענען מיט זייער גרויסער חכמה מאכען פון גאָר נישט א מושקאטקויל, האָבען פון דער דאָזיגער אגדתא געמאכט א גאנצען פּירוש און אויסגעדרונגען מיט טויזענטער שארפע שפּיטצליך, וויא זייער שטייגער איז, אז דרינען ליגט א שטיק אמת. דיא ראיות, וואָס זיי ברענגען דארויף זענין: ערשטענס, דער פאסאָן פון דיא הייזער, וואָס איז עפּעס משונה ווילד נאָר אויף דעם אלטען שניט, וויא מיט טויזענטער יאָהרען צוריק, אז מענשען זיינען נאָך געזעסען אין געצעלטען און זיך געוואלגערט אין לעכער. פיעל הייזער זיינען דאָ אין גלופּסק וואָס זעהנען באמת אויס נאָר וויא לעכער און א סך האָבען א פּנים וויא דיא געצעלטען פון'ם טאָטער. פון זייער אנבליק פון זייער שטעהן זעהט אויס וויא זיי זיינען איינער מיט דעם אנדערן עפּעס נישט שוה בשוה. דוא שטעהסט אריינגערוקט וויל איך מיר שטעהען, דיר אויף צו להכעיס, ארויסגערוקט. דוא שטעהסט פּאָפּערעק און איך וויל מיר שטעהן, קאפּויר, דוא ווילסט אין דרויסען א טרעפּעל און איך דווקא א לייטערעל. ווער עס בעדארף וועט נישט קראנק זיין קלעטערן, און אז דוא האָסט שוין יא עפּעס משונה הויך פארריסען דיין פארלאטעט דעכיל נו האלט איך מיר מיין דעכעל דווקא ארא̇פּגע̇רוקט. געשמאיע דיר פארפול! וועמען עס געפעהלט נישט, לאָז זיך צו מאכען דיא אויגען.... קורץ דאָס אלעדינג איז מרמז אויף אלטע גאנץ אלטע צייטען. צווייטענס די מנהגים פון די איינוואָהנער, צווישען זיי זעהט מען נאָך עד היום אזעלכע מנהגים, וואָס קומען ארויס פון דיא היידען, צווישען וועלכע זיי האָבען אין פריהערדיגע צייטען זיך אויפגעהאלטען. דער כתב און הכמת החשבון איז דאָרט נישט שכיח אזוי אז אלע עניני הקהלה און אלע חברות

דאָרט וואָרען געפיהרט אָהן ביכער און דיא פיהרער גיבען קיינעם נשט אפּ קיין חשבון. דריטענס, דיא כיתות, די מענשען טיילען זיך דאָ אויך אין פארשיי־דענע כיתות וויא א מאָהל ביי דיא אינדיאנער; וויא א שטייגער דיא כתה חאפּלא־פּער, סאמע דער צימעס., וואָס געוועלטיגען ביד רמה; דיא כתה בלאטהאלטער, זאשטשיטניקעס. וואָס האלטען שטאָל און אייזען, קריגען און שלאָגען זיך פאר די חאפלאפּער מיט דעם שונא און נעהמען דערפאר ביי זיי געוויסע זשאלאָוואניעס און אומזיסט פלייש; דיא כתה וחלקלאקער, ארויספּיהרער אויף א גליטש און וואָס אליין דרעהען זיי זיך אוים גלאט וויא אויף א טעלער. דיא דאָזיגע לייט צופאלען אויף קוממיותזאָגער, וועלטליכע מענשען וואָס האָבען צוזאָגען אין עניני המסחר, און אויף צבועקאנער, כלי קודש. וואָס האָבען צו זאָגען אין עניני האמונה; דיא כתה גלופּא־טרוסאָ-בעזיאזיקאָ קאבצאנער, דער פּראָסטער אָרעמער עולם. וואָס איז שטארק ניכנע דיא אָלע איבעריגע כיתות און בעקומט פאר זיי דאָס נייניעהרי־גע קדחת. היינט פערטענס דיא מטבע, וואָס מען האָט א מאָהל בשעת גראָבענדיג דיא גרעבליע, דאָרט געפונען. פון איין זייט איז זיא געוועזן שטארק אָפּגעריבען קוים קוים וואָס מען האָט ארויסגעזעהען עפּעס וויא א שטיקעל פארטוך צוגעטשע־פּעט צו א שטעקען, אונטען עפּעס פּאָחאָזשע אויף א מולטעריל פון וואנען עס האָ־בען ארויסגעשטעקט שטיקליך קעפּ. פון דער אנדערער זייט איז דיא מטבע גע־וועזן כמעט גלאט, נאָר אז מען האָט זיך גוט צוגעקוקט האָט מען דערקענט אלט־מאָדישע כתיבהטע אותיות יאשלג וענפּ. דיא געלעהרטע האָבען אויף דער דאָ־זיגער אויפשריפט זיך געבראָכען דיא קעפּ און ארויינגעלייגט דרינען פשטים, איטליכער אויף זיין גאנג א טהייל האָבען געהאלטען אין דער סברא, אז דיא י' און דיא ג' ביין אָנהויב און סוף ווארט י א ש ל ג זיינען גאָר נישט קיין אותיות נאָר שטיקלאך פון טשאטשקעלעך, וואָס זיינען פון דער צייט אָפּגעריבען געוואָרען, בכן מאכט עס א ש ל א בוים ו ענ פּ און א צווייג און דאָס איז דער שטעקען מיט דעם פארטוך. ווידער א טהייל האָבע ןעם דערקלעהרט גאָר אנ־דערש און דיא געלערענטע האָבען דערמיט מרעיש עולם געווען. ביז דערנאָך איז געקומען איינער מיט אָפענע אויגען, און האָט דערינען דערזעהן נאָר ראשי תיבות וואָס זיי מאכען יהודי אופיר (אָדער אינדיאָה) שבאו לכאן (אָדער לק"ק) גלופּסק ונתישבו על נהר פּיאטיגנילעווקע. דער שטעקען מיט דעם פארטוך און מולטעריל מיט דיא קעפּ, דאָס בעטייט איין אָקרענט מיטן זעגעל און מיט פארשוינען, דער דאָזיגער געלעהרטער האָט איבער דעם געמאכט זעהר א דיקען ספר און ווענדעט זיך דאָרט צום עולם מיט א בקשה, אז מען זאָל רייניגען דעם טייך וועט מען

דאָרט זיכער געפינען א סך אלטע זאכען, וואָס וואָלטען געעפענט דיא אויגען אין דער חקירה מכח גלופסקער אידען נאָר דיא דאָרטיגע איינוואָהנער שייען זיך אָבער אויסצורייניגען דיא בלאָטע און זאָגען, דאָס וואָס מען האָט פון אלטע צייטען אָנגעמאכט דאָס מוז בלייבען, קיין מענשענס אויג טאָהר אין דעם פאר־באָרגעניש נישט אריינקומען.....

אין דער שטאָדט אליין געפינען זיך אקעגען א דרייסיג פערציג לוזשעס, שוין מיט לעוואָדים אין איינעם. זיי פעראייניגען זיך דורך היילען מיט דיא אָפּ־גרונטען פון דער פיאטיגנילעווקע און אין געוויסע צייטען, בפרט נאָך פאר א פאר־פסח. צושפּיעלען זיי זיך שרעקליך שטארק און פארפלייצען דיא גאסען מיט אזא טיפער, שיטערער בלאָטע, אז ביי דיא הויך געוואקסענע מענשען אפילו ווערד געהענדיג פארשלומפּערט דאָס היטעל. גלופסק ווערד אין דיא פינסטערע נעכט בעלייכט פון א קליינער לאמפּטערנע, זיא ווערד אויך בעוואכט פון א פּאָר בו־דאָטשניקעס. פון דעסטוועגען פאלט מען דאָרטען פאָרט ביי דער נאכט און מען ברעכט האלז אי לייב, און גנבות טרעפען זיך דאָרט אויך זעהר אָפט, האָטש ס'איז דאָ אזא שמירה. דערפון איז טאקי גערדרונגען, אז מען קען זיך כלל נישט איינהיטען, מען קען זיך נישט בעוואָהרענען, וואָס ס'איז בעשעהרט דאָס איז בע־וועהרט, עס העלפען גאָר נישט דעם מענשען'ס חכמות מיט זיינע אלע תחבולות. דורם, זאָגט בנימין, בעדארפען מיר צומאכען דיא אויגען און געהן תמיד אויף גאָטס בערואטה מיט דעם בטחון, מסתמא וועט ער זיינע מלאפים געביטען אונז צוהיטען און אויף דיא הענד אונז צוטראָגען. עס פאלט נישט דער שפּאָן ביז ס'איז עפּעס דראָן. בעדארף ען מעהר, זאָגט ער, וויא איך האָב בעוואָהרענט מיין טלית און תפילין־זאק, איך האָב איהם אנידערגעלייגט אין בית המדרש אויף דער פּאָלעצע, וואָס קען שוין דאכט זיך זיין מעהר א זיכערער אָרט וויא דאָ? פון דעסט־וועגען אז גאָט האָט נישט געוואָלט אָפּהיטען האָט מען איהם אין איינעם מיט דיא איבעריגע אונזערע זאכען פון דאנען אויך אוועקגעגנב'עט!

---

## חידושים ונפלאות אויף דער פיאטיגנילעווקע.

אויף דעם טייך פיאטיגנילעווקע אז אונזערע פארשוינען האָבען דאָס ער־שטע מאָהל א קוק געגעבען זיינען זיי נבהל ומשתמם געוואָרען. זיי האָבען אזא מין טייך נאָך קיין מאָל אין דיא אויגען נישט געזעהן. סענדעריל האָט געזאָגט, דאָס מוז אוודאי זיין דער גרעסטער טייך אין דער וועלט. וואָרום אנדערש האָט איהם גאָר אין קאָפּ זיך נישט געלייגט. א קאטאָוועס אזא טייך וואָס איז אפשר א הונדערט מאָל גרעסער פון טונעיאדעווקער, נאָר סענדעריל איז געוועזן א

פראסט מענשיל, מעהר פון טונעיאדרעווקע האט ער נישט געוואוסט, אין דיא קליינע אותיותלעך אביינקוקען האט ער נישט געקענט, דעריבער איז אלסדינג, וואר נאר עפעס נישט אזוי וויא אין טונעיאדרעווקע, ביי איהם געווען א חידוש נפלא אין פלעגט מיינען אז דערמיט ענדט זיך שוין טאקי דיא וועלט. בנימין אבער וואס פיעל געלערענטער פון איהם, וואס האט אין זיינע מיני הקירות ספרים שוין געהאפט, וויא מען זאגט, א לעק פון דיא שבע חכמות, וואס האט געוואוסט אביסעל דיא בעשרייבונג פון דעם גן־עדן התחתון, פון דיא משונה ווילדע בעשע־פענים אין הינדיא וכדומה נאך אזעלכע מיני זאכען הגם ער פלעגט ביים ער־שטען מאל אנקוקענדיג עפעס א נייעס זיך אויך שטארק חידוש'ן אין הארץ נאר ער פלעגט דערביי מאכען אזא מינע מיט א שמייכעלע, גלייך וויא איינער זאגט: עט, נארישקייטען, דאס איז נאך גאר נישט אקעגען יענעס וואס איז נאך דא.... ער האט סענדערלין בעוויעזען, אז דיא פיאטינגנילעווקע איז פשוט בלאטע, איך בעט אייך איבער, טינוף אקעגען דעם ירדן, וואס איז פיל מאל גרעסער פון איהר, זיא וואלט דעם שור הבר נישט געקלעקט אפילו אויף איין צאהן, און פונם נאמען ירדן טאקי איז אויך אזוי דיא משמעות, ווארים, ירדן איז דאך דער טייטש: א גוזמא, א סך, א ירדן!

— ווייסט דוא סענדעריל, וואס מיר איז איינגעפאלען? האט בנימין גע־זאגט נאכדעם אז ער איז געשטאנען איינמאהל שטארק פערטראכט לעבען דער פיאטינגנילעווקע. מיר איז איינגעפאלען צולאזען זיך פון דאנען מיט דעם וואסער.

— נאט איז מיט דיר! האט סענדעריל זיך א חאפ געטאהן פאר גרויס שרעק. דערמאן זיך נאר בנימין, אז אונזער טייך געהמט אלע יאהר צו א מענשען היינט מי וידע וויא פיעל מענשען מוז דער דאזיגער טייך א יאהר צונעהמען. האב רחמנות אויף אונזער לעבען, אויף דיין ווייב און קינדער בנימין!

— בטחון, בטחון, סענדעריל! בטחון איז א יודישעזאך, מיט בטחון איז יעקב אבינו מיט זיין שטעקיל דעם ירדן איבערגעגאנגען. מיט בטחון, זעהסט־דוא, עפענען דא אידישע קינדער אויף גרויסע געוועלבען. אלסדינג וואס דוא זעהסט דא איז אלץ לויטער בטחון. אפילו טרעפ און סטעליעס ווי אויך פיל גרויסע הייזער האלטען זיך דא נאר אויף בטחון....

— נאר פאר וואס ווילסטו דווקא מיט דעם וואסער, האט סענדעריל גע־פרעגט, אז מיר קענען דאס איינגענע אויך מיט דער יבשה.

— איך האב דערויף א סך טעמים, האט בנימין געענטפערט. איין מאל וועט, וויא מיר דאכט זיך, דיא נסיעה מיט דעם וואסער זיין אי נעהענטער אי גי־

כער. מיר בעראַרפֿען זעהן אַנקומען אהין וויא צום ניכסטען. וואָס פריהער איז אַלץ בעסער. פאַר וואָס? דאָס ווייס איך שוין, דאָס איז שוין מיין זאַך. איך קוועטשט, סענדעריל, מיך קוועטשט זעהר שטאַרק, עס פיקט מיר אָט דאָ, דאָ אין קאָפּ איך וואָלט שוין וועלען דאָרט זיין מיט לייב און לעבען. ווען עס זאָל מעגליך זיין וואָלט איך וויא א פיינעל אין דער לופט אהינצו געפלויגען..... צווייטענס אז בנימין פון טודעלא האָט בימיו זיך געלאָזט אויף זיין נסיעה, איז ער תחילת אויך געפאָהרען מיט דעם טייך עברא, אזוי שטעהט בפירוש געשריבען אין זיין ספר. מסתמא אז ער איז פארצייטען געפאָהרען מיט דעם טייך און ניט מיט דער יבשה, בעדאַרף דאָך טאקי זיין דווקא אזוי און נישט אנדערש, מסתמא האָט ער געוואוסט וואָס ער טהוט און איז אזוי פיל קלוג געוועזן וויא מיר אלע חלעבען. רב בנימין איז א קדמון, א פריהערדיגער פאר אונז, מוזען מיר איהם הערען גאָר אָהן קשיות.....

— אויב אזוי האָט סענדעריל געמאכט, איז שוין טאקי רעכט. ביי מיין יודישקייט, בנימין! נישט נאָר אויפ'ן טייך אפילו ווען רב בנימין וואָלט פארציי־טען געפאָהרען רייטענדיג אויף א קאָטשערע וואָלטען מיר דאָ נישט בעדארפט לאנג טראכטען, זיך גענומען אויפגעזעצט און אויך געפאָהרען אויף א קאָטשערע.

— און דריטענס, איז בנימין אריינגעפאלען סענדער־ל'ן אין דיא רייד, שאַדט טאקי כלל נישט מיר זאָלען זיך געוועהנען צופאָהרען מיט דעם וואסער איידער נאָך עס וועט אונז שפעטער אויסקומען צו פאָהרען אויפ'ן ים אוקיאַנוס. איך וואָלט נאָך אפילו געזאָגט, אז איידער מיר וועלען זיך אָפּפּאַרטיגען דאָ אין גלופּסק וואָלט אסור גאָר נישט קרום געוועזן צופריוועען גלאט אזוי דורכפאָהרען זיך א ביסעל אויפ'ן טייך. דאָרטען, זעהסט־דוא, שטעהט איינער מיט א לאָטקע. אָט חלעבען לאָמיר צוגעהן און איהם עפּעס געבען וועט ער מיט אונז אביסעל פאָהרען.

אין עטליכע מינוטען ארום זיינען אונזערע וואנדערער בעהארצט אריין אין א לאָטקע און האָבען זיך געשיפט איבער דיא פּיאַטיגאָנילעווקע, תחלת האָבען זיי אפילו זיך געשראָקען, סענדערלין האָט זיך פארדעהט דער קאָפּ און ער האָט געצאַפּעלט מיט הענד או ןפיס, אָט אָט. האָט ער געמיינט, קעהרט זיך דיא לאָטקע אום און ער פאלט אריין אין דיא טיעפע אָפּגרונטען פון'ם טייך. ס'איז איין עק פון זיין לעבען און זיין ווייב בלייבט אן איבינגע עגונה, נאָר דערנאָך איז איהם געוואָרען א ביסעל בעסער.

— נישקשה סענדעריל, האָט בנימין איהם געטרייסט, אז זיי זיינען ארויס

אויפ'ן ברעג. זאָל דיך נישט ארען וואָס דער קאָפּ דרעהט זיך און עס ווערד עפּעס נישט גוט. דאָס איז דיא ים קראַנקהייט. וואָס איטליכער מוז זיא ליידען אז ער פאָהרט דעם ערשטען מאָל אויפ'ן ים, דעם צווייטען מאָל, וועסט דוא זעהן, וועט זיין בעסער און דוא וועסט שוין גאָר ניט פיהלען.

פון יענער צייט אָן פלעגען אונזערע פארשוינען זעהר אָפט פאָהרען אויפ'ן טייך און דערפון גרויס תענוג האָבען, זיי זיינען ביי זיך געוואָרען אזוי שטאַרק, אז איבערשיפען זיך דעם ים האָט זיך זיי געדאכט א שפּיעל. בנימין פלעגט דורך סענדערלין זיך ארייגלאָזען אין א שמיעס מיט דעם לאָטאָטשניק און איהם פאַר־ווארפען מיט שאלות, וויא א שטייגער: פרעג נאָר סענדעריל דעם קאפּיטאן וויא פיעל מייל האָבען מיר פון דאנען ביז דעם ים? פרעג איהם. אויב ס'איז דאָ עפּעס וויספּעס? וואָס פאר א מיני לייט וואוינען דאָרט? צי וואוינען צווישען זיי איי־דען? וועמען צאָהלען זיי מס און צו ווייסען זיי פון א גלות? אָדער א שטייגער אזוי: פרעג סענדעריל אויף א ציקאָוועשטש דעם ערל וועגען דיא בערג ניסבון און דעם כופר אל טורך? צו ווייסט ער עפּעס מכח די עשרת השבטים? א קשיא אויף א מעשה אפשר האָט ער עפּעס געהערט. וכדומה נאָך און נאָך אזעלכע שאלות פלעגט אלץ בנימין הייסען פרעגען. נאָר דאָס ביסעל גויעש, וואָס סענדעריל האָט זיך אויסגעלערענט ריידען געהענדיג מיט זיין ווייב תמיד אויפ'ן מארק, איז קארג געווען פאַר אזעלכע הויכע ענינים. דינגען זיך פאַר אייער, ציבעלעס קארטאָפעל, דאָס האָט ער נאָך וויא עס איז געקענט, אָבער אויסטענה'ן זיך מיט א קאפּיטאן איבער געלעהרענטע זאכען, דאָס האָט ער לחלוטין ניט געקענט. ס'איז געווען צער בעלי חיים וויא סענדעריל נעביך פלעגט זיך מוטשען אין אזא שמיעס, ער פלעגט ריידען מיט הענד און מיט פיס, ארבייטען אויף אלע כלים און אָפּגעהען מיט שוויים, אז איין גאָט האָט געמאָגט אויף איהם רחמנות האָבען. זיין קאפּיטאן פלעגט שפּייען, טענה'ן אָנקוקען איהם בייז פון איין זייט, און בנימין פלעגט איהם דורען א קריזש, שטורכען און קוקען איהם אין מויל אריין פו דער אנדע־רער זייט.

— ווין טשערוואָני זשידקי ווין פיטאיע. פלעגט סענדעריל ארויסגעהן מיט אזא שפּראכע א שטייגער.

— איז טשערוואָני זשידקאָוו יא זנא לייבקו. שמולקו, באָגאַטיע זשידקי. אזא תשובה פלעגט סענדעריל בעקומען פון זיין קאפּיטאן.

— ני לייבקע, ני ני! ווין טשערוואָני זשידקי פיטאיע, טאַמאָטשקא וויא זאָגט מען עפּעס, ניא טאַמאָטשקא לעבין בערגעלע ניסבון •

— ניסבאַנא, זשירקאַ ניסבאַנא ?

— זאָג איהם סענדעריל פלעגט בנימין שרייען, זאָגען זאָלסטו איהם א בארג! מאָהל איהם אוים וויא דוא קענסט.

סענדעריל פלעגט צונויפשטעלען הויך דיא הענד, אויסצומאָהלען דער־מיט א בערגעלע און שרייען דערבייא: העט, העט וויסאָקאַ! — טפוא! פלעגט דער ערל אויסשפייען, אויסבאטלען אויף סענדערלין חלומות און איהם אַפשיקען צו אלדע שווארצע יאָהר.

פון זיינע נסיעות אויף דער פיאטיגנילעווקע דערצעהלט בנימין חקדושים וואונדערדליכע זאכען, וואָס האָט אין דער וועלט א רעש אַנגעמאכט. מיר וועלען דער פון דאָ נאָר א מקצת ארויסשטעלען.

שיפענדיג זיך איינמאָל אויף דער פיאטיגנילעווקע האָט בנימין דאָרט דער־זעהן אין דערמיט טייך א גאנץ גרויסען אָרט. וואָס איז געוועזן גרין בעוואקסען און מיט זיין גרינקייט דיא אויגען פארנומען. ער האָט געמיינט דאָס איז א וויספע בעוואקסען מיט גראָז אי מיט שמעקעדיגע קרייטעכצער. אז ער האָט ארויסגע־שטעלט א פוס און שוין געוואָלט א שפרונג געבען אויף דער וויספע האָט דער קאפיטאן פון דער לאָדקע איהם פלוצים א חאפ געטאָהן פון הינטען מיט א געשריי און א שליידער געגעבען איהם צוריק אין דעם שיפעלע מיט דעם גאנצען כח אזוי אז ער איז א היבשע צייט געבליבען ליגען שטארק פארדולט, ער האָט מעהר ניט געהערט וויא ארום דעם שיפעלע קאָכט, רעשט זיך, גלייך וויא עס רייניגעלט זיך מיט עפים, און עס געהט מיט גרוים מיה זיין וועג. און אז ער איז שפעטער צו זיך געקומען האָט אים דער ערל געזאָגט, ער איז געוועזן אין א גרויסער סכנה דער־טרונקען צו ווערען אין דעם גרינקייט, וואָרים דאָס גרינקייט איז נישט קיין וויספע וויא ער האָט געמיינט, נאָר דאָס איז גאָר דער צוויט, וואָס דיא פיאטיג־נילעווקע, צוויטעט אלע יאהר. איך אָבער, אזוי שרייבט בנימין, האָב מיך נישט געקענט לאָזען איינריידען, אז דאָס זאָל זיין צוויט, אמת טאקי א ריח עפים האָט עס געהאט, נאָר זינט איך לעב האָב איך נישט געהערט או אויף אין מיינע ספרים נישט בעגעגענט, אז וואסער זאָל צוויטען, ווען עס זאָל צוויטען וואָלט דאָך דארויף בעדארפט וואקסען דער נאָך עפים א מין פרי. איך האלט נאָך אין דער סברא אז דאָס איז דער משונה גרויסער ים-פיש כ ל י ינ" אָ, פון וועלכען ס'איז דאָ זעהר א שיינער שמיעס אין דעם ספר צל עולם מיט דיא דאָזיגע ווערטער: „דער שרעק־ליך גרויסער פיש בערעקט זיך מיט גראָז און מיט ערד ביז ער זעהט אוים וויא א גרויסע וויספע און א מאָל מיינען דיא וואָס זעגלען אין ים, אז דאָס איז א שיי־

נער בארג, זייא שטעלען זיך דארויף, טהוען וואָס זייא בעדארפען. קאָכען מאכלים און אז דעם פיש ווערט ווארעם, פונם פייער טונקט ער זיך אונטער אין די אָפּ־גרוגרונטען און אלע וואָס האָבען אויף איהם געלאגערט ווערען דערטרונקען". דער מיט טאקי איז א שטארקע אייזערנע ראיה צו יענע ווילדע חקרנים, וואָס האלטען, אז דיא גלופסקער אייגוואוינער וואקסען פון הינדיאָ"ה, זעגלענדיג פון דאָרט איבער דער פיאטיגנילעווקא אין דיא אלטע יאהרען האָבען זייא מיט זיך פארשלעפּט דעם כ לי י נ נ"א, וואָס האלט זיך אויף באמת אין אינדיאָ"ה און וואָס זיין טבע איז נאָכצולויפען נאָך דיא שיפען.

אז בנימין האָט איינמאָהל אריינגעקוקט אין טייך האָט ער דאָרט דערזעהן טיף אין וועסער עפּים מיני בעשעפעניש. אקוראט גלייך צו דיא געשטאלטען פון ווייבער. נאָך גאנץ לאנג, זאָגט בנימין, האָב איך געלייענט אין ספרים אז אין וואסער זענין דאָ ים־מענשען, פון אלטע אמתע מענשען, וואָס מען מעג זייא גלוי בען אויפן וואָרט, האָב איך אייך געהערט דערצעהלענדיג, אז זייא האָבען אליין געזעהן אזעלכע ים־מענשען בייא קאָמעדיאנטען, וואָס פלעגען געוויינטליך נאָך דער קאמעדיע זייא ווייזען יעדערען פאר עטליכע גראָשען, נאָר היינט האָב איך עס דערלעבט צו זעהען מיט מיינע אויגענע אויגען. איך האָב מיט גרויס וואונ־דער גוויזען דערויף דעם ערל און ער האָט מיר גוויעזען אויף עפּעס פּראטשקעס, וואָס זענין געשטאנען ביים צברעג טייך און געוואשען גרעט .איך ווייז איהם אונ־טען אין וואסער, און ער ווייזט מיר אויבען אויפן ברעג. און ווייל מיר האָבען איינער דעם ענדערענס לשון נִיט פערשטאנען, האָט ער ניט געוואוסט וואָס איך ווייז איהם אני איך האָב ניט געוואוסט וואָס ער ווייזט מיר, און איך האָב פון איהם מכות דעם נאָרנישט געקענט דערגעהן.

נישט ווייט פונם ברעג לעבין דער שטאדט האָט בנימין געזעהן אזא אָרט אין טייך, וואו דאָס וואסער איז משונה געדיכט, ערטערוויים איז עס פארגלי־ווערט עפּים גאָר וויא דרילעס און ערטערוויים איז דאָס וואסער נאָך געדיכטער. פון דעם דאָזיגען וואסער פיהרען דיא וואסער פיהרער צו די בעלי הבתים אין דיא הייזער. דאָס ווערען דיא געדיכטע דרידלעס צופירט מיט פּראָסט וואסער אין דער פאס און מען קאָכט דער מיט אלע מאלכים. איך אליין, זאָגט בנימין, האָב דאָס געקעכטס פון אזא וואסער גענעסען, איך זאָל אזוי עסען פון דער סעודה של לויתן, עס האָט געהאט דעם זיעבעטען טעם. א ראָסעל פלייש דער פון איז א מאכל מלכים, איך האָב אנגעליינט מיט דעם וואסער פולע קעשענעס און געהייסען סענ־

דערלין מאכען דערפון א פעקיל מהמת אויף אונזער ווייטער נסיעה אין ימים און אין מדבריות קען עס זעהר גוט צוניטץ קומען.

לוסטיג און פרעהליך זענין איינמאָל נאָך מיטאג אונזערע פארשוינען גע־גאנגען נישט ווייט פון דער שטאָדט, האָבען געלאכט, געשפאסט, געקוקט איינער דעם אנדערען אין דיא אויגען אריין און עפּיס זעהר שטארק הנאה געהאט. עס האָט אויסגעזעהן נאָר וויא א פארליבט פּאָר פּאָלק באלד נאָך דער חתונה, וואָס שפאצירט זיך פריי אויף דע סגרינעם גראָז און קוויקט זיך מיט איטליכס וואָרט מיט איטליכען קוק. נאָר וואָס זשע איז מיט אונזערע פארשוינען עפּיס אזוי דיא שמחה געוועזן? פּאָרט וואָס האָט זיי עפּעס אזוינס משונה הנאה געטאָן אזש זייא האָבען געשפּרונגען אונטערגעזונגען און געמאכט אָנשטעלען וויא דיא ריינע משוגענע? אָט וואָס רבותים, בלי נדר מאָרגען איז בייא זייא ביידע געבליבען צו פארלאָזען גלופּסק און אין א גוטער שעה צו זעגלען העט אהין... און וויא זייא געהן זיך דאָ אזוי לעבעדיג פרעהליך קומט זיי אונטער פלוצלים א פוהריל, אויפ'ן וואָגען זיטצען צווייא יודליך, איינער טרייבט אָן און דער אנדערע זיטצט אָנגע־בויגען אויף דער זייט, דאָס היטעל איז אהים פארריקט און האלט אין מויל א שטרייעלע, זעהר גוטע סמנים, אז דאָס יודיש קעפּיל טראכט דענסמאָל עפּיס איין אויבער־הסברהלע און דרעהט זיך משונה שטארק. דיא צווייא יודען האָבען אָנגע־קוקט אונזערע לוסטיגע פארשוינען, זייא בעטראכט פון קאָפּ ביז דיא פיס און זיך אריינגעלאָזט דערנאָך מיט זייא אין א שמיעס. דיא ערשטע שאלה איז וויא דער שטיינער איז געוועזן: פון וואנען זיינען עס יודען? דערנאָך מה שמיכם? און דערנאָך דאָס איבעריגע צעטיל שאלות, וואָס יודען פרעגען געוויינטליך איינער דעם אנדערען ביים ערשטען בעגעגעניש. מעהר האָבען אונזערע פארשוינען נישט בעדארפט. זייא האָבען געעפענט א מויל און זיך גענומען דערצעהלען אלסדינג וויא מען זאָגט וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג. דיא יודען האָבען זיך אָנגעקוקט מיט א שמייכעלע, זיך געשושקעט אביסיל און דער יוד מיטן פארריקט היטעל אי מיט דעם שטרייעלע אין מויל האָט דערבייא געמאכט: עט, נישקשה עס וועט אָפּלויפען, גאָר אין ערנסטען פאל איז נאָך עטליכע ממתקים...

— ווייסט איהר וואס? האָבען דיא יודען צום סוף זיך אָנגערופען אונזער שטאָדט מעג חלעבין אויף דיא זכיה האָבען צוזעהען בייא זיך אזעלכע צווייא פיינע מענשען, מיר בעטען אייך זעהר שיין, אָט חלעבין טהוט אונז אָן דעם כבוד און זעצט זיך זייט מוחל, באלד טאקי מיט אונז אויף נישט לאנג געטענהט. מיר

זענין אייך ערב אז מען וועט אייך בייא אונז זעהר שיין צונעהמען מיט עסין מי טרינקען און מיט וואָס נאָר מעגליך.

— מיר וואָלטען עס אייך בנאמנות צוליב געטאָן, האָט בנימין געענטפערט, נאָר בייא אונז איז געבליבען מאָרגען בלי נדר פון ראנגען זיך צולאָזען מיט דעם וואסער.

— האָט נישט קיין פאראיבעל, האָבען דיא יודען געזאָגט, איהר רעדט חלע־בין נארעשקייטען, אויך מיר א וואסער דיא פיאטיגנילעווקע! זיא איז מחילה א פישגריבעל, א טינוף, א פארשטונקענע בלאָטע, א פארצוויטעטע פארשימעלטע לוזשע. בייא אונז האָט איהר דעם דניעפּער, וואָס פאלט גלייך אין ים אריין. פון אונז וועט איהר טאקי אם ירצה השם גיך און געשווינד קומען אהין אין אייער רוהע אריין. עקשנט זיך נישט חלעבין, היידא ארויף אויפן וואָגען.

וואָס זאָגסט־דוא סענדעריל? האָט בנימין זיך אָנגערופען, לאָמיר אפשר טאקי דיא יודען צוליב טאָן און פאָהרען.

וואָס פאר א דאגה איך האָב, האָט סענדעריל געענטפערט, אז דוא ווילסט פאָהרען זאָל זיין פאָהרען.

עס האָט נישט געדויערט לאנג זענין אונזערע פארשוינען שוין געזעסען אין וואָגען שטארק צופרידען אויף דעם כבוד, וואָס מען פארבעט זייא צוגאסט און האָבען זיך פירגעשטעלט גדולות. א וועג האָבען זייא געהאט זעהר א פרעהליכען. דיא יודען האָבען אויף זייא געהאט איין אויג און פשוט געהיט זייער טריט, האָ־בען זייא צוגעפילעוועט מיט עסען און טרינקען אזוי וויא א קינפּעטערין. אונזערע פארשוינען האָט זיך אזוינס אין זייער לעבען ניט געחלומט. אויף דעם צווייטען טאָג פארנאכט זענין זייא אָנגעקומען בשלום קיין דנעפּראָוויץ. דיא יודען זענין מיט זייא פארפאָהרען אויף א סטאנציע און געמאכט פאר זייא א גוטע וועטשערע.

— היינט זענט איהר פון א וועג מיד, שעלפעדינ, האָבען דיא יודען געזאָגט, בכן איז גלייכער איהר זאָלט זיך לייגען פאר פריה אויסרוהען. מאָרגען אם ירצה השם, אז איהר וועט אויפשטעהן געזונט, פריש און שטארק, וועלען מיר אייך פיהרען צו עטליכע גרויסע לייט, פארוואָרפען פאר אייך א גוט וואָרט, און אז זיי וועלען אייך אויפנעהמען זענט איהר שוין פארזאָרגט מיט אלע אייערע הצטרכות און וועט קענען גיך און באלד מאכען אייער ווייטע נסיעה. א גוטע נאכט!

— א גוטע נאכט, א גוט יאהר! האָבען אונזערע פארשוינען געענטפערט, באלד טאקי האָבען זייא אָפּגעלייענט קריאת־שמע, זיך געגלעט אביסיל דעם בויי־

כעל. גענענעצט, געקראצט זיך וויא דער שטיינער איז און זיך געליינט מיט א פרעהליך געמיטה שלאָפען.

---

## וויא מען פיהרט אונזערע פארשוינען אין באָד.

— גוואלד וידוי, חאַטש אָפּזאָגען ווידוי! האָט סענדעריל פונם שלאָף בישט מיט זיין קול געשריגען און אויפגעוועקט מיט זיין געשרייא בנימינין.

בנימין איז נישט טויט נים לעבעדיג אראָפּגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, האָט אין דער גיך אָפּגענאָסען נעגעלוואסער און איז צוגעלויפען צו סענדערלין זעהען וואָס טהוט זיך מיט איהם אזוינס. אין דרויסען האָט אָנגעהויבען צו שיינען אויף טאָג און אומעטום איז געווען שטיל, מען האָט נאָר געהערט א חראָפּען פון שלאָפעדיגע מענשען אין דעם גאנצען שטוב. איטליכער האָט געחראָפּעט אויף זיין שטייגער: דער אויף א קול פון א באנדורע, יענער אויף טרומייט, איינער האָט עס געמאכט שטיל בקצור, דער אנדערער האָט עס געצויגען העכער העכער אויף דרייא גאָרען, דערנאָך אויסגעלאָזט מיט א דרעה, מיט א בייזער, וויא איינער פרעגט א שטארקע קשיא, און צוגעפויקט מיט דיא באקען. אין איינעם איז עס געווען א נאָזענקאָנצערט. אין וועלכען דיא נעזער האָבען געטרייא געארבייט אויף אלע כלים און צוגעשפּילט לכבוד דיא בעריהמטע דנעפּראָווצער וואנצען בשעת זייא האָבען געשמאק נעגעסען דיא שלאָפענדיגע און געטרונקען זייער בלוט — יודיש בלוט! דנעפּראָוויץ האָט א לאנגע צייט געפּאסעט איהרע וואנ־צען, איהרע מענשען פרעסער דאָרט אין דער שרעקליכער פּאָדוויערקע, און דער וויסטער אָפּגעזונדערטער יודישער אכסניא, וואו א וואנץ אין עפּיס א קוואָרטאל איז אלץ אהינצו געקראָכען און געזויגען און געצאפּט יודיש בלוט... קומענדיג קיין דנעפּראָוויץ איז שוין א יוד מוכן ומזומן געווען אז וועט איהם קאָסטען אביסיל בלוט און אָהן אזא כאבאָר איז גאָר קיין סברא נישט זיך אויסצודרייען. בייס שוין בייס דוא „דנעפּראָווצק", שטינק שוין שטינק דוא ווענצעלע, שרייב שוין שרייב דיינע בלוטיגע צייכענס און טראָג זיך גיה דיך צו אלדע שווארצע יאהר! —

— וואָס שרייעסט דוא אזוי סענדעריל? האָט בנימין איהם געפרעגט צו־געהענדיג צו זיין געלעגער, אוודאי א וואנץ האָט דיך געמוזט שטארק א ביס

טאָן? א שרעק וויפיל דאָ איז וואנצען, זייא האָבען א גאנצע נאכט מיך נישט געלאָזט איין אויג צוטאָן ערשט נישט לאנג וואָס איך בין אנשלאָפען געוואָרען.

— אי—אי ניכער, לאָמיר גיכער אנטלויפען! האָט סענדעריל געשריגען נאָך אלץ פארדולט.

— גאָט איז מיט דיר סענדעריל! וואָס רעדסט־דוא? מילא מה רעש אז א וואנץ גיט א בים? דארויף איז זיא דאָך א וואנץ און דוא ביסט א מענש...

סענדעריל האָט אקעגען א פאָר מינוט אָנגעקוקט בנימינין וויא צומישט, דערנאָך זיך אויסגעריען דיא אויגען און געזאָגט מיט א זיפץ.

— אוי עס האָט מיר זיך געחלומט זעהר א שרעקליכער חלום! הלוואי דער־פון זאָל זיך גאָרנישט אויסלאָזען.

— עס, מאלע וואָס א מענשען חלומט זיך א מאָל. האָט בנימין געמאכט. מיר האָט זיך היינט אויך געחלומט עפּיס א פּיפערנאָטער קומט צו מיר געשווינד צו, קוקט מיר שטארק אָן און זאָגט צו מיר: איהר זיינט עס רב בנימין פון טונע־יאדעווקע? קומט, זייט מוחל, מיט מיר אהין, אהין, אלכסנדר מוקדון שטעהט דאָרט מיט זיין חיל. און חלשט מיט אייך זיך צו בעקענען. איך גיב מיך א לאָז, דער פּיפערנאָטער לויפט פאָראויס, איך נאָך איהם. „איהר לויפט אָהן עין־הרע, געשווינד וויא א פייל אויסען בויגען, איך קען אייך גאָר נישט אָניאָגען" הער איך עמיצין שרייענדיג הינטער מיר, איך קעהר מיך אום און דערזעה אלכסנדר מוקדון. אדוני מלך! שרייא איך, האפּ איהם בייא דער האנד, קוועטש און קוועטש, עס פארגעהט מיר אָבער פלוצלים אין דער נאָז עפּיס א מין שרעקליכער געשטאנק טאקי גאָר צום חלשען. איך האפּ מיך אויף און פיהל אין דער האנד א צוקוועטשטע וואנץ.... טפוי, זאָל עס ווערען! אָט שפּייא חלעבין דרייא מאָל אוים סענ־דעריל און פארגעס דיין חלום. וואָס האָט דיר אזעלכעס זיך געחלומט?

טפּיא, טפּוא, האָט סענדעריל בתמימות דרייא מאָל אויסגעשפּיגען און דערצעהלט זיין חלום:

מיר האָט זיך געחלומט ווי איך געה מיר גלאט אזוי אויף דער גאס און פארגעה מיר העט ווייט. פלוצלים גיט מען מיך פון הינטען א האפּ און מען ווארפט מיך אין א זאק אריין, מען טראָגט מיך אזוי אין דעם זאק, מען טראָגט מיך מען טראגט ביז מען האָט מיך ערגיץ עפּיס פארטראָגען. איך פיהל וויא עמיציר בינדט דעם זאק אויף און דערלאנגט מיר א פאטש, טאקי וואָס פאר א פאטש הייסט אז צווייא ציין זענין מיר ארויסגעפאלען. דאָס האָסט־דוא דיר ערשט איין אדארויף. הער איך וויא מען זאָגט, אין גאנצען וועל איך דיר סיליקין שפּעטער. איך גיב א

בליק, מיין ווייב אין א ספאדיק שטעהט מיד אקעגען שטארק אין כעס דיא אוי־ גען ברענען איהר וויא א העליש פייער און פונם מויל זעטצט איהר ארויס א שוים. ווארט נאָר א ביסיל ווארט, תכשיט מיינער, זאָגט זיא מיט א בייזען געלעכטער, איך וועל געהן נעמען דיא קאָטשערע און דיר ווייזען וואָס פאר א גאָט מיר האָבען, וויא זיא געהט נעהמען דיא קאָטשערע אז מיינער חאפט דיא פיס אויף דיא פלייי־ צעס און אוועק, אוועק, אוועק, איך לויף, איך לויף און קום צו לויפען אין עפּעס א קרעטשמע. אין דער קרעטשמע איז פינצטער, גליטשיק, נישטאָ קיין נפש. איך לייג מיך אין א ווינקעל, מאך צו דיא אויגען און שלאָף, וויא איך שלאָף קומט דער זיידע רב סענדעריל עליו השלום צו מיר צוגעהן, זעהר אומעטיג, מיט פאר־ וויינטע אויגען און זאָגט: סענדעריל מיין קינד שלאָף נישט! וויא גאָט אזי דיר ליב סענדעריל שטעה אויף! שטעה אויף סעפּדעריל, סענדעריל און לויף פון דאַ־ נען אוועק! אוועק סענדעריל וואָהין דיא אויגען טראָגען, דוא ביסט אין א סכנה! איך וויל אויפשטעהן אָבער איך קען מיך נישט ריהרען, גלייך וויא מען האלט מיר צו. איך נעהם מיך צום קאָפּ און טאפּ אויף מיר אָן עפּעס א קאָפּקע. הע, הע, איך בין גאָר נישט סענדעריל, איך בין מחילה גאָר א יודענע, אָהן א סימן באָרד, טראָג עפּעס א מין ייפּע און מיין בויך, מיין בויך, נישט פאר קיין אידען געדאכט, טהוט מיר שרעקליך וועה, נישקשה, רופט איינער עפּעס זיך אָן, ביי איין ערשטלינג געהט עס תמיד אביסעל שווער צו. אוי פעטער, פעטער!

שריי איך אין איין אָטהעם, ס'איז גאָר ניט פאר מיינע כוחות, אָט, אָט פאל איך חלשות. א קילאק אין דער פּאַטיליציע איז דערצו זעהר א גוטע סגולה, דער מיט קען איך דיך מינטערען, זאָגט דער פעטער, און לאָזט מיך טאקי אראָפּ עטליכע קולאקעס, נא דיר פאר פריהער, פאר איצונד, אי פאר שפּעטער. מאכט ער דערביי, דרייעט זיך אוים און ווערט פארשווינדען. איך ליג אין איינע צרות ליג און ליג ביז גאָט העלפט מיר איך גיב מיך א ריס מיט גוואלד און שטעה אויף. איך לויף צו גיך צו דער טהיר, זיא איז פארשפּארט, איך קלאפּ, קלאפּ און קלאפּ, אומזיסט דיא מיה. פלוצלים שפּרינגט דיא טהיר זיך אויף און וויא איך שטעל ארויס א פוס חאפּען מיר גזלנים און פיהרען מיך אוועק עפּים אין א הייל, דאָרט נעהמען זייא ארויס א חלף און ווילען מיך קוילען, וויא זייא האלטען דעם חלף מיר אויפען האלז שרייא איך גוואלד! לאָזט מיך חאָטש אָפּזאָגען ווידוי! אָט דאָס האָסט־דוא דיר, בנימין, מיין חלום, הלוואי ער זאָל זיין צו גוטען.

— שפּייא אוים, סענדעריל, נאָך דרייא מאָל, האָט בנימין איהם איין עצה נעגעבען, און שלאָג דיר דיין חלום פונם קאָפּ ארוים. איבעריגענס אויב דוא ווילסט

שטעה אויף ס'איז שוין טאָג און זאָג עטליכע קאפיטעל תהילים.

סענדעריל איז מיט א זיפץ אראָפּ פון זיין געלעגער, האָט אָפּגעוואַסען נע־געלוואסער, אָנגעטאָן זיין האלאטעל און ארויסבעקומען זיין תהילים עברי טייטש. עס האָט זיך אויפגעמישט דאָס צעהנטע קאפיטעל ביי וועלכעס ער האָט געהאלטען און ער האָט מיט איין אומעטיגען ניגון אָנגעהויבען:

וואָס שטייעסט־דוא גאָט פון וויטען.
פארבאָרגסט־זיך אין שלעכטע צייטען?

זיין ניגונדיל איז געוואָרען טרויעריגער און ריהרענדיגער וויטער אביסיל בייא דיא דאָזיגע פסוקים:

ער זיצט אין ערגיץ א פארטייעט אָרט,
אין שטילען טויט ער דעם עהרליכען דאָרט.
דיא אויגען דרעהען איהם זיך הין אי צוריק,
אויפן אָרעמען האָבען זיי א שטארקען קיק.
וויא א לייב אין זיין נאָרע לויערט אויף ער,
ער לויערט צו האפּען דעם אָרעמען אהער.
דערלאנגט דעם אָרעמען שוין טאקי א האפּ,
אבי מיט זיין נעץ א ציה נאָר א קלאפּ:

אז סענדעריל האָט אָפּגעזאָגט תהלים איז שוין געוואָרען רעכט טאָג, אלע מענשען אין שטוב זענין שוין אויפגעשטאנען. א גרויסער סאמעוואר וויא א קע־סיל האָט שטארק געקאָכט אויפן טיש און דער עולם האָט געטרונקען טהע, בנימין און סענדעריל האָט מען אויך געגעבען צו גלעזליך ווארעמס, זייא האָבען אביסיל זיך דערפרישט און פרייליכער געוואָרען. דיא שטוב וואָס פריהער אביסיל איז זי געוועזן א ספּאלניע דערנאָך א טשאינע איז פלוצים געוואָרן א קלייזעל. עס האָ־בען זיך פארקאטשעט ארבעל, זיך ענטפלעקט נאקעטע יודישע אָרעמס: רויכיגע, גלאטע, דארע, פעטע, שווארצע, ווייסע, טונקעלע פון אלערלייא קאָלירען און גע־שטאלטען, איטליכער אזוי אריין אין טלית און תפילין און געגעבען א דאווענען, אונזערע צווייא יודען האָבען געדאווענט געשמאק, זיך געפּיעסטעט, געקרימט, געמאכט הנדליך און פיסקעליך וויא אמת צובראָכענע יודען, זייא האָבען אוועק־געטענעט מיטן רבונו של עולם אליין: טאטעניוא! פאָטערוניוא! און שיהות גע־מאכט אין דאווגען מעהר פון אלע אנדערע. נאָכן דאווגען האָבען זייא גענומען צו קעלעשקעליך שליש, א זופּ געטאָן פריהער, זיך פּאָסמאקעוועט און אויף דער נאָז זענין אריסגעטרעטען רויטגלאנצענדיגע ווימפּערליך, דערנאָך האָבען זייא

געמאכט צום גאנצען עולם לחיים. לחיים און צוגעווינטשעוועט: דער אויבער־שטער זאָל שוין רחמנות האָבען אויפֿן כלל ישראל נעביך! האָבען פארגלאָצט דערבייא דיא אויגען, געטאָן א שטילען זיפֿץ און ארייננגעגאָסען אין זיך דאָס קעד־לעשקיל. א סימן, דאָס זענין געוועזן נישט קיין פּראָסטע יורען, נאָר פרומע, כשרע, שיינע יודען.

איינער פון דיא דאָזיגע שיינע יודען איז דער ווייל אוועקגעגאנגען אין דער שטאָדט און האָט זיך דאָרט פארזאמט אקעגען א פּאָר שעה. אז ער איז צוריק געקומען האָט דער חבר זיינער איהם ארייננגעקוקט אין פנים, וואָס האָט בעשיינ־פערליך געלויכטן, און ביידע זענין געוועזן זעהר צופרידען. זייא האָבען געהייסען גרייטען צום טיש זיך גענאגנגען וואשין און איבערגעקוקט פריהער דיא קוואָרט וויא דער שטייגער איז פון שיינע יודען, האָבען געבעטען אונזערע פארשוינגען זאָלען אויך זיך וואשען און מוחל זיין זעטצען זיך מיט זייא אין איינעם עפּיס איבערצובייסען. ביים טיש זענין זייא געוועזן לוסטיג, האָבען געלויבט דיא בעל הביתטע פאר איהרע גוטע מאכלים און משונה פון איהר הנאה געהאט. זייא האָ־בען זיך ארייננגעלאָזט אין א שמיעס, גערעדט מכח דעם כלל יודען וויא ס'איז שוין טאקי צייט זייא זאָלען נעביך אויפגעריכט ווערען, פאר וואָס קומט אזא פאָלק, אזא טהייער פאָלק זאָל נעביך אזוי פארשוואַרצט ווערען? זייא האָבען זיך צולאָזט אין דיא שבחים פון דיא כנסת ישראל. געלויבט אין טאָג אריין דאָס יוד־דיש קעפּיל. וואָס קענען דאָס יודען נישט? אלע חכמות פון דער וועלט, וויא דער טעלעגראַף, אייזענבאנד און נאָך אזעלכע זאכענישען געפינט מען נאָך גאנץ לאנג בייא יודען, נאָר דאָס אלסדינג אָבער איז נאָך פון דיא קליינינקייטען דער עיקר איז נאָר עפּיס אנדערש. דאָס פינטעלע דאָס פינטעלע אָט וואָס דער עיקר איז.... זייא האָבען זיך ארויפגעהאפט אויף דיא אפיקורסים, אויף דיא היינטיגע מאָד־נע געלערענטע, פארשאָלטען זייא דאָס געביין, געשפּיגען קלעק אויף זייא אין גאנצען און אויף דיא שקאָלעס, וואָס מען לערנט דאָס טרפה־פּסול אָהן א היטעל. באלד וועט טאקי זיין א פּרק משניות א רענדיל און א פּראָשעניע אָנשרייבען א גילדען. אוי איז היינט א וועלט, א שיינע וועלט חלעבין!.... אזוי האָבען זייא פון אונזערע פארשוינען. מיר ווינשען אייך, האָבען זייא געזאָגט, השם־יתברך זאָל חסד טאָן און ממלא זיין דאָס אלסדינג, וואָס מיר בעגעהרען אין אייך צו זעהען, בנימין איז געוועזן אויף דעם זיבעטען הימעל פון אזא ברכה, דער צו איז ער נאָך געוועזן. וויא זאָגט מען עפּיס, אביסיל פארלעקט, ער האָט געעפענט א מויל און גערעדט פאר פייער אי פאר וואסער.

— ווייסט איהר וואס רב בנימין, רב סענדעריל ? האבען דיא יודען געזאגט צוצווינגען, נאכדעם אז זייא האבען זיך יאויפגעהייבען פונם טיש. מיר וועלען זיך והג זיין בפשטות וויא פראסטע יודען, אזוי וויא אונזערע עלטערען האבען זיך נוהג געוועזען נאך א וועג וועלען מיר זיך אלע געהן אין מרחץ אריין, צופארען דיא ביינער. איהר וועט זיך מעגען דארט אפשערען אדער אפגאלען. איהר וועט חלע־בען ווערען גאר אנדערע מענשען, און נאך'ן מרחץ וועלען מיר זיך נעהמען צו אונזערע עסקים. אזוי טאקי בנאמנות, אזוי וועט בפשטות טאקי זיין גוט. ס'איז אפשר אביסיל נישט היינטמאדעש, בייא דיא אפיקורסים מעג זיך א מרחץ אויס־קומען עפים נישט שיין, נאר מיר זיינען אבער נישט קיין געבולבעטע, אט לאמיר זיך נוהג זיין וויא אונזערע זיידעס פארצייטען !

פון א מרחץ זאגט זיך א יוד קיינמאל נישט אפ. דאס וואס א שיינק פאר די פויערען, א טייכעל פאר גענז און קאטשקעס, דאס איז אין הונדערט גראדען נאך מעהר דיא באד פאר יודען. דעם טעם וואס א יוד פיהלט אין א באד קען עס קיין אומה ולשון גאר נישט פיהלען. דיא באד האט בייא איהם א גרויס שייכות מיט זיין רעליגיע, מיט זיינע אינוועגדיגסטע געפיהלען און מיט זיין סעמיינעם לעבען. קיין יודישע נשמה ריהרט זיך נישט פונעם הימעל אריינצוקריכען ערגיץ אין א בויך, מען קען זיא נישט נעהמען, איינבעטען דורך קיין שום זאך, סיידען נאר דורך א באד. דא איז דיא גלאוונע אגענטסטווא, דיא צענטראלע קאנטאר צווישען דעם הימעל מיט דער עה״ז, איידער א יוד ווערט נאך געבוירען, איידער נאך עס ווארפט זיך אין איהם איין אבר. ווייסט מען שוין פון איהם אין דער דאזיגער קאנטאר פונם בערדער מיט דער בערערקע ביז דער טוקערקע און דער ביטעלמא־כערען. דיא נשמה יתרה שבת און יום טוב פיהלט אין זיך נישט אזוי א יוד ווען ער שווינקט זיך פריהער נישט אפ אין באד, אהן דעם איז ער עפיס אלטגעבאקען, נישט פריש. קוקט אן א יודען פרייטאג קומענדיג פונם מרחץ, ער בליהט. ער איז איינגער מיט עטליכע יאהר, דער אידישער פונק ברענט אין איהם און לייכט פון זיינע אויגען, אלע זיינע געפיהלען זענען עפיס שארפער. פרישער, דער ריח פון דיא געפילטע פיש אי פון דעם איינגעפריעטען צימעס פארגעהן איהם וויא קטורת אין דער נאז, זיא שמעקט, שמארעט און איז מקבל טענוג. עס זינגט זיך איהם עפיס אויפן הארץ, ער גיט קאנצערט אין טראפ, קנאקט וויא א סאלאווייא שיר השירים, צופיעסטעט זיך דארט וויא א קינד, צופלאקערט זיך, צוהיצט זיך און איז האלב אויף יענעם עולם.... אין באד קומט א יוד וויא אין א פאטערלאנד, וויא אין א פרייער מדינה, וואו איטליכער האט א גלייכע דעה. וואו עס שטעהט

פאר איהם פרייא צו דערגרייכען גלייך מיט אנדערע א הויכע שטופע — ארויפ־קריכען אויף דער אויבערשטער באנק, דער מינטערען זיין פאראומערטע נשמה, חאַטש אויף א שעה אויסגלייכען זיינע ביינער און אראָפּ ווארפען פון זיך זיין פעקיל דאגות און יסורים. אַט וואָס א באָד איז בייא יודען!

דעריבער איז דער פּלאַן פון אין מרחץ געהן אונזערע פארשוינען געווען שטארק לרצון, זייא האָבען נישט געמאכט קיין גרויסע הכנות און אין עטליכע מינוט ארום זענען זייא שוין געגאנגען מיט דיא צווייא שיינע יודען. אונזערע פארשוינען האָבען זיך פירגעשטעלט א באָד וויא געוויינטליך א מרחץ איז אין דיא יודעשע שטעטליך, עפּיס א מין בנין, שווארץ, פארשמירט פון דרויסען, בארג אראָפּ ערגיץ אין א העק מיט א שווערען צוטריט אהינצו אויף שמאָלע צובראָכענע קלאטקעס. און אז דיא יודען זענען צוגעקומען צו א שיינעם דרייא גאָרענדיגער מויער, סאמע אין דער מיט גאס, און געזאָגט אַט דאָס איז דיא באָד, האָבען זייא פאררייסען דיא אויגען און געקוקט שרעקליך פארוואונדערט. איהר זענט נאָך טא־קי גאָר אמתע תּריצען, האָבען דיא יודען פון זייא געשפּאסט, קומט, זייט מוחל אינוועניג וועט איהר נאָך עפּיס שעהנערעס זעהן.

אריינקומענדיג אין דער פערעדניע האָט אונזערע פארשוינען פארשיינט אין דיא אויגען דער געמאָהלטער פּאָל מיט דיא אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס. עס האָט זיך זייא אויסגעדאכט, אז זייא זענען אין דעם פארצויבערטען שלאָס, וואָס אין בבא מעשה און אין טויזענט מיט איין נאכט. באלד וועלען פּרינצעסענס, בת־מלכות זייא מקבל פּנים זיין, זייא וועלען זיך דאָ וואויל טאָן און לעבען אויף וואָס דיא וועלט שטעהט. נאָר אַנשטאָט דיא בת־מלכות איז צוגעגאנגען צו זייא א סאָלדאט מיט אייבעליך און האָט שוין פיין זייא געלאָזט בעטען זיך אויס צו־טאָן, טהוט זיך זייט מוחל אויס, האָבען דיא שיינע אידען צו זיי געזאָגט, מיר וועלען דערווייל אריינגעהן אהין בעצאָלען באָד געלד. נישקשה איר וועט דאָ האָ־בען א גוטע שוויטצבעדעל.

אז אונזערע פארשוינען האָבען זיך אויסגעטאָהן האָבען זיי פארנומען זייער פעקיל זאכען וויא דער שטייגער איז, אוים צופרודען ע״ב. קיין טויז, העמדער האָט אין זייער גאַרדעראָבע זיך נישט געפונען, זייא האָבען אוועקגעטראָגען א העמד עטליכע וואָכען, עס פערשטעהט זיך אז עס האָט זיי נעביך געביסען און דאָס פרודען איז זייא געווען טאקי נייטיג אין לעבען אריין, נאָר דער סאָלדאט האָט בייא זייא אוועקגענומען דיא זאכען און זייא אריינגעפיהרט אין א חדר אריין. דער הדר איז געווען אויסגעמעבעלט מיט ביינקליך, ארום א גרויסען טיש זענען

דאָרט אויף שטולען געזעסען מענשען פיין אָנגעטאָן. אונזערע פּארשוינען האָבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, זיי איז שטארק קשה געוואָרען וואו גיסט מען דאָ אויפן שטיין און וואו וועלען זייא דאָ שוויצען?

— צי טוט זשידאָווסקי באניא? האָט סענדעריל א פרעג געטאָהן נאָכדעם אז בנימין האָט איהם א שטורך געגעבען און איהם געהייסען נישט מאכען דאָ קיין פּיעל שיהות און פרעגען.

איינער פון דיא לייט וואָס ארום טיש איז צוגעגאנגען, האָט אָנגעקוקט אונזערע נאקעטע פּארשוינען, וואָס זענין נעביך דאר אויסגעדרייוועט, אָהן א לויט פלייש נאָר הויט און ביין, און געמאכט מיט זייא עפּיס א שמיעס אויף מאָסקאָוויטערש.

— הא, וואָס זאָגט ער דאָ עפּיס, סענדעריל? האָט בנימין געפרעגט.

— איך זאָל דאָס אָנהייבען פארשטעהן א וואָרט! האָט סענדעריל געענט-פערט און געמאכט מיט דיא אקסלען. נאט אייך מישטעהנס געזאָגט א לשון! עפּיס זאָגט ער אלץ בילעט, בילעט.

— א—א נארעלע, האָט בנימין זיך אָנגערופען, וואָס פארשטעהסט דוא דאָ נישט נארעלע? דאָס איז דער בעדער, ער פרעגט בייא אונז א בילעט, וואָרים אין אזא באָד מוז מען געהן אויף בילעטען. זאָג איהם אז דיא יורען האָבען שוין דאָך דאָ פריהער בעצאָהלט פאר אונזערע בילעטען.

— יאק־זשע פּאני, טייע זשידקי אָווזשע דאלי טוטעטשקא זא....

האָט סענדעריל א רעד געטהאָן און איז פּלוצלים געבליבען וויא דערוואָר-גען, נישט געקענט אויספיהרען וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען.

— זא בילעט פּאני כטייטש זשידקי להבדיל פּאני זאשלאצ׳יל! איז בניכין ארויס אויף זיין לשון און האָט ויערקלעהרט דיא זאך גאנץ קלאָהר, קיין אין שאוף.

דער דאָזיגער מענש האָט איז פריהער צוגעגאנגען צו אונזערע פּארשוינען האָט א מאך געטאָן מיט דער האנד און מען האָט זייא באלד אריינגעפיהרט וויי-טער אין א חדר, וואָס דאָרט איז מען, כפי זייער מיינונג, מחויב געוועזען א פנים צו שוויטצען געשמאק...

אז מען האָט בנימינ׳ן מיט סענדערלין שפּעטער אביסעל מיט א צייט ארויס-געפיהרט אויף דער גאס איז שווער געוועזען זייא צו דערקענען אזוי פּארענדערט זענין זייא נעביך געוואָרען: אָפּגעגאָלט פון פּאָרענט, אָהן בערד אָהן פּאות, דיא אויגען פארדרעהט, נאָר גלעזערנע, אויף דעם שטערען קאלטע גרויסע טראָפּען

שוייס, א וואָלקען א חמארע אויפן גאנצען פנים, איינגעגנורעט, איינגעהויקערט מיט א דראָזש איבער דעם גאנצען לייב און ארום זייא סאָלראטען, אויפן הימעל האָט זיך אָנגערוקט א שווארצע פיסטערע חמארע. א בליץ האָט מיט א מאָל בע־לייכטעט דיא דאָזיגע קומפאניע. באלד דארויף האָט א דונער געגעבען שרעקליך שטארק אז אלע זענין פארציטערט געוואָרען. עס האָט זיך אויפגעהויבען א שטורמווינד. רעדליך שטויב האָבען זיך געטראָגען וויא דיא רוחות, פארהאפט אויפן וועג מיכט, שטרויא, בלעטליך אי שטיקליך פאפיר, אלע אין איינעם האָ־בען געטאנצט עפיס א משוגענעם טאנץ און זיך געדרעהט געדרעהט אלץ אין דער הויך ארויף ארויף.... דיא טשערדע פונם פעלד איז געלויפען אומרוהיג מיט א געשרייא און א רעווען וויא א סטאיע הונגעריגע וועלף וואָלטען זיא נאָכגעיאָגט. עס האָט געשטורעמט. געבליצט, געדונערט גלייך וויא דער אויבערשער איז שטארק אויפגעבראכט געוואָרען אויף דער זינדיגער ערד און אויף אלסדינג וואָס דאָ געהט פיר. ער האָט זיך אָנגעהאפט ביים קאָפּ. געבליצט מיט זיינע צאָרענדיגע אויגען, געהילכט און געשריגען, אי, אי! מיט זיין דונערדיגען קול, עס האָט צום לעצט א זעמץ געטאָן משונה א שרעקליכער דונער, פון הימעל האָט אראָפּגעקאָ־פעט וויא טרעהרען גרויסע טראָפּענס רעגען, וואָס איז זייא האָבען זיך אויסגע־מישט טראָפּען נים שוויים און בלוטיגע טרעהרין פון אונזערע בירנע, אומגליק־ליכע פארשוינגען....

אך, בנימין און סענדעריל האָבען גאָר נים געוואוסט. אז נישט דווקא אין דער מדבר איז א סכנה צו רייזען מחמת דיא ווילדע שלעק, עקרעשען. פיפערנאָ־טערען און חיות רעות וואָס דאָרט, נאָר דאָ אין דיא מקומות, דאָ איז ערשט דיא גרעסטע סכנה! יענע צייט ווען אונזערע פארשוינען האָבען געוואנדערעוועט איז געווען דיא שווערע, פינצטערע ביטערע צייט — דיא צייט, ווען איין יוד האָט געזוכט צו דערטאפען דעם אנדערן און

וויא א לייב אין זיין נאָרע געלויערט האָט ער,
געלויערט צו האפען דעם בעזפאסקאָרטנע אהער

און איהם אָפּגעבען פאר א פוימענע. א קרבן פאר זיינע. אָדער פאר יענעמס קינדער! אך, אונזערע פארשוינען נעביך האָבען נישט געוואוסט, אז זייא געפינען זיך שוין טאקי אין דער מדבר צווישין ווילדע בעשעפעניש אי חיות רעות, און די צווייא שיינע, כשרה יודען זענין גאָר פיפערנאָטערען!

---

## אוים כלה און וויעדער א מויד.

איטליכער קען זיך משער זיין דיא שלעכטע לאגע פון אונזערע בידנע פאר־שוינען וויא פינצטער און ביטער זייא איז געביך געוועו, מיר פארשפארען עס צו שילדערען, דיא ערשטע צייט זענין זייא געוועו וויא צומישט און האבען לחלוטין נישט פארשטאנען וואס מיט זייא טהוט זיך אזוינס. אלסדינג איז פאר זייא גע־וועו פרעמד, אי די סאבראנע, אי דיא סאלדאטען, אי דער לשון און די אלע זאכען וואס מען האט זייא געהייסען טאן. דער שינעל איז אויף זייא געהאנגען וויא א טארבע, ער האט אויסגעזעהן טאקי נאר וויא א ייפע, און דאס היטעל מיש־טעהנעם נעזאגט איז געלעגען אויף זייער קאפ נאר וויא א קאפאטע. אנקוקענדיג זיי האט זיך געדאכט עפיס איז עס אין גאנצען גאר איין אנשטעל, עפעס האבען צווייא יודען זיך פארשטעלט און מאכען חוזיק פון דיא אלע זעלנער, קרימען זיי זיך נאך און ווייזען פאר איטליכען גאנץ פרייא וויא נארעש מישטעהנעם נעזאגט זיי אלע זיינען מיט זייער אלץ מיט אנאנדער. אז אך־און־וועה צום ביקס נע־ביך, וואס ער איז אריינגעפאלען צו אונזערע פארשוינען, בייא זייא אין דיא הענד האט ער גאר ניט געהאט דאס פנים, אקוראט וויא א קאטשערע, אין דיא הענד פון א מאנסביל וואס פארעט זיך אין קיך ביין פריפעטשעק. בייא דער אוטשעניע פלעגען זייא אפארבייטען אזעלכע שטוקעס מיט דיא הענדליך און דיא פיסליך, אז ס'איז געוועו נאר א ריינע קאמעדיע, אין קלעפ פארשטעהט זיך, זענין זייא נישט זשעדנע געוועו, נאר וואו איז דען, זאגט מען אין דער וועלט עפיס א צרה, וואס דער מענש זאל מיט איהר נישט געוועהנט ווערען? נישט נאר דער מענש אפילו אנדערע בעשעפעניש ווערען אויך געוועהנט. בעדארף מען מעהר פרייא ווי א פוינעל איז, פון דעסטוועגען אז מען פאנגט איהם און מען זעצט איהם אריין אין א שטיינעלע, געוועהנט ער זיך צו ביסליך, הייבט אן צו פיקען זערנע מיט אפעטיט, שפרינגט און זינגט פרייליכע ליעדער, גלייך וויא דיא גאנצע וועלט מיט איהרע פעלדער און וועלדער איז פאר איהם דא אין דעם איינגען שטייגעלע. אונזער סענדעריל האט ווייטער טאקי אנגעהויבען מיט זיין לאגע זיך צוגעוועהנען, פלעגט זיך גוט צוקוקען צום מושטיר פון דיא זעלנער און פריוועו נאכמאכען זייערע אלע שטוקעס אויף זיין שטייגער. ס'איז געוועו א פרייד צו זעהן וויא סענדעריל פלעגט אפט פאר זיך אליין איבערחזרען דעם מושטיר, זיך אויסציהען גלייך וויא א סטרונע, פאטרייסען דאס קעפיל, אנבלאזען דיא פיס־קליך וויא א גבור, הייבען פיסליך און געהן א מארש נאר טאקי וויא איין אנגע־

בלאָזענער אינדיק. פלעגט זיך דרעהן דרעהן און לסוף פארפלאָנטען דיא פיסליך און פאלען. נאָר אקענגען זשע בנימין אָבער ער האָט מיט אזעלכע זאכען בשום אופן נישט געקענט זיך געוועהנען, ער איז געווען בטבע איינער פון יענע מיני פייגעל, וואָס הייסען וואנדער־פייגעל, דאָס הייסט אזעלכע, וואָס זייער טבע איז אלע יאהר סוף זומער אוועקצופליהען און איבערווינטערען דאָרט אין דיא ווייטע ווארעמע מקומות. דיא טבע צו וואנדרעווען מאָהנט אזא מין פויגעל אזוי שטארק, אז באם מען האלט איהם דענסמאָל געפאנגען אין א שטייגעל איז איהם נישט ניחא דאָס לעבען, ער עסט נישט, טרינקט נישט, ער דראפעט זיך אויף דיא גלייכע ווענט און זוכט ערגיץ עפּיס א שפּאלט אנטרונען צו ווערען. דיא נסיעה אהין אין יענע ווייטע מקומות, וואָס האָט וויא א זלודנע זיך איינגעגעסען אין בנימינס קאָפּ, וואָס איז איהם געוואָרען דיא צווייטע נאטור, וואָס צוליעב איהר האָט ער אעקגעוואָרפען ווייב און קינדער, דיא דאָזיגע נסיעה האָטאיהם נישט געלאָזט רוהען קיין רגע, האָט איהם געבויערט, געפּיקט דעם קאָפּ, זיא האָט אין איהם גע־בורטשעט און אלץ געשריגען: געה ווייטער! געה ווייטער, ווייטער.

דער ווייל איז אוועקגעגאנגען אזוי דער ווינטער און אונזער בנימין נעביך האָט זיך שטארק געמוטשעט.

איינמאָל אין א שיינעם טאָג נאָך פּסח אז סענדעריל האָט בינו־לבין־עצמו זיך געמושטירטאיז בנימין צו איהם צוגעגאנגען מיט אזא שמועס:

— חלעבין סענדעריל, דוא ביסט א יונגעל! דוא שפּילסט זיך און מאכסט עפּיס אזעלכע קונצען וויא א קונדעס. וואָס קען דער פון, איך בעט דיך, דער תכלית זיין ?ר פא געסנאָר נישט אז דוא ביסט ברוך השם א בעווייבטער. דער צו נאָך אויך עפּעס א איד היינט צו וואָס פארנעהמסט דוא זיך מי טאזעלכע זא־זאכענישען און לייגסט דרינען דעם גאנצען קאָפּ דיינעם אריין? למאי נפקא מינה צי מיט דער לינקע צי מיט דער רעכטע פוס קרונאָם, וויא זייא רופען עס דאָרט עפּיס, וואָס מאכט עס אוים?

— ווייס איך? האָט סענדעריל געענטפערט, מען הייסט קרונאָם זאָל זיין קרונאָם, וואָס פאר א דאגה איך האָב.

— און אונזער נסיעה, זאָג נאָר, האָסט־דוא שוין פארגעסען? גוואלד אונזער נסיעה, אונזער נסיעה אהין, אהין.... לינדענוואָרם, מויל אייזעל, פּיפּערנאָטער! האָט בנימין גערעדט צוקאָכט.

— מארש, מארש, מארש! האָט סענדעריל געמאכט און געחייבען פיסליך.

— אז אָך און וועה צו דיר סענדעריל, און צו דיין מארש ! פע, מעגסט זיך חלעבין שעמען ! זאָג מיר נאָר בעסער, קונדעס איינער, ווערען מיר מאכען אונזער נסיעה ?

— פון מיינעט וועגען אָך ! האָט סענדעריל געענטפערט, אבי מען וועט אונז נאָר לאָזען.

— וואָס טויגען מיר זייא און וואָס בעדארפען זייא אונז האָבען ? האָט בנימין זיך אָנגערופען. אדרבה סענדעריל זאָג אליין ביי דיין יודישקייט, אז באם דער שונא זאָל חס ושלום קומען ווען דען אזעלכע צווייא איהרע וויא מיר זיך קענען שטעלען איהם אקעגען ? און אז דוא ווערסט איהם טויזענט מאָל זאָגען: גיה דיר אוועק אלא ניט מאך איך פויא, פויא ! וועט ער דען דיך הערען ? פאר־קעהרטע, ער ווייט זיך נאָר אָנחאפען און דיין גליק וועט זיין אז דוא ווערסט לעבע־דיג פון זיינע הענד ארויס. גלוב מיר חלעבין, וויא איך זעה זענען מיר דאָ אין גאנצען איבעריג, זייא וואָלטען גערען געווען אונזערער פטור צו ווערען. איך האָב אליין געהערט וויא דער עלסטער האָט זיך איינמאָהל אויסגעדרוקט אז מיר זענען טאקי נאָר איין אָנשיקעניש. ווען עס זאָל אין איהם געווענדעט זיין וואָלט ער אונז שוין לאנג ארויסגעטריבען צו אלדע שווארצע יאהר. און באמת טאקי וואָס טוי־גען מיר זיי ? איך זאָג דיר סענדעריל, בפירוש, אז דאָס איז גאָר לתתחילה געווען א קרומע זאך נישט קיין גלייכער שידוך. מיר טויגען זייא נישט און זייא טויגען אונז נישט. דיא יודען וואָס האָבען אונז אין זייערע הענד אריינגעגעבען האָבען זיכער געמוזט זייא דערציילען אויף אונז, אז מיר זענען ווילדע גבורים און קענען טכסיסי מלחמה, טאקי וואָס קענען הייסט. מילא וואָס זענען מיר שולדיג אז דיא אידען האָבען זיי אָפגענארט ? למי אונז האָבען די אידען אויך מיאוס אָפגענארט. מיר זענען דאָך נאָר מיט דער דעה אהער געקומען עפּיס צונויפצומאכען און לאָ־זען זיך ווייטער אין וועג אריין. פון טכסיסי מלחמה איז כלל קיין מדובר נישט געווען, איך וועל שווערען אפילו אין טלית אין קיטעל אז דער פון האָט מען אפילו נישט מזכיר געווען. גלאט האפּעניש גילטניש איז דאָך פשוט שוין קיין יושר ניט, הערט דאָך שוין טאקי אויף אלסדינג ! — קורץ זייא זענען ניט שולדיג וואָס מען האָט אונז אָפגענארט און מיר זיינען ניט שולדיג וואָס מען האָט זיי אָפּ־גענארט, שולדיג זענען דאָ נאָר דיא יודען, דיא ליגנער, דיא כלבויניקעס, וואָס האָבען ביידע צדדים אָפגעליגנערט. דיא יודען, סענדעריל, דיא יודען זייא אליין זענען דאָ טאקי אין גאנצען שולדיג, קיינעם בעדארף מען אין דער זאך ניט בע־שולדיגען נאָר דיא יודען, דיא יודען און נאָך אמאָל דיא יודען !..

— מילא וואָס ווילסט־דו בנימין זאָלען מיר טאָן ? האָט סענדעריל געפרעגט.

— איך וויל האָט בנימין געענטפערט מיר זאָלען זיך לאָזען ווייטער אויף אונזער נסיעה. אוים כלה און ווייטער א מויד ! מיר דאכט זיך אז קיינער וועט אונז דאָס נישט פארוועהרען, הן על פי דין והן על פי יושר טאָר קיינער אונז ניט פארהאלטען, אי וואָס, דוא האָסט מורא טאָמיר וועט מען אונז פאָרט נישט לאָזען, איז דערצו א פראָסטע תרופה מיר זאָלען פון דאנען שטילערהייט אוועקגעהן, וועמענס עסק איז דאָס בייא אונז צו וויסען ? געזעגענען זיך בעדארפען מיר מיט קיינעם נישט.

— איך מיין אויך אזוי, אז געזעגענען זיך איז איין איבעריגע זאך, האָט סענדעריל געמאכט, להייא אז מיר זענין פאר א יאהרען אוועקגעגאנגען פון דער היים און קיינעם נישט אפילו ווייב און קינדער נישט געזאָגט האָטש נא.... טעבי!

פון דעם דאָזיגען שמיעס אָן האָבען אונזערע פארשווינען אָנגעהייבען טראכטען ווידער פון זייער נסיעה און זיך אלץ מישב געווען וויא צו מאכען פליטה. אין בנימינין האָבען זיך שטאָדק צושפילט דיא געבליטען, ער איז געווען שרעקליך אומרוהיג און ארומגעפאָדעט צוקאָכט וויא א היהן וואָס וויל אין ־ וועסנע זיך זעטצען אויף אייער, ער איז געווען אזוי פארטיפט אין זיינע געדאנקען אז ער האָט נישט געהערט נישט געזעהן וואָס ארום איהם טהוט זיך, איז פארבייא איהם דורכגעגאנגען עפים איין עלטסטער האָט ער מחמם צוטראָגענקייט נישט אראָפּ־גענומען דאָס היטעל ; האָט ער געהאפּט א פאטש אָדער א זעטץ אין דער פאטילי־צע האָט ער אפילו זיך נישט פארקרימט גלייך וויא נישט איהם מיינט מען ; האָט מען צו איהם גערעדט עפּים אין עניני המושטיר איז איהם נישט ארייז אפילו אין דער לינקער פאה, ער האָט געהערט דאָס וכדומה אזעלכע זאכען אקוראט וויא אין טשערנאָוויטש דיא מגילה. ער האָט אין זינען געהאט נישט מעהר וויא דיא נסיעה און דער קאָפּ זיינער איז געפלוינען ווייט, ווייט !

איינמאָל שפעט בייא נאכט אז אלע זעלנער אין דער קאזארמע האָבען גע־שמאק געשלאָפען איז בנימין אויף דיא שפיטץ פינגער צוגעגאנגען צו סענדערלס געלעגער.

— סענדעריל, דוא ביסט פארטיג ? האָט בנימין שטילערהייט געפרעגט.

סענדעריל האָט א שאָקעל געטאָן מיט דעם קאָפּ, אָנגענומען בנימינין פאר דער פּאָלע און זענין ביידע שא קיטש ארויסגעגאנגען אויפן הויף.

אין דרויסען האָט געבלאָזען א ווארעם ווינטעל, שטיקער שווארצע אי ברוינ־בלויע וואָלקענס האָבען זיך געטראָגען אין דער הויך, און זיך געצויגען איינע נאָך

דיא אנדערע, גלייך וויא טויזענטער טשימאקעס געהן דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פוהרען סחורות, און יאגען זיך בעצייטענס אָנצוקומען אין הימעל אויף דעם יריד. ריא לבנה איז וויא א פריקאשטשיק אויף געגאנגען מיט דעם דאָזינען משונה לאנגען צוג, פלעגט אויף א מינוט נאָר ארויסשטעקען דעם קאָפּ, א קוק טאָן וואָס טהוט זיך אין דרויסען, דערנאָך ווייטער אויף א תיבשע צייט זיך באהאלטען און געלעגן איינגענורעט דאָרט ערגיץ אונטער א וואָלקעדיגען לאנטוך, שווארץ אָפּגע־שמירט וויא מיט סמאָלע. אונזערע פארשוינען האָבען אין דער פינצטער זיך גע־לאָזט געהן איבער דעם הויף און שטילערהייט צוגעגאנגען צום פּליים. זייא זענען ארויפגעקראָכען אויף א בארג מיט האָלץ און פון דאָרט איז זייא שוין גרינג גע־ווען ארויפצוקלעטערין אויפן פּליים, פלוצלים האָט סענדעריל זיך א חאפּ געטאָן און געזאָגט בנימינין אין אויער אריין:

— אך בנימין, איך האָב פארגעסען דיא טאָרבע זאָל איך מיך אומקעהרען נעהמען דיא טאָרבע:

חלילה! האָט בנימין געמאכט, אומקעהרען זיך איז א מיאוסע זאך. אז גאָט העלפט א מענשען העלפט ער איהם אויך אויף א טאָרבע.

— עס קומט מיר איצט פיר, האָט סענדעריל געזאָגט, וואָס דער ויידע רב סענדעריל עליו השלום האָט מיך געוואָהרענט אין חלום, שטעה אויף סענדעריל, האָט ער געזאָגט, און לויף פון דאנען אוועק וואוהין דיא אויגען טראָגען! הלוואי זיין זכות זאָל אונז אצינד ביישטעהן, ער איז געווען טאקי מיטן פולען מויל א יוד, נאָר אָהן שום מלאכות. דיא באָבע עליה השלום פלעגט אלץ דערצעהלען...

נאָך איידער סענדעריל האָט זיך גענומען צו דערצעהלען וואָס זיין באָבע פלעגט אלץ דערצעהלען פון זיין זיידען, האָט זיך געלאָזט הערען א קול פון א זעלנער, וואָס איז דאָרט אין דער זייט געשטאנען אויף דער וואך. אונזערע פאר־שוינען האָבען זיך צוגעטולעט צום פּליים, איינגעהאלטען דעם אָטהעם, געלעגען שטיל קיין ריהר זיך נישט צו טאָהן און אויסגעזעהן וויא צוויא גרויסע אלטע שמאטעס. שפּעטער אביסיל, אז ס'איז ווידער געוואָרין רוהיג שטיל, האָבען דיא דאָזיגע שמאטעס ארויסגעוויזען א סימן פון לעבען און פאמעליך זיך אראָפּגע־לאָזט פונם פּליים. זייא זענען געקראָכען אויף דיא הענד און דיא פיס און זיך גע־ריקט פאמעליך אלץ ווייטער ווייטער, ביז גאָט האָט זייא געהאָלפען אויס צומייד־דען דעם זעלנער וואָס אויף דער וואך און ארויסצוקריכען אין א געסיל. אונזערע פארשוינען האָבען זיך אויפגעשטעלט אויף דיא פיס, געשטאנען אביסיל צו חאפּען דעם אָטהעם און זיך אָנגעקוקט פרייליך מיט פייערדיגע אויגען.

# איבֿער אַ שטאָט אין מזרח.

## אַ מעשה נוֹרא, וואָס איז זיך פֿאַרלוֹיפֿען אין קאַבֿצאַנסק.

---

קאַבֿצאַנסק, איינע פֿון יענע געוויסע מקומות, וואו די יודען רוהען, איז תמיד פֿאַררעכענט געווען אין דער וועלט פֿאַר אַ שטעדטיל אַ רוהיגס, אַ שטילס, יודען עהרליכע, צעבֿראָכענע, אַלטפֿעטערישע, זענען זיך דאָרט געזעסען, אויסגעטהון פֿון דער וועלט, געגאַנגען זייער וועג, געאַרבֿייט אין דעם יודישקייט: זיך געיודעלט, געקינדרעלט און מיט אַלע פּירושים טאַקי אָבֿגעריכט גלות. זיי איז, ווי מען זאָגט, חוץ גאָט און ציצית נישט אָנגעגאַנגען די אַלע היינטיגע חכמות, אַ כּפּרה פֿון זייערטוועגען אַלע נייע־מאָדנע פֿאַרלאַמענטען־סמאַרלאַמענטען מיט די פּאָליטיקעס, דרשות, האַמפּעריען דאָרט פֿאַר זייער קלויז, פֿאַר זייער אונטער־אויבען, און זייער באָד להבדיל. אַ יוד אין גלות, איז דער שטייגער זייערער געווען צו זאָגען, בּעדאַרף מוחל זיין אויף כבוד, נישט פֿאַרייסען די נאָז, נישט קוקען אַרויף; אַ יודען אין גלות בּעדאַרף זיין דער, קאָפּ אין דער ערד, ער איז מחויב איבֿערצוטראָגען אַלס־דינג, הערען, זעהן און שווייגען... אָט אַזוי האָט קאַבֿצאַנסק, זינט זי איז קאַבֿצאַנסק, געלעבֿט שעהן־פֿיין, שאַ־שטיל. וואָס גאָט האָט געגעבֿען, גוטס, שלעכטס, האָט זי מקבל־באהבה געווען, אַ פּאַטש אַפּילו, אַ שפּיי אין פּנים אויך אָנגענומען פֿאַר ליעבֿ, בּיי איהר איז עס געבֿליבֿען — שאַ! און פּלוצ־לונג איז קאַבֿצאַנסק אַרויס פֿון די כּלים, איבֿערגעבֿיטען איז זי געוואָרען. ווי שטיל דאָרט איז אַמאָל געווען, אַזוי רעש׳ט זיך, קאָכט זיך אין איהר היינט, עפּעס נאָר אַ פֿייער־שפּייענדיגער בּאַרג, בּעהיט זאָל מען ווערען — פֿייערט, שיסט, גיסט פּעך און שוועבֿעל, און דאָס געפּילדער איהרס צוטראָגט זיך העט וויים. גיכער וואָלט מען זיך געריכט אויף איהר אַ טוידט, אַ מיתה משונה די שונאים, איידער הערען פֿון איהר אַזוינע געוואַלדען, גאָר אַ שרעק.

און פֿון וואָס, וועט מען זיכער פֿרעגען, האָט אָט דאָס גאַנצע איבֿער־קעהרעניש זיך גענומען? — אוי, אַ געלעכטער צו זאָגען, אַ געלעכטער מיט

גרינע ווערעם! געגומען האָט זיך עס גאָר אין אָנהויב פון עפּעס אַ קליי־ניג־קייט, דערנאָך האָט זיך עס געקייטעלט איין מעשה אין דער אַנדערער, ביז ס'איז געוואָרען אַ גאַנצער באַרג, פון וואַנען ס'איז אַרויס דער גאַנצער גיהינום: לאַנגע צונגען פלאַם־פייערדיגע — קראַך־טראַך־טאַראַראַך, קולות ביז אין דעם זיבעטען הימעל! נישמעהר, וואָס איז דאָ זיך צו וואונדערען, אַז אינגאַנצען הייננט דער יוד אויף אַ האָר, שטעהט אויף משקולת, אַ מינדסט קלייניגקייט ווירקט אויף דעם גאַנצען גאַנג פונ'ם יודישען לעבען. דאָס יודיש מזל איז שוין אַזוי, משטיינס־געזאָגט. איבער אַ האָהן מיט אַ הוהן איז צעשטערט געוואָרען אַ שטאָדט טור־מלכא, און איבער אַ דעמבענע אַקס איז געוואָרען תל ביתר. אַזוי איז די יודענס אַלטע געשיכטע און אַזוי אויך די געשיכטע ווייטערע די נייע. פון אַ גאָרנישט ווערט אַ מוסקאַט־קול, פון שו־שו־שו יענעם אין די אויערען דונערט־בליצט, און עס גיסט זיך אויס אויף זיי די תוחכה.

אוי, איבער אַ שטאָט אין מזרח־וואַנד איז אין קאַבצאַנסק היינט אַ בייזע מהומה!

* *

*

נאָך העט־העט פון גאַנץ לאַנג, זינט עס האָט זיך אויסגעמויערט די קאַבצאַנסקער גרויסע קלויז ביז אין די שפּעטערדיגע צייטען, האָבען פאַרנו־מען דאָרט אַ שטאָט אין מזרח־וואַנד די לייבעליך. אַזוי האָט די גרעסטע, געהויבענסטע משפחה אין קאַבצאַנסק געהייסען אויף דעם נאָמען פונ'ם על־טער־זיידען — רב לייבעלי, זכרונו לברכה, דער נגיד, דער פרנס־חודש, דער פיינע־בריה אין דער גאַנצער קהלה, מיט וועלכען קאַבצאַנסק האָט זיך שטאַרק מיחס געווען. די דאָזיגע שטאָט איז איבערגעגאַנגען בירושה פון טאַטעס צו קינדער ביז אויף לעצט צו רב אליקום געצילען, עליו השלום, אויך אַ גרוי־סער פאַרנעהם, אַ תקיף, אַ כל־ולך אין הויף ביים דוקעס — דער פריץ פון קאַבצאַנסקער שליסעל און נאָך אַנדערע גרויסע מאַיאָנטקעס. רב אליקום גע־ציל האָט געהאַלטען קאַבצאַנסק פונ'ם דוקעס בארענדע, און איז נתעשר גע־וואָרען. מען האָט איהם געשאַצט אַוודאי אין אַ דריי־פיער זעקליך, חוץ זיין נחלה — אַ שאַרפע פריצעשע איינפאָרהויז מיט בעל־הבת'ישקייט און אַ בוי־דעם מיט היי, וואָס אינאיינעם האָט עס בסך הכל געמענט בעטרעפען אויף טרפות שיינע־גראָבע עטליכע הונדערט קערבליך. יאָ, יאָ ס'איז אַ סברא, אַז נאָך אפשר מיט אַ שמיצעל אַריבער! זיין רייכקייט, זיין גרויסקייט איז געווען נאָר שלא כדרך הטבע. היינו, וואָס הייסט גרויסקייט? — גרויסקייט הייסט

נישט דאָס אַליין נאָר, וואָס יודישע קינדער אין שטעדטיל האָבען פאַר איהם געהאַט דאָס ניין-יעהריגע קדחת, דרך-ארץ הייסט עס, נאָר געקוואָלען אָנקוק־קענדיג זיין ליכטיג פנים, משונה הנאה געהאַט פון זיין ווילד ברייטקייט. ווי ער זיצט זיך אַ שטייגער אויף זיין שטאָט ברייטליך, די גרויז-גרויע באָרד, צעפלאָסען, דער טלית מיט איין עטרה פון פליטערליך איבער'ן קאָפּ און שאָקעלט זיך אַ געוואלד; ניין דאָס איז נאָך גאָרנישט, פון יודענס דרך-ארץ האָבען איז אַמאָל גאָרנישט געדרונגען. אלא וואָס דען, אפילו גוים, להבדיל, זענען פאַר איהם די כפרה געווען, נישט אַנדערש איהם גערופען ווי „נאַש אַלאַקום" (געציל איז זיי שווער געווען אויסצורייידען). דער עקאָנאָם פונ'ם הויף און אַמאָל טאַקי אויך דעם דוקעס קאָמערדינער אין עפּעס אַ מין טיזליק מיט טרעסטען און מעשענע קנעפּליך, פלעגען קומען שבת, יום-טוב עסען ביי איהם פיש. פאַר פסח פלעגט ער פונ'ם הויף בעקומען ווייץ אויף מצה און אַ פּאָר אינדיקעס, אַזוי איז שוין עס געשטעלט געווען. ביים אויס־געבען די מיזינקע זיינע, איז זי, די כלה הייסט עס, אויף מאָרגען נאָך דער חופה, געגאַנגען מיט די מחותנים און מיט די כלי-זמר צום דוקעס אין הויף. זי אַליין מיט איהרע כשר'ע הענד האָט צוגעטראָגען דעם דוקעס אַ טאַץ מיט לעקיך און אייגעמאַכטס, מיט סטרודעל און מלכות-ברויטליך. דער דוקעס האָט עס מיט אַ משונה-זיס שמייכעלע צוגענומען, אַנידערגעלעגט אויפ'ן טאַץ אַ רויט-גילדענעם רענדיל, דרשה-געשאַנק הייסט עס, עפּעס געבעבעט, אָנגעבעבעט אַ פולע קאָפּ. אויסגעמישט קאַשע מיט מאָהן, אַלץ: חתע, חתע, פּאה'קעלע, ציצעלע, חוסיד, תלמוד, לאַפּסערדאַקלע, דער רוח ווייסט, וואָס ער האָט געמיינט, אַזאַ מין מזל-טוב ביי זיי איז עס אַפנים. דערנאָך האָט ער, אָננעהמענדיג זי, די כלה הייסט עס, ביים בעקעלע, אַ גלעט געטאָהן, איין מאָל און געזאָגט: פּיענקנאַ דיוואטשאַטקאַ! נאָך אַמאָל אַ גלעט, אַ קניפּ אין בעקעלע, און צו רב אליקום-געציל'ן שוין שמייכעלדיג געזאָגט: האַרנאַ או טעבי, לאַקום, צורקאַ! — אָט וואָס הייסט כבוד, אָט וואָס הייסט גרויס־קייט!...

נאָר געה טהו עפּעס דעם רבונו-של-עולם, אַז ער זיצט אויבען און דרעהט דאָס רעדעל, טאַקי ווי אין דעם „ונתנה תוקף" דאָרט: מי ירום ומי ישפל — ווער אַרויף און ווער אַראָב. בעדאַרף זיך אין אַ צייט אַרום איבער־דרעהען דאָס רעדיל, און רב אליקים געציל פאַלט אַראָב, בלייבט אַ קבצן הייסט עס. יאָ, אַ קבצן וואָלט נאָך געווען נישקשה, נימער ערגער, וקבצנו ביחד, גלייך מיט אַלע קאַבצאַנסקער יודען, מיר נישט, דיר נישט, ווי זאָגט מען עפּעס — עט, פונדעסטוועגען לעבט מען דאָך, ברוך השם, אַביסעל נישט דערעסען, נישט דערטרונקען, מילאַ וואָס? בע!... נישט פערזונדיגען.

מען שטערבט אָב דאָס לעבען און מען שטאַרבט גלייך מיט לייטען. ניין, נישט אַ קבצן בפשטות איז ער געבליבען, נאָר אַ קבצן מיט מכות, מיט חובות. איינענטליך איז ער נישט געבליבען, וואָרום ער איז גאָר לכתחילה נישט געווען קיין עושר, ווי מען האָט געמיינט. גלאַט, קאַבצאַנסק האָט איהם איינגעווינט פאַר אַ נגיד, געהייבען אויף דרוזקעס, האָט ער, ווי דער שטיינער איז, זיך געמוזט האַלטען. קאַבצאַנסק האָט געלוינט מאַכען איהם בײַ זיך פאַר אַ גביר כדי צו נעהמען בײַ איהם נדבות, און ער נעביך, אַז אָך און וועה צו איהם, האָט געמוזט געבען. עס טרעפט זיך אַמאָל צווישען יודען אַזוינע זאַכען. דער סוף איז געווען ווי געוועהנטליך — יבש! במזומנים נישטאָ קיין גראָשען, איינגעטונקט אין חובות, פאַר דער אַרענדע אַ צייט־לאַנג ניט גע־צאָהלט קיין ראַטע, פאַר בראַנפען דעם פריץ קומט אויך. הכלל, עס קומט, קומט, מען מאָהנט, מען פאָדערט, און דער ענטפער זיינער איז, ווי עס הייסט געוועהנליך בײַ סוחרים — קוממיות! רב אליקום געציל מיט זיין גוט האַרץ האָט עס נישט געקענט איבערטראָגען, זיך פאַרעסען און געשטאָרבען. דער פריץ האָט פאַר די חובות צוגענומען זיין הויז, געליינט אַיין אַרעסט אויף די חפצים, אויך אויף דער שטאָט זיינער אין מזרח־וואַנד. דאָס הויזגעזינד רב אליקום־געציל'ס האָט זיך צושלעפט, דער אַהין, דער אַהער — אוים לײַ־בעליך!

די שטאָט שטעהט ליידיג, נישט בעזעצט, זעהט אוים ווי אַ וויסטע אַלמנה. ליב איז זי איטליכען טאַקי, ליב און טהייער, צום האַרצען; נאָר וואָס טהוט מען אָבער מיט דעם פריץ? ער איז, ווי איטליכער מאַגנאַט, אַ שטיקעל קאַפריז, ווי איטליכער שררה אַביסעל משוגע — עס ווילט זיך איהם זיין אַ בעל־הבית פון אַ שטאָט אין אַ יודישען מקום־קדוש! — אוי, ווי שטאַרק וועה עס טהוט דאָס יודישע האַרץ זעהענדיג, אַז יענעם אָרט, וואו עס זיינען געזעסען פריהער אַזוינע לײַבעליך, אַזאַ רב אליקום געציל, וואָס ממש די שכינה האָט אויף איהם גערוהט, געהער אַצינד דעם פריץ! אז אַ פריץ מישט זיך אַמאָל אַריין, ווען עס קומט איהם אָן דער שגעון, אין אתה־הראתה, אין הקפות און בײַם אויסוועהלען גבאים. אַ וועהטיג איז דאָס אודאי אַ גרויסער, נאָר בעפרייען זיך פון אַזאַ גלות, אויסלייזען פון פרעמדע הענד די שטאָט צו־גלייך מיט דעם מקום קדוש, דערצו האָט זיך געפיהלט דער קאַבצאַנסקער עולם צו שוואַך, צו אָרעם און פאַרלוירען כמעט די האָפנונג.

צוויי פאַרשוינען נאָר, ווי עס האָט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, האָבען גע־האַט אַיין אויג אויף דער שטאָט, קומען צו איהר, איטליכער אויף זיין דרך — איינער איז רב שמעלקי, דער אַנדערער — חייקיל חיים — צוויי נישט קיין

גלייכע מענשען, איינער מיט דעם אַנדערען קידער־ווידער ווי צוויי קעטץ אין איין זאַק.

רב שמעלקי געהער צו דעם סאָרט נפשות, אויף וועלכע עס שיקט זיך צו זאָגען, אַז זיי זענען צווישען אונז מענשען דאָס איינענע, וואָס אוגערקעס אַ שטיינער צווישען דעם גאָרטענוואַרג. עס טהוט זיך אַ וויז פריהמאָרגענס אין גאָרטען דאָרט, וואו נעכטען האָט מען גאָרנישט בעמערקט, אַ גרויסע גרינע אוגערקע, עפּעס פּלוצלים, גאָר אומגעריכט. אוגערקעס, אַזוי הייסט עס, וואַקסען ביי נאַכט, אַז עס זעהט נישט קיין אויג — און אַזוי אויך די פיינע בריות. איינער עפּעס אַ יודעל, אַ שמעלקי פונ'ם געמיינעם קאַב־צאַנסקען עולם, ווער האָט איהם געהערט, ווער האָט איהם געוואוסט, איז פּלוצלים פון דער ערד אַרויסגעקראָכען — און מזל טוב דיר, קאַבצאַנסק, מיט דיין אוגערקע, מיט אַ ניי־אויסגעוואַקסענעם רב שמעלקי! מאַך שהחיינו.

רב שמעלקי — ער האַלט עס היינט די קאַבצאַנסקער אַרענדע, איז אַ פאַקטאָר אין הויף, אַ מאַכער אין שטאָדט און שטאַרק געהייבען.

דאָס חשיבות פון רב שמעלקין איז, וואָס ווי שטומפּיקליך ער איז אויף דער עברי, נישט אַזאַ געלערענטער, אַזוי אַ שאַרפער אַ גרויסער פרומאַק איז ער. אַזאַ מאַמין ווי ער איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט זיין גלייכען. ער גלויבט אין אַלסדינג, וואָס נישט פאַר זיין שכל. — גלויבט אין גאָט און אויך אין רוחות, גלויבט אין חלומות, אין ניסים, אין כשוף און אָב־שפרעכענישען. אויך די מעלה מוז מען איהם נאָכזאָגען, אַז ווי גרויס ער האַלט זיך פאַר קליינע, אַזוי קליין האַלט ער זיך פאַר גרויסע; ווי שטאַרק ער שטעהט פאַר אַ פּיטצעל כבוד דאָ אין שטעדטיל, אַזוי איז ער מוחל אויף זיין כבוד דאָרט אין הויף, אַ שטיינער, לאָז מען זיך שפּעטען פון איהם ווי־פיעל דאָס האַרץ גלוסט, מאַכט איהם נישט אויס, און ווי אַ בריה ער איז צווישען דאָס זייניגע מיט דער צונג, אַזוי נעהמט איהם דאָס לשון, ציטערט פאַר דעם פּריץ'ס אַ בליק.

רב שמעלקי, אַ שטיינער, האָט, זינט ער איז אַ רב שמעלקי, שטאַרק חשק צו די לייבעליכעס שטאָט, ווייסענדיג ביי זיך זעהר גוט, אַז דורך דעם וועט ער ווערען נעהויכט. ווי באַלד ער בעזיצט די שטאָט אין מזרח, האַרט נע־בען ארון־קודש קרוינט ער זיך שוין מיט אַ פיינזילבערנער עטרה אויפ'ן טלית, בעקומט ער שוין מיט רעכט, לכל־הדעות, די בעסטע עליה, ששי, און צו־גלייך דערמיט דעם טיטעל מורנו — אַזעלכע זאַכען, וואָס קיין בעסערס, קיין העכערעס דערפון איז ביי יודען מעהר נישטאָ. נאָר בעטראַכטענדיג זיך, אַז דער בעל־הבית פון דער שטאָט איז דער פּריץ, איז איהם באַלד טאַקי פאַר־

נאַגנעז דער חשק און האָט אַראָבגעלאָזט די נאָז. אין דעם עולם׳ס אַ שמועס אַמאָל: „געוואַלד, רב שמעלקי! ווען וועט שוין אונזער מקום קדוש אַרויס פון גוי׳עשע הענד“? פלעגט רב שמעלקי מיט אַ פרום־זיפצעלע ענטפערען: וואָס קענען מיר טאָהן? וואַרט, ברידערליך, ביז השם־יתברך וועט רחמנות האָבען, טהאָן אַ נס, חאַפּט זיך נאָר נישט פאַר דער צייט...

יאָ, רב שמעלקי איז אַיין אונגערקע. אַזעלכע, וואָס וואַקסט אויס סוף זומער, בשעת אויף גאָטס וועלטיל רוקט זיך אָן דער גלות פונ׳ם ווינטער, זי איז געל, קרום, געבויגען נישט ווי אַיין אונגערקע בעדאַרף זיין, האַרט, ביטער אויסגעטריקענט אָהן אַ קאַפּעלע זאַפט!...

אַקעגען אַזאַ געלער, פוילער אונגערקע, ווי רב שמעלקי, איז אַ שעהן־פריש קאַרפירער אתרוג׳ל חייקיל־חיים פון דער נייער שטאָדט — אַזוי הייסט יענער קליינער טהיל קאַבצאַנסק, וואָס אויף יענער זייט בריקעל. וואו די לופט איז אַביסעל פרייער, די איינוואָהנער דאָרט אַביסעל נישט אַזוי... ביי זיי, הייסט עס, איז אויך רעכט אַביסעל עולם הזה. אַלט־קאַבצאַנסק קוקט אויף זיי פאַרדרעהענדיג אַביסעל די נאָז, עפּעס דאַכט זיך איהר, ס׳איז אַביסעל גראָבליך... דאַכט זיך דאָס... יודישליך און פאָרט עפּעס נישט דאָס... דאָס שיינדיל פון דער נייער שטאָדט, אָדער ווי זי הייסט ניי־קאַבצאַנסק, איז געווען חייקיל־חיים. דאָרט איז ער געבוירען געוואָרען ביי זיין טאַטען, עליו השלום, וואָס איז געווען אַ יוסטער בעל־הבית, אַ קרוב מיט די לייבעליך. דאָרט איז ער אויסגעוואַקסען, חתונה געהאַט און געוואוינט ביז דער איצטיגער צייט. ער בעדאַרף אַלט זיין היינט אַקעגען אַ פערציג יאָהר. אַ מושלם איז חייקיל־חיים. טאַקי ווי מען זאָגט מיט אַלע מעלות. וואָס ווילט איהר קען ער ניט? ווילט איהר לערנען, איז ער געלערענט; ווילט איהר לשון, איז לשון, אָבער אַזוי מליצה׳דיג, טיף, ווי הייסט עס עפּעס היינט, פּסיכאָלאָגיע; טיף מיט אַלע קונצען אין דער נשמה אַריין. ווילט איהר פּאָליטיקע, איז פּאָליטיקע, און ווילט איהר אפשר חקירה, איז אויך חקירה. הכלל, ער איז אַ בעל־מוח, אַ מושלם! פונדעסטוועגען האָט אַלט־קאַבצאַנסק איהם דאָס מוחל געווען און שטאַרק געהאַלטען פון איהם פאַר זיין נוט הארץ, פאַר זיין שעהנער בענעהמונג און צוגעלאָזטקייט צום קלענסטען אַפילו. בעזאָנדערס האָט איהם אַלט־קאַבצאַנסק ליעב געקריגען זינט ער האָט זיך צו איהר איבערגעקליבען, פונ׳ם נייעם בית־מדרש דאָרט זיך איבערגעטראָגען צו איהר אין דעם אַלטען. פאַר וואָס ער האָט זיך איבערגעקליבען? דערויף איז דאָ אַ סך סברות, נאָר וואָס מאַכט עס אויס, צום עסק געהער זיך

עס כלל נישט אָן, ער האָט ליב אַלט־קאָבצאַנסק, אַלט־קאָבצאַנסק האָט ליב איהם — און, ווי אַ ליטוואַק זאָגט, פּטור!

די קלויז האָט אויפגענומען חייקיל־חיים'ן בּיי זיך אונטער־אויבען. די אַלע אַנדערע געהייבענע שטעט דאָרט זענען נישט געשטאַנען ליידיג. נאָר דער אונטער־אויבען איז אויך נישקשה. ער האָט זיך עפּעס זיין בּעזונדער מין חן, ציהעט צו זיך־צו נאָר טאַקי ווי אַ מאַגנעט. דאָרט איז געוועהנטליך אַ מקום־מנוחה פאַר איידעלע מענשען פונ'ם בּעל־הבּת'ישען שטאַנד, וואָס האָבען ליב זיך צו וואַרמען, אַריינקוקען אין אַ ספר, ניט אין דער גמרא דאָרט, וואו מען בּעדאַרף צולייגען מוח, נאָר אין אַגדתות, אין מדרש, וואו עס ווערט דערצעהלט וואונדערליכע זאַכען, חידושים ונפלאות. פון וועלכע עס ווערט עפּעס וואַרעם, גרינג אויף דער נשמה. דאָרט אונטער־אויבען הייסט עס, רעדט זיך עפּעס געשמאַק, מיט אַפּעטיט; עס פיהלט זיך אין איטליכען שמועס, אין יענעמס אַ וואָרט עפּעס נאָר אַ בּעזונדער מין טעם. חייקיל־חיים מיט זיין געשליפען צינגעל, מיט זיין בּריה'שקייט איז פאַר זיי געוועזען סחורה, ווי געווינשען. פון איהם פלעגען זיי הערען אַמאָל אַ פרישׁ וואָרט, אַזוינס פון וואָס פריהער האָט זיך זיי אַפילו נישט געחלומט. ער האָט מיט זיינע מעשיות זיי איינגענעבען שכל, צוגעגעבען מוטה, אַריינגעזעצט אין זיי פשוט אַ נייע נשמה. די רעדליך מענשען אַרום איהם האָבען פון טאָג צו טאָג געוואַקסען, מען האָט זיך מחיה געוועזען הערענדיג עפּעס אַ גוט וואָרט. נישט אומזיסט האָט ער געהייסען מכלכל חיים, ער האָט אַריינגעטראָגען אין דעם אַלט־קאָבצאַנסקער עולם אַ נייע וועלט מיט אַ ניי לעבען. בּידנע, דערשלאָגענע קאָבצאַנסקער בּרידערליך, זיי האָבען נעבּיך ערשט דערפיהלט, אַז זיי זענען אויך מענשען, אַז זייער נשמה איז אויך נישט פון קליאַטשע!

און מיט אַזעלכע מענשליכע געפיהלען ווי שטאַרק בּיטער זיי האָט גע־מוזט זיין, אפשר הונדערט מאָל נאָך ערגער ווי פריהער, צוזעהענדיג, אַז דאָס שטיקעל מקום קדוש, דער איינציגער טרייסט זייערער אין לעבּען, דאָס איינציגע אָרט, זייער היים. זייער אַלץ־מיט־אַנאַנדער, וואו אויסצוווייינען זיך אַמאָל, וואו אויסצוגיסען זייער האַרץ פאַר דעם פאָטער אין הימעל — אַז דאָס דאָזיגע מקום קדוש, דאָס חיות זייערע, איז אַצינד אין די הענד בּיים פריץ, וואָס מאַכט זיך דאַרויף אַ שפּיל, אַ געשפּעט, טהוט דאָרט וואָס ער וויל, ווי עס קומט איהם אָהן דער שגעון, ער איז דאָרט, אַז אָך און וועה, דער בּעל־הבּית, און זיי עפּעס טאַקי נאָר ווי איינגעבעטענע געסט — אַ גלות, וואָס איז שווער צו דערליידען!

בּיי אַנדערע וועט די גאַנצע דאָזיגע זאַך, זיין אפשר אַ געלעכטער, נאָ־

רעשקייטען, פון וואָס משטיינס-געזאָגט, מען האָט דאָ צו ריידען! נאָר לאָזען יענע איבערקומען אויפן קאַבצאַנסקער עולם׳ס שטאַנד, וויסען וואָס הייסט אַזוינס עלענד, נויט, אָבהייננגען אינגאַנצען פון אַ פריץ, אַ קאַפּריז; וויסען וואָס פאַר אַזעלכע נעבּיך הייסט אַזוינס אַ מקום-קדוש, — אוי, וואָלטען זיי דענסטמאָל געפיהלט, געזעהן, נישקשה, אַנדערע ווערטער!

חייקיל-חיים האָט גוט געפיהלט די מיאוסע קאַבצאַנסקער לאַגע, ער אַליין איז דאָך, אין גרונד גענומען, אויך אַ קאַבצאַנסקער, און ליגט מיט זיי אינאיינעם, ווי מען זאָגט, אין קוואַס. ס׳איז איהם געווען אַ בושה, אַ חרפה, אַ וועהטאָג, זיין אַזוי מיאוס דערנידעריגט, לאָזען זיך טרעטען ווי אַ וואָרעם אונטער די פיס, קריכען, זינגען דעם פריץ „מה-יפית" — ניין, אַזוינס איז נישט פאַר איהם! ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, נישט אַנדערש טאַקי ווי בעפרייען דאָס מקום-קדוש. לאָז מען חאָטש האָבען דאָ בּיי זיך אַ שטיקעל מנוחה, נישט צו זיין צו שאַנד און שפּאָט.

איינמאָל, חנוכה, ווען יודישע קינדער מ ע נ ש ל ע ן ז י ך, נעהמען זיך איבער מיט די גבורות און מלחמות פון זייערע גבורים פאַרצייטענס, זאָגען בּ ע ה א ר צ ט על-הנסים, שפּילען אין ד ר י י ד י ל, אין דער האָפנונג, אַז זיי וועלען נאָך, נישקשה, מיט דעם אויבערשטענס ניסים ד ר ע ה ע ן וועלטען — דענסטמאָל, אַז חייקיל-חיים האָט, אַריינגעלאָזען זיך אין אַ בּרייטליכען שמועס איבער חנוכּה, געגעבען דעם עולם צו פאַרשטעהן, אַז ניסים זענען זיך ניסים, פונדעסטוועגען טהאָן בעדאַרף אַ מענש טהאָן טאַקי זיינס, און ווען די חשמונאים זאָלען נישט געווען אָנהויבען די מלחמה מיט דעם שונא, וואָלט דער נס פון חנוכּה נישט געקענט זיין, איז ער אָט פונ׳ם דאָזיגען שמועס אַרויף אויף דעם קאַבצאַנסקען מקום-קדוש, וואָס איז אין פרעמדע הענד, און בעוועגט דעם עולם, פריווען זיך טהאָן וואָס נאָר מעגליך, אַז זיי זאָלען זיין די בעלי-בּתּים דאָרט. — איך פון מיין זייט, האָט ער געזאָגט, בּין גרייט צו טהאָן אַלסדינג, נישט שפּאָרען קיין מיה, קיין צייט, אַבי ווילט איהר נאָר, עס זאָל קיין מניעה נישט זיין פון געלד. די האָניג-זיסע ווערטער זיינע האָבען זיך איהם געגאָסען פונ׳ם מויל גלייך די קאַבצאַנסקער אין האַרץ אַריין. די זאַך איז אַריין אין טעם, וואָס ווייטער ווייטער זיך פאַרבּרייט, בּיז לסוף האָט געקלונגען מיט איהר גאַנץ קאַבצאַנסק.

רב שמעלקען איז די דאָזיגע זאַך געווען ווי אַ מעסער אין האַרץ, עס האָט איהם געשטאָכען בּיז אין דער זיבּענטער ריפּ. פאַר וואָס? ערשטענס, דערפאַר וואָס איטליכער גראָבער יונג, דערצו נאָך אַ פּרומאַק, האָט אַמת פיינט אַ מענשען אַיין איידעלען, אַ געלערענטען. דער גאַנצער מהוער דרינען

איז דאָך חייקיל-חיים, וועלכען ער קען נישט אָנקוקען. צווייטענס, דערפאַר וואָס חייקיל-חיים קען מיט דער צייט זיך דערשלאָגען צו די לייבעליכע שטאָט, און דעם כבוד האָבען ווילט זיך דאָך איהם אַליין. דריטענס, דערפאַר וואָס איז אַ מורא אײנצורייסען מיט דעם פריץ, ער קען ברוגז ווערען און דורכדעם זאָל עס איהם חלילה שאַדען צום עסק, צו דער אַרענדע. און פער־מענס איז גאָר פשוט, דערפאַר וואָס אַ רב שמעלקי מוז זיין תמיד דאַווידער, וויל יענער אַזוי, וויל ער דוקא פאַרקעהרט; זאָגט יענער „יעהופעץ" זאָגט ער אויף-צו להכעיס „בויבעריק"... פונדעסטוועגען האָט רב שמעלקי זיך דאַ־רויס כלומרשט גאַרנישט געמאַכט, אַלץ געזאָגט ווערטליך, געפרעגט קשיות מיט אַ שטעכעדיג שמייכעלע, אַ שטיינער אָט אַזוי:

— ווילט איהר, הייסט עס אַפנים, ווי פריהער פילייגעוען אין מקום־קדוש, פאַרגעסט-ושע נישט, מיינע ליעבע יודען, אַז די שטאָט דאַרט געהערט דאָך פאַרט דעם פריץ.

— מילא, וואָס ושע איז? — ענטפערט מען איהם פונ'ם עולם — דער פריץ האָט דאָך זי אין האַנד פאַר חובות, נו וועט מען זי אויסלייזען.

— און געלד, מיינע ליבע יודען? ווער וועט עס געבען געלד, אפשר אייער מכלכל חיים?

— נישקשה, רב שמעלקי! געלד וועט זיין, לאָז נאָר קאַבצאַנסק וועלען.

— קאַבצאַנסק! אַ געלעכטער חלעבען, זעהט איהר — אויף צו נעהמען, אָך, איז דאָ אין קאַבצאַנסק, אָהן עין-הרע, זעהר פיעל בעלנים! נאָר לאָז זיין אפילו אַזוי — אויסלייזען, געלד איז דאָ, וועט דען, פרעג איך אייך, קאַב־צאַנסק אַ סך דערפון אַרויסקומען? גאַנץ קאַבצאַנסק אין מזרח-וואַנד וועט דאָך נישט אַרויפקריכען, הייגט צו וואָס, נאָך אַמאָל פרעג איך אייך, זאָל...

— שאַ, לאָזט זיך דינען, רב שמעלקי! פאַלט איהם אַריין אין די רייד איינער פונ'ם עולם; דאָ געהט נישט מעהר, פאַרשטעהט איהר, ווי אין דעם פינטעלע, אין דעם י ו ד י ש ע ן  פ י נ ט ע ל ע. יודישט מען די שטאָט, דאָס הייסט זיצט ווידער אויף איהר אַ יוד, געווינט דורך דעם גאַנץ קאַב־צאַנסק זעהר פיעל. זי ווייס דענסטמאָל, אַז זי האָט אַ מקום-קדוש, און דאָס אַליין וועט איהר צוגעבען אַ שטיק געזונד, פרישע קרעפטען און שטאַרקען דעם גייסט. חי וועט הייסען געלעבט!

— פ ש ש ש! מאַכט רב שמעלקי, פאַרקרימענדיג זיך מיט אַ זויערע מינע, אוי, וועט זיין חי געלעבט, אוי, וועט מען וויסען וואָס הייסט אַזוינס דער'רגזנ'ען אַ פריץ!

מעהר האָט רב שמעלקי נישט געזאָגט; ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען שפּעטער, האָט ער מעהר טאַקי געטהאָן ווי גערעדט.

אַי, האָט זיך עס פון יענער צייט אָנגעהויבען טהאָן, טהאָן!...

זומער איינמאָל אין דער פריה, אַז דער קאַבּצאַנסקער עולם איז מיט די טלית-און-תּפילין-זעק געגאַנגען פריי צושפּילעט, די הערצער אָפען אַקעגען דער זון, משונה הנאה האָבּענדיג, ווי זי בּאַקט, וואַרעמט גאָר מחיה; געזועהען פאַר זיך גאַנץ שעהן וועלטיל: בּוימער, גרינס, געוועקס, אָבּשאַצענדיג בּיי זיך אין געלד די סחורה, דאָס גערעטעניש, הייסט עס, אין גאָרטענוואַרג: ציבּעלעס, רעטיך, קאַרטאָפּעל, וואָס וועט, געלויבּט דער אויבּערשטער, זיין היינטיגס יאָהר, — מיט אַ-מאָל הייבּען זיך אויף פון עק פון גאַס זיילען שטויב, עס לאָזט זיך הערען אַ רעש, אַ געפּילדער: מע, מו, מע-ע! ערשט וואָס? דאָס מעקעט-מוקעט, לויפט הונגעריג, פערשמאַכט די טשערדע בּהמות צוריק פונ'ם פעלד, גאָר פּלוצלים, נישט אין דער געוועהנליכער צייט. עס ווערט אַ ליאַרעם, אַ געשריי, אַ בּייז וואונדער: האַ, וואָס איז? און דער עולם בּעקוממט בּאַלד טאַקי די פינסטערע בּשורה: אוי וועה! דער פריץ וויל מעהר נישט לאָזען פיטערען זיך בּיי איהם אויפ'ן פעלד די יודישע בּהמות ווי פריהער.

שלעכט, גאָר נים קיין גוטער משא-ומתן!... לויפט מען דאָך מסתמא אין הויף צום אָדון הגדול, וויינען, בּעטען. איז אָבּער צום פריץ נישט צו צוטרעטען, מען לאָזט נישט אויף דער שוועל. פאַלט מען אַריין מיט אַ געבּעט צום עקאָנאָם: טאַטעניו, האַ־צדיגער, העלף! זאָגט ער: יודעליך-יודלאַקעסליך, ניין! — שרייט מען: אוי, נשמה'ניו, ליובּעניו, פאַר וואָס? — ענטפערט ער: דער פריץ איז בּייז. איהר יודעליך-חאַלאַמייעליך, האָט ער געהערט, ווילט איהם פאַרטרייבּען פון דער שטאָט. — איז מען, ווי דער שטיינער איז, איהם מטמא, אַריינשטעקענדיג איהם אין דער האַנד אַ מטבּע. — נאַ, טאַטעניו, נשמה'ניו, נעהם! ער זאָל חאַטש בּגנבה לאָזען יודישע בּהמות זיך פיטערען ערגעץ-וואו און אַוועקוקען, צומאַכען די אויגען. די מטבּע נעהמט ער — ער איז בּטבע נישט קיין שלעכטער מענש — און בּאַלד טאַקי בּעט ער ווייטער. — הכּלל, ס'איז געמאַטערט, עס קוממט אָן, שונא ציון, מיט ווערעם.

און געשטעקט אין דערמיטען, ווי מען איז זיך דערגאַנגען, האָט רב שמעלקי, דאָס איז געווען זיין מלאכה.

אָט דענסטמאָל, איז אַרויס דאָס פייער — אַ כּעס, אַ צאַרען, אַ מחלוקת, און קאַבּצאַנסק ווערט צוטהיילט אין צוויי מחנות, אויף מעסער-שטעך איינע מיט די אַנדערע.

די פֿון חייקיל-חיים'ס חברה-לייט, אָדער ווי זיי הייסען דאָרט מכלכּל-חיים'ניקעס, שווייגען נישט אין זייער זאַך: — זיי פֿייערען. יענע, פֿון רבֿ שמעלקעס לייט, שמעלקעניקעס, הייסט עס, בעלי-בתּים פּראַקטישע, וואָס די פּרנסה זייערע איז פֿון דער אַרענדע, שווייגען אויך נישט. — פֿייערען.

און צווישען די צוויי פֿייערען זענען צו ערשט געשטאַנען די קאַבצאַנסקער בהמות, און דערנאָך, — אַ ביטער רחמנות נעבּיך — די קאַבצאַנסקער כּלי-קודש.

מילא, בהמות זענען בהמות, קיה הייסט עס שטילע בּרואים מיט דרך-ארץ. פֿון זיי, אַז זיי האָבען אַמאָל געהונגערט, געהינעט אין דער היים, איז איז נאָך געווען צו דערליידען. ציגען אָבער, שקצים, ווייסע-חברה'ניקעס, אַז זיי געהען נישט אין חדר, אין פֿעלד הייסט עס, קעהרען זיי אַ וועלט און זענען פֿול אין אַלע ווינקעלעך. מען בעדאַרף וויסען, אַז אין קאַבצאַנסק איז דאָ אַ גרויסע עדה ציגען, ווי באַלד זיי איז נישט דערגאַנגען אַמאָל אין דער קישקע, האָבען זיי אָנגעטהאָן מעשים — געשפּרונגען אין די גערטנער, געקראָכען וואו מען בעדאַרף נישט, געחאַפּט אין מאַרק פֿון די מולטערס און אויפֿגעוויגעלט אַ קעגען זיך אַ שטאָדט מיט מענשען און מיט הינט, להבדיל. וואו ערגעץ אַ הונד האָט געפּעפֿענט אַ מויל, געבילט, געהאַווקעט, זיך געלאָזט הערען ווייט איבער די גאַסען. די שטאָדט איז געווען אויף, פּשוט נישט אויסצוהאַלטען. מען געהט אַרום דול אָהן קעפּ און מען איז גערען ווי מעגליך פֿון דער צרה פּטור צו ווערען. — אָט דאָ הויבט זיך אָן אַ מעשה מיט געלד, די אַלטע מעשה מיט צונויפֿנעהמען ביים עולם געלד! און מיט צונויפֿנעהמער האָט מען ברוך השם, קיין דאגה ניט, הלואי אַזוי פֿיעל געלד וויפֿיעל צונויפֿנעהמער עס זענען דאָ. די נעהמען צונויף געלד פֿאַר דעם עקאָנאָם מיט די בעדינטע אין הויף, לאָז מען חאָטש האָבען אַ חיי שעה, אַ רוהיגע מינוט פֿון די הונגעריגע בהמות; יענע נעהמען צונויף אויסקויף-געלד פֿאַר דעם פּריץ, און נאָך אַנדערע נעהמען צונויף גלאַט אַזוי געלד, אויף הוצאות, הייסט עס. יודען, זאָגט מען, גיט געלד! פֿון איטליכס בהמה אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל...

ערגער נאָך פֿון די בהמות איז געווען נעבּעך די כּלי-קודש: רבנים, חזנים, שמשים, שוחטים אַ שטייגער, זיי איז געווען ביטער און פֿינסטער פֿון אַלע זייטען. סיי-ווי-סיי, וואוהין זיי זאָלען זיך נישט קעהרען, ווענדען, וועט בּרענען אויף זיי אַ פֿייער פֿון דעם אָדער פֿון יענעם צד. בּיידע צדדים זענען צו להכעיס'ניקעס, טהוען אין דער גאַל אַריין איינער דעם אַנדערען. פֿאַר גרויס פֿאָרכט און איבערראַכטעניש האָבען זיי, די כּלי-קודש הייסט עס, ווי די

צודולטע זיך געחאַפּט, אַליין נישט רעכט צו וויסען אויף וואָס פיר אַ וועלט זיי זענען, און מקיים געווען אַלסדינג: אַ שמעק דאָ, אַ שמעק דאָרט, אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ דעם, אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ יענעם, אַ שפּרונג אַהין, אַ שפּרונג אַהער, און אַ שפּרונג־אָב צוריק — נישט אַהין און נישט אַהער. אַלסדינג האָבען זיי געטהאָן, זיך געשטרעקט, ווי מען זאָגט, אין אַלע עקען — און זענען נעבעך אומגעקומען, געוואָרען קדושים, אַ שיינע ריינע כפרה פאַר יודישע קינדער! עס רעש'ט זיך קאַבצאַנסק, און דאָס מחלוקת דאָרט וואַקסט, וואַקסט!

דען כפי ס'איז בעקאַנט, מאַכט זיך נישט אין דער וועלט קיין זאַך, וואָס זאָל נישט מיטבריינגען מיט זיך צוגלייך איהרע געוויסע בעשעפענישען און דינען זיי פאַר אַ מיטעל צום לעבען. אין אַ בלאָטע, אַ שטיינער, האַלטען זיך טייפעל; אין אַ קאַליזשע — זשאַבעס; וואו אומריינקייט־שווייבלען־גריבלען אַלערליי מיני שרצים, און וואו קריעג, מחלוקת — שפּראָצען, קומען אויף מענשליך אַזוינע, דער שוואַרץ יאָהר ווייסט ווער זיי זענען, וואָס ציהען דערפון די פרנסה בכבוד, זענען שטאַרק אין דער מאָדע און גילטען ביי אַלע נאַראָנים.

אָט אַזוינע מענשעליך, אַזעלכע מאָדנע נפשות עפּעס גאָר נייע מיני־כלי־קודש, זענען אַרויפגעשוואומען אויך דאָ, אין קאַבצאַנסק, בשעת דער מהומה, געוואָרען רעדעל־פיהרער און זיי האָט געטויגט צום עסק אונטערצובלאָזען דעם פייער, די שנאה זאָל וואַקסען. זייענדיג לפנים הייסע חסידים חייקיל־חיים'ס, האָבען זיי געמיינט ביי זיך, איהם צו פיהרען ביי דער נאָז, ער זאָל ביי זיי זיין ווי דער בער ביים ציגיינער, וואָס פיהרט זיך מיט איהם אַרום פון שטאָדט צו שטאָדט, שפּילען די קאָמעדיע, זינגען, טאַנצען — און מאַכען די קאָפּיקע.

— קומט, חברה — האָבען די מענשעליך געזאָגט — קומט, לאָמיר נעהמען קאַבצאַנסק אין אונזערע הענד אַריין!

קאַבצאַנסק האָט עס דערהערט, איז זי פאַרצאַפּעלט געוואָרען! עס האָט אין איהר געקאָכט און גערוישט ווי אין ים בשעת אַ שטורעמווינד. פון ביידע מחנות זענען אַרויס גבורים אויף אַ מלחמה איינע אַ קעגען די אַנדערע — און די ערשטע הייסע פייערדיגע פעטש זיינען געפלויגען אין קלויז איבער גבאות... פון דאָרט זענען זיי געפלויגען ווייטער ווייטער, אַ שרעק! אַ קאַטאָוועס עפּעס אַז יודישע קינדער צושפּילען זיך די געבליטען, דענסטמאָל הערט מען נישט אַ וועלט, לייגט מען נישט קיין כבוד יונגע אויף אַלטע,

קינדער אויף טאַטעס, איין עַם־האָרץ שעמט זיך נישט צו זאָגען אַ דעה אין לערנען!...

פעטש זענען געפלויגען און פליהען נאָך עד היום, — און די קאַבּ־צאַנסקער יודען, אַז אָך און וועה צו זיי, האָבען טאַקי נעבּיך אַ פּנים ווי די אויסגעפּאַטשטע!

די זאַך גופא, פון וועלכער די אַלע קריעג האָבען זיך גענומען, האָט שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט, גלאַט דאָס קריעגען זיך אַליין איז געווען אַ געשעפט, בּיי אַ.טהייל געהט עס איינגאַנצען נישט מעהר ווי אין נצחנות, עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל, אַבּי ווייזען יענע ווער עלטער ער איז. פון גע־רעכט נישט גערעכט, פון י ו ד י ש ק י י ט נ י ש ט י ו ד י ש ק י י ט, ק ע־נ ע ן נ י ש ט ק ע נ ע ן — איז דאָ ניט די ריידע, דער עיקר איז אויס־פיהרען. און ווידער בּיי אַ טהייל, בּיי יענע מענשליך, אַ שטייגער, געהט עס נישט מעהר ווי אין דער פרנסה, דערווייל איז עס דאָך איין עסק — הו־הא! אַ לויפעניש, אַ פליהעניש אַהין אַהער, אַ שרייבעניש. אַ שושקעניש, און דער־לייגען צום פאָלק ישראל נישקשה דערלייגט מען נישט, אָך. מען מעג איהם, אודאי, ליב האָבען...

די אַלטע כּלי־קודש זאָלען זיך מיהען, האָבען דאָך אויך ליב געהאַט דאָס פאָלק ישראל, געקרעכצט אויף גלות השכינה. נאָר די היינטיגע קאַבּ־צאַנסקער נייע כּלי־קודש האָבען איהם ליב און קרעכצען אויף גלות השכינה טע־טע־טע, גאָר אויף דער נייער מעטאָדע... היינטיגע זענען נישט קיין פאַרוויינטע נשמות ווי די אַלטע. היינטיגע זענען גרויסע בּעלי־בּטחון׳ס. אין האַרצען מעגען זיי זיך וויסען, אַז ס׳איז פּע, דאָך מאַכען זיי אַ פרעהליכע מינע, זענען תמיד אויפגערוימט מיט שיינענדיגע פנים׳לעך, פאַרזיכערען, אַז זייער צד איז געהויבען, עס ועט, אם־ירצה־השם, זיין רעכט — לאָזען, הייסט עס, די שמעלקעניקעס צופוקעט ווערען!

ס׳איז אַ פוקעניש, אַ צעזעטצעניש, בּיידע צדדים זענען אָנגעצונדען, לע־גען צו קנויטליך איינער דער אַנדערען, און קאַבּצאַנסק קאָכט.

אינמיטענדרינען, ווי דאָ טהוט זיך אַזוינס, העכערט דער פריץ דעם צינז פון די קאַבּצאַנסקער הייזער, אַ צעהן מאָל מעהר ווי פריהער. און לאָזט מודיע זיין די בּעלי־הבּתים מיט דעם הארבען וואָרט, אַז ער וועט איינגעבען פאַרמאַלנע וואו מען בּעדאַרף, אז מען זאָל יענע, וואָס ווילען ניט צאָהלען וויפיעל ער האָט געשטעלט, אַרויסטרייבען פון זייערע הייזער, וואָס שטעהען אויף זיין גרונט. עס ווערט אַ געריודער, אַ קאָכעניש אין דער גאַנצער שטאָדט: גוואַלד רבונו של עולם, ס׳איז דאָך נישט אויסצוהאַלטען, ס׳איז שוין

איבער די כחות! לויפט מען דאָך, ווי דער שטיינער איז, אין הויף, צום פּריץ. אַדוני פּריץ! שרייט מען, פאַלענדיג איהם צו די פיס: אָ, זאָל ברומען דיין רחמנות אויף אונז! — דער פּריץ אָבער ענטפערט נישט קיין וואָרט. ברומען ברומט אַפילו — נאָר דאָס ברומען הינט, דער פּריץ האָט אָנגערייצט אויף זיי זיינע הינט. חאַפּט מען די פיס אויף די פּלייצעס און מען אַנט־לויפט... אַז בקשות העלפען נישט, מאַכט מען זיך האַרץ שטעלען זיך דעם פּריץ אַקעגען. וואָס הייסט? טענה'ט מען, צינז איז צינז, איין מקח אויף תמיד. די הייזער זענען אונזערע, פון אָבות אבותינו. וויל ער נישט מיט גו־טען, מוז מען זיך מיט איהם לאָדען. אַדרבה, טאַקי איינגעבען. נישקשה, ס'איז דאָך דאָ עפּעס יושר, מענשליכקייט אויף דער וועלט!

האָט קאַבצאַנסק, ברוך־השם, אַ נייעם עסק! בעדאַרף מען דאָך שתדלנים. אָך, דאַרוף זענען דאָך עפּעס דאָ מענשליך, יענע בריה'ס־מענשליך! עס פּער־שטעהט זיך מען קלייבט זיי אויס צו שיקען אַהינצו, אין דער גובערניע. בע־דאַרף מען דאָך אויף הוצאות. אַ פאָהר אַהין אַ פאָהר צוריק, איין עס, אַ טרונק קאָסט דאָך געלד, און וואו זענען ווייבער? די ווייבער אין דער היים איבער־לאָזען בעדאַרף מען דאָך עפּעס אויך. — טרעסעלט מען אויס אַלע פושקעס. פון יענעם געלד, וואָס פון די בהמות, פאַרנעהמט מען אויך. קאַבצאַנסק ברייננט זיך אויס. קאַבצאַנסק טהוט זיך אַריין איינגאַנצען אין „זאַקאָנעס", קינד־און־קייט שאַרפען דעם מוח, טהוען־אויף סברות, ווי די געלערענטע אַד־וואָקאַטען. ס'איז דאָ צווישען זיי אויך, אָהן עין־הרע, פיעל גרויסע און קליינע יאַבעדניקעס. קאַבצאַנסק ליגט אין קאָפּ נישט מעהר ווי איהר משפט, עס קריכט איהר אַרויס די אויגען וואַרטענדיג דעם סוף. ברוך־השם, זיך דערלעבט. עס הויבט זיך אָן דאָס לאָדעניש — און מען פאַרשפּיעלט! — באשר וואָס איז? לערענט מען דאָרט דעם פּשט, צינז, אמת טאַקי, טאָר אַ פּריץ נישט, על פּי דין, העכערען. נאָר אַזוי ווי פּאַר עטליכע יאָהר צוריק האָט דער קאַבצאַנסקער דוקעס מוסיף געווען פאַר איטליכען בעל־הבית אין קאַבצאַנסק עטליכע קאָפּיקעס אויף דעם צינז, און קיינער האָט זיך נישט געמאַכט דאַרויס און בשעת צאָהלען נאָך צושריבען זיך ביי איהם אויף פּאַפּיר, הייסט דאָך עס שוין זינט דענסטמאָל, אַז זיי, די קאַבצאַנסקער בעלי־הבתים, זיטצען אויף דעם דוקעס ערד נישט בתורת צינז ווי פריהער, נאָר בתורת אַרענדע, און די אַרענדע האָט דער דוקעס רעכט, על־פּי־דין, צו העכערען ווען ער וויל און וויפיעל ער וויל. לא די וואָס פאַרשפּיעלט, בעדאַרף נאָך קאַבצאַנסק צאָהלען די הוצאות פונ'ם משפט, עפּעס גאָר אַ גרידע געלד!

אַט ווי קאַבצאַנסק איז פאַרקראָכען פון איין צרה אין דער אַנדערער,

און האָט זיך שטאַרק פערפלאָנטעט! נאָר ווי אָבער פלאָנטעט מען זיך דאָ אַרויס? אין איין אַנדער צייט, אַז קאַבצאַנסק זאָל געווען זיין אין דער קלעם, וואָלט זי נעבּיך טאַקי קיין עצה זיך נישט געקענט געבּען. משטיינס־געזאָגט ווער? היינט אָבער איז נישט דאָס קאַבצאַנסק וואָס פריהער. היינט איז דער עולם איהרער גאָר עפּעס אַנדערש. די שטענדיגע מהומות, וואָס אין דער לעצטער צייט, האָבּען איהם צוקאָכט דאָס בּלוט, צורייצט, אויפגעוועקט אין איהם דעם עזות־פּנים. אַ קאַבצאַנסקער יוד היינט איז פלאַם־פייער, שטאַרק אָנגעלאָדען, גאָר עפּעס אַ וואָרט נישט אַזוי ווי ער וויל, שיסט ער אויס מיט שאַרפע, שטעכעדיגע ווערטער, וואָס פליהען מיט אימפּעט איהם פונ׳ם מויל אויף שרויפען. די שטענדיגע עסקים, וואָס אין דער לעצטער צייט, האָבּען געמאַכט פון די קאַבּצאַנסער ווילדע חכמים, עצות־געבּער, דעות־זאָגער אין האַנדעל, אין לאָדעניש, אין בּאַנקירסקע און אַלע אַנדערע מיני געשעפטען, וואָס אין דער וועלט. דיפּלאָמאַטיע, פּאָליטיקע, אַ שטייגער, פּראָטאָקאָלען, אַפּעליאַצעס, וכדומה — דאָס זענען אַזעלכע זאַכען, וואָס יונגליך, קלויזניקעס, האַלטען עס שטענדיג אין מויל און זענען זיך דרינען מפלפל. מיט עצות האָט קאַבּצאַנסק, בּרוך־השם, שוין נישט געהאַט וואָס צו זאָרגען. דאָס אומגליק אָבער איז, וואָס צופיעל. אַ טהייל האָבּען געזאָגט מען זאָל אונטערשיקען צום פריץ איינעם פון זיינע מקורבים, בּעטען רחמים, שטיצענדיג זיך אויף דעם עולם׳ס אַ ווערטיל: אַז מען קען ניט אַריבּער, מוז מען אַרונטער. ווידער אַ טהייל האָבּען געזאָגט: יאָ און ניין! אונטערשיקען יאָ, טאַקי אונטערשיקען, נאָר בּעטען רחמים גלאַט פּראָסט, ניין! עס בּעדאַרף זיין מיט פּאָליטיקע — אַ שטייגער געבּען איהם אין שמועס אָנצוהערעניש מיט אַ פּרעג: וואָס פיר אַ ווערטה קען האָבּען זיין קאַבּצאַנסק אָהן קאַבּצאַנסקער למשל?... און נאָך אַ טהייל האָבּען געשריגען: עט! אויף רחמנות, אויף יושר איז לאַנג צו וואַרטען, אָנצוהערעניש איז גאָר נישט. דאָס בּעסטע מיטעל איז איין אַפּעליאַציע אַהין, אין די הויכע פענסטער. נישקשה, איין ערה מענשען, אַבּי זי וויל נאָר, וועט אויספיהרען... הכּלל, די אַזוי, יענע אַזוי, נישט קיין גלייכע דעות, און וויפיעל דעות אַזויפיעל צדדים. קאַבּצאַנסק פערקריכט ווייטער און פאַרפּלאָנטעט זיך נאָך מעהר!

גוט יום־טוב! — ס׳איז פּסח. נאָך אַזויפיעל קאָפּדראַרעניש, אַזויפיעל בּויכוועהטיג אַריינגעבּראַכט, געלויבּט איז גאָט, דעם טהייערען גאַסט, דעם פּסח! דער פּסח לאָזט זיך פיהלען אומעטום: אין שוהל, אין דער היים, אין דער לופט שמעקט מיט פּסח — מיט זיינע קניידלעך, זיינע חרעמזליך און זיינע אַלע גוטע זאַכען. ער קריכט אויך אַריין איטליכען, גרויס און קליין, אָרעם און רייך, טיף אינוועניג אין דער נשמה. עס ווערט עפּעס ליכטיג, פרעהליך

אויף דער נשמה, קאַבצאַנסק שײַנט! אָרעם נעביך, נישט אַזוי געקליידט, רייך מיט דער מאָדע, אַ ווייס העמד צום לייב מיט אַ אַלטער שבת'דיגער קאַפּאָטע די גאַנצע הלבשה — און שײַנט! עסט נישט קיין אינדיקעס, קיין קאמפּאָטען, טרינקט נישט טהייערע ווײַנען; עסט, פון יוצא־וועגען, אַ שטיקעל פלייש מיט פריש אָנגעריבענעם חריין, אַ פּאַסטערנאַק־צימעס; טרינקט לאַקריצע, ראָזינקעס וויין אַ גלעזעל — און בעלעקט זיך, האָט הנאָה! קוויקט זיך מיט „אתה בחרתנו", מיט די גוטע שטיקליך פּיוט, מיט דעם גאַנצען יום־טוב'דיגען דאַוונען — און מען זעהט ווי זי שעפּט תענוג, עס קומט איהר צו אַ שטיק געזונד, עס רוהט עפּעס אויף איהר די שכינה.

בירנע קאַבצאַנסק, פאַרוואָגעלטע קאַבצאַנסק, נאָך אַזויפיעל צרות אַ גאַנץ יאָהר האָב חאָטש יום־טוב אַ רוהיגע מינוט!

שביעי של פסח, אַ פרעהליכער טאָג. ווען די יודען זענען איבערגעגאַנגען דעם ים, און די מצרים די נאָכיאָגער זייערע, זענען דערטרונקען געוואָרען דאָרט; ווען קאַבצאַנסק איז געווען יום־טוב'דיג, פול מיט האָפנונג צו השם־יתברך, דעם בעשיטצער פון זיין געליבט פאָלק ישראל אין אַלע צייטען, פלוצים ווערט אַ רעש, אַ געוואַלד: מען געהט! — הע־הע, דעם פריץ'ס־לייט, גאַנצע חאָפּטעס, געהען מיט אַ פייפעריי, שווישטשעריי, שלאָגען־אויס פענסטער, ברעכען אויבענס, רייסען בעטגעוואַנד! וואס איז? דער פריץ הייסט טרייבען יודען גנבים, שווינדלער, בלוטזויגער, וואָס האָבען זיך פאַרקליבען צו איהם אין שכנות, אין זיינע הייזער, און ווילען נישט צאָהלען קיין ארענדע געלד. אצונד לעהרנען עס זיינע לייט מיט קאַבצאַנסק בלק!

ביז נאַכט האָבען די דאָזיגע רבי'ס מיט דער היינט־מאָדעשער מעטאָדע נעענדיגט פון בלק איין פרשה, איין גאַס הייסט עס, די טונעיאַדעווקער גאַס, לעת־עתה, וואו עס זיטצען די עכטע בלוטזויגער, די אמת'ע קאַבצאַנסקער קבצנים, און די איבעריגע אָבגעלייגט אויף שפּעטער אַביסעל. יודישע קינדער, נוט אָנגעלערענטע, וואַלגערען זיך נאַקעטע, הונגעריגע אין נעטץ, אין קעלט, אויף די גאַסען, אונטער דעם פרייעם הימעל.

אוי־ועה, שרייט קאַבצאַנסק, אַ דונער האָט מיך געטראָפען!

וואָס־זשע נעביך טהוען יודישע קינדער? וואַלגערען זיך דאָ אויף דער גאַס איז קיין תכלית נישט, שרייען איז אויך ניט קיין גוטער משא־ומתן, נעהמען יודעליך און ריהרען זיך פון אָרט: אַ טהייל שלעפּען זיך אַוועק ווייט אין עק וועלט און אַ טהייל שטופּען זיך אריין דערווייל אין ניי־קאַבצאַנסק,

מאַכען דאָרט אָן אַנ׳ענגשאַפּט און שטעהען די ניי־קאַבצאַנסקער אין דער
גרגרת. און דאָס פערשטעהט דאָך אַפילו אַ קינד אויך, אַז עס שטעלט זיך
נישט־דאָ־געראַכט, אַ ביין אין האַלז הוסט מען, קייכט מען מיט אַלע כּוחות,
פונ׳ם ביין ווי־ס׳איז פּטור צו ווערען, דעריבער האָבען די ניי־קאַבצאַנסקער
נעבּיך גאָר נישט ווילענדיג שטאַרק זיך צוהוסט, דאָס הייסט געאַרבּייט אויף
אַלע כּלים, ווי ליין צו ווערען פון אַזאַ אָנשיקעניש, פון אַזוינע כּפול־שמונה־
דיגע קבצנים. און געזוכט מיטעל, ווי צו שטילען דאָס פייער אין אַלט־קאַב־
צאַנסק. אַז זייערע ברידערליך דאָרט זאָלען מעהר נישט קומען צו אַזאַ
מיאוס׳ער לאַגע, זאָלען זיצען רוהיג ביי זיך אין דער היים און אויך זיי אויף־
ווייטער לאָזען צו רוה. ביים פּריץ זענען זיי געוועזען שטיקליך תּקיפים, קיין
כּבסוכים צווישען זיי מיט איהם איז קיינמאָהל נישט געוועזען, און אַרויסשטע־
לען זיך איהם אַקעגען פאַר דעם מקום קדוש מיט דער שטאָט דאָרט, האָ־
בען זיי אַפילו אין זינען נישט געהאַט... וויסענדיג זעהר גוט זיין קאַפּריז.
אַלסדינג איז ער גרייט אַמאָל נאָכצוגעבען, נאָר נישט אויף קיין האָר פון זיין
קאַפּריז. בכן קומען זיי צו חייקיל־חיים׳ן מיט אַזאַ פּלאַן:

הערט אוים, רב חייקיל־חיים! מיט קאַבצאַנסק שטעהט עס אַצונד
שמאָל. אַז אַך־און־וועה צו איהר צו וואָס זי איז געקומען פאַר איהרע זינד!
זי ברויכט באַלד טאַקי הילף. מיט אַ פּריץ מאַכט מען נישט מיט געוואַלד.
דער פּריץ איז אַ פּריץ און קאַבצאַנסק איז קאַבצאַנסק. מען בעדאַרף נאָכ־
געבען זיין שגעון. מיט דער צייט קען ער ווערען ווייך ווי אַ טייג,
חאָטש צולייגען איהם צו אַ געשוויר. נאָר אַצונד לאָזט איהם אָב, אָט דעם
קאַפּריז... קורץ גערעדט, רב חייקיל־חיים, מאַכט זיך נישט ווימענדיג אַצונד
פון דער שטאָט אין מזרח־וואַנד, איבער וועלכער עס האָט די גאַנצע קאַשע
זיך פערקאָכט. און כּדי פערבלענדען דעם דוקעס די אויגען, ער זאָל מיינען,
אַז איהר האָט זי שוין מעהר אין זינען נישט, נעהמט אָן, זייט אַזויפיעל גוט,
אָט די שטאָט, וועלכע מען לייגט אייך איצט פאָר, אויך טאַקי אין מזרח־
וואַנד, נאָר ערגיץ אַנדערש, ווייטער אַביסעל. אין פאָלעש פון דער אַלטער
שוהל געפינט זיך, ווייסט איהר דאָך, אַ פינסטער קעמעריל, אַ ליידיגס, וויל
מען, הייסט עס, דאָס קעמעריל גוט צורעכט מאַכען מיט אַיין אָרון קודש,
מיט אַלסדינג, ווי אַ שטיבעל בעדאַרף זיין, פאַר אייך מיט אַייערע לייט. וואו
איהר וועט זיין דערווייל, פערשטעהט איהר? די גאַנצע בעלי־בּתּים. — ווי
באַלד איהר טהוט עס, וועט געשטילט ווערען דעם פּריץ׳ס כּעס און ממילא
פאַרבעסערט ווערען די יודישע לאַגע... שונאים, ווי אַ רב שמעלקי, אַ
שטיינער, וועלען אויך פאַרשטומט ווערען, בלייבענדיג דאָ אַליין די איינ־
ציגע פיינע בריות, און אומגעשטערט פאַרנעהמען צו זיך די אַלע

כבודים, גבאות, עליות וכדומה — לאָזען זיי זיך דערמיט וואַרגען!

פון חייקיל־חיים׳ס וועגען און אַ טהייל פון זיינע לייט וואָלט די זאַך נאָך ניט קרום געווען. האַ, אפשר איז באמת טאַקי ד ע ר ו ו י י ל אַ סברא! פאַר וואָס ניט? נאָר פאַר נעוויסע מענשליך, כלי־קודש, איז דער דאָזיגער פּלאַן געווען אַ סם, סטייטש, אַז אוים מחלוקת, אוים פייער ווי־זשע וועלען זיי ברענען אַ וועלט? לאַ! האָבען זיי געשריען, אוים דער הויט געשפרונגען, און אויפגעריהרט גאַנץ קאַבצאַנסק.

און ווי האַלט עס אין קאַבצאַנסק אַצונד?

אוי, שלעכט, ס׳איז אַ מהומה, יודען שלעפּען זיך אַוועק מיט די טאָר־בעס אין דער וויטער וועלט — און ס׳איז אַ מעשה אָהן איין עק!...



# די ענטדעקונג פון וואָהלין.

## גענומען פון די חראַניקעס.

---

אין אַ יאָהר אַרום נאָך דער בּעוואוסטער שרפה האָט זיך אָנגעהויבּען אין דער ליטאָ, לויט ווי עס שטעהט אין די חראָניקעס, דער גרויסער הונגער, נישט היינט געדאַכט.

עד היום ליגט יענע שווערע בּיטערע צייט יודישע קינדער אין טעם. אַלטע לייט אַז זיי דערצעהלען היינט די שטאַרקע נויט, וועלכע מענשען נע־בּיך זענען דענסטמאָל בּשעת דעם הונגער אויסגעשטאַנען, שטעלט זיך פּשוט די האָר קאַפּויר הערענדיג. הונגעריגע, אָרעמענקע מענשען, אויסגעדאַרטע־אויסגעדייווערטע, הויט און בּיין מיט סמאַהע אויף די ליפּען, איינגעפאַלענע בּאַקען און משונה אויסגעשטעלטע גלעזערנע אויגען, האָבּען ווי די פאַרסאַמטע מייז אומעטום זיך אַרומגעבּלאָנקעט, קוים פלאָנטענדיג מיט די פיס, געזוכט, געניסטערט וואָס־ס'איז עפּעס עסענוואַרג, גאָר ניט איבּער צוקלייבּען, גראָז איז אויך סחורה, זיך ניט גע'מיאוס'ט אַפילו דערמיט, וואָס ליגט, פוילט אין דעם מיסט. הונגער דאָס איז איינס פון די ערגסטע אָנשיקענישען. דאָס איז אַ מין ליידען, ווי בּרענען פאַמעליכען אָהן איין אויפהער אויפ'ן שטיל פייעריל. מען קען זיך שוין פאָרשטעלען ווי גרויס דאָס עלענד איז געוועזען אין דעם ליטווישען שטעדטיל דלפוניוקע, וואָס איז אָנגעזועצט געדיכט מיט יודען, אָהן עין־הרע, מיינסטענס, ווי דער שטייגער איז, קבּצנים נעבּיך. נאָר אין די גוטע יאָהרען אַפילו האָבּען דלפוניוקער יודען זיך אויך נישט קיינ־מאָל זאַט אָנגעגעסען. אַ הערינג מיט אַבּיסעל ליאַק דערצו, איינצוטונקען דערינען אַ שטיקעל בּרויט — דאָס זענען צוויי שפּייזען אַזוינע, מיט וועלכע מען האָט געוועהנטליך זעהר שעהן יוצא געווען דעם מיטאָג, אַ קרופּניק — נעמליך: אַ מין געקעכטס פון וואַסער מיט אַבּיסעל גרויפּען, פאַרווייסט לפנים מיט אַ קאַפּעלע מילך, אָדער עטליכע געקאָכטע קאַרטאָפעל, אַזוינס האָט שוין געהייסען עפּעס נאָר עולם הזה, אַ סעודה ווי בּיי שלמה

המלך אין זיין צייט! אצונד איז זעהר גרינג זיך צו מאַכען אַ געדראַנג: ווען אין די גוטע יאָהרען אַזוי, וואָס־זשע האָט שוין געקענט זיין פאַר אַ מין עסען בשעת הונגער־צייט?! יאָ, דער דלפוניוזקער אָרעמער עולם איז טאַקי באמת, נישט נאָר ווי עס רעדט זיך, געשוואָלען געוואָרען פאַר הונגער, געשוואָלען וואָס געשוואָלען הייסט. אי, וואָס, ווי געשיקט זיך עס אַזוי צו לעבען? נאָ־רעשקייטען! אַ שאלה אַביסעל אויף יודען? ביי יודען איז מעגליך אַלסדינג, אַזאַ מין לעבען אויך. יודען האָבען אַ גאָט!...

צו דעם הונגער האָט זיך נאָך צוגעוואָרפען אַ מגפה, עפּעס אַ מין אונ־טערגאַנג, אַ היטציגע קראַנקהייט אַזוינע. מענשען זענען געפאַלען ווי די פליי־גען און קליינע קינדער זענען אַוועק פון סקאַרלאַטינע, נישט־דאָ־געדאַכט. אין דעם עולם איז געוואָרען אַ ליאַרם, אַ געשריי: חטאים! אַנדערש האָט זיך עס נישט געקענט לייגען טאַקי אויף דעם מוח, וואָרום פונוואַנען האָט זיך עס פלוצים גענומען אַזאַ קריינק אויף אַ כלל ישראל? ס'איז שייך צו זאָגען אַ קריינק דעם, יענעם, אָבער איטליכען, ווי געשיקט זיך עס? זאָגען ווידער, אַז געקומען איז עס דאַריבער, וואָס אין דער שטאָדט איז נישטאָ קיין דאָקטאָר דאָס איז אודאי קרום. וואָרום פאַר וואָס איז עס געקומען גראָד דענסט־מאָל — בשעת דעם הונגער און נישט פריהער? נישט אַנדערש טאַקי מוז מען זאָגען — חטאים!... מען איז גוזר תענית, מען פאַסט קליין און גרוים, מעוברת'ע אפילו אויך. פון תהלים איז קיין ריידע נישט, מען זאָגט תהלים פון פריה ביז פאַרנאַכט, מען מאַכט אסיפות, מען קלייבט אוים אַ קאָמיסיע יודען עפּעס צוזהאָן אָקעגען די חטאים, און צוליב די הוצאות דאַרויף הע־כערט מען אַ קאָפּיקע טאַקסע אויף דעם פונט פלייש. די קאָמיסיע געהט פון הויז צו הויז איבערצוקוקען די מזוזות, טאָמיר עפּעס גאָר נישט אַזוי מאַכט מען פסול; צו בעטראַכטען ווי שטעהען פון פאָרפאָלקען, פון שכנים אין איין צימער די בעטען, נישט צוזאָהענט אפשר איינע צו די אַנדערע חס־ושלום... הכלל די קאָמיסיע איז נישט פויל, מען קוקט, מען ריקט־איבער בעטען אהין, בעטען אהער אומזיסט אָבער די מיה — מען שטאַרבט! שווייגט מען דאָך מסתמא נישט און מען געברויכט נאָך מיטעל: ווייבער מעסטען פעלד, רייסען קברים, פאַלען אריין אין אָרון־קודש מיט אַ געשריי, אַ געוויין, מגידים דרשה'נען, שטראָפען דעם עולם: געוואַלד יודען שלאָגט זיך אָשמנו, טהוט תשובה, יודישע קינדער! עס העלפט נישט — מען שטאַרבט!...

ווי באַלד אַזוי, מוז מען דאָך שוין טאַקי איינווענדען אַלע כחות, פּרוּווען טאָהן דאָס לעצטע וואָס מען קען. העכערט מען נאָך אַ קאָפּיקע אויף דעם

פונם פלייש און מען אכטעט אָפּ אַהער אין שטעדטיל דעם בעריהמטען חאַנ־
דריקעווער רב. צו איהם זעצט מען צו דעם דלפוניווקער רב מיט די דיינים
און נאָך עטליכע שעהנע־כשר'ע יודען. מען לאָזט אויסרופען אין אַלע שוהלען
בחרם יהושע בן־נון, אַז ווער עס ווייסט עפּעס אַ חטא, ווי הייסט מען עס...
אויף וועמען ס'איז, זאָל קומען מודיע זיין דעם בית־דין צדק, וואָס זיצט אַלע
טאָג מכח די חטאים אין דעם קהל־שטיבעל. בית־דין שיקט רופען די טוקע־
רען, פאַרהערט זי אין ווייבערשע זאַכען, אין דינים פון מקוה און נעגעל־
שניידען. מען ציהט ביי דער צונג געניטע... אַלטע נבאי'טעס. צי ווייסען
זיי נישט אפשר עפּעס אויף דער, אויף יענער וואָס צו זאָגען. די שטאָדט
וויגט זיך, אַ קאָכעניש, אַ שושקעניש צווישען דעם עולם. עס טראָגט זיך אַרום
עפּעס אַ קלאַנג, אַ מומלען, טען טומעלט אויף איינעם עפּעס אַיין אַלמן און
אויף איינער, אַ חצופה, אַיין אשת־איש. עס קומט אָן ביז דער קאָמיסיע
פון די רבנים, גרויסע לייט, בערען! זי לאָזט רופען צו זיך יענעם,
זאָגט איהם מיט דעם האַרבען וואָרט: הולטיי, זיי זיך מודה!... זי איז איהם
מתרה: מען וועט דיר, פושע־ישראל, טאָהן דאָס און דאָס. אַז עס העלפט
נישט מיט בייזען פריווט מען זיך מיט גוטען, מען בעט זיך ווי פאַר אַ גזלן:
געוואַלד, האָב רחמנות אויפ'ן פאָלק ישראל, אויף אַיין עדה יודען! געוואַלד,
וואָס האָסט־דו צו קליינע אומשולדיגע קינדער נעביך? נאָר רייד צו דער
וואַנד — דער פושע ישראל איז זיך נישט מודה. טהוט מען זיך אַ נעהם צו
דער חצופה — הולטייקע, זיי זיך מודה! זי וויינט, חלשט, פאַרשטעהט
כלומר'שט נישט וואָס מען וויל פון איהר האָבען. ס'איז נאָר אַרויסגעוואָרפענע
רייד, זי, די קליפּה, איז זיך אויך נישט מודה. און דערווייל איז שלעכט —
מען שטאַרבט! דער צאָרען איז אַזוי וויים געגאַנגען ביז צום עק, עס האָט
שוין אָנגעריהרט העט־העט סאַמע אין דעם שפּיטץ. ס'איז פאַרשלאָפט געוואָ־
רען און געשטאָרבען איינער פון די לומדים אין קלויז. אַ יוד אַ זקן, אַ פרו־
מער, וואָס האָט געפּאַסט הפסקות, געדינט דעם בורא, אַוועקלייגענדיג פאַר
איהם ממש דאָס גאַנצע געזונד... אַי־אַי! האָט מען געשריגען, אַז אַזעלכער
שטאַרבט איז שוין טאַקי אוים וועלט, איז שוין קיינער ניט זיכער מיט דעם
לעבען. „אם לויתן בחכה הועלה, ווען אַזאַ שטאַרקער לויתן איז אויף דער
ווענטקע געחאַפּט געוואָרען, מה יעשו דגי הרקק, וואָס־זשע זאָלען שוין טאָהן
מיר שלאַפּענקע פישעליך אין דער בלאָטע?“ אַזוי האָט איהם מספיד געווען
דער שטאָדט־מגיד אויפ'ן שוהל־הויף צו דער לויה און דער עולם איז צוגאָ־
סען געוואָרען פון טרערען. דערנאָך האָט מען דעם מת אין קיטעל אריינגע־
שטעקט אַ קוויטעל — דאָס איז געווען אַ „פּראָשעניע“ צו גאָט, זעהר וואויל
אָנגעשריבען בישיבה של מטה, אין דער קאָמיסיע פונ'ם בית־דין, על דעת

הקהל, אין דעם נאָמען פונ׳ם גאַנצען שטעדטיל. „געה — האָט מען דעם מת געזאָגט — געה, זיי אונזער שליח. ווי באַלד דו וועסט קומען א ה י ן זאָלסט־דו עס איבערגעבען אונזער פאָטער אין הימעל, זיך מיהען דאָרט פאַר דעם כסא הכבוד, זיין אַ גוטער מליץ, ער זאָל זיך דערבאַרמען אויף אונז, יודישע קינדער, נישט זיין אַזוי שטאַרק אין כעס, ברוגז אויף אונז אַ שרעק, און זאָל זאָגען דעם מלאך־המות: גענוג, לייג דעם חלף צוריק אין שיידעל אַריין! ער זאָל אויך אָנשרייען אויף דעם שטן דאָרט און אויף די אַלע משטינים דאָ, אַז עס זאָל זיי פאַרשטאָפּט ווערען דאָס מויל, עס זאָל זיי... א. ז. ו. א. ז. ו.

פאַר יודען אַזוינע, וואָס גלויבען יענעם אויפ׳ן וואָרט, נישט אַריינלאָזען זיך חלילה אין ווייטע חקירות, טאָמיר איז־עס אַזוי, טאָמיר אַזוי, און טאָמיר איז גאָר די גאַנצע זאַך אַ ליגען — זיי וועט, גאַנץ געוויס גענוג זיין דאָס־ביסעל, וואָס איז געזאָגט געוואָרען דאָ פון יענעם קוויטעל. יענע אָבער, וואָס האָבען אַ נאַטור נישט צו גלויבען דעם עהרליכסטען יודען אפילו, ביז זיי זע־העז נישט אַליין מיט זייערע אויגען, שוואַרץ אויף ווייס, פאַר זיי איז דאָ איין ענטפער: געהט, זייט מוחל, און לייענט אַליין מיט אייער כבוד אין דלפוניווער פנקס, וואו די גאַנצע מעשה געפינט זיך כתוב וחתום מיט עדות כשר׳ע, פיינע־בריות, גרויסע לייט, און וואָס פון דאָרטען איז עס דערנאָך איבערגע־שריבען געוואָרען אין די חראָניקעס מיט אַ גאַנצער ממרא פונ׳ם שרייבער דאָרט, אויסלאָזענדיג זיך לסוף אַזוי: „היינט פרעג איך אייך, רבותי, מה נשתנה, מיט וואָס אַ שטייגער זאָל אַ דעפּוטאַציע צום רבונו של עולם דורך אַ מת אויף יענער וועלט זיין מעהר משונה ווי דעפּוטאַציעס צו גרויסע פריצים דורך לעבעדיגע מתים דאָ אויף דער וועלט? נאָר ווי די מעשה איז, יענע האָט בעשיינפערליך געהאָלפען: אין אַ צייט אַרום נאָך דעם קוויטעל איז די מגפה טאַקי געשטילט געוואָרען — און ליהודים אין שטעדטיל, אַ שמחה אַ פרייד אויף יודישע קינדער!"

טאַקי גאַנץ אמת. דאָס יאָהר האָבען יודישע קינדער, לויט אַלטע לייט דערצעהלען, געמאַכט סוכות גאָר אַנטיק, אין פאַריז האָט מען קיין בעסערע נישט געקענט האָבען. ס׳איז געווען גענוג מאַטעריאַל פון דער שרפה די סוכות צובויען, פאַרשפּאָרט בענוטצען דערצו, ווי געוועהנטליך, לאָקשענברעטליך, פשאָלענטברעטליך, נאָך און נאָך אַזוינע מיני ברעטליך. פלאַטץ פאַר די סוכות איז אויך געווען גענוג, נישט פאַרריקט, ווי אַלע יאָהר, ערגיץ אין אַ לאָך, לעבין שטאַל און אומריינע ערטער, מחילה. היינט האָט מען מקיים געווען זיטצען און שלאָפען אין סוכה ווי אין שטוב אויף רעכטען אמת טאַקי,

נישט גלאַט אַזוי זיך. יודען האָבען פאַרבראַכט דעם יום־טוב פרעהליך, נישט געזאָרגט, געגלויבט גאָט און געהאָפט צו זיין ליבען נאָמען מיט בטחון.

און גאָט ברוך־הוא האָט זיינע דלפוניוועקער בעלי־בטחון׳ס נישקשה ניט פערלאָזען. פון די אומגליקען האָט זיך פאַר זיי אויסגעלאָזט גאָר אַ גליק, און דורך די נויטען, שיוערע ביטערע צרות האָט זיך זיי געעפענט אַ וועג אין אַ נייע לאַנד — אין וואָהלין, הייסט עס, אַ געבענשט אָרט מיט אַל־דאָס גוטס, וואָס זייער פוס איז דאָרט קיינמאָל נישט געוועזן.

ענטדעקט וואָהלין האָבען די משולחים, וועלכע דלפוניוועקע האָט נאָך דער שרפה אַרויסגעשיקט אויף דער וועלט קלייבען געלד. לאָז מען נאָר קיין טעות נישט האָבען אַז אַרויסגעשיקט מיינט מען מיט געוואַלד, דאָס הייסט, מען האָט זיי גענויט פון קהל, אַלע אין איין קול: טהוט אונז די טובה און פאָהרט מאַכען געלד! חלילה, ביי יודען זאָל זיך אַזוינס טרעפען. וואָס דען? גלאַט אַזוי זיך, דריי פיינע מענשען, נויטבעדערפטיגע, בעפאַלען מיט ווייב און קינדער, אָהן אַ שום פרנסה נעביך, ווי דער שטיינער איז, האָבען מיט דעם גוטען ווילען גענומען פאַר מצוה אויף זיך די גרויסע טרחא צו זיין משולחים לטובה פאַר אַ שטאָדט יודען נעביך און זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין. מען האָט זיי פאַרזאָגט מיט כתבים, אונטערגעשריבען פונ׳ם גאַנצען כלי־קודש, פאָרנעהמסטע לייט, אין וועלכע מען האָט מיט הויכע מליצות גע־שילדערט דאָס אָנשיקעניש, וואָס אויף דער קהילה זייערער איז אָנגעשיקט געוואָרען, און געבעטען מיט אַלע מיני געבעט די קינדער ישראל, רחמנות צו האָבען אויף די נשרפים נעביך און געבען די משולחים נדבות, איטליכער כפי זיין פאַרמעגליכקייט. עס פאַרשטעהט זיך אַז חוץ די כתבים האָט מען ביים אַרויספאָהר געמוזט געבען די משולחים געלט אויך, אויף די נויטהיגע הוצאות פאַר זיך אַליין און אויף איבערצולאָזען צום לעבען זייערע ווייבער און קינדער. עס האָט געקאָסט אמת טאַקי נישט טהייער — איין קאָפּעקע נאָר האָט מען געהעכערט אויף דעם פונט פלייש!

אַ לאַנגע צייט איז פון די משולחים גישט געוועזן קיין שום ידיעה, גלייך ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען. ס׳איז איטליכען אין שטעדטיל געוועזן אַ גרויס וואונדער, גאָר ניט צו פאַרשטעהן, וואָס זאָל עס אַזוינס בעטייטען! מען האָט זיך געוואונדערט, געוואונדערט ביז מען האָט זיך אויפגעהערט צו וואונדערן. מען וואָלט זיך אין די משולחים שוין געוועזן גאָר פאַרגעסען. מוחל געוועזן אַלץ מיט־איינאַנדער, ווען נישט די ווייבער זייערע וואָס האָבען געפאָ־דערט ביים שטעדטיל מזונות, געשריגען, געפילדערט: געוואַלד! פאַר וואָס זאָלען מיר זיין עגונות, פאַרוויסטען אַנזוערע יאָהרען, ליידען פאַר אַנדערע?

דאָס שטעדטיל האָט געמוזט אויסשטעהן זייערע טענות און געשפּייזט די לעד־
בעדיגע אַלמנות. מילא, וואָס זאָל מען טאָהן? איז נאָך אַ קאָפּעקע אויפ'ן
פונט פליישׁ!

פלוצלים, גאָר אומגעריכט, קומט אָן צום רב פון די משולחים אַ בריף
פול מיט התנצלות, אַ פאַרענטפערען זיך אויף דעם לאַנגען שטיל־שווייגען,
און מיט אַ קלאָגען זיך אויף דעם פינסטערען מזל, אַז נשרפים איז גאָר ניט
אַזאַ געהויבענע סחורה, ווי מען האָט געמיינט. געגוג נשרפים אַזוינע און
אַזוינע שלעפּען זיך אין דער וועלט אַרום. ס'איז געוואָרען עפּעס ווי אַ גאַנג־
וועגעלע, אַ חוק, אַז ווי באַלד עס הויבט זיך אָן דער זומער הויבען אָן יודי־
שע שטעדטליך צו ברענען. עס פאָהרען אויך אַרום משולחים פון ישיבות,
משולחים פון מאיר־בעל־הנס, משולחים'ס משולחים, ירושלמים, ענונות, אײַ־
ניקלעך און יודען מיט כתבים פון אַלערליי סאָרטען, וועלכע מען וויל. בכן
איז שאָפּעל... דאָס ביסעל געלד וואָס זיי האָבען געמאַכט האָט געקלעקט
קוים אויף הוצאות. עס קומט זיי נאָך אַרוים, נאָר זיי זענען מוחל, גאָט זאָל
זיי בעצאָהלען פאַר זייער מיה. די ווייבער איז אויך אָנגעקומען בריף, נאָך
מיט אַביסעל געלד דערצו, פון די מאַנען זייערע, וואָס בעטען זיי שטאַרק
מחילה פאַר דעם שווייגען ביז אַהער, מסתמא איז רעכט, מסתמא אַז זיי האָ־
בען געשוויגען האָבען זיי געוואוסט פאַר וואָס... געפינען, געפינען זיי זיך
אין וואָהלין, זעהר אַ פעט ווינקעל, וואו זיי וועלען פאַרבלייבען אויף תמיד
און אם־ירצה־השם מיט דער צייט מאַכען עפּעס אַ שטיקעל עסק. לעת־עתה
קנעלען זיי אונטער. וואָרום אַזוי פאַסט עס זיי צום עסק מכמה וכמה
טעמים... אין אַ קורצער צייט אַרום — אַזוי שרייבען זיי — וועלען מיר
אייך אַלע אַרויסנעהמען צו זיך, וועט אייך מיט דעם אויבערשטענס הילף
פאַרענטפערט ווערען אַלע קשיות. דערוויַיל לאָז זיין אַלסדינג בסוד. למען־
השם שווייגט, זאָגט נישט קיינעם וואו מיר זענען, וואָרום דאָס טויג נישט
מחמת פיעל טעמים... וד"ל.

נאָר ווייבער זאָלען האַלטען אַ סוד, און נאָך דריי ווייבער מיט־אַ־מאָל,
אַזוינס האָט זיך נאָך נישט געטראָפען זינט די וועלט שטעהט. עס פער־
שטעהט זיך, אַז פאַר גרויס פרייד האָט זיך זיי געשאָטען ניין מאָס רייד
פונ'ם מויל ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק. זיי האָבען דערצעהלט איטליכען די
גרויסע גליקען זייערע, אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין וואָהלין מיט געטאָקטע
ליגען, אַז דאָרט איז דאָ פון פויגעלמילך, געלד וואַלגערט זיך אין די גאַסען,
און מלמדים גילט מען דאָרט אָפּ, זיי געהען אין גאָלד. הערענדיג אַזוינס
מאַבען יודען נישט לאַנג שיהות, נעהמען די פיס אויף די פּלייצעס און לאָזען

זיך אַוועק קיין וואָהלין. אויף דלפוניוועקע קוקענדיג האָבען פון אַנדערע ליטווישע שטעדט יודען זיך אָנגעהויבען אַוועקצולאָזען אַהין. מען בעדאַרף ווייסען, אַז אונטער דעם נאָמען וואָהלין האָט געהייסען און הייסט נאָך היינט ביי יודען נישט נאָר וואָהלינער גובערניע אַליין, אלא וואָס דען אויך פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, דער גאַנצער געגענד וואָס ביי אונז צו דרום-זייט. אַזוי ווי ביי וואַרשויער יודען, אַ שטייגער, הייסען אַלע, נישט קיין פּוילישע, אי ליטווישע אי וואָהלינער יודען — ליטוואַקעס.

דאָס-אייגענע, וואָס אַמעריקאַ איז פאַר אונז יודען היינטיגע צייטען, איז וואָהלין פאַר זיי געוועזען דענסטמאָל אין יענער צייט. דער אונטערשיעד איז נאָר אָט וואָס: אין אַמעריקא פּאָהרט מען מיט דעם ים, אין אַ דאַמפּשיף, אַקעגען אַ פּאָר וואָכען, און אין וואָהלין האָט מען זיך געשלעפּט מיט דער יבשה צו פוס גוטע עטליכע וואָכען, און אַמאָל אויך נאָך מעהר, אָפּשטעלענדיג זיך ביים וועג — געהענדיג אין שטעדטליך, צווישען יודען רחמנים בני רחמנים... אין אַמעריקא זענען יודען, ביים אָנקומען, געוועהנליך טאַנדעטניקעס, אַרומגעהערס מיט פּעקליך סחורה — שמאָכטעס, שניידער, אַרבייטער אין פאַבריקעס, און אין וואָהלין זענען די ערשטע, וואָס האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, געוועזען כמעט אַלע מלמדים.

דער שרייבער אין די חראָניקעס לאָזט אוים די דאָזיגע מעשה דאָרט אויפ'ן סוף אָט מיט די ווערטער:

„די יודישע היסטאָריע, אין וועלכער די השגחה פון גאָט אויף זיין געליבט פאָלק, ענטפּלעקט זיך אַזוי בעשיינפּערליך איטליכען, וואָס האָט נאָר אויגען צוזעהן און שכל צופאַרשטעהן — זי, די היסטאָריע הייסט עס, אינגאַנצען איז זי אַ שטענדיגע שלעפּעניש, איין אייביגע אַרומוואָגלעניש פון אַברהם אָבינו ביז אַצונד. עס רוהט נישט, עס ראַסט נישט דאָס פאָלק ישראל!“

* *

*

אָט אַזוי, כמעט אין דעם נוסח, פלעגט אָפט דערצעהלען אונז, קינדער, די דאָזיגע מעשה מיין זיידע, עליו-השלום.

אַ דלפוניוועקער, שלים-מזלדיגער יוד איז געוועזען מיין זיידע! פאַר צרות האָט ער בשעת דעם גרויסען הונגער זיך אַוועק געלאָזט קיין וואָהלין, געענדערט קיין קישינעוו, די הויפּטשטאָדט פון בעסאַראַביע — אַלאַנד, וואָס פליסט מילך און האָניג. האָט געקנעלט דאָרט אינאיינעם מיט נאָך אַ סך

דלפוניוזקער זיין גלייכען און גענאָסען פיעל גוטס: געגעסען מאַמאַליגע, פאַרביסען מיט קאָרע, געטרונקען וויין און געלעבט רוהיג, אָרענטליך פיין, ווי גאָט האָט געבאָטען, גלייך מיט אַלע דאָרטיגע יורען און נישט געוואוסט פון קיין בייז.

ווער זאָל זיך עס דענסטמאָל געווען ריכטען אַז מיר, זיין איינקעל, זאָל אין אַ צייט אַרום שפּעטער בעשעהרט זיין זעהן אויף די עלטערע יאָהרען, ווי דאָס איינענע אָרט, וואָס האָט פריהער געפליסט מילך און האָניג, פליסט אַצונד, אוי-וועה — עס איז שווער צו זאָגען... נאָר איך מענדעלי בין דערצו שוואַך, אַלט. מיין איינציגער כח, אוי, איז נישט מעהר, וויינען שטילערהייט פאַר זיך, וואַרגען זיך מיט טרערען, און צו די אַלע פריי־הערדיגע, אַלטע יורישע צרות צו-צושרייבען אין די חראָניקעס אויך די היינטיגע, נייע צרה.



# א גרויע האר.

---

אז דער בייזער ווינטער געהט־אהין און ווענסע ביי אונז אין לאנד — טהוט זיך אין גאטס וועלטיל אומעטום! אלע מיני באשעפענים: פונ'ם קליינעם ווערעמיל ביז דעם מענשען, דעם גרויסען פיינע־בריה, טהוען זיך א נעהם צו דער ארבייט זייער גאנץ געשמאק — רייניגען און ראמען, בויען און פעררינכטען נעסטען, הייזלעך און דירות אין לעכער און שפאלטען, אין וועלדער און אין פעלדער, אין שטעדט און דערפער. דענסטמאל חערשט דאס ווייב אין שטוב, גאר א שרעק. אויף איהר בעפעהל ווערען געעפענט די טאפעל פענסטער, ארויסגעטראגען. איבערגעטראגען טיש און בייגק, קאסטענס, שאפעס און בעטען. זי גיט אפ איטליכען דערפון זיין ארט, אויסשטעלענדיג זיי ווי זי וויל און ווערה איז דעם, וואס שטעלט זיך איהר אקעגען און ברייננט זי אין כעס אריין, זי ווערט אנגעצונדען און איז בערייט איהם צופארברענען מיט דעם מויל. א קלוגער מאן בעהאלט זיך דעריבער דענסטמאל ערגעץ אין א ווינקעל — און שא!

און גבריאל כרפס, א קלוגער מענש, אויך א מאן א קלוגער, זיטצט אין אבענד, וואס פאר ערב פסח, איינער אליין ביי זיך אין צימער, נעבען שרייב־טיש, אראבגעלאזט די נאז, פארקנייטשט דעם שטערען, ווארפענדיג אפטער א בליק אויף אן אלטער צעריפעטער שאפע, וואס שטעהט דארט אין א ווינקעל. און מען זעהט ווי שטארק בעטריעבט ער איז, פארטיעפט אין די געדאנקען.

גענוג ווארפעניש, פארפאלגעניש איז די דאזיגע שאפע אויסגעשטאנען זינט זי איז צו כרפס'ן אין הויז אריינגעפאלען ביז זי איז לסוף פארוואָרפען געוואָרען אהער, אין דעם דאזיגען צימער. וואו זי שטעהט שוין א צייט מיט יאהרען פאריקט, ווי א קבצן, א בעטלער, הינטער די שעהנע, פארפוצטע שאפעס, ניט ווארפענדיג זיך אין די אויגען, נישט אין דער מאראטס נישט

אין איהר מאַנס אויגען, אַזוי, אַז מען האָט זיך אין איהר גאָר פאַרגעסען, גלייך ווי זי וואָלט אויף דער וועלט נישט געווען. און היינט אַז די מאַראַם כּרפּס האָט געקאָמאַנדעוועט אין שטוב, צוקוקענדיג זיך גוט, ווי אַ בעל־הבית'טע, אין איטליכם ווינקעלע, עס זאָלען שיינען, פינקלען אומעטום, איז דער צאָרען איהרער אויף דער שאַפע צום שלים־מזל געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט בעפוילען, די שאַפע זאָל אין שטוב זיך נישט געפינען; נישט אַנ־דערש, מען זאָל אַזאַ מצאָצע, אַזאַ מיאוס'קייט, אין קעלער אַראָפּוואַרפען, צו אַלדע־רוחות, פוילען זאָל זאָל זי אינאיינעם מיט אַלע אַלטע, אָפּגעדינטע שמאַטעס דאָרט, אַצינד האָט זיך כּרפּס אין דער שאַפע דערמאָהנט און דאָס שיידען זיך מיט איהר איז איהם געווען זעהר שווער. אָבער וואָס זאָל ער טאָהן, אַז געגען דעם ווייב'ס בעפעהל קען מען ניט געהן. איהם אַליין האָט זי דאָך נישקשה אויך גוט מכבד געווען היינט. ער האָט נעבאַך געליטען, געדאַרבט, פערבראַכט אַ טאָג אין צרות, נישט פאַר קיין יודען געדאַכט!

זיפצט זיך כּרפּס איינער אַליין טרויעריג, פערטראַכט און אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. פּלוצלונג הויבט ער זיך אויף פונ'ם אָרט און קומט צו צו דער שאַפע, ווי איינער, וואָס קומט זיך געזעגענען מיט אַ פריינד פאַר'ן אַוועק־פאָהרען. ער עפענט די שאַפע, נעהמט אַרויס פון צווישען פאַרשטויבטע, פאַרשימעלטע, איינג־אָנגעשטעלטע ספרים דאָרט, אַ גרויסען האַלבענבויגענ־דיגען, דיק־גראָבען ספר, טאָוולען פון ברעטלעך מיט לעדער איבערגעצויגענע, צונויפשפּילענדיג זיך מיט גרויסע מעשענע העקלעך. ער בעטראַכט דעם ספר, שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ, געהט און לייגט איהם אַנידער אויף'ן טיש. ווי באַלד אָבער ער האָט זיך געזעצט, אויפגעעפענט דעם ספר און אַריינגעקוקט דרינען, איז ער פערציטערט געוואָרען, האָט זיך אַ חאַפּ געטאָהן געשווינד פונ'ם בּיינקעל, גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט איהם אַ בּיס געטאָהן, און זיך געלאָזט געהן הין און הער איבער דעם צימער שטאַרק צודולט, אַזוי אַז ער האָט נישט בעמערקט ווער ס'איז גראָד בשעת מעשה אַריינגעקומען אַהין.

— כּרפּס! — טהוט אַ זאָג יענער, נאָכדעם ווי ער איז אַ ווייל געשטאַנען בּיי דער טהיר פערוואונדערט, אָהן לשון.

כּרפּס דרעהט זיך אוים שטאַרק דערשראָקען מיט דעם פּנים צו יענעם, וואָס רופט איהם אָן בּיים נאָמען, קוקט איהם שאַרף און טהוט זיך אַ לאָז צו איהם מיט אַ געשריי:

— אַ־אַ, זרחי!... אָט וואָס הייסט אַ גאַסט, אַ ליעבער, טהייערער גאַסט!

— וואָס־זשע מאַכסט דו, כּרפּס מיינער, בּיזט־דו, האַ, רעכט געזונד?

— ווען בּיסט־דו געקומען און פון וואַנען געקומען? וואָס שטעהסט־דו בּיי דער טהיר, ליעבּער זרחי מיינער?

— געקומען בּין איך היינט... אַרומפּאָהרענדיג ווענען מיינע געשעפּ־טען בּין איך אין איינוועגס געקומען אַהער, אין דיין שטאָדט אַריין.

כּרפּס און זרחי בּיידע זיינען געבּירטיגע פון איין שטאָדט, חברים, גוטע בּרידער פון קליינערהייט; בּיידע האָבּען געשעפּט תּורה בּיי איינע מלמדים בּיז זיי זענען געוואָרען בּחורים; בּיידע זענען צוגלייך אַרוים פון׳ם חדר און געגאַנגען אין די שקאָלעס; בּיידע זענען פון די שקאָלעס אַרוים מיט דיפּלאָמען, געבּילדעטע, לייטישע מענשען, און בּיידע האָבּען פערגעסען דאָס יודישקייט האַק־און־פּאַק מיט דער תּורה, וואָס זיי האָבּען געלערענט יונגעלווייז, און זיך אָבּגעגעבּען מיט זייערע געשעפּטען. איטליכער אין זיין אָרט, וואו ער האָט זיך בּעזעצט, האָבּען גענומען ווייבּער, געהאַט קינדער און געלעבּט גאַנץ בּרייט. אַ טאַטען האָט כּרפּס געהאַט זעהר אַ פיינעם. ער איז געווען, עליו השלום, אַ יוד מיט׳ן פוללען מויל, אַ יוד אַ הייסער, אַ גוּ־טער, אַ פרומער און אַ וואויל לערנער. ער האָט גבריאל׳ן, דעם זוהן זיינעם איבּערגעלאָזט ירושה די גאַנצע כּלי־בּית זיינע מיט דער דאָזיגער שאַפע ספרים, דעם אָרון־קודש — דאָס הייליגסטע, טהייערסטע אין זיין לעבּען. די כּלי־בּית זענען געווען זעהר אָנגעלייגט, מען האָט זיי געבּוויכט בּיי גבריאל׳ן אין הויז צו יעדער צייט, און דאָס אָרון־קודש׳ל — אָט די שאַפע מיט הייליגע ספרים, איז געווען איין איבּעריגע זאַך, אָהן אַ שום נוטצען. מען האָט זיך דערמיט געוואָרפען אַהין־אַהער און פערשטופּט לסוף אין אַ ווינקעל, נישט האָבּענדיג זי מעהר אין זינען.

לעבּען האָט כּרפּס געלעבּט גאַנץ פריי. די גאַנצע פיהרונג בּיי איהם אין הויז מיט דער ערציהונג פון די קינדער איז געווען אויף דעם נייעם שניט, פער׳גוי׳עשט הייסט עס. פונ׳ם יודישקייט איז איהם איבּערגעבּליבּען נישט מעהר ווי אַ לאַנגע נאָז, געגרייזעלטע האָר, אַ פליהענדיגער מוח, גרינג זיך צושפּילענדיגע געבּליטען און צאַפּלענדיגע נערוועך.

אַצינד אַז כּרפּס האָט דאָ געהאַפּט עפּעס אַ ציטער און איז געווען שטאַרק צוקאָכט. איז בּיי איהם זעהר אָנגעלייגט געווען, וואָס דער חבר זיינער איז געקומען און זיך מיט איהם שטאַרק דערפרעהט.

— זעהר גלייך געטאָהן, ליעבּער פריינד, וואָס דו בּיזט געקומען! —

זאָגט כּרפּס, אַרומנעהמענדיג דעם חבר זיינעם — זעטץ זיך, איך בעט דיך, אָט אויף דעם ווייכגעבעטען שטוהל, די פיס דיינע „לעהן־אונטער״ אויף דעם בּיינקעלע, אָט אַזוי, אַזוי... אַצונד דערצעהל מיר, וואָס מאַכסט־דו? ווי געהט עס דיר?

— האַ, וואָס איז דאָס?! — מאַכט זרחי פּערוואונדערט, צוקוקענדיג זיך צו דעם ספר, וואָס ליגט אָפען אויף׳ן טיש — דעם „שלחן ערוך״ האַלטסט דו! די דינים פון פסח לערענסט דו?

כּרפּס בּלייבּט צומישט און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערען.

— מיר זיינען דאָ אייגענע מענשען — זאָגט זרחי מיט אַ פריינדלי־כען שמייכעל — פאַר מיר, נישקשה, האָסט דו זיך נישט צו שעהמען. פון ווען אָן, זאָג נאָר, בּיזט־דו עס געוואָרען אַ בּעל־תּשובה?

— פון ווען אָן? פרעגסט־דו, פון היינט, פון היינטיגען אָבענד! און אָט דאָס, דאָס, וואָס מיך האָט געבּראַכט דערצו! — האָט כּרפּס זיך געמאַכט האַרץ און געזאָגט, טייטלענדיג מיט אַ פינגער אין דעם ספר — קוק נאָר אַהער, זעה וואָס ליגט אַזוינס דאָ?

— אַ צוריבּענע וואַנץ, — רופט זיך אָן זרחי — פונ׳ם אַלטען דוד׳ס וואַנצען, האָט אַ וואַנץ דאָ די קבורה געהאַט און ליגט זיך רוהיג אַזוי דאָ, אין דעם קבר, שוין אַ צייט מיט יאָהרען.

— און דאָס, האַ, וואָס איז?

— דאָס? אַ האָר איז עס. אַ גרויע האָר!

— דאָס איז מיין פאָטערס, עליו השלום, פון זיין בּאָרד אַ האָר! — זאָגט כּרפּס שטאַרק גערידהרט — אָט דאָס דאָזיגע האָר איז אַרויסגעפאַלען איהם פון דער בּאָרד בּשעת ער האָט מיט מיר, אין מיין יוגענד, געלערענט „הלכות פסח״ אָט אין דעם ספר, און איז געבּליבּען דאָ ליגען בּיז היינט, שוין אַ דרייסיג יאָהר! דאָס גרויע האָר איז מיר צו די אויגען געקומען אַצונד, ווען דער לעצטער פונק יודישקייט מיינער שטעהט אין סכנה, אין גאַנצען אויסגעלאָשען צו ווערען, אַז קיין זכר אַפילו זאָל דערפון בּיי מיר אין הויז נישט בּלייבּען. איך זאָג עס אָקעגען די הייליגע ספרים, זאָג איך עס, אָקעגען דעם יודישען שאַטץ אָט אין דעם אָרון קודש, וואָס דער טאַטע האָט מיר איבּערגעלאָזט בּירושה. דער טאַטע מיינער, ווי דו ווייסט, איז נישט בּעזעסען קיין גרויס רייכקייט, קיין גיטער, דאָס גאַנצע פערמעגען זיינס אויף דער וועלט איז בּעשטאַנען אָט אין דעם שאַפעלע, אין דעם אָרון, וואָס

עס איז איהם טהייערער פון בּריללִיאַנטען, בּעסער פון גינגאָלד, און דאָס האָט ער איבּערגעלאָזט ירושה מיר, זיין קינד, זיין געבּירטהה נאָך איהם! וואָס-זשע לאָזט זיך אויס אַצונד? אָט דער דאָזיגער אָרון, די שאַפּע הייסט עס, וואָס זעהט אויס אַלטפּעטעריש, נישט מיט דעם פּוטץ, היינטמאָדיש, וואָס שטעהט אָבּגעזונדערט, אָהן אַ שום געבּרויך אַזאַ צייט מיט יאָהרען, און האָט דעריבּער בּעקומען אַזאַ געשטאַלט, אַזאַ פינסטער פּנים. — אַצונד, הער נאָר אַ מעשה, אַצונד איז אויף איהם אַרויס אַ פּסק. ער זאָל בּעגראָבען ווערען אויף אייבּיג! דאָס ווייבּ מיינס זאָגט: פּע! אַז אַזאַ שברי כּלי מיט׳ן בּיסעל אָרעמקייט, וואָס דרינען, זאָל פּערנעהמען אַ פּלאַטץ אין אַ לייטישער דירה, צווישען שעהנעם מעבּעל און אָנגעמאָהלטע גולם׳ס, זיין אָרט איז אין אַ לאָך ערגעץ אין קעלער, און עס האָט מיר נישט געהאָלפען די רייד, נישט מיט גוטען, נישט מיט בּייזען אויסצומאַכען די דאָזיגע גזרה און האָבּ היינט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש דעם גאַנצען טאָג. אמת טאַקי, שוין אַ פופצעהן און אפשר טאַקי אַ צוואַנציג יאָהר, אַז די דאָזיגע שאַפּע מיט די ספרים זענען מיר אַרויס פונ׳ם זינען, אָבּער אַצונד אַז מען וויל דערפון מאַכען אַ תּל, רייסט מיר דאָס האַרץ, דערמאָהנענדיג זיך, אַז דאָס איז מיר איבּערגעגעבּען געוואָרען אַ ירושה פון עלטערען, דערמאָהנענדיג זיך אויך אָן מיין טאַטען, אין מיין יוגענד, אין מיין געבּורטסאָרט, וואָס זענען מיר איינגעבּאַקען טיעף אין האַרצען, און דערמאָהנענדיג זיך דאָס אַלסדינג, בּין איך געגאַנגען, כּמעט אַליין נישט צו וויסען אַז איך געה, האָבּ אַרויסגענומען אָט דעם ספר, וואָס ליגט פאַר דיינע אויגען, און אויפעפענדיג איהם טהוט זיך מיר אַ וויין דעם טאַטענס גרויע האָר דאָרט, בּלייבּ איך צומישט, טוידט מיט אַלע אברים...

יאָ, ס׳איז מיר בּעפאַלען אַ שרעק. אַזוינס אָבּער, וואָס מיט מיר איז געשעהן דערנאָך, אין אַ ווייִלע אַרום, איז נאָך פיעל שרעקליכער, גאָר קיין פערגלייך. נאָר לאָז זיין געזונד — האַקט בּרפּס איבּער אין דערמיט זיין שמועס — זיי מיר מוחל, איך בּעט דיך, בּרודער, וואָס איך האָבּ מיך דאָ צורעדט, אויסגיסענדיג מיין האַרץ, עפּעס גאָר טאַקי ווי אַ יודענע, נישט וויסענדיג קיין דרך-ארץ און פאַרגעסענדיג זיך ווי אויפצונעהמען אַ גאַסט. סטייטש, אַזאַ טהייערער גאַסט, ווי דו, קומסט צו מיר אין הויז, אינטערעסיר איך מיר נישט מיט איהם, נאָר איך רייד אַלץ פון מיר. איך בּעט דיך, ליעבּער פריינד, דערצעהל מיר דו וואָס דו מאַכסט, וואָס דו טהוסט!

— איך וועל דיר דערצעהלען, בּרפּס מיינער, אַלסדינג דערצעהלען, אָבּער מיט דעם תּנאי, אַז דו זאָלסט פריהער אָבּדערצעהלען מיר די מעשה

דיינע אין גאַנצען, נישט צו פּערפּעהלען איין וואָרט, וואָרום דו קאָנסט מיר נישט מאַכען קיין גרעסערען פערגעניגען פון דעם, וואָס איך האָב פון דיין איטליכס וואָרט. דערצעהל־זשע, איך בעט דיך, און איך וועל הערען און שווייגען, דו ביזט געבליבען שטעהן דערביי: אַזוינס, וואָס מיט דיר איז געשעהן אין אַ ווײַלע שפּעטער איז נאָך פיעל שרעקליכער.

— אַזוי טאַקי, אַזוי — הויבט כּרפּס אָן ווידער צו דערצעהלען — דער שרעק מיינער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר איז פערגליווערט געוואָרען דאָס בלוט און בין אַרויס פון די כּלים. אַ מענש אפילו אַזעלכער, וואָס האַלט נאָר דערפון, וואָס עס זאָגט דער שכל, וואָס ער טאַפּט עס אָן און פיהלט מיט זיינע חושים, ווייטער איז גאָר נישט — מיט איהם קאָן זיך אַמאָל טרעפען, אַז אומשטענדען אַזוינע זאָלען איהם אַראָפּפיהרען פון׳ם זינען, ער זאָל זעהן נישט מיט די אויגען, הערען נישט מיט די אויערען און פיהלען אַזוינס, וואס לאָזט זיך נישט אָננעהמען. אָט דאָס האָר, באַלד ווי איך האָב עס דערזעהן, האָט אָנגעהויבען פאַר מיינע אויגען אַליין וואַקסען מעהר און מעהר — און אָט איז אַ באָרד, אָט איז אַ פּנים, און אָט איז דער טאַטע אין גאַנצען, שטעהענדיג אויף די פיס, די האַנד זיינע איז אויסגע־שטרעקט אַקעגען דער שאַפע, די אויגען אויסגעשטעלט אויף מיר עפּעס מיט אַזאַ בליק, אין וועלכען עס ליגט אויסגעדריקט אי פאַרדראָס, אי שטראָפרייד, אי אַ קלאָגען זיך אויף בעליידיגונג, אי אומעט און זאָרג; אַזאַ בליק, וואָס דרינען איז דאָ פאַר דיר געבראָטענע לייד, צופעניש, שטעכעניש אין לייב און אין דער נשמה. אָ, רבונו של עולם, דונערען און בליטצען, שפּיזען און פיילען איידער אַזאַ מורא׳דיג שרעקליכען בליק!... דאָס האַרץ קלאַפּט מיר, מוסר׳ט מיך, און אַלע מעשים מיינע, פון דער קינדהייט ביז איצט שטע־לען זיך מיר לעבעדיג פאַר. איך זעה מיר נאָך ווי אַ יונגעל אין הויז ביי מיינע עלטערען, אין די חדרים ביי מיינע מלמדים, אין די שוהלען און בתּי מדרשים, אַלע מיינע גענג, מיינע שפּיעלען און פערגעניגענס, מיינע ימים־טובים און שבּתים שטעהען מיר פאַר די אויגען. איך זעה דאָס אַלסדינג און זעה מיך אַליין טאַקי אויך. די אַלע יענע זאַכען קומען מיר נישט פאַר איינע נאָך די אַנדערע אין פערלויף פון דער צייט, נאָר וואָס דען, אַלע קומען זיי מיט אַמאָל. נישטאָ קיין פריהער, נישטאָ קיין שפּעטער, נישטאָ אויך קיין נאָהענטקייט און נישטאָ קיין ווייטקייט אין דעם פליהענדיגען כּח המדמה. אויב איך זאָל וועלען דערצעהלען אַלע זאַכען, וואָס מיר האָט זיך גערואַכט, וועט זיך פערציהען די מעשה אויף לאַנג און געדויערען אַ היבשע צייט זי אויסצוהערען. די אַלע זאַכען, אַלע בילדער יענע זענען עפּעס צום האַרצען, גוט־מחיה. עס זאָגט זיך אין זיי אַרויס ליעבע צו גאָט, כּבוד און שעהנקייט

צום פאָלק ישראל, הייסע געפיהלען פון עפּעס אַ בּיינקעניש, וואָס ציהען, ציהען בּיי דער נשמה... ווי שעהן, אַ שטיינער איז דאָס בּילד:

אַוועק איז דער ווינטער, דער שנעע איז צוגאַנגען, פּסח־צייט איז געקומען און דאָס קול פון דעם אינדיק לאָזט זיך הערען בּיי אונז אין שטעדטעל. און איך מיט דיר, מיט די חברים אונזערע זיטצען מיר אין חדר אַרום טיש, דער רבּי אין דערמיט, מיר שאָקלען זיך און לערנען „שיר השירים" מיט אַלע אויסרייידענישען פון רש"י, זינגענדיג הויך אויף אַ קול אַלע אינאיינעם שטאַרק פאַרפלאַמט, אַזוי: „ישקני מנשיקות פיהו — דעם דאָזיגען שיר זאָגט די כּנסת ישראל, די וויסטע אַלמנה, אין גלות, וואָס טהוט טהון גלוסטען צו איהר געליעבּטען, צו שלמה, דאָס מיינט מען צו גאָט, וואָס דער שלום איז זיינער, איז זיך מודה אויף איהרע זינד און דערמאָהנט די גרויסע חסדים, וואָס ער האָט געטהון מיט איהר אַמאָל אין דער יוגענד. אָ, זאָגט זי, ווער וואָלט געבּען ער זאָל מיך טהון ווידער קושען אַ קושעניש פון זיין מויל!... שחורה אני, שוואַרץ מיאוס בּין איך מיט מיינע זינדיגע מעשים ונאוה אָבער שעהן מיט די מעשים פון מיינע עלטערען, די הייליגע אָבות... אַל תּראוני, זאָגט זי, קוקט מיך ניט אָן מיט געשפּעט שאני שחרחרת וואָס איך זעה אויס שוואַרץ, ניט אַזוי בּין איך געבּוירען געוואָרען, ששזפתני השמש, מיך האָט אָפּגעבּרענט די זון; בּני אמי, מיין מאַמעס קינדער, דאָס מיינט מען די ערב־רב פּונ'ם לאַנד, צווישען וועלכע איך בּין אויפגעוואַקסען, נחרו־בי, האָבּען געצאָרענט, געפייערט אויף מיר, שמוני נוטרה את־הכּרמים מיך געמאַכט פאַר אַ היטערין זייערע וויינגערטנער, כּרמי שלי, מיין וויינגאָרטען, וואָס איז מיר בּירושה פון מיינע עלטערען, לא נטרתּי האָבּ איך ניט געהיט... ענטפערט דער געליעבּטער איהר: אם לא תדעי לך, אויבּ דו ווייסט ניט ווי צו ראַטעווען זיך פון בּעצווינגער. אַז דיינע קינדער זאָלען ניט אויסמישען זיך, פאַרלירען זיך צווישען זיי, צאי לך, געה־זשע דיר בּעקבי הצאן אין די טריט פון דיינע אָבות, וואָס האָבּען מקבּל געוועזען מיין תּורה, ורעי את־גדיותיך, און פיטער דיינע ציגעלעך על משכּנות הרועים, בּיי די געצעלטען פון די פאַסטוכער ישראל'ס.

אַך, וויפיעל זיסע הייליגע געפיהלען זענען אין דעם דאָזיגען שיר אויסגעדריקט! דו כּנסת־ישראל, דו בּיזט עס די ליעבּע געטרייע מאַמע; מיר קליינוואַרג, מיר זענען עס צאן קדשים, דיינע ציגעלעך, ליעבּע האַרצדיגע קינדערלעך, און די פאַסטוכער — דאָס זענען דיינע גרויסע לייט, די הייליגע חכמים! — עס הערט זיך מיר דרינגען יענע געוויסע ליעדעל דער מאַמעס, ווי זי פאַרווינגט מיך, זינגענדיג עס מיר אויף אַ שטיל אומעטיג קול:

אונטער גבריאל'זנוס וויגעלע
שטעהט א קלאר־וויים ציגעלע
. . . . . . . . . . . . . . . .
תורה וועט ער לערנען
ספרים וועט ער שרייבען
א גוטער פרומער יוד וועט ער בלייבען.

און ווי איך בין דא אזוי פארטיעפט אין די כנסת־ישראל נעה פשוט אוים פאר מתיקות, ווארפט זיך מיר די וויסטע שאפע פאר די אויגען. גראבע געזונדע הענד שלעפען זי אהין אין איהר בעגרעבעניש, אין קעלער, און זי סקריפעט, גרילצט, קרעכצט, רוקענדיג זיך, און איטליכער סקריפ איהרער לעבערט מיר דעם מוח. זי קרעכצט, סקריפעט און די פערשימעלטע מיט שטויב בעדעקטע ספרים שרייען פון איהר ארוים מיט א קלאג: הוי, וועה־געשריען אויף די ציגעלעך אז זיי ווערען צאפעס, אז זיי אנטלויפען פון זייערע פאסטוכער און שפרינגען אין פרעמדע גערטנער!... דער טאטע ברעכט די הענד, פליקט די בארד, רייסט אויף זיך די האר, שאקלענדיג אויף מיר מיט דעם קאפ, טהוט א גלאץ מיט די אויגען און — פערשווינדעט...

איך בין זיך מודה — לאזט כרפס אוים זיין שטועס — אז דאס אלסדינג, וואס איך האב אצונד איבערגעלעבט, האט אויף מיר אזוי גע־ווירקט, אז איך בין איצט אין הארצען טאקי א שטיקעל בעל־תשובה, און עס וועט מיר ניט ארען טאמער וועסט דו אוים מיר לאכען און זאגען: אז־אך־און־וועה צו דיין בילדונג, צו דער חכמה דיינער, מ'שטיינס געזאגט, אז א האר קאן זי אומווארפען.

— זיי רוהיג ברודער! — ענטפערט זרחי — איך בין נאך פריהער פון דיר געווארען א בעל־תשובה, אויך איבער א מעשה ווי ביי דיר, מיט דעם חלוק נאר, דאס וואס דיר איז פארגעקומען עפעס ווי אין חלום, האט זיך עס מיר געמאכט טאקי אויף'ן וואהר, און דאס וואס מיט דיר האט זיך געמאכט דורך דיין פאטער, דאס אייגענע טאקי האט זיך מיר געמאכט דורך מיין זוהן. ס'איז עפעס בעשיינפערליך גאר א נס.

כרפס שטעלט אוים א פאר אויגען און פאדערט אויף שווייגענדיג דעם פריינד זיינעם מיט דעם בליק ער זאל איהם די ווערטער זיינע דערקלערע־רען. זרחי מאכט ניט לאנג שהיות און הויבט אן צו דערצעהלען.

— פאַדיי, דאָס ערשטע קינד מיינס, דער בכור, ווי באַלד ער איז געבוירען געוואָרען האָב איך מיר פירגענומען צו דערציהען, אויסצובילדען דעם „מענשען" וואָס אין איהם. דאָס הייסט אויסבילדען איהם אַזוי, אַז ער זאָל טויגען צום לעבען פון אַ וועלט מענשען, ווי איינער פון זיי, ניט נאָר צו אַ בעגרענעצט לעבען אין איינגשאַפּט צווישען יודען, און אויף אַזוי ווייט וויפיעל דאָס יודישקייט דערלאָזט. יודען ניט יודען זאָל איהם כלל ניט אויסמאַכען. אָנלאָדען אויף זיך אַ משא יודישקייט און אַראָפּוואַרפען עס דערנאָך פון זיך — איז דען ניט פיעל גלייכער גאָר פון לכתחלה דערפון ניט צו וויסען? צו וואָס, איך בעט דיר, דאָס אַיינשפּאַנען און דאָס אויסשפּאַנען זיך — אַזאַ אומזיסטע אַרבייט, אויף וועלכער איך, זיין טאַטע, האָב אַוועקגעהאָרעוועט אַ צייט ביז איך בין פון איהר פּטור געוואָרען. וויפיעל אַ שטייגער קאָסט אָפּ אַ יודען פייבוש, נעביך, דער גע'מלאכה'טער נאָמען זיינער פ אַ ו ו נ ו ט י אַ, ניט אַזוי ווי ער שטעהט פערשריבען? דאָס פּלאָנטעניש אין די נעמען מאַכט דאָך אָן אַ פּלאָנטעניש אין זיינע עסקים, אין נויטהיגע פּאַפּירען, און בריינגט איהם אַמאָל אויך פיעל שאַדען. פע, חלעבען! אַז מעהר נעהם טאַטע און זאָג: ויקרא שמו בישראל פּאַוונוטיאַ... דעריבער טאַקי איז פּאַדיי מיינער אויסגעוואַקסען אָהן תּורה, אָהן יודישקייט, דאָס לערנען זיינס און זיין לשון אין גאַנצען איז געווען ווי ביי ניט קיין יודישע קינדער.

פּאַדיי איז געווען זעהר אַ גוט יונגעל, אַ פרעהליכס, אַ לעבעדיגס, געלערענט האָט ער אין דער היים ביי גובערנאַנטקעס, לעהרער, ביז ער האָט אויסגעהאַלטען עקזאַמען, גוט, אויסגעצייכענט, און איז אַריין אין גימנאַזיע. יענער טאָג פון דעם אַריינטרעטען זיינס אַהין איז ביי מיר געווען אַ יום־טוב, פאַרגעסענדיג מיך אין גאַנצען וויפיעל דאָס האָט מיך אָפּגעקאָסט געלד, מיה, לויפעניש, געבעטען און אומ'כבוד, איך האָב מוחל געווען דאָס אַלסדינג און זיך געפרעהט, אַבי ער איז אַריין. נאָר אָבער מיין ווייב, זאָל זיך איהר גרינג שלוקערצען, זי האָט, ווי דער שטייגער איז פון ווייבער אויסצוווייַנען זיך אין פריידען, יענעם טאָג געגאָסען טרעהרען, דערמאָהנענדיג זיך, וויפיעל געזונד און יסורים האָט איהר געקאָסט די דאָזיגע שמחה.

עס געהט אַוועק אַ צייט, זעה איך, פּאַדיי מיינער איז עפּעס אַראָפּ פון'ם פּנים, אומעטיג, פערטראַכט, גאָר ניט דער וואָס פריהער. אַזוי איז ער, דאַכט זיך, געזונד, לערנען לערענט ער זיך אויך גוט. וואָס־זשע דען? האָב איך גערעכענט צו דעם איבערגאַנג פון די יונגעלשע יאָהרען אין די יאָהרען פון אַ בחור, פערשטעהסט דו? — און מיך בערוהיגט. שפּעטער אַביסעל

מיט אַ צייט, הויבט מיין זוהן אָן מיר צו פערגעבען שאלות, ווי אַ שטיינער: מאַמע, פון וואָס פאַר אַ נאַציע ביזט דו? מאַמע, וואָס, אַ יוד בין איך? מאַמע, האַ, וואָס איז אַ יוד אַזוינס? מאַמע זאָג, עסען איבערהויפּט יודען קנאָבעל און ציבעלעס? מאַמע דאָס, מאַמע יענעס, גאָר אָהן אַ ין עק. איך האָב אַרויסגעזעהען, אַז אונזער ברודער עשו שטעקט דאָ אין דערמיטען. ער האָט דאָס יעקב'ס קינד דערקלעהרט דאָס, וואָס דער מאַמע האָט עס געמאַכט פאַר איהם אַ שווייג; ער האָט עס אָנגעהויבען איהם פאַרזוכען צו געבען די ביטערע גלות־טראָפּענס, צו בעטריבען זיין געמיטה, זיין לעבען. איך האָב מיין זוהן תמיד געענטפערט אויף זיינע שאלות מיט אַ האַלבען מויל, אַבי אויסצודרעהען זיך, און בכלל האָב איך איהם געראַטהען ער זאָל אָנבויגען דעם קאָפּ און זיך ניט צוהערען צו יענעמס נאַרישקייטען, געבענדיג עס איהם צו פערשטעהן מיט קרילאָוום געוויסען משל „דער עלעפאַנט און דאָס הינטעל" און אַרויסגעהמענדיג דערפון אַ מוסר־השכל גאַנץ חכמה'דיג, אַז אַ מענש, אַ קלוגער, בעדאַרף, ווי דער עלעפאַנט דאָרט, אַראָפּשלינגען אַלע בעליידיגונגען פון יענע ביללערס און זיך דאַרוים גאָר ניט מאַכען. דער זוהן אַ פּנים איז ניט צופרידען געווען פון'ם מאַמענס עצה, וואָרום ער איז אַלץ וואָס ווייטער, ווייטער מעהר אומעטיגער געוואָרען, זיך דערווייטערט פון מענשען, בעזאָנדערס פון מיר, עפּעס ווי ברוגז אויף מיר, און געזעסען איינער אַליין פערשפּאַרט ביי זיך אין חדר.

איינמאָל קומט פאַדיי פון'ם קלאַס זעהר שטאַרק צוקאָכט און לויפט אַריין האַסטיג צו זיך אין חדר. די מאַמע, מיין ווייב הייסט עס, אַ שוואַכע, אַ קריינקליכע, איז גראָד געלעגען אין בעט ביי זיך אין צימער און האָט עס ניט בעמערקט, ווי באַלד מען האָט זיך געקליבען עסען מיטאָג און פאַדיי איז ניט אַריין צום טיש. בין איך אַריין צו איהם. איך טרעף איהם ליגען אויפ'ן בעט, מיט דעם פּנים אַראָפּ, איינגעהילט אין קישען. עס קומט מיר באַלד אַרויף אויפ'ן געדאַנק, ער האָט זיכער היינט געהאַט אַ שלעכטע בעגעגעניש, און האָב איהם נעביך שטאַרק בעדויערט. איך רוף איהם — און ער ענטפערט ניט. דאָס האַרץ האָט מיר געריסען אָנקוקענדיג איהם נעביך אין אַזאַ לאַגע. איך רוף איהם צום צווייטען מאָל, מיט אַ ריהרענדיגער שטימע — און ער קעהרט אום צו מיר דאָס פּנים זיינס. אַך, ווי שרעקליך ער האָט אויסגעזעהן דענסטמאָל! דאָס פּנים האָט איהם געפלאַמט און די אויגען זענען איהם פערלאָפען פון טרעהרען.

— וואָס איז דיר מיין זוהן? — פרעג איך איהם שטאַרק גערירט?

און ער זיפצט און זאָגט עפּעס מיט פאַרדראָס:

— וואָס פרעגסט דו מיך? ווייסט דען ניט אַליין, אַז איך געפין מיך דאָרט צווישען פיינד? געגוג האָבען זיי מיר געטאָהן אין דער גאָל בּיז אַצונד, און היינט האָבען זיי מיך געפּייניגט נאָך מעהר, אויסוואַרפענדיג מיר עפּעס אַ מעשה מיט בּלוט אין די מצות, אין דעם יום־טוב פּסח. וואָס לויט זיי זאָגען איז דער דאָזיגער יום־טוב בּיי יודען טאַקי היינט...

ווי אַ דונער האָט מיך געטראָפען, אַזוי בּין איך געוועזען צומישט הערענדיג אַזוינס, און ניט געקענט אַרויסבּריינגען פונ'ם מויל קיין וואָרט. געפיהלען פון רחמנות, פון שאַנדע און חרטה האָבען ווי דער ים געשטורעמט אין מיר, און די נשמה מיינע האָט עס געוואָרפען פון איין חוואַליע צו דער אַנדערער נאָר אומצוקומען פאַר גרויס לייד!

איך פיהל די צרות פון מיין זוהן, פיהל זיין בּיטער געמיטה און דאָס האַרץ מיינס פּלאַגט מיך און זאָגט: דיין זוהן'ס דאָזיגע צרות האָסט דו דאָך, דו, איהם אָנגעמאַכט, דיר האָט ער דאָך זיי צו פערדאַנקען! דו האָסט אַוועקגענומען אַ נפש פון זיין פאָלק, עס זאָל זיך דערמיט ניט אָנגעהערען, נאָר מיט דער מענשהייט אַליין, ניט צו בּערעכענען זיך אַז מענשהייט איז אייגענטליך ניט מעהר ווי אַ וואָרט. אין דער וועלט זיינען בּאמת דאָ נאָר נאַציעס, פעלקער, און דער סך־הכּל פון זיי, פון די אַלע פעלקער אינאיינעם רופט מען מענשהייט. עס קומט אַזוי פיעל אוים קרום ווי איינער, אַ שטייגער, זאָל זאָגען, בּוימער איז בּיי מיר גאָרנישט, וואָס געהט מיך אָן אַ בּוים? דער עקר איז בּיי מיר דער וואַלד!... דאָס האָסט דו דיר איינס, און צווייטענס, לאָז שוין זיין אַפילו אַזוי, מענשהייט — איז דאָך די קשיא. פאַר וואָס איז בּיי דיר אויסגעקומען, אַז דער וועג צו דער מענשהייט געהט דוקא אָט דורך דער נאַציע, וועלכע דו האָסט פאַר דעם זוהן דיינעם אויסגעקליבּען, און דורך ד י י נ ע ר, חלילה־וחס! קאָן מען גאָר פאַרקריכען קיין בּויבּעריק?... זעה נאָר, דיין זוהן, פאַר וועלכען דו האָסט געזוכט דאָס גליק ניט אין דיין פאָלק, זעה וואָס פון איהם איז אַצונד געוואָרען! וואו איז זיין גליק, וואו איז זיין נחת? פון זיין פאָלק איז ער אָפּגעריסען און פונ'ם פרעמדען פאָלק ניט אויפגענומען, הענגט ער דאָך נעבּיך אין דער לופטען — און פאַרפינסטערט איז איהם זיין וועלט געוואָרען נאָך גאָר אין דער יוגענד! יודישע קינדער פון קליינערהייט אויפדערוואַקסענע צווישען זייער פאָלק, אין דעם גומען יודישקייט. זיי ליגט גוט אין טעם יענע מנהגים, צערעמאָניעס און פיעל אַנדערע זאַכען אַזעלכע אין דעם פאַמיליען לעבּען און אין דעם כּלל יודישען לעבּען, וואָס פאַרזיסען זייער יוגענד און פאַרווירצען זייערע

טעג און יאָהרען ביז העט אין דער עלטער. דערמאָהן זיך, אין דיין יונגער, דערמאָהן זיך, אַ שטיינער, אין דעם סדר פסח, ביי דיינע עלטערען אין הויז! די שכינה פשוט האָט דאָך דענסטמאָל גערוהט אויף איטליכער זאַך דאָרט — אויף דעם שעהן־געגרייטען טיש מיט די כוסות, אויף דעם טאַטען, אויף דער מאַמען און אויף די קינדער אַרום טיש, און דו אַליין האָסט דאָך געשיינט, געלויכטען, זיך געשמאָלצען פאַר גרויס פרייד. דערמאָהן זיך, ווי דאָס האַרץ פלעגט זיך דיר פרעהען בשעת די ימים־טובים, וויפיעל נחת, וויפיעל פערגעניגען איטליכער יום־טוב האָט דיר פערשאַפט. און היינט — היינט איז דער יום־טוב ביי דיר גאָר ניט, וואָכעדיג, און דיין זוהן איז געוואָהר געוואָרען. אַז ביי יודען איז היינט פסח פון „ז י י״... אומגליק־ליך איז דיין זוהן, וואָס ביי פרעמדע איז ער אַ יוד, נאָך אומגליקליכער אָבער, וואָס ביי יודען איז ער אַ פרעמדער!!

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, ברודער, ביטער און זויער איז מיר געווען צו יענער צייט! מיין זוהן ליגט אויפ'ן בעטעל, דער'הרג'עט, דערשלאָגען צו־ליעב מיינע זינד, און איך שטעה בבושה וחרפה, שלאָגענדיג מיך אָשמנו, ביים דאָזיגען קרבן — און דאָס האַרץ, אוי, טהוט מיר וועה!...

היינט אַז איך דערמאָהן מיך דערינען, וואונדערט מיך אויף זיך אַליין, ווי אַזוי האָב איך מיך איינגעהאַלטען, טאַקע באַלד ניט צו פאַרריכטען דעם פעהלער, וואָס איך האָב געמאַכט אין מיין זוהנ'ס ערציהונג, אוים רחמנות אויף איהם און אויף מיין כבוד טאַקי אויך. ניט מעהר די דאגת הפרנסה, וואָס פיקט אין מוח, פאַרשלאָגט די געפיהלען פונ'ם האַרץ, און אַלסדינג ביי מיר האָט זיך געפיהרט אויף דעם שטייגער ווי פריהער. נאָר דאָס, וואָס איך האָב ניט געטאָהן, האָט געטאָהן די צייט.

עס האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז דער לעהרער פון היסטאָריע, אַ המן איז זיך געזעסען איינמאָל אויף דער קאַפעדרע זאָגענדיג דעם שיעור פאַר די תלמידים, פלוצים טראָגט איהם אונטער דער רוח אַ סמארע צו מאָהן מיט דער נאָז און זאָגען: עס שמעקט דאָ שטאַרק מיט קנאָבעל! אַלע אוינען, וויפיעל עס זיינען געווען אין קלאַס, ווענדען זיך צו מיין זוהן, אָנקוקענדיג איהם מיט שפּאָט, און דאָס פּנים זיינס מינעט זיך איהם נעביך פאַר בושה. ער קען ניט אויסהאַלטען, שטעלט זיך אויף און זאָגט עפּעס אַ וואָרט אַקעגען דעם לעהרער. קורץ, עס ווערט איהם ניט געשיינקט — מען שטופּט איהם אַרוים פון גימנאַזיע.

איך האָב זיך מישב געווען, ווי באַלד אַרויסגעשטופּט זאָל זיין אַרויס־

געשמופּט, מעהר ווייל איך שוין ניט שוואַרצען דאָס פּנים פאַר די לעהרער, פאַר דעם גאַנצען פּעקעל עשׂרת בּני המן, מיט געבעט, מיט מתּנות, ווי דער שטיינער איז, מיין זוהן זאָל ווייטער אין גימנאַזיע אַריינטרעטען, לאָז ער בּלייבּען בּעסער אין דער היים, און דאָ אויסלערנען די תּורה, וואָס איז נויט־היג אויף אַריינצוגעהן אין אוניווערסיטעט. איך האָב איהם אָפּגעגעבּען אַ בּעזונדער שטיבּעל, אין גאַנצען פאַר זיך, כּדי ער זאָל דאָרט קענען לערנען, אַרבּייטען פריי, אומגעשטערט.

צו מיין זוהן אין שטיבּעל האָבּען אָנגעהויבּען אַריינצוקומען עפּעס נייע חברים זיינע, מיט וועלכע ער פלעגט זיך אונטערהאַלטען בּשעת אַ פרייע צייט פון דעם לערנען. פריהער איז די צאָהל זייערע געווען ווייניג, דערנאָך איז די צאָהל פון די חברים געוואַקסען אַלץ מעהר, און קומענדיג צו איהם עפּ־טערס, פלעגען זיי מאַכען צווישען זיך עפּעס אַ שמועס, האַמפּערענדיג, שפּאַ־רענדיג זיך מיט אַ ליאַרם, אַ געשריי. צווישען די דאָזיגע חברים האָבּען זיך געפונען שילער פון אַלערליי שולען, קלויזניקעס, ישיבה־בּחורים און גלאַט אַזוי זיך בּחורים — קאַפּאָטעס און מונדירען מיט מעשענע קנעפּלעך, קאַשקעטלעך, קאַטערוכעס, היטלעך מיט הערבּען אויסגעמישט אינאיינעם. מיר זענען די אַלע חברה־לייט ניט געווען צום האַרצען. איך האָב איבּערגעטראַכט, צו זענען זיי אפשר ניט פון יענע, וואָס ווילען פאַרבּעסערען די וועלט, קען דאָך, חס־ושלום, מיך טרעפען איין אונגליק דורך זיי. איך געדיינק דאָך נאָך די אַמאָליגע יונגע לייט אין אונזער צייט, וואָס זיי האָבּען געוואָלט און וואָס פון זיי נעבּיך איז געוואָרען. אַ טהייל זענען געזעסען, אָפּגעקומען אין תּפיסה, אַ טהייל זענען פערשיקט געוואָרען אַזש וואו דער שוואַרצער פּעפער וואַקסט דאָרט, און אַ טהייל האָבּען הונגעריג, עלענד זיך אַרומגעבּלאָנקעט אין דער וועלט. אויך מיר, געדיינקסטו, פלעגען זיך צונויפקומען אַמאָל מיט דער דאָ־זיגער קאָמפּאַניע און שיער שיער זענען מיר אויך ניט אַריין אין אַזאַ צרה. פאַר אַ געשלאָגענעם הונד — איז דאָ אַ ווערטעל — טאָהר מען קיין שטע־קען ניט ווייזען. דעריבּער, אַז איך האָב דאָ געזעהן די חברה יונגע לייט קומען אָפּט צו מיין זוהן, האָט אויף מיר תּמיד געציטערט די הויט. אַ מינד־סטער שאָרך האָט זיך מיר געדאַכט ווי טריט — האַ־האַ, מען געהט!... די מלאכי־חבלה קומען בּדקעווען בּיי מיר אין הויז.

זאָגען־זשע מיין זוהן, אַז איך וויל ניט ליידען, די דאָזיגע חברים זיינע זאָלען קומען צו איהם, דאָס האָב איך ניט געוואָלט. גאַנץ פּשוט, ווייל מיין זוהן איז שוין אַרויס פון די קינדערשע שיכלעך און האָט שוין זיין דעת, הייסט אַז איך וועל מיט איהם אָנהויבּען מיט בּייזען וועט ער מיך ניט הערען.

בֿפֿרט נאָך, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, איז ער שוין פֿון לאַנג בײַ זיך אין האַרצען געווען אויף מיר עפּעס אַביסעל אָנגעדרודעלט. אַ חוץ דעם האָב איך מיך בֿעטראַכט, פֿיעל בעסער איז פֿאַר מיר מיט מײַן זוהן, אַז די חבֿרים זאָלען געהן צו איהם אײדער ער זאָל געהן צו זײ. מען בֿעדאַרף נאָר שטילערהייט גוט אַכטונג געבֿען אויף איהם אַזוי אַז ער זאָל עס ניט בֿעמערקען.

און אַזוי טאַקע האָב איך עס געטאָהן.

אַז מײַן זוהן איז אײנמאָל געגאַנגען מיט חבֿרה שפּאַצירען, האָב איך מיך אַרײַנגעחאַפּט צו איהם אין שטיבעל, איבערגעקוקט דאָרט דאָס שאַפּ־קעלע מיט די ספֿרים און אַלע האָבען זיך דערוויזען כּשר. טהו איך דערנאָך אַ בֿליק אויף'ן טיש און דערזעה אויף איהם דרײַ ספֿרים און אײנס אַײן אָפֿען ביכעל. איך קוק מיר צו בֿלײַב איך פֿאַרגאַפֿט — איך געפֿין אַזוינס וואָס מיר האָט קײנמאָל ניט געקאָנט גאָר אַײנפֿאַלען! צוויי ספֿרים, הערט אַ מעשה, זענען פֿון די הײליגע נבֿיאים, אײן ספֿר איז עפּעס אַ מעטהאָדע, אַלע אויף לשון קודש, און אין דעם ביכעל שטעהען פֿאַרשריבֿען לשון קודש'דיגע ווערטער, פֿאַרטײַטשט אויף רוסיש — און די האַנדשריפֿט איז מײַן זוהן'ס!... הײסט דאָס אַ פּנים, אַז פֿאַדרײַ האָט זיך גענומען צו תּנ"ך, צו לשון קודש. נאָר פֿון וואַנען קומט צו איהם אַזוינס און ווער איז דאָס דער רבי זײַנער? טאַ! מאַך איך, ס'איז ניט צו פֿערשטעהן, מען בֿעדאַרף עס איבערלאָזען דער צײַט.

עס האָט ניט געדויערט לאַנג, קומט מײַן זוהן צו מיר מיט אַ בקשה, איך זאָל איהם ניט אָפּזאָגען, פֿאַרבעטען צו מיר אין הויז, מאָרגען אין אָבענד אַײן עולם מענשען פֿון זײַנע בעקאַנטע, דענסטמאָל איז געווען חנוכּה. אָך, האָב איך געזאָגט, מיט דעם גרעסטען פֿערגעניגען! איך וועל נאָך מאַכען פֿאַר דעם עולם אַ קערמישעל אויך, טראַכטענדיג בײַ זיך, אָט לאָזען יודישע קינדער זיך שפּילען חנוכּה אין קאָרטען, ווי דער שטײגער איז, און אַגבֿ טאַקי וועל איך אָנשמעקען, וואָס פֿאַר אַ מיני מענשען זענען זײ. דאָס ווײַבֿ מײַנס איז צופֿריעדען געווען דערמיט און צוגעגרײט אַ מאָהל־צײַט פֿון דער פֿולער האַנט. וואָס זאָל איך דיר זאָ־גען, מײַן ליעבֿער, בײַ מיר אין הויז איז נאָך קײנמאָל אַזאַ שמחה ניט גע־ווען ווי אין יענעם אָבענד. דער גרעסטער טהײל עולם איז בעשטאַנען פֿון יונגע לײַט: בחורים און מײדלעך, גימנאַזיסטען, סטודענטען און קלויזניקעס, אָרעם און רײַך אַלע גלײַך. אַלע צווישען זיך פֿרײַנדליך, ליעבֿליך, לעבֿ־

דיג, פרעהליך טאַקי פונ׳ם האַרצען, און עס שיינט זיי, לויכט זיי דאָס פנים.

אין זינען האָבענדיג מיינע געסט האָב איך מוחל געווען אויף מיין כבוד, אַנידערצוזעטצען זיך אויבענאָן אויף אַ שטוהל, נאָר וואָס דען, איך האָב מיך אַרומגעדרעהט, אַרויס, אַריין, זעהען, ווי אַ בעל הבית, אַז אַלסדינג זאָל געטאָהן ווערען ווי געהעריג. דעריבער בין איך ביים אַריינקומען אין שטוב געבליבען פערוואונדערט, זעהענדיג ווי דער עולם רעש׳ט זיך דאָ אַזוי שטאַרק און פאַטשט מיט די הענד. איך שטעה, בעטראַכט מיך אַ ווײלע און פערוואונדער מיך נאָך מעהר — הער אַ מעשה, פאַדיי שטעהט און דרשה׳ט פאַר׳ן עולם, און אַלע שרייען איהם בראַוואָ!

— דער סוף פון דער דרשה זײַנער, וואָס איך האָב זוכה געווען צו הע־רען, איז אַזוי:

„משיח — זאָגט פאַדיי פאַרפּלאַמט און דאָס קול זיינס קלינגט ווי אַ גלעקעל — משיח דאָס איז דאָס העכסטע אידעאַל, וועלכע דאָס פאָלק שטעלט זיך פאַר, דער תכלית זיינער הייסט עס, וואָס דערהאַלט איהם ביי דער נשמה אין דער וועלט. אין משיח׳ן זעהט דאָס פאָלק אַ קוואַל פון לעבען און ליכט, פון גערעכטיגקייט און יושר, פון פריעדען און גליק. און די איינענע מעשה, וואָס מיט דער זון איז און דער ערד, דאָס איז אויך מיט משיח׳ן און דעם פאָלק. די ערד, ווי מיר ווייסען, שטעהט דאָך ניט אויף איין אָרט, נאָר וואָס דען, זי געהט, און דורך איהר גאַנג, אומקעהרענדיג זיך מיט דעם פנים צו דער זון וואָס שטעהט, בעקומט זי פון איהר דאָס ליכטיגקייט — אַ שעהנעם גוט מאָרגען, אַ גוטען טאָג! אַי וואָס מען זאָגט: די זון געהט אויף, די זון פאַרגעהט, דאָס זאָגט מען נאָר גלאַט, ווייל עס דאַכט זיך אַזוי. באמת אָבער איז גאָר פאַרקעהרט: דער זון זאָגט מען און די ערד מיינט מען. אָט דאָס טאַקי איז אויף משיח׳ן מיט׳ן פאָלק אויך געזאָגט געוואָרען. אַ פאָלק, וואָס שטעהט גאָר נישט צו טאָהן, און וואַרט, האָפט אויף משיח׳ן ער זאָל צו איהם קומען, קען עס אפשר טאַקי דיענען איהם, דעם פאָלק הייסט עס, פאַר אַ בעוויז, אַז ס׳איז נאָך דאָ אין איהם אַ פונק לעבען. אָבער מ׳שטיינס געזאָגט אַזאַ לעבען! אמת לעבען קען עס נאָר, סיידען עס זאָל זיך ניט פוילען, און מוחל זיין, אַליין מיט זיין כבוד געהן צו משיח׳ן. וואָס מעהר אַ פאָלק פלייסט זיך צו פאַרבעסערען זיין שטאַנד, צו פאַרגרעסערען זיין קאַפּיטאַל פון מדות טובות און קרעפטען זיינע, וואָס זענען איהם גע־געבען געוואָרען אַ מתנה פון זיין ליעבען נאָמען; וואָס מעהר עס טהוט זיך אָן אַ כח בייצוקומען אַלע שטרויכלונגען, וואָס ליגען איהם אויף׳ן וועג און עס געהט, געהט אַלץ העכער — מעהר נעהענטער ק ו מ ט אַזאַ

פאָלק צום ציעל און עס הייסט, משיח, דער דערלעזער זיינער איז איהם געקומען!...

ראיות דאַרויף איז אין דער וועלט־היסטאָרי דאָ איבערגענוג. איז נאָך־הענם צו איהר ציעל אַ נאַציע צוגעקומען, ווערט זי אויפגעקומען. צו זיין אַ נאַציע איז נאָר יענע ווערטה, וואָס קען, ווייסט איהר ווערטה. דאָס איי־גענע איז אויך מיט אונז יודען. דאָס דערצעהלט אונז היינט גאַנץ קלאָהר אונזער יום־טוב חנוכה, וואָס מיר מאַכען לכבוד אונזערע גבורים די חשמונאים אין וועלכען די ליעבע צום פאָלק, די ליעבע צום יודישקייט האָט ווי אַ פייער...

נאָר איידער נאָך פאַדיי האָט אויסגעפיהרט אין גאַנצען, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, איז די שטוב פול געוואָרען מיט אַ רעש, אַ געפּליעס־קעריי, אַזוי אַז עס האָבען געציטערט די ווענד. מיין ווייב זאָל געזונד זיין, שמעלצט זיך פאַר פרייד, ווערט ברייטער ווי לענגער. הערענדיג ווי מען לויבט אין טאָג אריין איהר זוהן. איך האָב אויך געגאָסען כבוד אין זיין זכות. דער עולם גיט מיר די הענד מיט אַ ווינשעניש, ווי ביים אָפּגעבען אַ מזל־טוב, זאָגענדיג: הלואי ווי ער אַ סך אַזוינע ביי יודען! און איך שטעה, ווי אַ תם, חאָטש נעהם מעלק מיך אוים, שטעה און מאַך מיט די אַקסלען, טראַכטענדיג ביי זיך: „וואָס פיר אַ גרויסער גאָט דו ביזט, רבונו של עולם! און ווי גרוים זענען די וואונדער דיינע. וואָס דו טהוסט אין דיין וועלט!" ווער וואָלט זיך עס גערעכט אַז פאַדיי, ער — אַ געבוירענער „אַסימיליאַטאָר", פרענגט איהם בחרם וואָס יודען, וואָס יודישקייט, אַ יודיש אות האָט ער קיינמאָהל אפילו אין די אויגען ניט געזעהען, ער זאָל שטעהן אַזוי פאַר זיין נאַציע, פאַר כלל ישראל; זאָל זיין אַזוי פאַרקאָכט פאַר'ן יודישקייט און זאָל דרשה'נען אַזוי ווי אַ למדן!

נאָך פיעל אַנדערע האָבען געהאַלטען רעדעס אין יענעם אָבענד. דאָס אויפלעבען אויף דאָס ניי פּונ'ם יודישען פאָלק — דאָס איז איטליכען געלע־גען אין מויל, דערינען זיינען אַלע געווען איינס, נאָר אין די וועגען, ווי אַרום צוקומען דערצו, האָבען די מיינונגען זיך געטהיילט, איטליכער איז זיך געגאַנגען מיט זיין דרך, מאַכענדיג צונישט דעם אַנדערען, איז דערפון אַרויס־געקומען אַ שפּאַרעניש, אַלע האָבען זיך געהיצט, געווען פלאַם פייער.

איינער, עפּעס אַ צוטראָגענער, וואָס דער ישיבה־בחור ליגט איהם אויף'ן פנים, אין אַלע זיינע געננ; רעדט אויף אַ קוויטש, אויפשטעלענדיג דעם גראָבען פינגער, און אויסברייענדיג משל לעמעשקע ווי אַ חריף, אַ בעל־

מוח — חאפט זיך ארויף אויף מיין זוהן מיט א געדראנג און גמרא ניגון:

— ווייל זרחי, זאגט ער, לאזט מיך הערען אלץ פאלק, יודישקייט וכדומה, איז דאך די משמעות, אז ער האלט ווי יענער מאן־דאמר, וואס דער עיקר איז ביי איהם דאס... קולטורע, חכמת ישראל, מיין איך, און ציון איז לאו דוקא. משיח איז נאר דאס... און דאס קען דאך קומען אומעטום דאס... איז דאך געדרונגגען אז ער איז ניט קיין ציוניסט, ניט דאס, נאר א דאס, א לאומי, א נאציאנאליסט מיין איך!

פלוצים קומט אונטער נאך איינער, עפעס ווי פון דער זייט, און פריש, געזונד און משוגע טהוט ער זיך א זאג:

כדי צו ראטעווען דאס יודישקייט, דאס שריפטליכע ווי דאס מינדליכע, האק־און־פאק מיט די אלע היילינגע ספרים, וואס דערפון אייגענטליך האט זיך גענומען דער יודישער פאלקס־גייסט, אדער, ווי הייסט מען עס, נאציאנאליטעט, פראסט געזעדט, דער יוד מיט די ביינער — איז אויב נאר עס איז געמאהלט א בעזונדערע יודישע מדינה קען זי געמאהלט זיין וואו מען וויל, נאר נישט אין ארץ־ישראל. א מדינה א לייטעשע, ווי עס בעדארף צו זיין, איז אונמעגליך היינט צו גרינדען אויף יענע געזעץ און מצוות, וועלכע זיינען געווען צוגעפאסט צו יענעם שטייגער לעבען פארצייטענס, וואס איז משונה ווייט, ווי הימעל פון דער ערד, פונ׳ם שטייגער לעבען אין היינטיגער צייט. דעריבער איז, גרינדען א לאנד אין ארץ־ישראל און נישט האלטען א סך זאכען, אויך די מצוות, וואס געהערען זיך אן על־פי־דין מיט דעם לאנד, הייסט דאך אזוי פיעל, ווי פארבויגען די תורה׳לע, אפזאגען זיך דערפון. פיעל זאכען אזוינע, ווי תפלות ובקשות און מנהגים אין דעם לעבען, סיי אין שוהל, סיי אין דער פאמיליע, וואס האבען אריינגעוועצט אין דעם פאלק א יודישע נשמה, א יודיש הארץ מיט בעזונדערע יודישע געפיהלען, וועלען דאך מוזען אין דעם לאנד אויפהערען, ניט צו קענען גאר פאר׳ן מויל געבראכט צו ווערען. קומט דאך אויס, אז דאס אויפלעבונג פון׳ם לאנד איז א טוידט פאר ישראל. אנגענומען אפילו, אז ישראל וועט דארט אויפשטעהן תחית־המתים, נאר עס וועט דאך אבער זיין גאר איין אנדערער, א נייער ישראל, ניט די תורות, ניט דער פאלקס־גייסט, ניט די געפיהלען, עפעס גאר איין אנדער מין בריה, ניט דער אייגענער וואס פריהער, און מיט אזא תחית־המתים איז א מענש ניט צופריעדען. איטליכער וויל, ער זאל בלייבען דער אייגענער, אזוי ווי ער איז, אויף תמיד. אינו־דומה אין חוץ־לארץ קען דער יוד זיך גרינדען א לאנד אויף דעם שטייגער פון היינטיגער צייט,

ניט עובר צו זיין דערמיט אויף די געזעטצע פון זיינע תורות. ער בעדארף זיך דערפון ניט אָ פ ז אָ ג ע ן נאָר עס ז אָ ג ע ן ווי אַ יהי רצון, אַזוי ווי מיר זאָגען היינט: „יהי רצון, עס זאָל זיין דער ווילען פאַר דיר גאָט אונזער גאָט פון אונזערע עלטערען דאָס עס זאָל זיין אונזערע רייד פון די לעפצען בּאַוויליגט צו פאַר דיר גלייך ווי מיר וואָלטען מקריב געוועזן דעם קרבן... גלייך ווי מיר וואָלטען מקריב געווען פאַר דיר די געווירצען... גלייך ווי מיר וואָלטען, וואָלטען און וואָלטען... דעריבּער...

— דעריבּער שאַ, שאַ! — איז אויף איהם אַרויף דער עולם פון אַלע זייטען מיט אַ געשריי אין מיטען די רייד, און ער האָט זיך ווי אַ קעצעלע אַרויסגערוקט, שאַ, שטיל.

מילא אין קאָרטען, ווי דו זעהסט, האָט מען ניט געשפּילט, מען האָט פערבּראַכט דעם אָבענד זעהר גוט, ריידענדיג אַלץ וועגען כלל ישראל. ווער פון זיי איז גערעכט, האָט געזאָגט גלייך, דרינגען געה איך ניט אַריין, מיר זענען איטליכענס רייד געפעלען, וויל זיי זענען הערצליך, אוים ליעבע צום פאָלק.

אַצונד ווייס איך שוין וואָס פאַרוואָס איז און ווער זיינע חברים זענען אַזעלכע. אומזיסט האָב איך זיי חושד געווען פריהער. ניט די וועלט פאַרבּע־סערען ווילען זיי נאָר דאָס פאָלק זייערס. זיי ווילען מיטהעלפען איינצוגעבּען דעם פאָלק אַ פרישען גייסט — ער זאָל אָנהויבען זיך צו קענען, צו פיהלען זיין כּבוד, זיין אייגענעם ווערטה און ניט צו פאַרלירען די האָפנונג זיינע אויף שפּעטער. ווילען אויך אויפרישען, אויפלעבען דעם פאָלקס אַלטע שפּראַך, די שפּראַך פון דער תּורה, פון זיינע הייליגע נביאים. ניט אומצו־וואַרפען זענען זיי אויסען, אדרבּה נאָר צובּויען, צו דערלעבען זעהן יודישע קינדער, זיטצענדיג ווי בּעלי־בּתּים בּיי זיך אין לאַנד. דאָס זענען פּונ׳ם נייעם שניט מענשען, פון וועלכע מי האָט ניט געוואוסט אין אונזער צייט. זיי זענען אויסען, צוציהען יודישע קינדער, יונגע צווייגעלעך אָפּגעריסענע פון דעם יודישען בּוים, און בּעהעפטען זיי בּרידערליך צוריק צו זייער פאָלק דורך ליטעראַטור, שפּראַכע און יודישע געשיכטע. די וואָס קענען יודיש, נעה־מען זיך אונטער בּיי זיי צו לערנען יענע, וואָס קענען ניט, איבּערגעבּענדיג זיי זייער תּורה מיט זייער גייסט. אָט די דאָזיגע לייט, זיי האָבּען עס געער־דישט פאַדייען און נאָך אַזוינע נפשות ווי ער, געבּענדיג זיי שטונדען אין דעם יודישקייט. און מיין זוהן׳ס שטיבּעל האָט זיי געדיענט פאַר אַ וואויל אָרט, אויף צונויפקומען זיך דאָרט, איבּער׳שמועס׳ען און בּעראַטהען זיך וועגען זייערע אינטערעסען.

היינט בעטראַכט זיך נאָר — לאָזט אויס זרחי זיין דערציילונג — די גבורות פון מיין זוהן, אז ער האָט געקענט צושטעהן אזוי צו זיין פאָלק! אזעלכע, וואָס פון קליינווייז אויף זענען זיי איינגעטונקט געווען אין יודיש־קייט און עלטערוועראָנדיג האָבען זיי זיך דערפון אויסגעטאָהן — אזעלכע, זאָג, איך, איז נאָך דאָ א האָפנונג, אז אפשר אין דעם זכות פון זייערע עלטע־רען, כשרה יודען, און אין דעם זכות פון דער תורה זייערער, מיט וועל־כער זיי האָבען זיך אָנגעזאָפט אין דער יוגענד וועלען זיי זיך צוריקכאַפּען צום יודישקייט. אָבער וואָס איז דאָ צו האָפען פון קינדער, וואָס די טאַטעס זייערע אַליין זענען אראָפּ פונ'ם וועג און פארפיהרט מיט זיך זיי, זייערע קינדער, ניט צו געבען זיי פארזוכען פונ'ם יודישקייט א לעק? אזעלכע אז קעהרען זיך אום צו זייער פאָלק איז ווירקליך טאַקי א גרויסער נס, וואָס טרעפט זיך זעהר זעלטען. ביי פאַדייען איז נאָך גרעסער דער נס, וואָס ניט געגוג ער אַליין האָט זיך צוריקגעקעהרט האָט ער נאָך צוגעצויגען אויך מיך, דעם טאַטען זיינעם!

אויך דאָס מוז איך דיר זאָגען, אזוי ווי דער תשובה טהאָן פאַדיי'ס וואָס איז ניט ערצויגען געוואָרען יודישלעך ווי איך, איז חשוב'ער פון מיינס, פונקט אזוי חשוב'ער פון מיינס איז אויך דיין תשובה טהאָן: איך אליין בין דאָך ניט געוואָרען א בעל־תשובה ערשט נאָך דעם אז איך בין געקומען צו אזוי פיעל חרפות־בזיונות, געגוג האָבען שונאים משונה ווילד געביך געאַרבייט, אריינגעלעגט אין מיר אזוי פיעל מיהע ביז זיי האָבען מיר געמאַכט פאַר א יודען, און דו האָסט א גרויע האָר דערזעהען, אָט דאָס האָר פון דיין פאָטער, ביזט דו באַלד איבערגעביטען געוואָרען. דאָס וואָס אזא האָר האָט געווירקט אויף דיר אין א רגע, האָבען שונאים געווירקט אויף מיר ערשט נאָך א צייט מיט יאָהרען. — כבוד, גרויס כבוד דיר, ליעבער פריינד! כבוד, גרויס כבוד דעם טאַטען דיינעמס גרויע האָר!...

— כבוד, גרויס כבוד דעם זוהן דיינעם! — האָט כרפס אָפּגעענט־פערט שטאַרק געריהרט — כבוד, גרויס כבוד אויך די חברים זיינע, יונגע לייט, די שוועלבעלעך, וואָס ברייגגען די בשורה פון א וועסנע, די בענייאונג, די אויפלעבונג פון אונזער פאָלק! — — —

א געשמאַק דערקוויקענדיג ווינטעל האָט זיך שטיל שוועבענדיג אַריינ־געגנב'עט אין צימער דורך דעם אָפענעם פענסטער צום גאָרטען צו. די ביידע פריינד האָבען איבער דאָס געשפּרעך, קעהרען זיך אום מיט דעם פנים צום גאָרטען, איינגעהמענדיג גרויס פערגעניגען פונ'ם ערשטען סמן לעבען, וואָס די וועלט ווייזט אַרויס, פונ'ם ערשטען ריהרען זיך איהרם ביים

אָנהויב ווערנע נאָך אזא לאַנגען, שטאַרקען ווינטער־שלאָף. קוים קוקען אַרויס פון דער ערד יונגע גרעזעלעך, קוים פּוקען זיך די בוימער. נאָך נאַקעט, אָהן אַ מלבוש פון גרינע בלעטער — קלינגט שוין דאָס לעבענס־ליעד אין דער גאַנצער וועלט! אָט דאָס ליעד האָבען געזונגען היינט לעבע־דיג, פרעהליך די פייגעלעך צווישען צווייגען; זשאַבעס אין קאַליוזשעס, טייכען; פליגען, בינען ביים אַרויסקריכען פון לעכער, שפּאַלטען. די זון איז היינט אַרויס פון איהר פוטער־פּאַס פרעהליך, אָנקוקענדיג די ערד מיט איהר ליכטיג פּנים, זי געקושט ליעבליך, ווארעם, ווי אַחתן אַ כלה — האָט זי, די ערד, זיך גאָר מחיה געווען, זיך גענומען אָפּרייניגען פון׳ם גאַנצען שמוץ, פון די אַלטע פערפוילטע געוועקס איהרע און צוגרייטען זיך נייע, גוטע, שעהנע זאַכען צו דער חתונה איהרער למזל־טוב. אָבענד האָט זי זיך איינגעהילט אין אַ טונקעלען דעקטוך מיט העלע זילבערנע פליטערלעך פון׳ם שיין פון דער לבנה און איינגעדרימעלט מיט זיסע גוטע האָפנונגען אויף מאָרגענ־דיגען טאָג.

ווערנע אין אַ גוטע מזל׳דיגע שעה!

זרחי הויבט זיך אויף פון׳ם אָרט און קלייבט זיך געהן צו זיך אין איינפאָהרהויז.

— צו מיר מאָרגען אויף וועטשערע — בעט כרפס דעם חבר זיינעם, געבענדיג איהם די האַנד.

— „אויף וועטשערע" זאָגסט דו, און ניט צום סדר?!

— יאָ, ליעבער זרחי, טאַקע אַזוי, און עס טהוט מיר זעהר באַנק וואָס איז אַזוי. פון׳ם גאַנצען הארצען וויל איך מאַכען אַ סדר צוליעב מיר און מיינע קינדער, וואָרום קיין זאַך פאַרזיסט ניט אַזוי דאָס הויזליכע לעבען, זעצט ניט אַריין אַזוי פעסט דאָס יודישקייט אין די קינדערשע הערצער ווי די ימים־טובים. נאָר וואָס זאָל איך טהאָן אַז דאָס הויז — דאָס איז דאָס ווייב, און דאָס ווייב מיינס, דו קענסט דאָך זי, איז ניט פון יענע ווייבער, וואָס לייענען תחינות, זי האַלט עפּעס ניט פון׳ם יודישקייט.

— נאָר ניט געזאָרגט, כרפס מיינער! נאָך היינט געה איך צו דיין ווייב און ניב איהר אַ שטונדע אין יודישקייט. מעגסט זיך, נישקשה, אויף מיר פאַרלאָזען, אַז איך וועל זי יודישען. און מיר וועלען אם־ירצה־השם עסען מצה, מרור און חרוסת, פיש, קניידלעך און אַלע יודישע מאכלים. צו דיר ליעבער כרפס, מאָרגען צום סדר בעט איך דיר, צו דיר אין הויז.

*　*

*

און אַ סדר האָט מען אָפּגעריכט בײַ כּרפּס'ן אין הויז זעהר אַ שעהנעם, אַ כּשר'ן טאַקי ווי זרחי האָט געזאָגט. דער טיש איז געװען געגרייט מיט אַלע צערעמאָניעס ווי געהעריג. כּרפּס דער מלך איז געזעסען אויף דער עסבּעט גאַנץ געהויבען, דאָס ווייב, די מלכּה איהם צו דער רעכטער זייט. זרחי ווי אַ משנה-למלך — צו דער לינקער זייט, און אין שטוּב איז געװען ליכטיג, פרעהליך, דאָס קליינוואַרג וואונדערט זיך, איינס דעם אַנדערען פרעגען: מה נשתּנה, פאַר וואָס איז די נאַכט געוואָרען עפּעס פערענדערט פון אַלע אַנדערע נעכט? ווינשענדיג זיך — הלואי תּמיד זאָל זיין אַזוי. און די גרויסע זאָגען די הגדה ווי מען איז דערלעזט געוואָרען פונ'ם גלות-מצרים, ווינשענדיג זיך, הלואי, רבּונו של עולם, דערלעזט צו ווערען פונ'ם היינטיגען גלות — און לשנה הבּאה בּירושלים.



# ספר הגלגולים

### וואו דער מחבר בעשרייבט באריכות די אלע גלגולים, אין וועלכע ער האט בעדארפט, כמנהג יוד, מגולגל ווערען ביים לעבען פון איינעם אין דעם אנדערען.

---

דער מחבר פונ'ם „ספר הגלגולים" הויבט אָן צו דערצעהלען אָט מיט די ווערטער:

ויהי בימי אַכילת קעסט, שימת בנים וישיבת בית-מדרש — און עס איז געווען, נישט-דאָ-געדאַכט, אין דער צייט ווען בעלי-בית'ליך האָבען גענעסען קעסט, געקינדעלט און געזעסען פערלעגט די הענד אין בית מדרש. איך זאָג, זאָגט ער, נישט-דאָ-געדאַכט דעריבער, ווייל וואו ויהי, זאָגען די חכמים, איז אַ צרה. די צרה אונזערע איז, וואָס בעלי-בית'ליך אין יענער צייט זענען, חוץ אין זייער זאַך, נישט אַזוי קלוג געווען ווי די דאָזיגע אין היינטיגער צייט. זייער איינענעם תכלית צו פערזאָרגען קענען אמת די היינטיגע ווי די אַמאָליגע נישט. און טויגען טאַקע נישט; גאַנץ פשוט, ווייל דערצו זענען נויטהיג אַזעלכע זאַכען, וואָס ביי בטלנים זענען זיי, בעוונותינו-הרבים, נישטאָ, פריהעריגע אָדער שפּעטערדיגע אַלץ איינס, און בעשולדיגען זיי דערפאַר עפּעס זיך קיינעם נישט דאָס מויל. וואָרום עס וואָלט געווען ווי אַ לועג לרש, שפּעטען פון אַ קבצן, פאַר וואָס מאַכט ער עס נישט פאַר זיך עפּעס אַ גרויס געשעפט, אָדער פון אַ שטומען, פאַר וואָס רעדט ער נישט, פון אַ געלעהמטען פאַר וואָס טאַנצט ער נישט, און פון אַ געפּוינטען פאַר וואָס הויבט ער נישט אויף דעם קאָפּ. אָבער נישט צו טויגען פאַר זיך — אַזוי טענה'ן די היינטיגע — האָבען י ע נ ע דאָך נישט געטויגט אויך אַ קאַץ אַנ'עק צובינדען, דאָס מיינט מען די כנסת ישראל, פאַר איהר אין גאַנצען זיך אָוועקלעגען. נישט צו קענען פער-

זאָרגען דעם איינענעם תּכלית, האָבען י ע נ ע, אז אָך־און־וועה צו זייער קאָפּ, צו זייער לעבען, נישט געטראַכט, נישט איינגעלעגט אַ וועלט צו פערזאָרגען כּל־ישׂראלים תּכלית!... זיי האָבען געפּוילט, געד שימעלט, נישט געמאַכט קיין חבריות, קיין כּנופיות; נישט געפּרובט צונויפקומען זיך אויף אסיפות, אויפ'ן אָרט טאַקע, אָדער דורכצופּאָה־רען זיך אָפּטערס, עס פערשטעהט זיך, נישט אויף זייערע הוצאות, אהין אהער. פיס האָבען זיי געהאַט, נישט אויף צו געהן; אַ מויל, מ'שטיינס־געזאָגט, האָבען זיי געהאַט, נישט אויף צו ריידען, צו האַלטען דרשות. אַזוי פוילען זאָלען אַלע אונזערע שונאים ווי זיי! וואָס האָבען זיי פערשטאַנען, וואָס האָבען זיי געוואוסט?... אַקציעס? — ניין! פאָנדען? — ניין! קולטוריאָ? — מכּות! וואָס־זשע דען? גאָרנישט! מען האָט גענענעצט, געדאַווענט, געבעבעט, אָפּגעריכט חצות, געזאָגט קינות, סליחות, מ'שטיינס־געזאָגט אַריינגעקוקט, געלערענט, און זיך אויסגעלעד רענט זיין צוּבראָכענע גלות־יודען מיט זייער שעהנעם, קנאַקענדיגען „מה־יפית". — וּמפּני חטאינו, אָט פאַר די דאָזיגע זאַכען איז דער צאָרן אויף י ע נ ע נעבּיך אַזוי אויסגעגאָסען געוואָרען. ראשית חכמה און סוף חכמה היינט בּיי קינדער איז אַ פּאַטש די טאַטעס, י ע נ ע פון די פריהערדיגע צייטען. פע, הייסט עס, פע אַלטע, אַמאָלדיגע צייטען! אָט דערינגען בּעשטעהט עס די גאַנצע חכמה, טאַקע גאַנץ יודישלעך, אויף דעם שטייגער טאַקע פון איין עם חכם ונבון, אַ קלוג, פערשטענדיג פאָלק ווי מיר יודען זענען — און דאָס איז, אוי, טאַקע די צרה!...

נאָר נישט דאָס, זאָגט דער מחבּר, בּין איך אויסען.

און מען מעג עס איהם טאַקע גלויבען, וואָרום דער גאַנצער מיין זיינער דאָ בּאמת, ווי עס ווייזט זיך אַרויס צום סוף, איז טאַקע גאָר עפּעס אַנדערש.

איך בּין דאָ אויסען, זאָגט ער, צו דערצעהלען, וואָס מיט מיר איז פאָרגעגאַנגען אַמאָל אין יענער צייט, ווען איך בּין, ווי דער שטיי־נער איז פון איידעמס, געזעסען בּיי שוועהר און שוויגער אויף קעסט. דער שוועהר מיינער, אַ פראָסטער מענש, אַ שעהנער, יוסטער בּעל־הבּית האָט מיך, ווי אַ קאָרפּירער אתרוג'ל, אַ חשוב־בּחור'ל, אַ וואויל־לערנער, גענומען פון דער ישיבה פאַר זיין איינציגער געליעבּטער טאָכטער, איין אויג אין קאָפּ. וויפיעל איך בּין אַלט געווען צו דער חתונה, איז שווער צו זאָגען, ווייל אין דעם חשבּון פון מיינע יאָהרען איז איבּערהויפּט גע־ווען אַ פלאָנטעניש, נים אַרויסצוקריכען. די מאַמע מיינע האָט געדע־

כענט נאָך עפּעס אַ גרויסער שרפה, אָט דענסטמאָל איז זי מיט מיר געלעגען געוואָרען. די באָבע אָבער האָט עס גערעכענט נאָך עפּעס אַ בהלה, און די מוהמעס מיינע האָבען וועגען דעם געהאַט גאָר אַנדערע חשבונות. נאָר ווי די מעשה איז, אַזוי צי אַזוי, איך ווייס נישט מעהר, אַז צו דער חתונה איז ביי מיר געווען אַ גלאַט בערדיל, אָהן אַ חתימת־זקן, ווי ביי אַ יונגעל.

די ערשטע פּאָר יאָהר נאָך דער חתונה איז געווען קיין מעשה נישט . . . איך האָב געוואוסט נישט מעהר ווי דאַוונען, עסען קעסט און לערנען. נאַרישקייטען, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי אַ מענשען, איז מיר אין זינען נישט געלעגען — קיין קינד האָט מיין ווייב נאָך נישט געהאַט... די ערשטע צייט פּלעג איך מיר אַזוי קומען אַהיים אָפּעסען, אָפּטרינקען און גאָרנישט, נישט צו הערען אַ קרום וואָרט, נישט צו בע־מערקען אַ קרומע מינע. דערנאָך ווערט עפּעס אַ שטיקעל פערענדערונג, עס לאָזט זיך מיר פיהלען פון דער שוויגער'ס זייט עפּעס אַ קרימעניש, אַ בלאָזעניש, איך זאָל עס אָנהויבען צו פערשטעהן פאַר וואָס. און אַזוי ווי איך האָב עס נישט פערשטאַנען, אַזוי מאַקע האָט עס מיר נישט גע־שאַרט — איך האָב מיר געטהון דאָס מייניגע און געגעסען געשמאַק. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז מיר דערקלעהרט געוואָרען דער טעם פונ'ם בלאָזעניש. פריהער על פּי ר מ ז, דאָס הייסט אויפ'ן וואונק, מיט אָנ־צוהערעניש, כלומר, אַזוי מיינט זי — ק י נ ד ע ר! ווי האָט עס נישט אַ יוד קיין קינדער!... און שפּעטער האָט עס מיך די שוויגער געלאָזט הערען בפירוש, מיט דעם פּראָסטען פּ ש ט. סטייטש, טענה'ט זי מיט מיר, שטאַרק אויפגעבראַכט, גלייך ווי איך וואָלט איהר געקוילעט די קאַפּאָטע — סטייטש, צוויי קאַלעכדיגע יאָהר נאָך דער חתונה, און גאָר־נישט!... אידעמס ביי לייטען, וואָס האָבען חתונה געהאַט אין איין צייט מיט דיר, זענען שוין לאַנג טאַטעס, ווער פון איינס, ווער פון צוויי קינדער; מענשען זענען זיי, האָבען אין זינען דעם תכלית... אַז וואויל איז זיי, אַז וואויל אויך זייערע עלטערען! און דו וואָס? אַ שעהן בעל־הבית'ל. מ'שטיינס געזאָגט! און נאָך שפּעטער האָט מען געאַרבייט אַרום דער דאָזיגער זאַך ב ס ו ד. איך פלעג טרעפען אָפט די שוויגער זיצענדיג מיט ווייבער, שכנות, גבאי'טעס, טוקערקעס, דאָס ווייב מיינס מיט אַראָפּגעלאָזטע, פערוויינטע אויגען אין דערמיט. און שושקענדיג זיך, איבערווינקענדיג זיך איינע מיט דער אַנדערער, איין אַלטע גוי'ע להבדיל האָב איך אויך אַ פּאָר מאָל געטראָפען צווישען זיי. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען צום סוף, איז מען דאָס געזעסען און געטראַכט וועגען דעם,

פאַר וואָס האָט עס די שוויגער פון דער טאָכטער איהרער, פון מײַן
ווײַב הייסט עס, קײן אײניקעל נישט? און מען האָט געבּרויכט דערצו
באַבּסקע מיטעל. די אַלטע גוי'ע מיט דעם היימישען שטאָדט-טאָטער
האָבּען, עס פערשטעהט זיך, בּײדע געטאַנצט אין דעם קאָהן אינאיינעם
מיט די געניטע אויסגעקינדעלטע ווײַבּער.

מיר אָבּער איז נאַרישקײטען ניט געלעגען אין זינען, איך האָבּ
מיר געשמאַק געגעסען קעסט און געשמאַק געלערענט.

אַז עס האָט נישט געהאָלפען נישט קײן רמז, נישט קײן פשט, נישט
קײן סוד, איז די שוויגער אַרוים אַקעגען מיר מיט דרוש. דרשה'נען האָט
זי געקענט זעהר וואויל, אַז זי האָט געעפענט אַ מויל, האָבּען זיך
איהר געשאָטען, ווי פון אַ לעבּערדיגען זאַק — אַ מגיד, נײַן מאָס רייד,
אויסגעמישט אינאיינעם גראַם-שטראַם, קוּבּעבּע-לאַקריצע, גוי'עשע ווערט־
ליך מיט להבדיל שטיקלעך גמרא, משל-לעמעשקע, פערווירצט מיט זים-
זויער תחינה-לשון, עס זאָל האָבּען דעם רעכטען יודישען טעם. דער
ש ט ע ל איהרער אין די דרשות איבּער מיר איז געווען אויף דעם
געוויסען פּסוק: „מיינם, מ'שטיינם-געזאָגט, איז נישט לײַטעש". — און זי
האָט זיך גענומען גאַנץ בּרייטליך אויפווייזען, אַז נישט לײַטעש איז, וואָס
איך בּין דאָס, יענעם... נישט לײַטעש. וואָס טאַקע ווי דעם פּויער'ס אַ
ווערטיל: ני ראַק, ני ריבּאַ, דאָס הייסט אויף יודיש: ני מע, ני מו, ני
קוקוריקו. וואָס דען-זשע? אַ לעקיש בּין איך. נישט לײַטעש איז אויך
דאָס: בּיי אַנדערע אַ שטײגער נעהמט אַ שוועהר דעם איידעם און פאָהרט
זיך מיט איהם דורך צום חאַנדריקעווער, זאָל געזונד זײַן, אָדער ווען
נישט ער אַליין, טהוט ער עס דורך איינעם פון די חסידים, מאַכען
זיי פון איהם אַ לײַט, פיהרען זיי איהם אַהין... און דעריבּער טאַקע איז
מזל און בּרכה — זרענו וכספּנו, קינדער און געלד, ווי אין „ויתּן לך"
שטעהט. און בּיי מיר — פלעגט זי אויסלאָזען, אַ קוק געבּענדיג בּייז אויף
דעם שוועהר נעבּיך, וואָס ער האָט געהאַט פון איהר קאַלט און וואַ־
רעם — בּיי מיר, אוי רבונו של עולם, הלואי אויף שונאי-ציון גע־
זאָגט געוואָרען, אָמן, אָמן!...

פון מגידים די דרשות אַז איך הער היינט, שטעהען זיי אַזוי
צו מיר צו ווי אַיין אַרבּעס צו דער וואַנד. איך קוק זיי נאָר אָן
מיט רחמנות, ווי מענשען נעבּיך חכמה'נען זיך, ווייסענדיג זיכער זעהר
גוט בּיי זיך, אַזוי גוט ווי איך ווייס, אַז די חכמניות זייערע איז גע־
מלאכה'ט, לויטער שווינדעל, דראָט-אַרבּייט. נאָר די דרשה אָבּער פון

דער שווינער מיינער דענטמאַל, איז מיר צו געשטאַנען ווי אַ פּיאַווקע צום האַרץ און געזויגען מיין בלוט. געגעסען האָב איך מיר קעסט אַלץ מאַקע געשמאַק, געלערענט אויך געשמאַק, נאָר עס האָט עפּעס נישט געהאַט דעם טעם וואָס אַמאָל. עס האָט מיך עפּעס געגענוועלט, געפּיקט מיר עפּעס אין קאָפּ, און פלעג מיך קענען אמאָל אויף עטליכע מינוט פּערטראַכטען מיט אויסגעשטעלטע אויגען, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין, פונדעסטוועגן נישקשה, אָהן סכנות! איך וואָלט מיר גע־קענט גאָר קיין מעשה ניט אַזוי זיך אָבּשטערכען דאָס ביסעל יונגע יאָהרען ביז עס וואָלט געקומען אויך אויף מיר אַ צייט, אויסזוכען זיך איינע פון די יודישע פּרנסות: אַ קנעלונג, אַ קלייטעל, אָדער אַ שיינקעל אַ שטיינער, און זיין אַליין פאַר זיך אַ בעל־הבית. בּעדאַרף זיך אָן מיר אָנטשעפּען עפּעס אַ דבוק, דער יצר־הרע אַליין, אין דעם געשטאַלט פון אַ חסיד, און מיך אָנריידען דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט וואָס, מיך פערלען פערפיהרען, דער רוח ווייסט וואוהין...

מיין יצר־הרע, דער חסיד, איז געווען אַ מנוול מיט אַלע פּאָסטעמפּ־קעס, מיט דעם גאַנצען חן, ווי אַזעלכען שטעהט־אָן. אַ דבור'ל האָט ער געהאַט גאָר אַנטיק, עס האָט געלעכערט דעם קאָפּ. אויף מעשיות צו דערצעהלען, איז אַזאַ בריה ווי ער נישט געווען, נישטאָ און וועט נישט זיין אין דער גאַנצער וועלט. פאַר איהם איז אָפען געווען דער הימעל, גענומען דאָרט טהון וואָס ער וויל, איהם איז געשטאַנען פריי דער גיהנם און דער גן־עדן. מלאָכים, רוחות זענען ביי איהם געווען משרתים, ווי אַ שפּילכעל איז איהם געווען פייער און וואַסער... ער האָט געקענט מיט זיינע מעשיות נעהמען אַ מענשען ביי דער נשמה. האָט ער גע־וואָלט — איז פון זיי אָנגעפאַלען אויף אַ מענשען עפּעס אַ זיס דרעמיל, אַ וואַרימקייט איז זיך צוגאַנגען אין אַלע גלידער און עס האָט זיך געקראַצט עפּעס גאָר מחיה. האָט ער זיך בּעלעקט, צמאָקענדיג מיט די ליפּען — איז אָנגעקומען יענעם אַ חשק צום טרינקען, פּשוט טהון אַ טרונק בּראַנפען...

אָט אַזוי איז דער יצר־הרע מיינער, וואָס האָט זיך, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט, צו מיר גענומען!

— זאָג מיר שמייגער! — הויבּט אָן דער יצר־הרע מיך צו שטראָ־פען — ביז וואַנען וועסט דו עס זיין אַ שמייגער? וואָס פאָרט קען אַרויס־קומען פונ'ם תנו־רבנן, וואָס דו תנו־רבנן'סט מיר טאָג און נאַכט? פונ'ם זיצען ווי אַ קוואָצקע איבער דער גמרא וועסט דו קיין קינדער נישט

אויסויצען — און וואָס פּאַרט וועט דער תּכלית זיין דערפון? ביסט דאָך עפּעס אַ יוד, דו שמייגער איינער!... איין עברה, כ'לעבען, אַזאַ יונגער־מאַן... עס וואָלט מיך נישט געאַרט אַ געבראָטענער ליטוואַק, אַ מתנגד, שוין אין די יאָהרען, אַ פּרוש — אַ באַנק־קוועטשער מיט אַ באָרד — אין דער־ערד אַריין, צלם־קאָפּ! זיץ דיר, שאָקעל זיך, קוועטש דיר אָן מרידין, ביסט אַריין אין די מ"ט שערי־טומאָה און פערפאַלען, וועסט אייביג שוין נישט אַרויס! דו שמייגער אָבער ביסט נאָך אַ שנעק, האָסט נאָך צייט אַרויסצוטרייבען פון דיר דעם ליטוואַק, און ווערען אַ מענש, אַ כּלי־שלמה. געהם זיך ביי־צייטענס אויף דעם רעכטען וועג און פאָלג מיך, שטעה נישט אָפּ פון אַנדערע יונגע בעלי־הבּית'ליך, טאַטענ'ס קינדער, שטעה נישט אָפּ, זאָג איך דיר, און קום... קום... אַנדערע אפשר וועלען דיר זאָגען: קום קיין חאַנדריקעווו, אָדער קום קיין יהופּיץ, צום יהופּיצער, און איך זאָג דיר — בּויבעריק! ס'איז דאָ זייערע אַ סך, אַלע, דאַכט זיך פון איין שניט, קיינעם פון זיי געהט, בּרוך־השם, נישט אָפּ אין דעם גוטען יודישקייט, געזונד און שטאַרק זאָלען זיי זיין! נאָר זיי אַלע אינאיינעם גענומען זענען ווי אַ שאָלעכטס פון קנאָבעל אַקעגען דעם בּויבעריקער, זאָל לעבען. — קום, זאָג איך דיר, קיין בּויבעריק. דאָרט וועסט דו געהאָלפען ווערען. איין מומחה צו עקרות איז טאַקע ער, דער בּויבעריקער. אַ חוץ דעם וועט זיך דיר עפענען די אויגען, אָנקוקענדיג זיין ליכטיג פּנים. „וועסט זיך וואַרעמען אַקעגען זיין ליכט", דו פערפרוירענער ישיבה'ניק, קאַלטער מתנגד. וועסט, ווי די אַצילי בּני ישראל, זעהן די שכינה רוהט אויף זיין פּנים און פאַר גרויס התלהבות ווי זיי עסען ביי איהם און טרינקען... אַצונד האָסט דו דערצו די מעגליכקייט, זיצסט דיר אויף קעסט, דער נדן דיינער איז נאָך נישט געריהרט; שפּעטער, אַזוי פערהאָף איך, וועסט דו אַ משכּון פערזעצען, דאָס לעצטע ביסעל ציהרונג ביים וויב אַרויס'גנב'ענען — און פאָהרען, אָדער געהן צו־פוס קיין בּויבעריק!...

אַזוי האָט אַלץ גערעדט און מיך איינגערעדט דער יצר־הרע. און אַז ער האָט געזעהן, אַז ער איז מיט מיר נאָך נישט פאַרטיג, מוסר העלפט נישט, האָט ער געפּרובט ווירקען אויף מיר דורך משקה. ער פלעגט אָהן ווערטער צמאָקען מיט די ליפּעליך אַזוי, אַז מיר האָט זיך פערגלוסט נעהמען אַ קאַפּעלע בּראַנפען. אָנגעהויבען האָט זיך עס פון יאָהר־צייט אָדער תּיקון־בּראַנפען, דערנאָך איז געגאַנגען אַ גאַנג, סיום־בראַנפען, אַלע מיני מצוה־בּראַנפען, ווי אַ שטייגער ראש־חודש־בּראַנפען, קידוש־לבנה־בּראַנפען, ל"ג־בעומר־בראַנפען, שהי־פהי־בּראַנפען, ביז עס

האָט זיך אויסגעלאָזט מיט פראָסט, גלאַט אַזוי זיך בראַנפען. דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז איבערהאַפּענדיג איינמאָל די מאָס בין איך אַרוים פון די כלים, דאָס הייסט — התפשטות הגשמיות, אַרויסגעשפּרונגען פון דער הויט, און געווען בגילופין, אויף דעם זיבעטען הימעל!

דאָס וואָס איך האָב, אָדער גלייכער צו זאָגען די נשמה מיינע האָט געהערט, געזעהן כביכול אויפ'ן הימעל, לאָזט זיך קוים־קוים איבער־געבען אויף דעם מענשליכען לשון. איך טהו עס פונדעסטוועגען, ווי וויט מעגליך איז, נאָר טאַקע דעם עולם צוליעב, ווייל דער עולם איז שטאַרק ציקאַווע, חלש'ט צו וויסען, וואָס טהוט זיך אויפ'ן הימעל, דאָרט אויף יענער וועלט.

נאָר צום ערשטען האָט מיך מקבל־פנים געווען דאָרט אַ משונה־לאַנגע נאָז, אַ דיקע־געשוואָלענע ווי אַ באַרג, פייער־רויט, אַ ביסעל פּער־בליווט, ווי אַ פלאַם פון ברענענדיגען ספּירט, און אָנגעזעצט פול־און־פול מיט וויינפּערליך, בעפּיכטעטע פון קוואַלען שוויים. נאָך דער נאָז האָט זיך געוויזען איהר בעל־הבית, שוועבענדיג, קוים האַלטענדיג זיך אויף די פיס, עפּעס נאָר... לוט — דאָס איז געווען דער שר־המשקים פונ'ם יין־המשומר פאַר די צדיקים, ער מיט זיין כבוד אַליין. און באַלד לאָזט זיך הערען אַ בת־קול ווי פון אַ משונה־גרויסע פוסטע פאַס: פנו־מקום — מאַכט אַ וואַרע דעם גאַסט, פלוני בן סאָסיע!... אַ ציטערניש האָט מיך אָנגעכאַפּט דערהערענדיג דאָס קול, אַ ציטערניש ווי אַ געווינערין. דער שר־המשקים האָט מיך אַ שמיר געגעבען איבער די לעפצען, אַריינגעגאָסען מיר אין מויל אַ הונדערט־גראַדוסנעם ביטערען טראָפּען, בין איך ווי ניט געבוירען געוואָרען. — איך ווייס, זאָגט ער צו מיר, וואָס דו ווילסט, צוליעב וואָס דו ביסט אַהער געקומען. דאָס קול פון דיין שווינגער, בעטענדיג פאַר איהר טאָכטער, דיין ווייב די עקרה, שפּאַלט די הימלען. דאָס שפּרעכען פונ'ם טאָטער לעגט איין וועלטען. מיר האָט מען עס בעפעהלען, געהן דיר אויף קבלת־פנים אַקעגען, שטאַרקען דיך מיט אַ ביסעל משקה און אָפּפיהרען דיך ביז צו דער ערשטער אינסטאַנציע, אָדער ווי עס הייסט ביי אייך דאָרט, ביז דער ערשטער קרעצמע. און אַזוי ווי דו ביסט פון די באַנק־קוועטשער, וואָס שטעהען אונטער דער השגחה פונ'ם שר־התורה, לכן מוז מען זיך ווענדען צו איהם, און ער וועט שון דער בקשה דיינער געבען אַ גאַנג, וואוהין מען בעדאַרף... נאַ, נעהם נאָך אַביסעל „שהכל" און קום!

און באַלד מאַקע טהוט ער מיך אַ נעהם און עס טראָגט מיך ווי אַ רוח אַ מלמד, גיך־געשווינד אַזוי, אַז עס פערדרעהט זיך מיר דער קאָפּ. פּלוצלים טהוט עס מיך אַ וואָרף, האָפּ! און בלייב שטעהן אויף די פיס איינער אַליין און עס ווערט מיר מיט אַמאָל ליכטיג אין אַלע רמ״ח אברים. און איך הויב אויף די אויגען און דערזעה פאַר מיר אַ פּאַלאַץ ת״ק מייל די הויך, איינגאַנצען פון מירמעל־שטיין און גינגאָלד. און טויערען האָט דער פּאַלאַץ ת״ק גרויסע, און איטליכער גרויסער טויער ת״ק קליינע טויערען. צווישען זיי איז דאָ שערי חכמה, שערי בינה, שערי תלמוד, שערי חסידות, שערי התלהבות און שערי דבקות. און פונ׳ם פּאַלאַץ, זעה איך, געהען אַרוים ווי צוויי שרעקליך לאַנגע בליצען און אַ געשטאַלט פון אַ האַנד נעהמט אָן אַ הויפען שוואַרצען פייער און מאַכט כתרים צו די אותיות פון דער תורה. עס שטרויכלען זיך מיר די קנעכעל פאַר שרעק און איך פאַל אַנידער אויפ׳ן פנים. און איך פיהל, אַ האַנד ריהרט מיך אָן, און איך האָרך אַ קול רופענדיג צו מיר: שטעה, זיי מוחל, אויף, בן־אָדם, יפהפיה שר התורה האָט געהערט דיין שוויגער׳ס בקשה! און איך פיהל — אַ פראָסט געהט מיר איבער דעם גאַנצען לייב, אַ צאָהן אָן אַ צאָהן קלאַפּט מיר פאַר קעלט, און שטעלענדיג זיך אויף די פיס דערזעה איך פאַר מיר אַ קאַלטען מלאָך, אַ שטיק אייז! — דאָס בין איך, זאָגט ער, דיין מלאָך, למדן מיינער, דער מלאָך פון לומדים־מתנגדים און ישיבה־בחורים, דער איבער־שוויצער פון שערי־תלמוד. קום, איך וועל דיר אָפּפיהרען, ווי איך בין געבאָטען געוואָרען, אַהין, צו לילה׳ן דעם שר פון החיון, דאָס הייסט פון מעברת מאַכען.

און ער טהוט מיך אַ נעהם, דער קאַלטער מלאָך, און טראָגט מיך געשווינד ווי אַ רוח אַ מלמד, עס עסט מיך די קעלט און איך בין אויס מענש. פּלוצים — האָפּ־האָפּ! און איך בלייב שטעהן אויף מיינע פיס, און אַ ליעבע וואַרימקייט צעגיסט זיך מיר מיט אַמאָל אין אַלע רמ״ח אברים. און איך הויב אויף די אויגען און דערזעה אַקעגען מיר אַ ת״ק־גאָרענדיגען פּאַלאַץ פון אַלע מיני איידעלשטיינער שטעהט אין אַ וואונדער־שעהנעם גאָרטען, מיט אַלערליי שפּראָצונג: רויזען, בלומען און ביימער — אַ גלוסטונג פאַר די אויגען. און איבער זיי איז אויסגעשפּרייט אַ טונקעל־בלויער פאָרהאַנג מיט אַ גילדענער לבנה אין דערמיט און בריליאַנטענע שטערען, וואָס נעהמט זיך אוים אויפ׳ן אָנבליק ווי אַ שעהנע זומער־נאַכט. אין דעם גאָרטען ציהען זיך אין אַלע זייטען טויזענדער אַלייען, אָפענע און פערבאָרגענע, וואו עס שפּאַצירען און קושען זיך פאָרליך מלאָכים, צוגיסענדיג זיך אין אַ זיסער ליעבער שירה, אַסוריעל

המלאך, דער שר אהבה, געוויאָפענט מיט אַ פייל־און־בויגען, שיסט, שפּיעלט זיך מיט כּרובים ווי קינדער, וואָס ליעגען בעהאַלטען צווי־שען געדיכטע צווייגען, און די פייל זיינע טרעפען, פון איטליכען שאָס שפּרינגט פונ'ם בעהעלטערניש אַרויס אַ כּרוב'ל... אַ מחיה נעוועזען צו שטעהן און קוקען, עס האָט מיך עפּעס געמאַנטעט, עפּעס נור טאַקע ווי ביים זאָגען שיר־השירים. און באַלד האָרך איך אַמוריעל'ס קול, רופענדיג מיך ביים נאָמען: פלוני בן־סאָסיע! — הנני, זאָג איך, איך בין אָנגעברייט! — אַבי דו ביסט אָנגעברייט איז גוט. איך שטעה שוין און קוק אויף דיר אַרויס צו דערפיהלען דיין בקשה. אַבּזאָגענדיג מיר די דאָזיגע ווערטער, ווענדעט ער זיך צו עפּעס אַ מלאך און זאָגט: געה, עפען דעם אוצר הנשמות און ברייננ מיר פאַר דעם בן־אָדם אַ נשמה'לע אַ משאַקענדיקע. דער מלאך געהט גיך אַוועק אין זיינע שליחות און באַלד קומט ער מיט ליידיגע הענד צוריק. וואָס איז? מען קען נישט עפענען — נישטאָ דער שליסעל! און עס ווערט אַ גערודער, ומלאָכים יחפזון, מען זוכט, זוכט און מען דערגעהט זיך — אָך, ביים בויבעריקער איז דער שליסעל!... עפענט מען די לאָך אין הימעל, דורך וועלכע עס קומען אָן פון בויבעריק די תפלות. מען בעט רחמים דעם בויבעריקער, געוואַלד, ניט אַהער פאַר איין עקרה דעם שליסעל! נור אומזיסט די רייד, ער האַלט זיך ביי זיינס — ניין, זאָל זי, די עקרה, קומען צו מיר!...

אַמוריעל ווערט שטאַרק אין כּעס אויף דעם בויבעריקער, און לאָזט אויס דעם כּעס צו מיר און צו אַלע יודען נעבּיך. — נישט אויסצוהאַל־טען, זאָגט ער, פון אייך יודעלעך! פון אַלע אוצרות די שליסעל פער־נעהמט איהר אייך אין די הענד אַריין, אויך אונז, שרים, מיינט איהר צו מאַכען פאַר אייערע משרתים. אומעטום זענט איהר פול, און קיין יריד אויפ'ן הימעל איז נישטאָ אָהן אייך... וואוהין קריכסט דו?! טהוט ער אויף מיר אַ הוק — דיין אָרט איז דאָרט אין דער יודישער גאַס. וואָס טהוט אַ יודעל דאָ צווישען אונז? טרייבט איהם אַרויס...

און איך בעקום אין האַלז־און־נאַקען איין שטויס נאָכ'ן אַנדערען ביז איך פערליר די געדאַנקען. און אַז איך עפען דערנאָך די אויגען, זעה איך מיך ליעגענדיג אין בעט, ביי מיר אין אַלקיר, און אַרום מיר דאָס הויזגעזינד, אַלע אין איין קול: אַ געפונענער! פון טויזט לעבעדיג!... וואָס איז? הערט אַ מעשה, אַ דריי טעג בין איך געלע־גען אין היטזער־פּלעט!

אַ מענש אין הינהער־פלעט, ווי ס'איז בעקאַנט, זעהט אויס אינגאַנצען ווי טוידט, דער גוף זיינער איז דאָ, אויף דעם עולם, און די נשמה זיינע, לויט ווי די וועלט זאָגט, שוועבט אין הימעל, דאָרט וואַרפט מען אויף איהם גורל, אַהין, אָדער אַהער, דאָס הייסט בלייבען אַ דאָרטיגער, אויף יענער וועלט, אָדער אַ היגער, ווידער צוריק אויף דער וועלט. אין דער צייט פונ'ם פלעטען, שפּאַצירט זיך דערווייל דעם מענשענ'ס נשמה פריי אין הימעל אַרום און זעהט זיך אָן וואונדערשעהנע זאַכען דאָרט. פון גאַנץ אַלטע צייטען נאָך געהען אַרום צווישען דעם עולם און געפינען זיך אויך אין ספרים זעהר וואונדערליכע מעשיות, וואָס מענשען, געוועזענע אין הינהער־פלעט אויפ'ן הימעל, האָבען דערצעהלט, צוריקקומענדיג פון דאָרט. רב יוסף דער זוהן פון רבי יהושע בן־לוי — דערצעהלט די גמרא — איז שטאַרק פערשלאַפט געוואָרען און געבליבען ליעגען ווי טוידט אין הינהער־פלעט. אַז ער איז דערנאָך צו זיך געקומען, פרעגט איהם דער פאָטער: וואָס האָסטו דאָרט געזעהן? און דער זוהן דערצעהלט איהם, עפּעס האָט ער דאָרט געזעהן גאָר קאַפּויר — געהויבענע דאָ זענען דאָרט דערנידעריגט, און דערנידעריגטע דאָ זענען דאָרט געהויבען... און אויף דעם פאָטער'ס פרעג, ווי שטעהען מיר, חכמים, געלערנטע, מיר ווי זעהען אויס דאָרט? ענטפערט ער קורץ און שאַרף — דאָס אייגענע (מ'שטיינם געזאָגט) וואָס דאָ!... און נאָך זאַכען אַזוינע האָט ער איהם דערצעהלט.

דעריבער, אויב דער ענין פון הינהער־פלעט איז יאָ אַזוי גרויס, וועט קיינעם קיין וואונדער ניט זיין, וואָס מענשען, גרויס און קליין, יונג און אַלט, זענען מיך ווי די היישרעקען בעפאַלען, אַז איך בין צו מיינע קרעפטען געקומען, און געחלש'ט הערען פון מיר אַ וואָרט, איך זאָל זיי דערצעהלען, וואָס אויפ'ן הימעל פערלויפט זיך, וואָס פאָרט הערט זיך דאָרט. פאַר גרויס חשק איז די סמאַהע זיי איבער די ליפּען איבערגעגאַנגען, קוקענדיג אויף מיר מיט גרויס דרך־ארץ. איך זאָל געווען דענסטמאָל שכל האָבען און וויסען אַ צורת מטבע, וואָס פאַר אַ ווערטה די מטבע האָט, וואָלט איך, ווי פיעלע אַנדערע הימעל־מענשען ביי אונז, געמאַכט פון מיין הינהער־פלעט אַ געשעפט, איך וואָלט ווי יענע, דערצעהלט מעשיות, גוזמא־גוזמאות, לאָזען די בהמות הערען, זיי וואָלטען הנאָה געהאַט, און איך וואָלט געגאַנגען אין גאָלד. איך אָבער בין דענסטמאָל געווען אַ יונגעל, געזעסען אויף קעסט, האָב חוץ דער גמרא נישט געוואוסט דעם טעם פון דער שווערער ביטערער פרנסה. דעריבער האָב איך, שוטה, מיך געהאַלטען אָן דעם אמת, דערצעהלט נאָר

דאָס, וואָס איך ווייס. דאָס אייגענע טאַקע האָב איך אויך דערצעהלט אונזער רב. זאָל געזונד זיין. און אז ער האָט מיך ו ו י אַ ל מ ד ן אַ פרעג געטהון: ווי שטעהען מיר, יודען, דאָרט? האָב איך איהם געענטפערט ווי דער אמת איז: שפל — מען טרייבט!...

ס'איז געווען אַ גאָט'ס רחמנות איהם אָנצוקוקען, וואָס פאַר אַ מינע ער, נעבּיך, האָט געמאַכט, אַ זיפץ געבּענדיג טיעף פונ'ם הארצען.

ואחר הדברים האלה — און נאָך דער ראָזיגער מעשה, האָט מיין יצר-הרע, דער חסיד, זיך שטאַרקער נאָך גענומען צו מיר מיט זיינע גנבה'שע תּנועות, לאמר, אַזוי צו זאָגען:

— היינט זעהסט דו שוין, שמייגער איינער, ווי גערייהמט און געאַכפּערט „ער", זאָל געזונד זיין, איז אויבען דאָרט. אדרבּה זאָג, זאָג...

— אַזוי געאַכפּערט זאָלען אונזערע אַלע שונאים זיין! — ענטפער איך שטיל, אונטער די נאָז, דערמאָהנענדיג זיך אָן די זלזולים, וואָס מיר איז געקומען צו די אויערען פון יענע דאָרט.

— עט! — זאָגט ער מיר — מילא וואָס מאַכט עס ווען מען וועמען אויס, אז יענע דאָרט ריידען צווישען זיך? אָבער אַ תּקיף איז „ער", איין אוחז בּיד איז „ער", און פון די אוצרות דעם שליסעל האָט „ער", און די בּרירה צו געבּען האָט „ער"!... געה-זשע קיין בּויבּעריק! איך פערשטעה אָסור נישט וואָס דיך קוועטשש?

אוי, האָט מיך געקוועטשט! עס האָט מיך געקוועטשט גלאַט בּויבּעריק אַליין, וואָס איז מיר און איטליכען אין מיין ווינקעל, אויסגעקומען עפּעס משונה-ווילד. עס האָט מיר אויך געקוועטשט גלאַט סתּם דאָס יודישע עקשנות, ובפרט נאָך האָט מיך געקוועטשט דאָס אָוועקלעגען אַ בּיסעל אין דער זייט די גמרא, צו וועלכער איך בּין פון קליינווייז אַזוי געוועהנט געווען. — פון דער אַנדערער זייט אָבער, מוז איך זיך מודה זיין, איז מיר בּויבּעריק, אַ חוץ דעם וואָס האָט מיך געצוואונגען זיין דאָרטען וועגען מיין עסק, בּיסלעכווייז אריין טאַקע אין טעם און אָנגעהויבּען צו געפעלען. ווי ווילד, דאַכט זיך, די בּויבּעריקער זעהען אויס, דאָך גוט צוקוקענדיג זיך, געפינט מען אין זיי פיעל שעהנע מעלות. זיי זענען גרויסע בּעלי-בּטחון'ס. זאָרג, אומעטיגקייט איז איין עבירה, פע! דער בּויבּעריקער האָט געהייסען פרעהליך זיין. זיי

האַלטען זיך אינאיינעם, יונג, אַלט, אָרעם און רייך אַלע גלייך, אַלע צווישען זיך אויף חברה-לשון. זיי זענען נישט אַזוי טרוקען, נישט אַזוי קאַלט מיט פינסטערע צורות, ווי יודען פון מיין ווינקעל. זיי קענען אַמאָל נעהמען אַ ביסעל משקה און געהן אַ טענציל נישט דוקא פּורים און שמחת-תורה, נאָר פּראָסט אין אַ וואָכענטאָג. איך האָב שוין ביי מיר גע'פּועל'ט פאַלגען דעם יצר הרע, בעדאַרף זיך פלוצלים טרעפען אָט וואָס...

בעדאַרף פלוצלים מיין ווייב, הערט אַ מעשה! — מעוברת ווערען, נאָר אָהן דעם בױבעריקער'ס לאַסקע, און האָבען — צוויי יונגליך מיט אַמאָל!

דאָס האָט שוין אַ ביסעל אָפּגעשוואַכט מיין יצר-הרע. בױבעריק איז דערווייל ביי מיר אַ ביסעל אַראָפּ אין דער זייט, און איך בין גע־בליבען שטעהן ווי שבת אַ יוד, מיט איין פוס אין דעם תחום, מיט דעם אנדערען אויף יענער זייט תחום — נישט אַהער און נישט אַהין!...



# ספר הבהמות

## מעשׂיות פון בהמות, אלערליי מיני בעשעפּניש און אלסדינג, וואס פארלויפט זיך אין זייער עולם.

---

ליעבּהאַרצעדיגער רב מענדעלי!

איך קען מיר פאָרשטעלען מיט וואָס פאַר אַ קרום פּנים איהר ועט בעגעגענען דעם דאָזיגען ספר מיינעם, וועלכען איך ברייננ אייך במתּנה. „סטייטש, וואָס הייסט — וועט איהר מאַכען פערוואונדערט. בטלנ׳דיג צו מיר, צו מיין קאָפּ חלומות — אַ בעל-לשון, וואָס אַרבּייט כּל-ימיו אין דעם „וויינגאַרטען פון דער יודישער ליטעראַטור״, שטענדיג געהאַט צו טהון מיט יודען, געהאַט מיט זיי צו זינגען און צו זאָגען, — אזועל־כער זאָל פּלוצים אַוועקוואַרפען אַלסדינג, וואו וויינגאַרטען, וואו פאָלק ישראל — נאַט אייך נאָר בּהמות!... און נאָר חוץ אַלע זאַכען, ווי געשיקט זיך עס גלאַט מעשיות פון בּהמות, פונ׳ם בּהמה׳שען עולם?! מעשיות פון גלגולים, אַ שטייגער ווי מענשען, אַזוינע און אַזוינע, ווערען, רחמנא-לצלן, בּהמות: פערד, אייזלען, חזירים, נישט פאַר אייך געדאַכט, מילא דאָס איז חאָטש על-פּי דרך-הטבע. מען קען עס פערשטעהן. עס האָט זיך שוין אַזוינס געטראָפען און טרעפט זיך נאָך עד-היום אין אונ־זערע יודישע שטעדט. אָבער מלכתחלה אמת׳ע עכטע בּהמות זאָלען פּיהלען, ווימען פון זייער חיות — אַזוינס נעהמט דאָך נישט דער שכל. ס׳איז דאָך נאָר אַ געלעכטער. נישט אַנדערש טאַקי ער איז משוגע!״

לאָז זיין אַזוי, רב מענדעלי. איך בּין משוגע. איך וועל מיך נישט שפּאַרען; די שאלה איז אָבער, וואָס פאַר אַ מין משוגע׳נער איך בּין. אַ מענש קען הייסען משוגע, פערשטעהט איהר מיך, איינס פון צוויי:

אָדער פֿונ'ם זינען געהט אַראָפּ ער, און דער עולם איז קלאָהר, אָדער פֿערקעהרט — דער עולם געהט פֿונ'ם זינען אַראָפּ, און ער איינער איז קלאָהר. דען דער שגעון פֿון אַ וועלט הייסט סדר־העולם. יענעס, וואָס אין דער מאָדע, עס מעג זיך זיין קרום, איז גלייך. משוגע איז דער יחיד טאַקי סיי־ווי־סיי, אין בּיידע פֿעלע, דער חילוק איז נישט מעהר אָט אין דעם: אין ערשטען פֿאַל איז ער איין עכטער משוגע'נער, וואָס משוגע הייסט. אין דעם צווייטען פֿאַל אַקעגען איז ער נאָר אַ ג ע מ אַ כ ט ע ר. און דאָס, פֿערשטעהט איהר מיך, מאַכט זעהר פֿיעל אויס. מיין שגעון איז — אַזוי וויל איך מיר גלויבּען — וואָס איך בּין נישט משוגע גלייך מיט אַנדערע. דאָס הייסט, וואָס איך רעד נישט מיט דעם עולם איינע רייד, איינע ווערטער, נישט קוקענדיג אויף דער מאָדע. אַדאַי איז דאָס אַ נאַרעשקייט. אַ מענש — זאָגען די פֿילוסופֿין — איז בּטבע אַ חברה־מאַן... אינאיינעם מיט חברה איז תּמיד גוט. ס'איז דאָ אַי כּבוד, אַי צו־ליעבּזאַכען: דו מיר... פֿערשטעהסט דו מיך, און איך דיר... פֿערשטעהסט דו מיך. הכּלל, דערלייגען דערלייגט מען נישט. — יאָ, זעהר גוט. נאָר וואָס טהוט מען אָבּער, אַז מען וויל אונטערבּאַמקען און עס געהט נישט? אַז אינווענינ אין דיר זיצט עפּעס ווי אַ שומר, וואָס אַבּי עס דאַכט זיך איהם בּיי דיר עפּעס אַ חכמה'לע, מאַכט ער: שאַ! עפּעס אַ תּנועה'לע — לאָזט ער דיך נישט פֿון דאַנען אהין...

דערקלעהרען זיך דאָ פֿאַר אייך — אָך! נאָר ציהט מיך נישט, רבּ מענדעלי, פֿאַר דער צונג, צו דערקלעהרען אַלסדינג ריין, שאַרף בּיז איטליכם פּיצעלע, נישט פֿערשטעלט. איבּעריג חלעבּין! מיר יודען פֿער־שטעהען זיך אויפֿ'ן ווינק. איין וואָרט, אַמאָל, נישט דערערדט, נישט גענענדיגט, אַ סמאַרע מיט דער נאָז, אַ דרעה מיט'ן פֿינגער, זאָגט בּיי אונז מעהר ווי בּיי די אומות העולם אַ גאַנצער ספר. בּיי ווען פֿון זיי איז דאָ אַזוי פֿיעל ראָשי־תּיבות, וואָס בּרעכען דעם מוח, אַזוי פֿיעל ווערטער מיט פּינטליך אויף שטאַרקע אָנצוהערעניש צו געבּען, ווי בּיי אונז? אויף איין אות, וואָס דעם, יענעם דאַכט זיך איבּעריג, שטעהען אָנגעבּויעט גאַנצע בּערג יודישקייט. איהר פֿערשטעהט? בּערג היינגען אין דער לופֿטען אויף אַ האָר, יודען אין דער לופֿטען אויף זיי, בּאָמבּלען זיך מיט אויבּער־הסברות אהין אהער, אַ שרעק!... אָט אַזוי איז דער שטייגער ריידען בּיי אונז: דרינגעניש, אָנשטויסעניש, עפּעס גלאַט אָהן ווערטער — אי... בּע... עט... אָנגעהויבּען עפּעס און וגו' אַ האַלבּ וואָרט און וכו', ענדיגען ענדיג דיר, זיי מוחל, דו מיט דיין כּבוד אַליין. וד"ל — דו בּיסט נישט קליין צו טרעפֿען נישקשה, וואָס מען מיינט.

מילא, הערט־ושע רב מענדעלי!

יאָ, אַקעגען דעם וואָס מעלתו זאָגט — „וויינגאָרטען", אוי, טהוט זיך עס דאָרט היינט אַביסעל, אי־אַי־אַי! גאָר ניט דער וואָס פריהערי־מילא ריינקייט, שעהנקייט... בין איך מוחל — נאַרעשקייטען! אָבער וואָס איז דאָס רוהיגקייט, דער געקליבענער עולם דאָרט וואָס אַמאָל? היינט איז כל־דכפין — אריין! צוגלייך מיט די געהויבענע, פאָרנעהמסטע לייט דאָרט, אויך קינד און קייט, אָהן עין־הרע. עס הילכט, עס שווישטשעט פון איטליכס ווינקעלע. נייע פייגעליך — נייע ניגונים; נייע גרילען — נייע גרילצעניש. עפּעס רעדט מען מיני דבורים, עפּעס וויל מען, וויל מען... וואָס? שווער צו זאָגען. בע! עפּעס הארבליך אַביסעל זייער לשון. ווי עס זעהט אויס זענען זיי עפּעס אָנגעדרודעלט. פּאַר וואָס? קיין יודישע נשמה קען מען נישט שאַצען. מסתמא ווייסען זיי פּאַר וואָס. נאָר אויף וויפיעל ס'איז מעגליך צו פערשטעהן דאַכט זיך, אַז זיי זענען גאָר ניט אַזעלכע בייזע... ווי זיי זעהען אויס. די אַלע דבורים זענען נישט פון זייער קאָפּ, חלילה. דאָס האָבען זיי גענאַשט ביי יענע להבדיל דאָרט, וואָס היינט אין דער מאָדע. די גאַנצע זאַך נישט מעהר איז, וואָס ביי יענע איז דאָס נאָך עט... צו דערליידען. ביי אונזערע אָבער האָט עס, מ'שטיינס געזאָגט, אַ פּנים ווי אַ פאַריוזער מאָדע ווערט פערטראָגען, אַז אָח־און־וועה צו איהר, צו יודישע מיידליך, דינסטמיידליך ערגעץ אין אַ יהופּעץ. הכלל, ס'איז ליהודים.

דאָך בין איך מיר געגאַנגען מיין וועג — שאַ, גאָר נישט, גלייך ווי מיר איז פערלייגט די אויערען. אדרבה, נאָך אָפּשטעלען זיך גאָר אַמאָל אין דער זייט דאָרט און האָרכען אויף ציקאַוועשטש, בשעת אַ גרויס דולעניש צווישען עלטערע, געלערענטע איבער היינטיגע משיח'ס צייטען, אַ שטיינער, חאָטש ס'איז אַביסעל פערשטעלט, ארץ־ישראל הייסט עס, עפּעס נישט דערזאָגט, האַלבע ווערטער, ראשי־תיבות: א״י, א״י מיט פּינטעלעך, וואָס ווערט געטייטשט מיט ל״ב פּירושים. איינער, אַ שטיינער איז אויסען נישט אַזוי א״י, גלאַט פּשוט מגושם ארץ־ישראל, ווי דאָס פּינטעלע דרינען. דער שפּיטץ אינגאַנצען, וואָס שטעקט און מוז שטעקען דרינען, איז אָט־אָ דאָס — דאָס פּינטעלע יודישקייט, די גאַנצע חכמה, ווי הייסט מען עס, פערשטעהט איהר מיך. א״י, הייסט עס, האָט דעם יודישען טעם. מען בעדאַרף עס פיהלען ווי עפּעס אַ רוחניות. עס האָט אין זיך אַזוינס, עפּעס אַזוינס, אַזוינס... וואָס כמעט נאָר פאַר דער נשמה, אַנדערש לאָזט זיך עס נישט טייטשען... קומט נאָך איינער און

זאָגט אויך פּינטעלע מאַקי, נאָר א״י איז בע... לאו דוקא, פערשטעהט איהר מיך, וואָס לאו דוקא הייסט. אַי איז דאָך די קשיא, אז ניישמאָ קיין אָרט, אויף וואָס־זשע שטעלען דאָס פּינטעלע? — די וועלט נישקשה איז גרויס, ס'איז גענוג פּלאַץ דאָרט פאַר איהם אויך. מען בעדאַרף נאָר האַלטען זיך במעלה און זיך מאַכען הארץ. אי וואָס — וואָס, וואָס? מען בעדאַרף מורא האָבען... נישקשה, נישקשה! נאַרעשע מענשען! זאָגען אַ טהייל. יאָ א״י, מאַקי א״י, נאָר דערצו בעדאַרף מען פריהער גוט מאַקי זיך קוועטשען. וואָס מיינט איהר קוועטשען? — קוועטשען די באַנק, געהן אין חדר אריין!... דאָס מיינט מען עפּעס קולטורע, ווי הייסט עס ביי זיי היינט, השכלה אויף דעם נייעם שניט, פערשטעהט איהר מיך. — נאָך אַ טהייל מענשען, גאָר אָהן חכמות, אָהן מלאכות, מאַכען: עט! נאָט אייך אַ גראָשען, אַ פערציגער הייסט עס, און אי, חלעבין! וואָס נאָך? — אַ תנועה אַביסעל פון יודען, אַ הארטען פערציגער דערפאַר איינגאַנצען, איהר פערשטעהט? — נאָר ווי די מעשה איז, אַזוי צי אַזוי, וואָס קען עס מיך אַזאַ געשריי, אַזאַ איקערייי אַרען? לאָז זיך מיר דאַכטען אַ קלייזעל...

איך שפּאַציר מיר אַזוי איינמאָל אין „וויינגאָרטען“, ווי דער שטייגער מיינער איז, בּיחידות, אויף וועגעליך, וואו נישט אַלע געהען, צוקוקענדיג מיך פון דערוויימענס צום עולם, בעטראַכ־טענדיג דאָס, יענעס, פאַמעליך, פאַמעליך, זיך נישט געיאָגט, געחאַפּט, און פערטיעפּענדיג זיך אַמאָל אויך אין די געדאַנקען. פּלוצלים קומט מיר צו די אויערען אַ האַמפּעריי, קולות פון אַ סך מיילער, דער געזאָגט, יענער געזאָגט, אַלע אינאיינעם עפּעס אַזוי:

— משכּילים!... אַסימיליאַטאָרעס!

— זעכציגער, זיבּציגער יאָהרען!

— געמיינט השכלה, האָבען זיי, אַ סגולה צו די צרות.

— וואָס נעטהון די משכּילים פריהער?

— פאַר'ן פאָלק וואָס געטהון?

איך שטוים מיך שוין אָן וואָס דאָס בעדייט. — דאָס רעכנען זיך דאָ אָפּ קינדער מיט טאַטעס, דער נייער דור מיט דעם אַלטען. עס פער־דריסט מיך שוין מאַקי אויף זיי, אויף די היינטיגע הייסט עס. הע־הע, זידלערייען! נישט צו פערשטעהן פון טאָג צו נאַכט — אַז דענסטמאָל

האָט ערשט אָנגעהויבען צו טאָגען, נאָך אזא לאַנגער פינסטערער נאַכט צו טאָגען! נישט וויסענדיג זיך צו מאַכען פונ׳ם חילוק פון היינט ביז אַמאָל — אַז אַנדערע צייטען — אַנדערע וועהטאָגען, אַנדערע וועהטאָגען — אַנדערע סגולות. אַז צו מענשליכע צרות איבערהויפּט איז בילדונג פעררעכענט געוועזען דענסטמאָל פאַר דאָס איינציגע מיטעל ביי דער גאַנצער וועלט בכלל. נישט צו בעטראַכטען די ביטערע לאַגע, אין וועלכער די בידנע משכילים נעביך האָבען דענסטמאָל זיך געפונען צווישען איין עולם, וואָס איז בערייט געוועזען פאַר אַ מינדסטע זאַך, עפּעס נישט אַזוי ווי ביי איהם איז אַיינגערעדט, זיי צעררייסען אויף שטיקער. אוי, האָבען זיי דענסטמאָל נעביך געליטען! און נאָך פאַר וואָס? פאַר׳ן תנ״ך, דקדוק, לשון געליטען!... אויף בוידעמס, אין קעלערס, לעכער, חורבות האָבען זיי געלערענט. די שנאָה פון אַלע זייטען איז גרויס, סכנות, נויטה, אָרעמקייט — אַ שרעק, און זיי פונדעסטוועגען טהוען זייערס, דערגרייכען אַ סך. דעם פונדאַמענט צו אונזער איצטיגען צושטאַנד געלייגט האָט ווער? — זיי! גאַזעטען, שפּראַכע, השכלה־ספרים האָבען מיט זייער אָנהויב צו פערדאַנקען וועמען? — זיי, זיי! שאַ, און איהר, קינדערליך, פון וואַנען האָט איהר זיך גענומען? פון וואַנען די אַלע היינטיגע חכמים, גרויסע קעפּ, בריות־מענשען, ווען די טאַטעס, די משכילים פאַר זיי, וואָלטען זיך נישט געוועזען מיהען?... אַי־וואָס, יענע מיני פאַרשוינען דענסטמאָל, קריכער, אַסימיליאַטאָרען הייסט עס? קראָפּיווע זייעט מען נישט, עס וואַקסט אַליין. אַזעלכע וואַקסען אומעטום אין אַלע צייטען. קאָרג אַ שטיינער זענען זיי דאָ צווישען איך, היינט טאַקי?...

נאָך מעהר פערדראָס איז אָבער, וואָס דער גאַנצער „הכצעקתה״ איז גאָר איין איבעריגע זאַך. איהר ווילט עפּעס טהון פאַר׳ן פאָלק? — אָך קינדערליך, מהיכא־תיתי! צו וואָס־זשע איז אַזוי דאָס פייער, דאָס זידלען זיך, דאָס קלאָגען זיך אויף די טאַטעס, מאַכען זיי אויסצודרעהען? שוין נישט זאָגען פאַר וואָס ק ו מ ט עס זיי אַזוינס, פרעג איך נישט מעהר: צו־וואָס, טאָמיר ווייסט איהר, ב ע ד אַ ר ף מען עס? אפשר אויף אויסצופיינען זיך דערמיט פאַר׳ן עולם: גאָט זעהט, הייסט עס, ווי מען טהוט תשובה, מען שלאָגט זיך „אָשמנו״ פאַר דעם חטא פון השכלה, פאַר די זינד פון טאַטעס, אַלטע משכילים? — אָט, חלעבין! לאַ־די וואָס דער עולם וועט נישט גלויבען, ווייל די אויגען זענען איהם נאָך נישט אַרויסגעקראָכען נישקשה, צו זעהן די אַלטע זינד פון די פאָטערס אויך ביי די קינדער, וועט ער נאָך, צומאַכענדיג מחילה די נאָז, זאָגען: פּעו! אויף דעם אָרט וואו די בעלי־תשובות שטעהען קענען אמת׳ע־

צדיקים מאַקי נישט איינשטעהן... אלא וואָס דען־ושע בעדאַרף מען עס? — גאָר נישט!

גלאַט אַזוי זיך, פּיִערען, פילדערען. מה נאמר ומה נדבר, ס'איז מאַקי מעשה יוד. צוהיטצט זיך אַ יוד, דענסטמאָל — אָ, אַזאַ'ס! רעדט ער און רעדט אפילו אויף „גנתקה" אויך. לעבצט אַ יוד נאָך כבוד, מוז ער דערוויל מאַכען צו נישט אַנדערע. בײַ איהם איז ישר והפוך — אי גערעדט אַזוי, אי דאָס אייגענע פערקעהרט; אי אַ הויב אַרויף, אי אַ וואָרף אַראָפּ; אי מאַכען זיך אוים זיין יחוס, זכות אָבות, אַ גאַנצען צימעס, אי אויסמאַכען עס צו גלייכער צייט. און ווי עס דאַכט זיך פיהלט ער עפּעס גאָר אַ בעזונדער מין משונה פערגעניגען אין מבטל זיין די זייניגע און דאָס זייניגע, אין דעם שנייצען, ווי זאָגט מען עפּעס, די נאָז און שמירען דאָס פּנים. אײַנגעהמען תענוג פון מבטל־זיך־זיין, פון קיין פּנים־נישט־האָבען — אַזוי'נ'ס קענען נאָר טאַקי מיר יודען!...

עס צושפּילען זיך אין מיר פאַר גרוים פערדראָס, די געבליטען. עס רייסען זיך מיר אויף דער צונג טיעף פונ'ם האַרצען ווערטער, רייד־דען ווילט זיך מיר, ריידען — און דאַכט זיך טאַקי: אָט שטעה איך פאַר'ן עולם, זאָג און שריי ווי אַ נביא מיט דעם בעקאַנטען טרויערדי־גען ניגון: הוי, וועה־געשריגען אויף די, וואָס קענען אַנדערש ניט גיל־טען פאַר גוט און פרום, פאַר חכמים און פיינע־בריות, ביז זיי מאַכען נישט אַ תל פון יענע! הוי, וועה־געשריגען אויף בריה'שאַפט זיך צוהיט־צען, צופלאַקערען; אויף גיכע אָנצינדעניש און אויף גיכע אָפּקיהלע־ניש!... הוי, וועה־געשריגען אויף... נאָר באַלד טהו איך מיר אַ חאַפּ — אוי, חלומות! איך איינער אַליין גײַ ה ד אָ אויף דעם וועג ע ל ע. וואו עולם? נישטאָ קיין עולם!...

שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו הערען דאָרט אין דעם „וויינ־גאָרטען" קולות, געשרייען נאָך שטאַרקערע ווי פריהער, מיינסטענס איבער לאומיות — אַ שפּאָגעל־ניי וואָרט אַזוינס, נישט דערהערט געוואָ־רען אַמאָל בײַ אָבות־אבותינו. הייסען זאָל עס אייגענטליך הייסען לאומיות כמו אַזוי ווי גויית (לאום און גוי האָבען דאָך איין טייטש: פאָלק, נאַציע), דאָס הייסט, פערשטעהט איהר מיך — ווי זאָל איך עס זאָ־גען? — עפּעס אַזוי: פאָלק איז פאָלק און רעליגיע איז רעליגיע. צוויי בעזונדערע זאַכען, ווי בײַ זיי להבדיל, וואָס בײַ יודען גאָר נים צו פער־שטעהן! מסביר צו זיין עס אַביסעל, מוז איך געברויכען עטליכע ווער־טער חקירה, זאָל מיך גאָט נישט שטראָפען פאַר די זינד. שרעקט זיך

ניט, רב מענדעלי, טאַקי נאָר עטליכע ווערטער, נישט מעהר, ווי איך בין אַ יוד! — דת בײַ אונז יודישע קינדער, פערשטעהסט איהר מיך, איז נישט דאָס, וואָס בײַ אַנדערע פעלקער אמונה. גלויבען, רעליגיע — הימעלזאַכען, יענע וועלט; נאָר וואָס דען? גוטע, קלוגע, גערעכטע געזעטצען, אין לעבען אַריין נויטהיגע זאַכען, טאַקי דאָ אויף דער וועלט, און אויך געבאָט, וואָס זענען געשטעלט אויף היסטאָרישע, געשעהענע זאַכען, פון אַ זכר וועגען. אַזעלכע געזעטצען. אַזעלכע געבאָט דריקען אוים און דערהאַלטען דאָס לעבען אי דעם גייסט פונ'ם פאָלק. דת און לאומיות זענען דעריבער בײַ אונז איינס. איטליכער אין דעם גוטען יודישקייט איז, וויסענדיג נישט וויסענדיג, ווילענדיג נישט ווילענדיג אַ יוד, אַ לאומי, „קודשא־בריך־הוא, ישראל און די תורה, זענען איינס" — אַזוי זאָגען אויך אונזערע הייליגע חכמים. — קורץ און שאַרף!

נאָר גאַנץ פשוט, גאָר אָהן אַלע חקירות לאָזט זיך נישט פערגלייכען דאָס, וואָס בײַ יודען, מיט דעם, וואָס בײַ אַנדערע פעלקער. פעלקער בײַ זיך אין לאַנד, פערזאָרגט מיט אַלע נויטהיגע זאַכען צום לעבען. זיי מעגען לאומיות טהיילען און קענען עס טאַקי טהיילען. זיי האָבען וואָס צו טהיילען — ס'איז דאָ אי וואָס צו גאָט, אי וואָס צו לײַט; אָבער יודען... זיי טאָרען נישט און קענען נישט טהיילען, דען וואָס האָבען יודען, מ'שטײַנס־געזאָגט, אין גלות? אין וואָס זאָל עס בעשטעהן פאַר זיך אַליין, גלאַט יודישקייט, לאומיות, ווי הייסט מען עס בײַ זיי היינט, אַז נישט דאָס, נישט יענעם, אַז קיין זאַך נישט ווי בײַ לײַטען? איהר פערשטעהט דאָך וואָס מען מיינט... גלאַט לאומיות דאָ אין גלות, אָפּגעטהיילט פאַר זיך בעזונדער פונ'ם דת, איז דאָך עפּעס אַ וואָרט נישט צו פערשטעהן. פאָרט וואָס זאָל עס אַזוינס זײַן, אין וואָס זאָל עס בעשטעהן?

— לאומיות בעשטעהט — אַזוי שרייט מען היינט בײַ אונז אין איין קול — אין לשון. היסטאָריע!

אָוואַ, אין לשון! פּקוד, פּקדתי, הייסט עס. הערט אַ מעשה, אין לייענען היסטאָריע!... אָט דאָס גאָר? אָט דרינגען בעשטעהט עס אינגאַנצען דאָס פייער, דער ברען? אַ נס, חלעבין, וואָס די היינטיגע האָבען זיך מחילה פאַרשפּעטיגט, זיי זאָלען זיך געוועזען אונטערדריקען מיט זייער חקירה אין יענע פריהערדיגע צייטען, און מען זאָל זיי געוועזען, חלילה, הערען, וואָלט פון יודען שוין לאַנג קיין זכר נישט איבערגעבליבען. פאַר

דעם לשון און היסטאָריע, מ'שטיינס-געזאָגט, וואָלט קיינער פון יודישע קינדער, זיי אַודאי ניט, זיך נישט מוסר נפש געווען. — לשון, מהיכא-תיתי! אַ טהייערע זאַך. נאָר גוט מיט עפּעס דערצו, פערשטעהט איהר מיך מיט אַ שטיקעל אייגענס מ אַ י אָ נ ט ע ק, אַ שטיינער, וואו דו ביסט אַ פריץ און ד י י ן וו אָ ר ט דאָרטען גילט. אז דאָס אָבער נישט, נישטאָ פאַר איהם, פאַר דעם לשון דיינעם הייסט עס, קיין אָרט, קיין געברויך — נישט אין מאַרק, אין קלייט; אין קאַנטאָר, אין דער פרנסה, בעונותינו הרבים, און ערגיץ נישט אין דעם לעבען, וואו-זשע? בלייבט דאָך איהם איבער דאָס איינציגע נאָר די שוהל. איז דאָס איינציגע אָנשפּאַרעניש זיינס הייגט נעביך אין דעם חומש'ל, תנ"ך'ל, אין דעם סדור'ל, מחזור'ל און אַנדערע הייליגע ספרים, אין וועלכע דער יוד ליגט אין גאַנצען מיט די ביינער, מיט לייב און לעבען און זיינע אַלע געדאַנקען, אין וועלכע ער געפינט פאַר זיך טרייסט, פול זאַכען. געבאָט אַזוינע אויף-צו-וועקען און קרעפטיגען אין איהם זיינע נאַציאָנאַלע געפיהלען. טאַקי אין גאַנצען וואָס דיין לשון נעביך האָט זיך דערהאַלטען און האַלט זיך נאָך אין גלות אַצונד, האָט עס צו פערדאַנקען נאָר זיי, אָט די אַלע זאַכען — דאָס לעבען, די נשמה פון'ם יודישקייט. נעהמט מען צו דאָס, דאָס הייסט, מען רוקט זיי אָפּ אַביסעלע אין דער זייט, מען גיט דערפון, ווי אויף אַ רפואה, אַ קאַווע-לעפעלע אַ שעה — נעהמט מען ביי איהם צו, ביים לשון הייסט עס, די נשמה. אָהן אַזאַ אָנשפּאַרעניש דאָ, אין גלות, נאָר גלאַט פאַך זיך אליין, וועט עס, פריהער אָדער שפּעטער אַביסעל, זיכער פאַלען.

אוי, די מעטאָדעס, די מעטאָדעס! דאָס איז פאַר דעם לשון סם, דאָס אייגענע וואָס פאַר דעם פיש די יבשה. אוי, די יבשה — די טרוקענע אָהן גייסט, די וואָכעדיגע אָהן הייליגקייט, מעטאָדעס!... אָנגענומען, זיי דינען גרינגער אויסצולערנען די שפּראַכע, אָבער אַקעגען דעם דינען זיי אויך, נאָך גרינגער זי צופערגעסען. ראשית חכמה מוז מען דאָס האַרץ באַלד טאַקי אין אָנהויב, לאָזען פיהלען דעם הייליגען געטליכען גייסט. אָט דאָס ערשט קען דינען פאַר אַ גרונט פאַר'ן לשון, עס זאָל שפּראָצען, וואַקסען און געבען פירות; אָהן דעם אָבער וועט זיך עס ווי גראָז נישט לאַנג האַלטען. בפרט היינט, אַז פון אַרום און אַרום בלאָזען שטאַרקע ווינטען און רייסען אויס אין דעם יודישקייט פיעל זאַכען, וואָס נישט פעסט דאָרט איינגעוואָרצעלט... לאָז נור אַוועקגעהן אַ שטיקעל צייט וועט זיך אַרויסווייזען, צו עס איז פאַר איהם אַ לעבען, ווי די היינטיגע זאָגען, אָדער, הלואי איך זאָל ליגען זאָגען, גאָר אַ טוידט.

— למאי אונגאַריש, פּויליש, צעכיש און דאָסגלייכען! — שרייען דאָרט יענע לייט, נעהמענדיג זיך געשמאַק קודם־כל צואַרבייטען, מאַכען אַ לשון.

עס ווילט זיך מיר שטאַרק זיי עפּעס זאָגען, נאָר בּיי מיר איז אָבּער געוועזן אָפּגעמאַכט, אײַנהאַלטען זיך ווי ווייט מעגליך, נישט אָנ־רופען זיך מיר אַ וואָרט. און צוקיהלען מיר דאָס האַרץ נעהם איך מיך אויס'טענה'ן מיט זיי אין די געדאַנקען, רײדענדיג פאַר מיר און פאַר זיי, ווי דער שטיינער איז פון אַ מענשען אַמאָל נאָך אַ שלעכטע בּעגעגעניש מיט עמיצען.

— רבּותי! — מאַך איך טראַכטענדיג בּיי מיר — וואָס איז דאָס פאַר אַ פערגלייך? מען בּעדאַרף זיין בּלינד, נישט צוזעהען דעם ווייטען חילוק פון אונז צו יענע. אם־ירצה־השם אויף זייער אָרט, אין זייער שטאַנד, וועט עס בּיי אונז זיין אויך אַזוי, אפשר פיעל מאָל בּעסער נאָך ווי בּיי זיי.

— דאָס איז דאָך אָבּער אַ סגולה, לשון, מעטאָדעס, הייסט עס פאַר אונזערע קנעכט, פאַר אונזערע קריכער און זייערע קינדער! — לאָז איך זיי טענה'ן, ריידען אַקעגען מיר.

— חכמים! — טהו איך זיי אונטער די אויגען אַ פּיק — דאָס איז אַזאַ מיטעל ווי אָנשיטען זאַלץ אַ פיינגעלע אויפ'ן ווײדעלע כּדי עס צוחאַפּען. משוגע וועלען יענע זיין, קריכען אייך אין די הענד אַריין איהר זאָלט מיט אַזוינע מיטעל מתקן זיין זייער נשמה, מאַכען זיי פאַר יודען, בּפרט אַז די מיטעל אַליין טויגען נאָך דערצו אויך נישט. מעטאָ־דעס און גלאַט לשון, אָהן דעם הייליגען יודישען גייסט, דערצו נאָך אָהן אַ שום געבּרויך אין דעם לעבּען, אין דער פּרנסה. זענען דאָס אייגענע וואָס אַ טוירטען בּאַנקעס... איהר הערט? איהר מעגט נישקשה, צורעכ־נען דערצו אויך היסטאָריע.

— אַי, אַי, יודישע קינדער! — לאָז איך זיי שרייען, אָנהאַפּענדיג זיך בּיים קאָפּ — ס'איז דאָך עפּעס אַ שרעק! אוים היסטאָריע, אוים זכרון, אַ מענש זאָל נישט געדענקען וואָס מיט אידם אַמאָל! היסטאָריע, דאָס איז דאָך דער זכרון פון אַ פאָלק. דאָס איז אַ קול פון עלטערען, וואָהרנונגען און לעהרנונגען; אַ פערצייכעניש פון זאַכען, געשעהענישען, איינפיהרונגען פערציימען.

— דאָס אַלסדינג העלפט אָבּער אַזוי ווי איין ארבּעס צו דער

חאַנד! — ענטפער איך אָפּ צוריק בײַ זיך טאַקי אין די געדאַנקען — מען הערט און מען טהוט נישט וואָס מען הערט, אָדער מען טהוט און מען הערט נישט יענעמס נסיונות זענען נישט קײן תורה פאַר אַנדערע, געכטינגע — טוינען נישט מאָרגען. קינדער האַלטען זיך קלינער פון די טאַטעס. שאַ, איהר אַלײן טאַקי בעריהמט זיך דאָך מיט אײַער יונגקײט דערמיט אַלײן וואָס איהר זענט יונגע לײַט, און רעכענט זיך אָפּ מיט עלטערע ווי מיט אַ טאַטען!... אַלטקײט איז אײן עבירה שוין דערפאַר וואָס ס'איז אַלט. ווײסט איהר־זשע נישט, אַז יונגקײט איז נישט אײביג, אָט־אָט ווערט איהר אַלט און שפּעטערדיגע יונגע לײַט ווילען אויס אײַך שפּאָטען? מעגליך איהר ווײסט, דער נסיון איז פאַר אײַערע אויגען, עס ליגט אײַך אין זכרון און עס העלפט פאָרט נישט דער זכרון. ס'איז נאָך באמת דאָ עפּעס אַ גאַנצע דרעהעניש: געדײנ־קען און הערען — הײסט דאָך בלײַבען שטעהן, אויף אײן שטאַנד נישט ריהרען זיך פונ'ם אָרט. פּע! — אלא, וואָס דען, אַלץ װײַטער װײַטער געהן, דאָס הײסט, געדײנקען און נישט הערען, קומט דאָך אויס עפּעס אַזױ משונה ווי אַ שטעהן און אַ געהן בײדע אינאײנעם! צו וואָס געדענקען, צו וואָס דער גאַנצער זכרון, ער זאָל זיך נור באַמבלען אונטער די פיס און שווער מאַכען דאָס געהן? שוין פיעל גלײַכער אַזױ: נישט געדײנקען און נישט הערען. און געוועהנטליך קומען טאַקי פאַר אין דעם לעבען אָט יענע מאַכערס, אַ שטײגער, וואָס ווײסען נישט, הערען נישט אַ וועלט און טהוען, אַרבײטען מעשים...

— פילוסופיא! — לײג איך זיי אין מויל אַרײַן, אויף אָפּצוזידלען מיך כלומר'שט, אַזאַ וואָרט, וואָס הײסט בײַ דער וועלט אַזױ פיעל ווי נאַרעשקײטען, מעשה מלמד, און דאָך האָט איטליכער, אויף ווועמען עס איז געזאָגט געוואָרען, דערפון בײַ זיך אין האַרצען הנאה — גלאַט אין דער וועלט אַרײַן פילוסופיא, זײַטיגע זאַכען. אַהער בעסער מיט אונזערס, מיט יודישע היסטאָריע! זי דערפרישט, הײנט און בעשעהנט, זי גיט צו אַ שטיק געזונד, כח און לעבען.

— מיט וואָס?

— סטײטש מיט וואָס! מיט אַגאַנץ צעטיל פון תנאים, אמוראים, גאונים, רבנים, ראשי־ישיבות, מורי־הוראות, דײנים, פרומע כשר'ע יודען און מחברים כל־המינים.

— מהיכא־תיתי! אויב אָט דאָס־אָ הײסט און קען הײסען היס־

מאָריע, איז עס נאָך גוט פאַר אַזעלכע. פאַר וועלכע עס זענען אָפּען די
ספרים פון יענע אַלע לייט דאָ אין דעם צעטיל, הגם זיי קענען זעהר
גוט זיין דאָס וואָס זיי זענען, אויך אָהן אַזאַ היסטאָריע; פאַר אַזעלכע,
ביי וועלכע די דאָזיגע אַלע לייט מיט זייערע ספרים זענען שטאַרק
בחשיבות און האָבען אַ גרויסע ווירקונג, אַ דעה אין זייער לעבען. ווען
אָבער נישט דאָס, וואָס קען דען אַזאַ היסטאָריע, גלאַט אַ צעטיל געמען
אַליין עפּעס געבען? — גאָר נישט! נישט איין זאַך פון די, וואָס איהר
ווילט. מען קען זיך איבערקוקען דאָס גאַנצע צעטעל, אויב מען וויל, און
בלייבען טאַקע קאַלט ווי אייז. אויף דערויף אַליין האַלטען זיך איז דאָס
יודישקייט אַ בלאָז! און באמת טאַקי, וואָס פאַר איין אינטערעס, וואָס
פאַר געפיהלען פון ליעבשאַפט צו זיך קענען ביי יענע אין הארץ אויפ־
וועקען אַזעלכע לייט, וואָס קומען זיי אויס אַביסעל משונה ווילדליך,
עפּעס גאָר ווי פון איין אַנדער וועלט? קדושים אפילו. די אַלע גרויסע
צרות, רדיפות, דערנידערונגען, געברענטע געבראָטענע לייד, מיט וועלכע
אונזער היסטאָריע איז אַזוי רייך, איז אויך אַ קנאַפּער מיטעל צוזאַמען
דערמיט יענע קאַלטע פאַר הייסע יודען. דערפרישען, הויבען און בע־
שעהנען, מיינט איהר דערמיט — אדרבה! עס קען נאָך אויף זיי ווירקען
פונקט פערקעהרט. זיי קענען, לייענענדיג עס, גאָר פערדרעהען די נעז,
טראַכטען: נו, אַ פאָלק!... אויף צרות, אויף אומגליק נאָר אַזאַ פאָלק,
וואָס איז צו שאַנד, צו שפּאָט אין אַלע ערטער און אַלע צייטען. גלייכער
די חרפות־בזיונות, די אַלע צרות און דערנידערונגען צו פערדעקען. שאַ,
לאָזען עס חאָטש אַנדערע הייגט נישט הערען, לאָז מען נישט זאָגען:
קנעכט, אַקעגען דעם וואָס פריהער זענט איהר הייגט פריצים! אויך אונ־
זערע קינדער לאָזען עס נישט וויסען. צו וואָס פערגיפטען דערמיט
זייער לעבען, קרענקען, שוואַך מאַכען זיי מיט מעשיות פונ׳ם ביטערען
גלות, דערשטיקען אין זיי דעם מענשליכען שטאָלץ און צונעהמען ביי
זיי דעם מוטה אין די יונגע יאָהרען?... יאָ, ס׳איז גאָר אַ שאלה אויב אַ
לעבען פון אַ פאָלק אין דעם לאַנגען גלות, וואו עס לעבט־זיך, טהוט
זיך נישט מיט זיין אייגענעם ווילען, נאָר מיט יענעמס, נישט ווי עס
ווילט זיך, נאָר ווי עס לאָזט זיך; וואו די לאַגע זיינע ענדערט
זיך תמיד ווי דאָס וועטער נאָך די ווינטען, וואָס בלאָזען פון פערשידענע
זייטען; וואו באַלד גיט עס איהם אַ טראָג אין דער לופטען און באַלד
אַ וואָרף אין דער ערד אַריין, הייגט פערוואָרפט עס איהם ווי אַ בלעטיל
אַהין און מאָרגען אַהער — אָט אַזאַ לעבען מ׳שטעהנס־געזאָגט פון אַזאַ
פאָלק איז די שאלה, אויב עס קען גאָר הייסען היסטאָריע... עס האָט

א פנים טאַקי נאָר ווי עפּעס אַ שלעפער, אַ בּעטלער רעכענט און פערשרייבּט די צאָהל הייזער, פון וועלכע מען האָט איהם אַרויסגעטריבּען, די צאָהל משרתים, לאַקייען, וואָס האָבּען איהם אַרויסבּעגלייט, און די קלעפּ, די הייסע פּעטש, וועלכע ער האָט דערבּיי געחאַפּט, פּינקטליך אַקוראַט, נישט צופערפעהלען נישט איינס פון זיי חלילה!... היסטאָריע און לשון קענען זיין דאָס. וואָס זיי בּעדאַרפען זיין, ערשט דענסטמאָל, ווען זיי ווערען געמאַכט און האָבּען אַ געבּרויך בּיים פאָלק, ווען זיי געהען אין דער וועלט מיט איהם און דורך איהם, בּשעת ער, דאָס פאָלק הייסט עס, היינגט אָפּ פון זיך, פון זיין ווילען, טהוט, אַרבּייט, און ווייסט צוזאָגען פון זיין לעבּען... דערווייל אין גלות, איז לשון — לשון־קודש (הייליג צוליעבּ די הייליגע ספרים) נישט פּשוט, פאַר זיך אַליין לשון, און היסטאָריע — אוי, אויף שונא־ציון געזאָגט געוואָרען!...

— הערסט דו, אָט דאָס טאַקי שרייען מיר דאָך: ציון! — — —

דאָס אויס'טענה'ן זיך אין די געדאַנקען איז מיר אַצונד קאַרג. וואָס העלפט דיין טראַכטען, דיין פערבּאָרגענע חכמה אינוועניג אין זיך, בּשעת די אומשטענדען פאָדערען, יענעם פריי טאַקי זיי אַרויסצוזאָגען? רעד, לאָז מען הערען! — עס ווערט אין מיר עפּעס אַ פערענדערונג. עס גיט מיך אַ טראָג — און פּלוצים ווי פון דער העלער הויט וואַקס איך אויס פאַר דעם עולם עפּעס מיט אַ גאַנצער דרשה.

— אַזוי! — זאָג איך הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלען הערען — ציון, הער איך, זאָגט איהר. ארץ־ישראל הייסט עס מיינט איהר! אָך, הלואי רבּונו־של־עולם, מיט דעם גאַנצען הארצען! אויבּ אַזוי למה רגשו, צו־וואָס־זשע דאָס שטורעמען ולאומים יהגו, מחילה, דולען זיך מיט חקירות נישט צו דער זאַך? מיט חקירות, וואָס האָבּען אייגענטליך איין ווערטה מיט דעם „הא״, וואָס איינער אַ ליידינגעהער מאַכט בּשעת יענער האָרעוועט. האַקט האָלץ, און פערדולען דערווייל דעם עולם דעם מוח; מיט זאַבּענישען, וואָס דערצאָרנען נאָר, וואָס ז ע נ ע ן א י בּ ע ר י ג, א י פ א ר ד ע ר צ י י ט. דאָס, וואָס אייַנצופיהרען עס דאַכט זיך ד אָ א צ ו נ ד ג ו ט, קען גאָר זיין ש פּ ע ט ע ר ד אָ ר ט ש ל ע כ ט. דאָס, וואָס דאָ אַ צ ו נ ד א י ז ש ו ו ע ר, וועט ש פּ ע ט ע ר ד אָ ר ט ג ע ש ע ה ע ן ג אַ נ ץ נ אַ ט י ר ל י ך פון זיך אַליין און גרינג. כּי האָדם — דער מענש איז, זאָגט דער פּסוק, ווי אַ בּוים. ווינטער איז דער בּוים, דאַכט זיך, אָהן לעבּען, נאָר אַ שטיין, רערט, טהוט כּל־הטימעל — אומזיסט. נישטאָ קיין גרין בּלעטעל! לאָז נאָר אָבּער אַ שיין

מהון די ליכטיגע זון, זומער — ווערט ער ווי ניי געבוירען, פריש, לעבעדיג. ער גרינט, ער בליהט און גיט ארויס פון זיך פירות אין דער געהעריגער צייט... לאָז נאָר זיין ציון, ניין! ארץ־ישראל מיין איך, פערשטעהט איהר מיר...

— האַ! וואָס איז דאָס פאַר אַ ניין, פאַר אַ חאַפּען זיך עס עפּעס צוריק? — וואונדערט איהר זיך שטאַרק אויף מיר — יאָ, רבותי, לאָז די זאַך האָבען איהר ריכטיגען נאָמען! אין אַ נאָמען איז אַמאָל זעהר פיעל געווענדעט. טאַקי ארץ־ישראל, אַזוי איז גלייכער און פאַר דער וועלט פערשטענדיגער. ווייל דרינען איז גאַנץ בולט אויסגעדריקט אייער פערלאַנגען. גאַנץ קלאָר: מען וויל ארץ־ישראל, און ציון, עס פערשטעהט זיך, אויך בכלל. ציון אָבער דריקט נישט אויס דייטליך וואָס מען וויל. עס האָט אַ סך פירושים, אַזוינע, וואָס פאַר אייך נישט קיין משא־ומתן. ווייל אין ציון ל י ג ט אַזוינס, אין וואָס אייך איז אייגענטליך גאָר נים ג ע ל ע ג ע ן — ווייל ציון, פערשטעהט איהר מיך, האָט נישט און קען טאַקי מעהר נישט האָבען דעם אַמאָלדיגען טעם פאַר וועלטליכע מענשען ב אַ נ ק י ר ע ן היינט; פאַר געשעפטמאַכער, וואָס ווילען גיך־געשווינד, מיט אייזענבאַהן, נישט אַרויסנעהמען זיך די אויגען קוקענדיג, מעשה קבצן, ר י י ט ע נ ד י ג א ו י פ׳ן א י י ז ע ל. ווייל פריהערדיגער ציון, ביי יענע כלי־קודש דאָרט און ביי יענע אין די הענד, ווי אַמאָל נאָך אין די יונגעלשע יאָהרען, פּאַסען מעהר נישט פאַר אַזעלכע קלוגעטשקע ווי איהר היינט, וואָס ווילען זיך נישט מעהר לאָזען פיהרען אין חדר אַריין, און וואָס קענען אַליין, ברוך־השם בעשטעהן זייער שטעדטיל. ווייל, פערשטעהט איהר מיך... דאָס גאַנצע צאַצקעלע, ווי היסט מען עס, וואָס איהר בינדט עס היינט אָן, ווי תפילין להבדיל, פאַר אַ צייכען אויף אייערע קליידער — איז אייגענטליך גאָר נים צום פערשטעהן. פון וואַנען האָט עס צו אייך זיך גענומען? וואו שטעהט עס געשריבען אין דער תורה? אדרבה, פערקעהרט... לייענט דאָרט, לייענט נאָך ערגיץ ווערט איהר פערשטעהן. און די היסטאָריע אונזערע פאַרצייטען וואָס זאָגט? דאָס צורייסען זיך פונ׳ם פאָלק ישראל אין צוויי בעזונדערע טהייל, איינער מיט דעם אנדערען אויף מעסער־שטעך, גלייך פרעמדע; די צוואַנג, די פיין, אויסגעלאָסענקייט, קריג, געשלעג און חורבנות, ווען הויבט זיך עס אָן און פון וואַנען איז עס גיך און־באלד געקומען? — זאָגט, זאָגט, רבותי!

אוי, רב מענדעלי, האָבען זיי עס געזאָגט אביסעל, אָט די רעטוחים!

נישט ווי א פנים האָבן פערשטאַנען מיך, נישט איך זיי. אפשר שפּע־
טער קען זיין וועלען מיר איינער דעם אַנדערען פערשטעהן, דערווייל
גיב איך אַ מאַך מיט דער האַנד אויף דעם גאַנצען עולם, לאָז ער איבער־
געהן צו אַנדערע שרייבער אין די הענד, בשם אלהי ישראל! און נעהם
מיך אויף דער עלטער — וואָס זאָל איך טהון — ווידער צו מיינע
בהמות.

פערגעסט נישט, רב מענדעלי, אַז נאָך אין דער יוגענד האָב איך
געשריבען און מיך אָפּגעגעבען מיט אַלערליי מיני בהמות. תחילת איז
דאָס ביי מיר געווען פשוט עפּעס אַ מין שפּילכען. עס האָבען מיך פּער־
אינטערעסירט זייערע פערשיעדענע געשטאַלטען, זייערע גענג, זייערע
העוויות, גלאַט אַזוי, ווייל ס'איז משונה, עפּעס אַנדערש ווי געוועהנטליך
ביי מענשען. עס הירזשעט זיך, אַ שטייגער, אַ פערד פראַסט אויפ'ן מארק
נעבען וואָגען, נישט געקוועטשט זיך ווי יענער להבדיל ביי אונז נעבען
עמוד, אָדער דאָרט אויף דער סצענע. עס רעוועט זיך אַ קיה אויף דער
געמבע, נישט מיט דער בריטקייט, מיט דער פּאָרסע ווי יענע לייטעשע
געמבעס. עפּעס הפקר איז זיך אַ ציגען־בערדיל מען מעג עס נישקשה
צופּען, רייסען, די ציג מעקעט — און נאַר נישט! וואָס דאָס הירזשען,
דאָס רעווען, דאָס מעקען בעדייט, דאָס איז מיך קנאַפּ אָנגעגאַנגען.
ערשט שפּעטער, אַז איך האָב מיינע בהמות דערקענט בעסער, איינגע־
זעהען אַז זיי זענען ווי מענשען פלייש און בלוט, ווי מענשען מיט אַלע
חושים, מיט געפיהלען, און ערענסט בעטראַכט זייער לאַגע, זייער וויסט
לעבען, ווי זיי זענען עס אין גלות נעביך, קומען עס אָפּ ביי די מענשליך
אויף דער וועלט — האָט מיך שוין אָנגעהויבען ציהען צו זיי דאָס געפיהל
פון רחמנות. איך הער אמאָל קולות פון זיי און פערשטעה, דאָס איז אַ
הירזשען, אַ רעווען, אַ מעקען נעביך פאַר וועטהאָג און ביטערע יסורים;
דאָס איז אַ קייכען, אַ סאָפּען, אַ זיפצען אונטער צו אַ שווערער משא. —
אַז די דאָזיגע בידנע גאָט'ס־בעשעפעניש האָבען געפיהל און פערשטאַנד
זאָגען אויך פיעל חכמים אין זייערע ספרים, ס'איז דאָ דאַרויף טויזענדער
בעווייזען. ס'איז ביי זיי אפשר אַנדערש, אָבער זיי פיהלען און פער־
שטעהען, זיי האָבען אויך ז י י ע ר ל ש ו ן... אויך זייער שטיינער
חובות, בענעהמונגען איינער אַקעגען דעם אַנדערען און אויך אַקעגען
אין א ו י ב ע ר ש ט ע ן — זיי האָבען דאָך ווי איטליכען איז בע־
קאַנט, זייער פּרק־שירה!...

איבעריגענס, למאי זיך דאָ אַזוי צולאָזען אין שבחים איבער בהמות,

גליך ווי אויף מיר ליגט די שולד צופערענטפערען זיך פאר דער מחותנה'שאפט מיינער מיט זיי? — אט אזוי וויל איך, אזוי געפעלט מיר, און פטור! זיי געפעלען מיר פשוט אפשר נאך בעסער אמאל פון אנדערע ביי אונז, און דאס לשון זייערס, ווי משונה דאכט זיך עס איז, דאך איז עס אפט פערשטענדליכער ווי דאס געקליגעלטע, געמלאכה'טע ביכער־לשון, וואס איז בכיוון נאר געמאכט געווארען אויף צופערדרעהען דעם מוח און די גרינגסטע זאך מרחיק מן השכל זיין, דערוויטערען, הייסט עס, פונ'ם פשט אזוי, אז דו זאלסט זיך אנהערען, זיך אנלייענען ווי א פויק און מכות טאקי ווייסען. חושר זיין־זשע מיך, אז איך האב דערביי עפעס א שטיקעל אינטערעס, קען מען מיך אויף קיין פאל נישט. וואס א שטיינער? געלד, פון בהמות געלד? — אזוינס איז דאך נור א געלעכטער גאר צודענקען! אפשר־זשע כבוד? קעלבליך זאלען מיר נאכלויפען, קיה זאלען מיך טראגען אויף די הערנער, פערד אויף די פלייצעס — אזוינס איז נאך נארעשער צודענקען!... עט, חלעבין, נישטא פון וואס צורייידען. פאר אנדערע איז איין ווארט אפילו איין עברה. צו וואס? דאס ביסעל־זשע, וואס איך האב דא גערעדט איז טאקי נאר צו־ליעב אייך, רב מענדעלי! ווייל איך האב אייך, פערשטעהט איהר מיך, ליעב, און געוואלט בעשיינען אט דעם דאזיגען ספר מיינעם מיט אייער ליעבען נאמען דארויף. איך פערהאפ, אז אצונד פערשטעהט איהר מיך שוין זעהר גוט, אוים קשיות, און די דאזיגע מתנה מיינע וועט מיט דעם איבערשטענס הילף ביי אייך זיין שטארק אנגעלייגט. און צוריק גע־שמועסט טאקי פאר וואס נים? וואס קען עס אייך ארען?

צווישען אונז גערעדט. תחילת איז א סברא געווען דעם דאזיגען כיבוד אפצוגעבען אייער פערדיל, דעם לייב אייערען, ווי הייסט עס ביי אייך, אזוי טאקי, א לכבוד מיט דעם גאנצען טיטעל. פארט, ווי זאגט מען עס, אזוי פיעל יאהר אוועקגעלייגט דאס געזונד אין דער ליטע־ראטור, געשוויצט, געארבייט איבער די כחות. אמת, א פערד איז ער טאקי, א פראסטער ארבייטער; נאר ווי זאגען זיי עפעס, אונזערע חכמים דארט: גאט איז נישט מקפח שכר, נעהמט נישט אוועק דאס פערדינסט ביי קיין שום בריה. נאר דערנאך איז מכמה וכמה טעמים געבליבען: ניין! לאז זיין מיט דעם לכבוד רב מענדעלי לעב, און דאס פערדיל מיט אנהויבענס — במקום כהן, להבדיל, די אלע אנדערע בהמות. וואס קומען דא נאך איהם אין דעם דאזיגען ספר מיט זייערע מעשיות וענגען דאך באמת טאקי אויך נאר במקום'ס דאס הייסט: במקום ישראל.

---

.1

# דער לייב.

## א טאג אין צרות.

---

מיט דעם הינטען מחילה צום בית־המדרש און מיט דעם קאָפ צום וואָגען, קנייטשענדיג דעם שטערען, אויפשטעלענדיג די אויערען און אַרויסשטעקענדיג אַ שפּיטץ צינגעל, שטעהט ער ביחידות אויפ'ן שול־הויף, זומער נאָך האַלבען טאָג, פעראומערט און פערשמאַכט פונ'ם לאַנגען, שווערען תענית. פאַסטען איז ער אַפילו שוין געוועהנט, זינט ער טראָגט אויף זיך דעם עול פונ'ם יודישקייט, דעם גאַנצען באַרג ספרים, איז איהם זעהר אָפט נעביך אויסגעקומען צו פאַסטען, אַמאָל אַ תענית־יחיד, ער פאַר זיך אַליין און אַמאָל אַ תענית־ציבור, ער מיט דעם בעל־הבית און דעם הויז־געזינד אינאיינעם. זאָל ער נישט זוכה זיין איבער הונדערט יאָהר דאָרט איינגעשפּאַנט צו זיין אין דער מרכבה, דעם הייליגען רייטוואָגען, צווישען די שרפי־ברענענדיגע חיות־הקדש; צו עסען די סעודה פונ'ם הייליגען האָבער און פערטרינקען מיט פולע איימער גן־עדן וואַסער דאָרט אויף יענער וועלט, אויב ער האָט די גאַנצע צייט אין דער איצטיגער פרנסה זיינער געוואוסט דעם טעם פון אַ האָ־בער, פון אַלע גוטע זאַכען, ווי אַנדערע זיין גלייכען דאָ אויף דער וועלט. אַזוי פיעל מכות, רבונו־של־עולם, זיי, די ווילדע חיות־רעות, וויפיעל מאָל ער איז נעביך אויסגעשטאַנען נויטה, הונגער ביים אַרומ־שלעפען זיך זיינעם שטענדיג מיט פעקליך יודישקייט — און פונדעסט־וועגען שאַ, גאָרנישט! נאָר היינטיגס מאָל אָבער האָט דער יצר־הרע פונ'ם עסען זיך אין איהם געשטאַרקט; איהם אונטערגעגעבען חשק צו וועלען דערהאַלטען זיין לעבען, ווי אַ לעבעדיג בעשעפעניש בעדאַרף וועלען נישט זיך מאַכען גע'פגר'ט, שונא־ציון, גלאַט עט־שמעט . . . דער טאָג איז געוועזען זעהר אַ הייסער. עס האָט געברענט — געבראָ־

מען. ער איז געקומען היינט פונ'ם וועג קוים א לעבעדיגער — צוביסען, פערשוואָלען, אונטערהינקענדיג אויף נאָך איין פוס, מיער, צוּבראָכען, א שארבען, לא עליכם. געוואלד, עסען! חאָטש עפעס וואָס עס איז צודערהאלטען די נשמה!...

אויפ'ן שול-הויף און ווייט ארום-און-ארום איז נישטאָ קיין לעבעדיג בעשעפעניש. מען ליגט פאר היטץ בעהאלטען, אָפגעהענדיג מיט שוויים. די בהמות, קליין און גרוים, אלע זענען אויפ'ן פעלד, טהוען זיך אָן וואוילטאָג אויף דעם גרינעם גראָז, ס'איז דאָרט א לעבען פראנק און פריי — קיה מיט עקסעליך, צאפעס מיט ציגעליך, נאָר מחיה! און ער, — ער, שלים-מזל זיין אָרט איז, ווי געוועהנטליך, אוי-וועה, נעבין בית-המדרש! עס הערשט דאָ, אויף דעם אָרט עפעס א מרה-שחורה. נישטאָ קיין סימן גרעזעלע, קיין ביימעלע, נאָר זאמד, מיסט, פערטראָגענע בלעטליך און פערשלעפטע פוילע-פערשימעלטע מיני סחורה.

ער שטעהט זיך אזוי אָנגעדרודעלט צווישען די האָלאָבלעס, אויסגעדרעהט מיט דעם קאָפּ צום וואָגען. די אונטערשטע ליפּ הייגגט איהם אראָפּ, עס קוקען ארוים ציין, עפּעס ווי גערעדט: נאַ, חאָטש נעהם פערוואָרף זיי אויף דער פּאָלאָצע! דער יצר-הרע טאָרעט איהם, טאָרעט אין מאָגען, אָנמאַכענדיג אינווענינג אין איהם א גאַנצע מרידה, א דרעהעניש — ויתרוצצו, און עס בורטשעט איהם אין בויך, עס ציטערט, טרעסעלט זיך אויף איהם די הויט. ער קוקט מיט האַלב פערמאַכטע אויגען אויף די פעקליך ספרים; קוקט, זיפצט און איז שטאַרק פערטראַכט.

ס'איז דאָ נישקשה פּאַר וואָס צו זיין פערטראַכט. אונזער שלים-מזל האָט, נישקשה, זיין געשיכטע, פון וועלכען אלע בהמות מעגען א מוסר זיך אראָפּנעהמען, נישט פון די יונגע יאָהרען נאָך האָט ער געהאַט אזא פינסטער געשטאַלט, אזא מיאוס פנים. ניין! א לאָשאַקיל איז ער געווען א לעבעדיגס, א שעהנס, נאָר א חריפות. ער האָט געהאַט פאר זיך אויך גוטע צייטען, איז געווען פעט מיט א בויך, מיט פיס, נעגאַנגען א גאַנג האָפּערדיג, פעררייסענדיג דעם קאָפּ, און אמאָל טאַקי אויך קונציות, שטעלענדיג זיך דיבאָם.

נאָר אזוי ווי דער זכרון איז, לא עליכם, ביי איהם, דאַכט זיך, געשוואַכט; געדענקען אלע מעשיות. געשעהענישען מיט איהם אין דעם לעבען, גאַנץ דייטליך, קלאָהר מיט פערשטאַנד, איז פאַר איהם

שווערליך, פאַרט אַ בהמה, עפּעס אַ שטײנער, אַ תּרח, מ'שטעהנס-געזאָגט — דעריבּער איז פיעל גלײכער צו זאָגען, עס חלום'ט זיך איהם נאָר געשיכטע אידער זאָגען, ער טראַכט פון איהר, פון זײן לעבען אמאָל.

יאָ, עס חלום'ט זיך איהם! עס דאַכט זיך איהם אַלסדינג נאָר טאַקי ווי אין חלום. אָט ווי איהר קוקט אָן דעם דאָזיגען שלים-מזל אַצונד, אינגאַנצען מיט זײן געבּײן, איז בּאַלד אין איהם צורערקענען, ווי אין אַ געפּאַלענעם, אָפּגעקומענעם נגיד, אַז ער איז נישט עפּעס פון די פּראָסטע, נישט אַ גראָבּער בּרודער ווי יענע, די פּויערשע. ער שטאַמט טאַקי פון אַ גוטער „פּאָראָדע", פון אײדעל בּלוט, און דערפּאַר האָט מען איהם אין דער יוגענד אײנגעהאַנדעלט ווי אַ גוט שטיקעל סחורה אויפ'ן מאַרק און איהם געהאַלטען בּכבוד. אַ קאַטאָוועס עפּעס זײן שטאַל, אַזאַ שטאַל, וועלכע ער מיט נאָך אַקעגען אַ טוץ זײן-גלײכען האָבּען אמאָל געהאַט! משרתים זענען דאָרטען געווען געניג, אויבּער-משרתים אי אונטער-משרתים אויף רײניגען, שפּריצען, רײבּערען, קראַצען און אײנדרעקען. אמת, זײ פּלעגען בּײ איהם נעבּיך אַראָפּ'לקח'ענען, ווי דער שטײנער פון אַזעלכע לײט איז, אַקעגען אַ צעהנט'חלק פון זײן פוטער, די אַבּיסעל, יענע אַבּיסעל, נאָר, נישקשה, מיט חסר. ער איז חלילה פאַר הונגער נישט גע'פּגר'ט. מען קען נישט זאָגען, ער זאָל זיך געווען דענסטמאָל לעבּען פרײ, נישט זײן בּײ יענעם אין דער אַרבּײט. סטײטש, ווי געשיקט זיך עס? וואו איז דאָס ערגיץ צווישען בּהמות דערהערט געוואָרען צו-זײן גלאַט אַזוי אַ בּהמה פאַר זיך? בּיסט-דו אַ קיה — גיבּ מילך! בּיסט-דו אַיין אָקס — געה אַקער די ערד! בּיסט-דו אַ שאָף — לאָז זיך שערען! בּיסט-דו אַ פערד — זאָל מען אויף דיר רײטען. אלא ניט, צו-וואָס זענט איהר גאָר געבּוירען געוואָרען אויף דער וועלט. עס פערשטעהט זיך, אַז ער איז אויך געווען אין דער אַרבּײט, האָט געהאַט זײנעם, וואָס זאָל איהם רײטען אויף דעם רוקען, איהם אײנשפּאַנען אין דער קאַרעטע, אָנטהון איהם אַ צױם און האַלטען אין די לײצען. געהאַט זײן שמײסער מיט דער לאַנגער בּײטש, וואָס פלעגט דערמיט טראַסקען און איהם מכבּד זײן מיט אַ שמיטץ. צו-וואָס זאָל מען זיך נארען? עס האָט איהם טאַקי וועהר גוט חיעה געטהון. פערגאַנגען אַזש אין דער זיבּעטער ריפּ; דאָך האָט ער עס אָנגענומען און געמוזט אָננעהמען פאַר ליעבּ. פאָרט, ווי אָנגט מען עפּעס, אַ שמײסער הגדול, אַ הײמישער, אַ נאָהענטער שמעל־קע, אַ יונג מיט שפּאָרען, מיט טרײסטען, מיט פלימערליך, און הינטען,

מחילה, דיק־גראָב, דער קאַפּטען, ווי הײסט מען עס, מיט פאַלדען. און די בײטש — זי איז דאָך עפּעס אויך אַ צאַצע, פערפּוטצט גאַנץ פײן מיט געפלאָכטענע כפול־שמונה׳דיגע רצועות, כשר־וישר, טשאַקענדיג מיט אַלע דינים. דער שמיטץ נישט גלאַט גראָב ווי פון אַ פּויערשער עס האָט אַ טעם ווי פון מלקות, מלא חן.

אַבי־ווער אַ געפאַלענער פערטיעפט זיך געוועהנטליך, בשעת גרויסע צרות, אין חלומות פון פריהערדיגע גוטע יאָהרען, און ווערט בײ זיך געהויבען פון זײן כבוד אַמאָל. אונזער לײב, שטעהענדיג אין אײנע צרות צווישען די האָלאָבלעס דאָ, גיט עס איהם פלוצלים עפּעס אַ טראָג. ער טהוט אין חלום אַ הויב מיט גדלות דעם אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, פערריסט דאָס אויסגעדײווערטע העלזעלע, פון וואַנען עס סטאַרצעט אַרויס דאָס נערגעלע און אויף ווע לכען עס באָמבלען זיך פערפּלאָנטעטע צעפּליך, אַ סימן פון האָר מ׳שטעהנס־געזאָגט, עס טהוט איהם, אַ־פּנים, משונה הנאָה, גלײך ווי ער וואָלט געשפּירט דעם ריח פון פעלד, פון אַלע גוטע זאַכען דאָרט, גלײך ווי נישטאָ מעהר דאָ פאַר איהם קײן קינות, קײן תחינות, די אַלע פעקליך צרות׳דיגע ספרים, נאָר הײא און האָבער, די שעהנע קאַרעטע, יענע פאַרשוינען מיט דער פּאָמפּע און די גאַנצע גדולה וואָס אַמאָל. בעדאַרף גראָד דער רוח אָנטראָגען אַ זליודנע, אַ פליג, וואָס זײן אָנגעריבענער צעקראַצטער רוקען איז איהר אַקוראַט ווי געוואונשען, און אָפּטאַנצענדיג פריהער פאַר פרײד, פאַר ליעבשאַפט דאָס בעקאַנטע פליגענטענציל זעצט זי זיך דאַרויף מיט גרויס חשק, שטרעקט אויס דאָס פּיסקעלע און טהוט — אַ ביס, אַ קוש הײסט עס. אונזער שלים־מזל שפּרינגט אַזש אונטער פונ׳ם ליעבען קוש. פעררײסט דעם ווײדעל און וויל דער חצופה דערלאַנגען אַ שמיטץ, נאָר ער איז אָבער אויסגעקראָכען און דערגרײכט נישט ביז צו איהר. ער מאַכט זיך, וואָס זאָל ער נעביך טהון, נישט וויסענדיג, בויגט זיך אָן און קראַצט זיך, ווי ס׳איז, אין אַ האָלאָבלע מיט אַ געשמאַק זיפּצעלע פון אַ קבצן פאַר גרויס מתיקות דערפון.

ס׳איז דאָ אַ שטיקעל סברא בײ איהם אַ פּריוו טהון, דורכגעהן זיך אַהין ווײטער אַביסעל. דאָס איז איהם צודערקענען אין דעם געניץ זײנעם מיט דעם פוילען מויל, אין דעם ציהען זיך, אויסקנאַקען זיך די בײנער, אַ טרעסע געבענדיג דערבײ מיט דער גאַנצער פעל פון אויבען ביז אַראָפּ, גלײך ווי נערעדט: הנני — איך בין בערײט! און באמת טאַקי, וואָס איז פאַר אַ תכלית דאָ אויפ׳ן שול־הויף? וואָס מ׳שטעהנ־

נעזאָגט, איז דאָ צודערוואַרטען, אַז אַרום־און־אַרום איז טוירט, וויסט, נישטאָ. איהר זאָלט זאָגען, חאָטש עפּעס אַ לעק?... הנני! מאַכט ער אויף פערדיש און איז פאַרטיג צוגעבען — אוי, טהוט איהם אַ ציה, ניט־דאָ־געדאַכט, דער פוס, יענער פוס, צוליעב וועלכען ער האָט פערזינדיגט, פערשפּילט זיין וועלט און פערלוירען זיין ווערטה! דאָס אומגליק זיינס דענסטמאָל האָט מיט איהם אינגאַנצען געעקט: נעה טראָג אויף זיך יענע לייט אַז ס'איז נישטאָ, נישט פיר בהמות געדאַכט, קיין פיס, אַז זיי זאָגען זיך דיר אָפּ צודינגען, האָבען נישט מעהר דעם ריכטיגען גאַנג און גליטשען זיך אַמאָל מיאוּם אויס. און ווי באַלד אַזוי — געה־זשע דיר צו אַלדע־שוואַרץ־יאָהר!... ער איז טאַקי געגאַנגען, איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענד, פון איין האַנד צו דער אַנדערער, אַלץ וואָס ווייטער נידעריגער, נידעריגער געפאַלען, נישטאָ ביי איהם היינט אַזוי פיעל האָר אין ווידעל וויפיעל בעלי־הבתים ער האָט איבערגעהאַט. ביי וועמען ער איז געווען האָט ער קיין האָניג נישט געלעקט. ווען עפּעס אַ צרה איז ער שולדיג געווען, האָבען די חברים זיינע זיך פערפּלאָנטעט, געשפּרונגען אויס די האָלאָבלעס, געפאַלען ווי שכורים פון די פיס און אַריין אין אַ גרוב, האָט פאַר זיי אַלע געחאַפּט אַ פּסק ער. עס האָט געהייסען: אָט דער שלאַק, די פגירה, די נבלה! און דאָסגלייכען מיאוּסע צונעמינעשען. זיין געשיכטע זינט דענסטמאָל איז, אַז־אָך־און־וועה צו איהם, אַ געשיכטע פון שלעפּעניש, טרייבעניש, מכות, יסורים און בייטשען,

דער פוס שטאָך — און דער שטאָך פליעט, שליינגלענדיג זיך דורך די גליעדער, פּיק־פּיק איהם אין דעם מוח. עס טהוט זיך אַ לאָז אַראָפּ דער קאָפּ, אַ זיפטץ, אַ קרים, אַ שאָקעל די אונטערשטע ליפּ. עס מאַכען זיך צו די אויגען און זיי פון די ווינקעליך ציהען זיך איבער די באַקען שמוטציגע־פייכטע רינשטאָקליך ווי פון טרערען. אין קאָפּ איז אַ שוואַרץ־טונקעלע אויסמישעניש, עס דרעהען זיך איהם דאָרט, ווי אין חלום, פעסליך וואַסער, בעל־עגלה'שע וואָגענס, בוידען, שטעקענס, בייטשען, קולאַקעס... און פלוצלים טהוט עס מיט איהם אַ וואָרף ווי אַ קדחת — עס דאַכט זיך איהם די ראָד, יענע גרויסע ראָד! די אַלע אַנדערע יסורים און פּיין זיינע זענען נאָר אַ שפּילכעל געווען אַקעגען יענע, וואָס אַמאָל אין אַ מיהל עפּעס, ביים דרעהען די ראָד דאָרט. ווי שווער ס'איז ביי די בעלי־העגלות, ווי גריבערדיג דער וועג איז, דאָך איז נאָך צודערליידען — פאָרט אַ וועג. מען שלעפּט זיך, חאָטש פּאַמעליך, איינרייסענדיג זיך דאָס געזונד, דאָך פאָרט רוקט מען

זיך אַלץ ווייטער־ווייטער. מען זעהט עפּעס נייעס, עפּעס אַ פערענדע־רונג: אָט איז אַ בערגיל, אָט איז אַ טהאָל, אָט איז אַ בריקעל און אָט איז אַ קרעטשעם! נאָר דרעהען זיך, טופּענדיג זיך שטענדיג אויף איין אָרט, נישט זעהען פאַר זיך די וועלט, נישט הערען קיין שום זאַך חוץ אַ שטענדיגען מאָהלען, איבער'חזר'ן ווידער דאָס איינענע, נאָך אַ אָל דאָס איינענע — אַזוינס, בעהיט זאָל מען ווערען, איז אַ טוידט. עס פערדרעהט זיך דיר דער קאָפּ, דו ווייסט נישט פון דיין חיות — און פרעג דיר בחרם וואָס מיט דיר טהוט זיך אַזוינס.

און ווי ער שטעהט דאָ אַזוי אין איינע צרות עפּענט זיך איהם אויף אַביסעל איין אויג. ער קוקט מיט שרעק — גאָרנישט! עס עפּענט זיך דאָס צווייטע, בלינצעלט, קוקט, — און, געלויבט דער אויבערשטער, נישטאָ קיין ראָד! ער ווערט ביי זיך עפּעס שטאַרקער, מענשעלט זיך כלומר'שט, פערדעלט זיך, הייסט עס, הויבט אויף די מאָרדע און טהוט אַ לעק אַ פּעקיל ספרים, עס הייסט אַזוי פּיעל ווי גערעדט: דאָס בעסטע פון די מכות איז פאָרט דאָס, ווי די מעשה איז, אַלץ בעסער ווי ביי זיי, ביי יענע בעלי־הבתים אַמאָל!

און אויב יאָ אַזוי, פאַר וואָס־זשע נישט צולאָזען זיך אַ שטיקעל עולם־הזה, ווי אַ נידערלייגען זיך, אַ שטייגער, אדער אפשר גאָר אוים־ציהען זיך טאַקי אַביסעל? ביז וואַנען איז דער שיעור אַריינקוקען, אַלץ אַריינקוקען? — און נישט לאַנג געטראַכט צעלייגט זיך מיינער אויף דער ערד, נעבין וואָגען, גאַנץ ברייט, ווי ביים טאַטען אין וויינהויז, קעהרט זיך איבער אויף דעם רוקען מחילה מיט די פיס אַרויף, קייקעלט זיך, קאָשקעט זיך, אונטערהערענדיג פאַר גרויס תענוג, גלייך ווי ער וואָלט געפיהלט אין זיך עפּעס אַ נייע יום־טוב'דיגע נשמה. עס דויערט אָבער נישט לאַנג, שפּרינגט ווי פון אונטער איהם אַרויס עפּעס אַ לעבע־דיג בעשעפעניש מיט אַ משונה קווישט, אַזוי אַז אונזער לייב גיט זיך אַ חאַפּ שטאַרק דערשראָקען און טהוט זיך אַ שטעל, נישט טוידט, נישט לעבעדיג אויף די פיס, אַרומקוקענדיג זיך פערוואונדערט מיט אַ פּאָר אויגען און אויפגעשטעלטע אויערען. וואָס לאָזט זיך אוים? — אַ הונר!

בשעת אונזערער האָט זיך דאָ געמאַכט יום־טוב, געטאַנצט, גערדריי־נעט הייסט עס מיט די פיס, האָט דערזוייל זיך אַריינגעחאַפּט אויפ'ן שול־הויף אַ נוי'עשער הונר, זיך אונטערגע'גנבע'ט צום וואָגען, כדי צו דערטאַפּען דאָרט עפּעס, און געחאַפּט, אַ־פּנים, גאָר אומגעריכט אַ זעמ'ל, ער שטעהט עס אַצינד מלא המון, פעררייסען דעם וויידעל, אויבגעשטרעקט

דעם חאַלז און בּילט, פערגעהענדיג זיך אַזש פּאַר כּעס. ער בּילט נישט אַזוי פאַר דעם זעטץ ווי דערפאַר, וואָס איהם איז נישט געראָטען; וואָס ער האָט זיך דאָ מיאוס אָפּגענאַרט. אָנשטאָט נאַשען, ווי דער שטיינער איז, חאַפּען אַ לעק, געפינט ער פּאַר זיך אין וואָגען דאָ אַ מין סחורה אַזעלכע, וואָס האָט נישט אין זיינע אויגען קיין שום ווערטה. אומזיסט נאָר זיך געשמוצט, געבּראָכען די פיס פון זיין געסיל אַהער. דאָס בּילען זיינס האָט געהייכען אויף הינטעש אַזוי פיעל ווי געזאָגט: פּערדאַק איי־נער, אַז־אָך־און־וועה צו דיר מיט דיין סחורה... האַוו־האַוו! טאַקי נור אַ פּערדאַק ווי דו בּיסט קען אַזוינס האָבּען... האָרך־זשע, זאָג איך דיר, האַוו־האַוו! ווייזט דו זיך דערמיט צו אונז אין געסיל, צעררייס איך מיט מיינע חברים דיך אויף שטיקער, פּערדאַק־דאַק־דאַק!... אונזער שלים־מזל נעבּיך פּאָכט מיט די נעזליכער, שאָקלענדיג מיט דעם האַלז, מיט דעם קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, שטשירעט אויס איין אויג — איז זיך מישב און קעהרט זיך אום צום הונד מיט דעם הינטען, ווי איינער רעדט: נאַ... וואָס וועל איך דאָ מיט דיר טענה'ן!

די זון, וואָס ווי בּאַלד זי ווייזט זיך מיט איהר ליכטיג פּנים אין שטעדטיל, שטעהט זי סטאַנציע דעם גאַנצען טאָג אויפ'ן שול־הויף, האָט מנחה־צייט, ווי דער שטיינער איהרער איז, זיך געקליבּען פון דאָרט אַהין, אין איהר רוה אַריין. זי האָט אויסגעשטעלט אַ צורה, גאָר עפּעס נישט די וואָס פריהער, געקוקט, געקוקט אויף אונזער שלים־מזל, אויף דעם בּיידעל ספרים, מינענדיג זיך און משונה רויט ווערענדיג. גלייך ווי עס וואָלט איהר שטאַרק בּאַנק געטהון צושיידען זיך מיט אַזאַ פּאַרשוין און מיט אַזאַ סחורה. און בּאמת טאַקי, וואָלט אונזער לייב דער שטיינער געמענט שווערען. אַז איהר כּיוון אינגאַנצען מיט דעם קומען איהרען איז טאַקי נאָר צוליעב איהם און זיין סחורה, ווייטער וואָס געהט זי אָן אַ וועלט. בּיי איהם פון דעסטוועגען איז דאָס קוקען איהרס אַזוי אויף איהם גאָר נישט אָנגעלייגט. נאַרעשקייטען! קוקעניש־שמוקעניש. וואָס קומט אַרויס דערפון? גאָרנישט! עס ווערט נאָר שטאַרק היים, אומצו־קומען. בּעסער טאַקי אַזוי, אַזוי פון דערוויטענס. אַצונד פיהלט מען זיך עפּעס פרישער, מען אָטהעמט פרייער, מען ווערט, דאַכט זיך, בּרייטער, לייננער — אָט ווי ווייט עס ציהט זיך אויס דער שאָטען!...

פון אונזער שטיינער וואַקסט בּאמת טאַקי אויס פּלוצלים אַ גאַנצער עוג מלך הבּשן. דער קאָפּ פערקריכט איהם אויפ'ן דאַך פון'ם בּית־מדרש און מיט דעם ווידעל שפּאַרט ער אָן העט דאָרט אויף אַ שטיבּעל

אינגאַנצען איז ער עפּעס אומגעלומפּערט, אַ מין חיה, אַ פּערזעהעניש, גאָר אַנטיק. לאָז דעריבער קיין קשיא נישט זיין, פאַר וואָס האָט די ציג, לויפענדיג פאָראויס דער טשערעדע פאַרביי דעם שול־הויף, זיך דאָ אָפּגעשטעלט און געמאַכט אין איין קול מע — דאָס האָט זי געמעקעט צום גאַנצען עולם בהמות: מע־ע־ע! אהער בהמה׳ליך זעהען עפּעס שעהנס אויף חידושים.

פריהער פאַר אַלע טהוען זיך, ווי דער שטיינער איז, אַ לאָז אהער אויף קבלת־פנים אַקעגען אַ מנין ציגען מיט אַ ציגענעם שלום עליכם! דער קהל׳שער צאַפּ, דער ציגענער פיינע־בריה, זאָל געזונד זיין, האָט לעת־עתה נישט געקענט קומען צום קבלת־פנים, ווייל ער איז געווען אַ טרוד, פערנומען אין עפּעס אַ וויכטיגען ענין מיט דעם פּעקעל שטאָדט־קונדסים, וואָס פאָהרען אויף איהם רייטענדיג, פיהרענדיג איהם ביי דער נאָז, און מאַכען מיט איהם, ווי געוועהנטליך, די קאָמעדיע, די שפּיל.

מע־ע־מע! מאַכען די ציגען, דרעהענדיג מיט די ווידעליך, און שפּרינגען אַרויף פלינק אויף דעם וואָגען, נישט וואַרטענדיג אויף דרך־ארץ, ביז מען וועט זיי בעטען. זיי שמעקען, לעקען, נישטערען, זוכען עפּעס נאַשערייען צו־וואַרפענדיג פעקליך ספרים. עס איז אַ שטופּעניש, אַ חאַפּעניש און אַ שפּאַרעניש. צוויי זייערע שטעהען איבער אַ ספר, האַלטענדיג אָנגעבויגען די קעפּ, טרעסענדיג מיט די בערדליך, איינע אַקעגען דער אַנדערער און מאַכען בּאַראַן־בוץ, עפּעס נאָר טאַקי ווי לומדים להבדיל בוצקען זיך איבער אַ האַרב שטיקעל אין דעם לערנען. דאָס זענען געווען אַ־פּנים ציגען־בטלנים, וואָס האָבען נישט אין זינען די פרנסה, צופערזאָרגען די היים חאָטש מיט אַ קאָפּ מילך, נישטאָ פון זיי. מ׳שטעהנס־געזאָגט, קיין שום נוטצען; דעריבער קענען זיי זיך פערנעהמען מיט אַזוינע זאַכענישען, און האָבען זיך דאָ טאַקי אָוועקגעבוצקעט אַ היבשע צייט.

אונזער לייב האָט אינגאַנצען ווי ער איז מיט זיין שעהנער צורה, אויפגעריהרט דאָס גאַנצע שטעדטיל בהמות. עס האָט זיך פערבּרייטעט צווישען זיי וועגען איהם עפּעס גאַנצע מעשיות. יענער הונד האָט אָנגעהויבען און די איבעריגע האָבען איהם אונטערגעהאַלטען, איטליכער הונד אויף זיין סמיטניק, איטליכער אויף זיין שטייגער בילען. דאָס געבילעריי האָט זיך פערטראָגען ווייט אין אַלע זייטען שטאָדט, זיך אָפּגערופען אין די הערצער פון אַלע מיני בהמות, וואָס לאָזען זיך הערען

אויך אויף זייערע קולות, עפּעס גאָר אַ גוואַלד, אַליין נישט רעכט צו וויסען וואָס. און בשעת עלטערע קיה שטעהען ערענסט איבער די מעלקשעפליך, צוהערענדיג זיך צום גערויש, צום מומלען דאָרט, נישט מפסיק צו זיין אין דערמיט מעלקען זיך חלילה. לאָזט זיך אַ פּאַרשייטע „טעלעצע", אַ יוגענד, אויף ציקאַווועשץ צום שול־הויף. אַ רויטער אַ געוונדער בּוהאַי פערדרייסט דעם עק, מעשה קאַוואַליר, און פּוטץ נאָך איהר, לויפט, קומט צו לויפען סאָפּענדיג, פערקאָכט און נעהמט זיך דרעהען מיט דער יפהפה זיינער אַרום און אַרום, ווי אונטער דער חופה דאָרט.

קליינשטעדטעלדיגע בּהמות, ווי איטליכער ווייסט, איז זייער לעבען דער שול־הויף, צופערבּריינגען דאָרט אַביסעל די צייט; נישט ווי יענע אין די גרויסע שטעדט, וואָס קוקען נישט אָן דעם שול־הויף נאָר זעלטען, אַמאָל אין יאָהר, אָדער אפשר גאָר קיינמאָל נישט אין זייער לעבען. נאָר אַזאַ צונויפלויפעניש אַהין ווי דענסטמאָל, געדיינקען אויך די אַלטגעזעסענע בּהמות פונים שטעדטיל נישט.

אַז בּעטאָגטע קיה זענען געקומען, אויסגעמאָלקענע שוין, אויפ'ן שול־הויף, צונעכטיגען דאָרט, ווי געוועהנטליך, און דערזעהען, אַז די ערטער זייערע, אויף וועלכע זיי האָבּען פון גאַנץ לאַנג אַ חזקה, זענען פערנומען, בּלייבּען זיי פערגאַפט, נישט וויסענדיג וואָס צוטהון, געה לייג זיך מחילה אַז דאָ שטעהט גאָר אַ וואָגען און נאָך עפּעס אַ מין פּאַרשוין. — פריקרע! געה רוה אין אַזאַ געטומעל. אַזאַ חתונה דאָ. פע אַ חרפה, אַ בּושה! אָנרופען זיך מיט אַ מו? חס־וחלילה! מו קען גאָר הייסען אַזוינס, וואָס פּאַסט נישט פאַר כשר'ע בּהמות, צנועות. זאַטשעפּען זיך מיט ציגען — שפּרינגען זיי דיר אויפ'ן קאָפּ. מאַכען דער „טעלעצע" אַ קרומע מינע: פע, טאָכטער, ניט שעהן! — וועט דער בּוהאַי אָט־אָ דיך דורס זיין. אין־בּרירה, זיי שטעהען נעבּיך אויף די פיס שטיל, אויסשטעלענדיג די אויגען לעקישעוואַטע אויף אונזער לייב, שלינגען דאָס שפּייעכטס און מעלה־גרה'ן. דאָס איז בּיי בּהמות אַזאַ בּעשעפטיגונג ווי זאָקען אַרבּייטען בּיי ווייבּער.

נאָר אין־מיטען־דרינען פליהט אַריין עפּעס אַ מין ווילדע בּריאָה אַ צעטראָגענער, אַ מנוול מיט אַ פערוואַקסען פּנים און אַ צופּאַטעלטע באָרד. די צוגעפּלעטשטע נאָז, עפּעס ווי אויף שרויפען — קרימט זיך, קנייטשט זיך, שמעקט, בּלאָזט, פּירקעט ווי פון טאַבּאַקע. ער איז קליין געוואַקסען, בּרייטער ווי לייגער, אַ קורצפיסיגער אין תחתונים פון האָר, אַ־אָפּהייענענדיג ווי טריפעלקעס בּיז איבער די קניעס. און אַ ריח פון

שוויַיס מיט נאָך עפּעס אַזוינס, ווי הייסט מען עס, גיט זיך פון איהם מחילה שטאַרק נאָך — דאָס איז ער, זאָל געזונד זיין, דער צאַפּ מיט זיין כבוד אַליין! באַלד ביים אָנקומען, פון דערווייטענס נאָך, טהוט ער זיך אַ בוק, אַ לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, פירקעט, בעבעט עפּעס אונטער דער נאָז, לויפט דער נאָך צו הענדום-פענדום — און בעך-בעך אונזער שלים-מזל אונטער דער דעך.

אונזער לייב שפּרינגט אַזש אונטער פאַר גרויס וועהטאָג פון אַזאַ שלום-עליכם, און עס רייסט זיך איהם נישט ווילענדיג אַרויס אַ הירזשע טיעף פון'ם האַלז, ווי געדערט מיט פערדראָס, שטאַרק פאַראיבעל האָבענדיג: אי, פּע, חלעבין!... וואָלט ער געקענט מעקען גוט צאַפּעש, אָדער חאָטש אביסעל, צאַפּעש כלומר'שט הייסט עס, און אויך דאָס לשון פון יענע אַנדערע מיני ברואים דאָ, וואָלט ער זיכער מיט זיי זיך אויס-גע'טענה'ט, פאַר וואָס בענעהמען זיי זיך מיט איהם דאָ אַזוי גראָבליך, וואָלט זיי געפרעגט גאַנץ ריין און שאַרף: בהמה'ליך! וואָס אַזוינס האָב איך אייך געטהון? ער וואָלט זיי דערצעהלט פון דער שווערער מיה זיינער מיט דער דאָזיגער סחורה דאָ; פון די גרויסע פערדינ-סטען, מ'שטעהנס-געזאָגט, דערפון, אז עס קלעקט אפילו נישט אויף אַ בינטעל היי, זיך זאַט אָנצועסען. מען פּאָהרט, מען שלעפּט זיך, מען האַנדעלט, האַנדעלט און וואָס? גאָר נישט! דאַכט זיך ער שטעהט, חאַלט זיך אויף די פיס, נאָר וואָס ביי איהם אינוועניג, אין מאָגען, טהוט זיך, ווייסט קיינער נישט. חוץ אַביסעל סיטשקע היינט פריהמאָר-גענס האָט ער דעם גאַנצען טאָג, אָסור-חזיר, אפילו קיין לעק היי אין מויל נישט געהאַט. ס'איז אוודאי נישט פאַר תענוג, מסתמא שטעהט עס מיט דעם פדיון שמאָל, ס'איז דאָ אַ מכה!...

נאָר דאָס וואָס אונזער שלים-מזל קען נישט אַרויסזאָגען מיט דער צונג, גיט ער עס צופערשטעהן אויף דעם ווינק, מיט דעם בליק און מיט אַלע זיינע אברים. זיין אויסדרעהען פריהער דעם קאָפּ און בעטראַכטען זיך אַליין, זאָל אַזוי'פיעל הייסען: האַ! דאַכט זיך, אַלס-דינג ביי מיר ווי עס בעדאַרף צו זיין? אַ בהמה ווי אַלע בהמות! און פאַרטיג ווערענדיג דערמיט ביי זיך שטרעקט ער אוים דעם וויי-דעל שוין צו זיי: נאַט זעהט, בהמות, הייסט עס, נישט צו פערזינ-דיגען. אַ בויך איז דאָ: הויט און ביין דאָ, בין אַ בשר ודם ווי איהר אַלע! וואָס-זשע ווילט איהר פון מיר האָבען?

דער צאַפּ אָבער ווייסט נישט קיין חכמות, פערשטעהט זיך נישט

אויפ'ן ווינק. ער גורט אָן זיינע לענדען, טהוט זיך אַ לאָז ראַפּטאָם צו אונזער שלים-מזל — און טראַך-טראַך ווי פריהער! אַלע בהמות שטעהען, קוקען, און עס זאָל זיי דאָס אָנהויבען צו אַרען... דער לייב נעביך לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, מאַכט צו די אויגען, און טיעף פונ'ם בויך רייסען זיך איהם אַרוים שטילע זיפצען. אַצונד טהוט ער שוין אַפילו קיין קליין הירזשעלע אויך נישט, ווייסענדיג, אַז עס וועט נישט העלפען.

יאָ, רב לייב, דו פערדיל איינער! עס וועט דיר נישט העלפען אַפילו ווען עס זאָל זיך דיר עפּענען דאָס מויל צום ריידען ווי דיין עלטער-עלטער באָבע אַמאָל — בלעס'ס אייזעל, דיר צו לאַנגע יאָהר! זוויידער דיר זאָל זיך עפּענען אַ מויל, וואָלט פיעל בעסער געווירקט זיי דאָס מויל צו פערשטאָפּען. דאָס הייסט, ווען אָנשטאָט ביכלעך ביי דיר אין וואָגען, וואָלט געווען דאָ פאַר זיי עפּעס אַזוינס, וואָס צו נאַשען.

ס'איז דאָ אַפילו אַ שטיקעל פערענטפערונג דעם צאַפּ, אַז ער איז גאָר ניט אַזוי גראָב שולדיג. מען בעדאַרף דאָך וויסען, אַז צו זיין אַ קהל'ישער צאַפּ איז עפּעס נישט אַזאַ גרינגע, גוטע שטעלע. פערגעסט נישט וויפיעל ער האָט אויף זיך אַרבייט. מיט איטליכען שייגעץ אין שטאָדט מוז מען איבערהאָבען געשעפטען, מען מוז אַמאָל אָפּאַרבייטען עסקים אינאיינעם מיט ווייסע-חברה; צונויפקומען זיך, בוצקען זיך אַמאָל דאָס מיט דעם, דאָס מיט יענעם. אומעטום בעדאַרף מען זיין, דאָ אין שול, דאָ אין מאַרק, צווישען די זיטצערענס מיט קוישלעך, מיט מולטערס, דאָ מוז מען זיך פון אַלע מלאכות אַראָפּחאַפּען צו דעם, צו יענעם אין נאָרטען אויף ברכה-מאַכען, און נאָך ווי? אומגעבעטען. מאַכט זיך אַמאָל, יענער איז נישט צופריעדען, בעקומסט דו אַ פסק, אַזוי אַז דאָס ברכה-מאַכען פאַלט דיר אויס באָקום. דו לערענסט אַמאָל דעם פשט דערפון, יענער אַ-פנים איז נישט געווען צופריעדען דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך פערשפּעטיגט קומען אויף כיבוד צו איהם, בכן ווילסט דו דאָך יוצא זיין און חאַפּסט זיך אַריין מאָרגען טאַקי אַהין צו איהם שוין פריהער — הערט אַ מעשה, איז אויך שלעכט! חאַפּסט דו נאָך אַיין ערגערען פּסק חי נעכטען. — יאָ, ס'איז דאָ אַ סברא, אַז ערשט היינט, זאָל איהם נישט זיין צו קיין בושה, האָט ער געהאַט זיין עהרליך אויסקומעניש. ער איז געקומען שטאַרק צודרעהט. דאָס ווײדעלע זיינס איז געווען פערקלעמט אין אַ שפּריי-העלצעל — און ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט זיין שווער, בייזער האַרץ צו אונזער שלים-מזל.

שטעהענדיג אַזױ פֿעראומערט דערפֿיהלט אונזער שלים־מזל פּלוצלים פֿון הינטען עפּעס אַ װאַרעמען גלעט. עס דאַכט זיך איהם: אהא, בעל־הבית... היי... סיטשקע! ער טהוט אַ הויב דעם קאָפּ און אַ שטעל אויף די אויערען. װאָס לאָזט זיך אױס? בוידעם! איינע פֿון די כּשר׳ע, בער־טאָגטע קיה האָט איהם מיט דער מאָרדע גאַנץ דעליקאַט אָנצוהערעניש געגעבען, ער זאָל זיך מוחל זיין רוקען װייטער אַביסעל, און באַלד טאַקי זיך אַנידערגעלײגט נעבען איהם אויף נאַכטלעגער, אין דער דעה, מאָרגען, אם־ירצה־השם, אױפשטעהן כּ ל ח ו ך ה ש ו ר, און היידאַ — צו דער אכילה, אין פֿעלד אַריין!

די זון פֿערגעהט — אין דער ערד מיט׳ן קאָפּ! דער בּוּהאַי שטעלט זיך אין דערמיט שול־הויף, בלאָזט שופר אויף זיין צוריפֿעט קול, גראָבּענ־דיג מיט די הערנער אונטער זיך די ערד. פֿעררייסט דעם װיידעל — זיים מיר געזונד! הייסט עס, און אַװעק, אַװעק. דער צאַפּ פֿערגעהטמט זיינע ציגען און לאָזט זיך מיט זיי צו דער װייבּערשער שוהל, אַהין — אין זיין רוה אַריין. די שװאַרץ־חן׳עװדיגע נאַכט, געציהרט, געפּוטצט אין דעם טהייערען שטערענטיכעל, װייזט זיך מיט איהר כּבוֹד אין שטעדטיל — און שאַ, ערגיץ נישט דאָרט קיין פּיפּס!

מען שלאָפֿט! — — —

פֿון דערװייטענס לאָזט זיך הערען טריט, אָט קומען צו נאָהענט צום װאָגען פֿיס, באַלד שטעקען זיך אױס הענד — און מזל־טוֹב, מזל־טוֹב! דער לייב אונזערער איז אַריינגעטהון מיט דעם קאָפּ אין דער אַלטער טאָרבּע, חראָמקעט געשמאַק סיטשקע, עפּעס מיט אַ „יהי־רצון״, גלייך װי ער װאָלט געגעסען האָבּער.

אַבּי די טאָרבּע סיטשקע, אַבּי עס דערגעהט איהם די קישקע פֿער־געסט ער די פֿריהערדיגע צרות, חראָמקעט זיך רוהיג, און איז, אַז־אָך־און־װעה צו איהם, גאַנץ צופֿריעדען!...

2.

## דאָס תּוֹספֿות יום טוב קעלביל.

דאָס קעלביל האָט אַזױ געהייסען, עס פֿאַרשטעהט זיך, נישט פֿאַר דעם אַריינקוקען זיינס אין דעם משניות מיט דעם תּוֹספֿות יום טוֹב אַזױ, אַ שטיינער, װי מען זאָגט בּיי אונז אַ האָחן קוקט אַריין אין „בּני־אָדם״,

אָדער אַ קעלבינגער מגיד קוועטשט זיך פאַר איין עולם. אַזוינע ווערט־ליך ווי די, וואָס נישט אויסגעטראַכט, נאָר שטאַמען איינענטליך פון אונזער לעבען, זענען ביי אונז פאַר בהמות נישט געזאָגט געוואָרען. מעגליך אפשר ערגיץ אַנדערש יאָ, ארץ־ישראל — בהמות אַ שטייגער, אויף זיי שטעהט דאָך געשריבען: „ציון, כך כל־בהמה ועוף הכמו!״ ביי דיר, ציון, איז איטליכע בהמה קלוג. איין אייזעל דאָרט אפילו איז אַ למדן, גוט און פרום — ווי פנחס בן־יאיר׳ס אַ שטייגער. אין אונזער ווינקעל אָבער זענען בהמות טאַקי בהמות און קעלבליך גע־העזן אָרום פוסט־און־פּאַס.

נאָר וואָס דען? דאָס קעלביל האָט אַזוי געהייסען איבער אַ מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפען מיט זיין מאַמע באַלד נאָך דעם קעלבען זיך, און אָנגעמאַכט אַ רעש, אַ קאָכעניש אין דעם גאַנצען שטעדטיל.

די מאַמע זיינע, זאָל זיך דאָרט מיהען, איז געווען אַ שעהנע, כשר׳ע בהמה, שעהן מיינט מען נישט פשוט שעהן ווי יענע קיה, האָלענדערקעס, אַ שטייגער, מיט אַ שעהן פנים׳ל, פעטע, דיקבייכינע, מיט גרויסע אָנגענאָסענע אַיטער, די הויט אַ גלאַטע מיט דעם פוטץ און אַ לאַנגען עק מחילה הינטען ווי אַ שלעפּע. אדרבה, פאַרקעהרט, זי, די מאַמע הייסט עס, זאָל זיך איהר דאָרט גרינג שלוקערצען, זי איז געווען דוקא אַ מאָגערע, הויט און ביין, אייטערליך מחילה נישט מעהר אפשר ווי אַ כזית, עס האָט זיך עפּעס געבאָמבעלט אַ דאַר שטיקעל, עט גלאַט אַזוי זיך. די יִפּע, די פעל הייסט עס, דוקא פאַרשמירט, פאַרשמוצט, פאַרשלומפּערט תמיד, פון הינטען דוקא פאַר־קריצט, כלומר׳שט איין עק משטעהנס־געזאָגט — און פונדעסטוועגען נישקשה, חלעבין, וויים אין דער וועלט צו זוכען נישט געווען איהר גלייכען . . . דאָס שעהנקייט איהרס איז בעשטאַנען אין מעשים טובים — אין איהר גוטקייט, שטילקייט און עהרליכע אויפפיהרונג, דהיינו: זי פלעגט, ווי אַ יודישע קיה, אָפּריכטען גלות, נישט צו האָבען אַ מקום מנוחה; פלעגט נעכטיגען, וואַלגערען זיך אויף דער גאַס. זיך קייקלען, האָבען גלגול־שלג ווינטער אויפ׳ן שניי, סיידען אַמאָל אין די גרויסע ברענענדיגע פרעסט פלעגט מען זי פאַרבעטען אויף נאַכטלעגער אין דעם פינסטערען הויז, וואו עס האָט זיך געפונען דאָס פעסיל וואַסער, די גרויכ׳ע, פולע פּאַטיי־ניצע, קלעצליך האָלץ, פוילע שמאַטעס, גאַנץ אַלטע אי פריש־שמעקענ־דיגע בלאָטע און מיסט. צום פאַסטען איז זי געווען איין בריה אין דער וועלט. זי האָט געקענט אָפּפאַסטען גאַנצע טעג און גאָרנישט! בכלל,

איז זי נישט געוועזן אַזוי אַריינגעטהון אין דער אכילה, ווי אַנדערע, גוי'עשע אַ שטייגער, זי האָט אין דעם גוטען יודישקייט בּיסלעכווייז זיך אָפּגעוועהנט פונ'ם עסען, אַזוי אַז זי האָט אָנגענומען פאַר ליעב חאַטש וואָס ס'איז און וויפיעל ס'איז אַבּי יוצא זיין, פאַרשטאָפּען דאָס מויל. פיעל יודישע בּהמות האָבּען דאָך אַזעלכע מעלות, נאָר זי איז זייער-בער אַלע.

אַיינגעהאַנדעלט האָט מען זי לכתחילה פאַר אַ מציאָה, עס האָט געהייסען פישש... עס גיסט זיך פון איהר — מילך. אַ בּהמה, קיין עין-הרע, אַ וואוילע, נאָר אַ חריפות. הלואי מיט מזל, יעלה ויצמח, עס זאָל זיך גיסען, שפּריצען, מען זאָל לעקען דערפון די פינגער! שפּעטער אָבּער האָט זיך אַרויסבּעוויזען, אַז ס'איז נישט אַזוי די מעשה. דאָס וואָס מען האָט פערלאַנגט איז נישטאָ! דאָך זי שולדיג מאַכען דרינען אינגאַנצען וואָלט געווען אַ גרויס אומרעכט. וואָס איז, זי האָט דען געהאַט און נישט געגעבּען? אַי וואָס מען האָט זי אַיינגעהאַנדעלט אויף דעם תּנאי, מען זאָל האָבּען פון איהר פיעל גוטס און נחת — עט, נאַרעשקייטען, נאַרעשקייטען, למאַי מען האָט איהר אָנגעפּייפּט אין די מזונות, אין דעם קעסט עסען כּפי ההתחייבות! עס טרעפט זיך בּיי יודען אַזוינע זאַכען. בּיידע צדדים, נאַרען איינער דעם אַנדערען אָפּ, נישט אַזוי ווי מען זאָגט, ווי מען שטעלט זיך פיר — און גאָרנישט. אויך בּעשולדיגען זי פאַר דער פרנסה איהרער, פאַר דעם אַרומשלעפּען זיך אין מאַרק צווישען די גוי'עשע פוהרליך, אַ שמעק דאָ, אַ מאַפּ דאָרט, אַ שטעק די מאָרדע אַהין און חאַפּען אַ לעק — דאָס וואָלט געווים אַ גרויסע עולה געווען. וואָרום אדרבּה זאָגט, וואָס זאָל אַ בּהמה נעבּיך טהון בּיים אָראָפּגעהן פון קעסט, אַז עס לאָזט זיך איהר אוים די מזונות? לייגען זיך, שונא-ציון, אין דערמיט גאַס און פגר'ן פאַר הונגער? לאָז מען זיך מטריח זיין אין אַ יודיש שטעדטיל ערגיץ, וועלכעס עס איז, וועט מען זעהען, אַז אַלע בּהמות ווי זיי זענען זיך מפרנס דאָרט אַזוי. און גאָר נאָך אַלע גליקען מ'שטעהנם-געזאָגט, אַז אונזערער פלעגט שוין געראָטען אַ חאַפּ טהון עפּעס פון אויבּען, אינגאַנצען אַ פּעטרישקע, פלעגט עס איהר נעבּיך בּאָקים אויספּאַלען. זי פלעגט חאַפּען בּייטשען, קלעפּ ווי האָלץ, וויפיעל אין איהר איז אַריין, געשפּעט און לייטישע רייד פונ'ם גראָבּען עולם אַ צוגאָבּ נאָך דערצו. וואָס הינט האָבּען צו איהר געהאַט, פאַר וואָס הינט האָבּען געהאַוקעט, געבּילט, זי אָנגעחאַפּט, געבּיסען? — דאָס איז בּלל נישט צום פערשטעהן; סטייטש, הינט וואָס לעקען אָפּ אַ בּיינדיל, חאַפּען שיריים פון יודישע פּאָמיניצעס; הינט וואָס יודען פערשטאָפּען

זײ תמיד דאָס מויל, איהר פערשטעהט, מיט אַ שטיקעל ברויט; הינט, וואָס יודען מײדען תמיד זײ אוים דעם וועג מיט אָבשײ, וואָס האָבען פונדערװײטענס נאָך פאַר זײ גרוים דרך־ארץ! נישמעהר, גאָרנישט. אויף בילערס איז ניט שײך צו פרעגען קשיות.

מילא, בקיצור, האָט מען דאָ אַ קלאָרען חשבון פון אונזער בהמה׳ס שעהנקײט, עהרליכקײט. און דאָס וואָס איהר גוטקײט, שטילקײט אָנבע־טרעפט, דאַרויף קענען עדות זאָגען אפשר אַ האַלב שטעדטיל יודען. פיעל מאָל פלעגט זיך מאַכען, אין די שטאָק־פינסטערע נעכט, אַ שטיי־גער, איז אַ יוד נעביך געשטרויכעלט געוואָרען און אַרויפגעפאַלען פונטץ אויף איהר, אויף אונזער בהמה הײסט עס, וואָס האָט געהויערט אין גאַס צווישען די געמאַרקען, אײן אַנדערע אויף איהר אָרט וואָלט עס זיכער אונטערגעטראָגען: סטײטש, וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדע קריכען בײ־נאַכט, און וואָלט איהם דערלאַנגט אַ וואָרף פון זיך העט, וויײט, צו אַלדע־שוואַרץ־יאָהר. אונזערע אָבער פלעגט זיך אויפהויבען שאַ שטיל, אַ שטעלגעבענדיג זיך אויף די פיס, און טראָגען דעם פאַרשוין, רײטענדיג איהר אויף דעם רוקען, אַ שטרעקע וועג, ביז ער איז אַראָפגעפאַלען אַליין, ברעכענדיג זיך האַלז און נעניג.

אמת טאַקי צו די דאָזיגע אַלע שעהנע, גוטע מעלות האָט זי גע־האַט, צווישען אונז זאָל עס בלײבען, אַביסעל חסרונות אויך. נאָר וואו איז דען דאָ אַ בהמה דורכאוים אַ כשר׳ע אָהן אַ ברעקיל סרכא? בעדאַרף מען אַ בעסערען ווי אונזער בוהאַי, אַ שטײגער, אַ גדול, אַ גרויסער, אַ הדרת־פנים מיט אַ ברײטען שטערען און אַ דיק־קײלעכדיג בײכעל, אָדער הצאַפ שלנו, אַ קאַטאָוועס עפעס אונזער צאַפ, אַזאַ פאַרנעהם, דער גרעסטער צווישען אַ שטאָדט ציגען — און פונדעסטוועגען, זאָל זײ דער שור־הבר נישט שטראָפען פאַר די זינד, זענען בײדע דאָס, וואָס מען טאָר נישט זאָגען, נישט דעם, נישט יענעם טאָר מען נישט לאָזען אין שטאַל אָהן אַ שומר.

ווינטער אַמאָל, גאַנץ פריה, אַז איך בין געלעגען אײנגעטורעט אונטער דער קאָלדרע, פאַרשלאָפען, נאָך נישט בדעה האָבענדיג אויפ־שטעהן, געהן אין חדר, דערפיהל איך ווי מען וועקט מיך, טאָרעט מיך, אין אײן געשרײ: גיכער שטעה־אויף, גיכער, גיכער! איך טהו מיך, נישט טוידט נישט לעבעדיג, אַ האַפ־אויף און דערזעה פאַר מיר מײן שוועסטעריל, אַ מײדעל פון אַ יאָהר צוועלף. דאָס פנים׳ל שײנט איהר, די אויגעלעך פינקלען עפעס מיט אַ גלאַנץ גאָר משונה, דאָס מײלכען

האַלב אָפּען, אויף די ליפּעלעך עפּעס אַ פאַרגליווערט מין שמייכעלע, זי וויל עפּעס זאָגען און קען נישט, אַזוי פאַרנעהמט איהר דער אָטהעם, נאָר וואָס זי שטרעקט אויס, ווערגענדיג זיך, דאָס הענטיל, טייטענדיג אויף עפּיס דאָרט אין דערמיט שטוב — אָ — אָ! איך גיב אַ קוק — אוי, געוואַלד, אַ קעלבּיל! און אַזוי ווי איך בין, באָרפּעס, נאַקעט, אין איין העמדיל, האַלטענדיג איין האַנד אויפ'ן קאָפּ, קיין צייט נישט האָבּענדיג אויסזוכען דאָ און אָנטהון דאָס יאַרמולקעלע, טהו איך אַ שפּרונג אַראָפּ פונ'ם געלעגער, געשווינד צו איהם. די פרייד מיט מיר איז געווען אַזוי גרויס, גלייך ווי די וועלט איז מיינע, גלייך ווי אַלסדינג אין איהר, פיהלט מיין שמחה. עפּעס לייכט די זון נאָר אַנדערש, עפּעס איז דער פריהמאָרגען מילדער, פריינדליכער ווי תמיד. עפּעס פיהלט זיך אומעטום אין דער לופט יום-טוב'דיג, פול-און-פול מיט קעלבּיל. אַלסדינג שמייכעלט, זאָגט: גוט יום-טוב, מזל-טוב דיר מיט'ן קעלבּיל!...

איך זעטץ מיך אויף די קניעליך, אבּיסעל פונדערווייטענס, און בעטראַכט מיר דאָס קעלבּיל. אַ שעהנס, אַ רויטס מראה געלכען, אויף דעם שטערען אַ ווייסער פלעק ווי אַ זילבּערנע קאָקאַרדע, נאָר אַ נאָטס וואונדער. וואָס ווייטער ווייטער גיב איך מיך אַ רוק-אונטער, בּעקענענדיג מיך מיט איהם נעהענטער; וואָס ווייטער ווייטער גיב איך עס אַ גלעט, דאָ אַ טאַפּ. דאָרט מיט אַ פינגער, אַריינקוקענדיג איהם בשעת מעשה אין די אויגען, ביז איך ווער דערמיט שוין אַ נאָהענטער שמעלקע און לאָז איהם אַראָפּ אַ גראָבּען „שלום-עליכם", אַזוי טאַקי מיט דער גאַנצער האַנד, מיט אַלע פינף פינגער. דאָס קעלבּיל האָט אַ פּנים נאָך נישט געוואוסט דעם טייטש פונ'ם „שלום-עליכם", מיט וואָס מען עסט עס, וואָרום עס האָט זיך עפּעס געפיהלט ווי בעליידיגט, און צונויפנעהמענדיג זיך מיט אַלע קרעפטען געפרופט אויפשטעהן. פריהער האָט עס אָנגעהויבען הינטען-אַרום, פאַמעליכען-פאַמעליכען זיך געשטעלט אויף די הינטערסטע פיסלעך, בלייבּענדיג אָנגעשפּאַרט אויף די קניע פון די פאָדערשטע, וואָס נאָך פערלייגט אונטער זיך אַזוי, אַז ס'איז אויסגעקומען עפּעס משונה, ווי עס שטעהט מחילה ראַקום. שפּעטער אַבּיסעל האָט זיך עס שוין געשטעלט אויף אַלע פיער פיס, וואָס האָבען זיך געשאָקעלט ווי פיסלעך פון אַ צושאָטענעם טיש. פונ'ם פּופּיק איז איהם אַראָפּגעהאַנגען, באָמבּלענדיג זיך, עפּעס ווי אַ שטיקעל בענדיל און אויסגעזועהען אינגאַנצען מראה לעקיש. אַזוי איז עס שאָקלענדיג זיך, אומגעלומפּערט, אויסשטעלענדיג אַ פּאָר קעלבּערנע אויגען. אַ היבשע ווײַלע געשטאַנען — און פלוצלים פערדרייסט עָס דעם וויידעל און גאַלאָפּ, גאַלאָפּ איבער

דער שטוב. עס ווערט אַ רעש אַ געפּילדער, עס פאַלט אום די מילכיגע באַנק מיט דעם צעבראָכען פּיסעל, עס דערשרעקען זיך די היהנער. פליהען משוגע'נערוויז איבער טיש און בּיינק, צעבראָכען אַ גלעזעל און קעהרען איבער עפּעס אַ שיסעל. די מאַמע בּיי דער קינפּעטאָרען, בּיי דער בּהמה היסט עס, דאָרט אין הויז, דערהערט דעם טאַראַראַם, דעם האַרמידער, לויפט אין איין אָטהעם אריין אין שטוב שטאַרק אויפגעבּראַכט און לאָזט אויס איהר צאָרען צו מיין קאָפּ:

אוי, אַ טאָג, האָבּ איך עס געהאַט דענסטמאָל, אַ טאָג פון פּעטש און קלעפּ אין דער היים, אין חדר, געלייזט גענוג, נישט פאַר קיין יודען געדאַכט!

אָוועקגעגאַנגען פון דער היים אין חדר בּין איך מיט אַ קאָפּ פול מיט קעלבּיל. ווען איך האָבּ בּעגעגענט אויפ'ן וועג האָבּ איך אָנגעזאָגט די בּשורה: אונזער קיה האָט געהאַט אַ קעלבּיל! פאַר איטליכען פון מיינע בּעקאַנטע יונגליך האָבּ איך אָפּגעלויבּט אין טאָג אריין דאָס קעלבּיל, אונטערשמייכלענדיג דערבּיי פאַר גרויס הנאָה ווי אַ בּעל-שמחה, געמיינט דערמיט — העהע! לאָזען זיי מיר מקנא זיין. ווען מיר האָט געטויגט האָבּ איך צוגעזאָגט ווייזען איהם דאָס קעלבּיל, אינאיינעם מיט מיר זיך דערמיט אַבּיסעל אָנשפּילען. בּיי איינעם אפילו האָבּ איך געגנומען פאַראויס אַ פּאָר יונ'ישע מעשענע קנעפּ מיט אָדלערס און אַ יערכען בּייטעלע, שווערענדיג איהם: „ווי איך בּין אַ יוד!" אַז דער כּיבּוד פּאָהרען רייטענדיג צום-ערשטען אויפ'ן קעלבּיל געהער איהם. עס פערשטעהט זיך, אַז פאַר גרויס שמחה און אַזוי פיעל געשעפטען האָבּ איך מיר פערשפּעטיגט קומען אין חדר, און געחאַפּט אַ מיאוס'ן פּסק.

נאָר פּעטש זענען פּעטש און קעלבּיל איז קעלבּיל. די גמרא ליגט פאַר מיר אָפען און עס קוקט אַרויס פון דאָרט, עס דרעהט זיך מיר פאַר די אויגען — קעלבּיל. עס קריכט, קריכט מיר אין קאָפּ אַ מאָרדעצקע, אַ שעהנס, אַ געטאָקטס, אויערליך קליינינטשקע, אויפגעשטעלטע, אַ קעפּעלע, אַ העלזעלע. דער רבּי קנעלט, מריקעט מיט אַ גמרא ניגון, און מיר אין די אויערען מעקעט די קיה נאָכ'ן קעלבּיל. דער רבּי טהוט זיך אַ הויבּ פונ'ם בּיינקעל — דאָס קעלבּיל אַ הויבּ אויף די פיסלעך; דער רבּי שטרעקט אויס די האַנד — דעם קעלבּיל פערדרייסט זיך דאָס שווענציל: האָץ-האָץ — און עס פליהט אַ פּאַטש! דער רבּי איז בּייז, פרעגט וואו איך האַלט? איך האַלט מיך בּיי דער בּאַק. עס האַלט שוין בּיי מקיים פּסק זיין, איך האַלט עס נישט אויס. עפּענט זיך פלוצלים די טהיר —

און עס עפּענט זיך מיר ווידער אַ וועלט. סקאָציל קסטס, רבי׳צען! אהא, אָט איז ווידער דאָס קעלביל. די רבי־צען לויפט אַרוים ביין, אַ קלאַפּנדי־בענדיג מיט דער טהיר, דער רבי, אַרוים פון די כלים. לאָזט אוים זיין שוואַר־ביטער נעמיטה צו מיר.

אַז איך בין יענעם טאָג אַ לעבעדינגער, אַ גאַנצער אַ היים געקומען, איז טאַקי נאָר גרויסע נסים מיר געשעהען.

קומענדיג אַ היים איז די ערשטע זאַך מיינע געוועזען — קעלביל. שטיל אויף די שפּיטץ פינגער האָב איך בשתיקה, ווי אַ ליעבהאָבער צו דער געליעבטער, מיך צוגע׳גנבה׳ט צום קעלביל. די מאַמע האָט עס פערשטופּט אין אַ ווינקעלע פאַר אַ גוט אויג, מען זאָל עס קיין עין־הרע נישט געבען. אָנגעהויבען האָט זיך ביי מיר ווי דער שטיינער איז, פריהער אַ קוק, איין עסען פאַר ליעבשאַפט מיט די אויגען. אין אַ ווײלע אַרום שוין אַ גלעט, אַ טאַפּ, דערנאָך אַ האַלזען, איין אַרומנעהמען, נאָר נפש אחת, און לסוף שוין גראָבליך מחילה אַ קוועטש — און מיין קעלביל פון אַ שפּרונג אַ הין־אַהער איבער דער שטוב, ווערט עס איין איבערקעהרעניש, סדום ועמורה, און עס רעגענט אויף מיר פעך און שוועביל, פייערדיגע פעטש הייסט עס, נאָר אַ שרעק!

די ליעבע צום קעלביל האָט ביי מיר געוואַקסען מיט יעדען טאָג און צוגלייך מיט איהר די יסורים, האַרצוועהטאָג מיינע, וואָס זי האָט מיר אָנגעמאַכט, מיין קינדערש הערציל איז פערלאָפען מיט בלוט, האָט נישט געקענט רוהיג אָהן פערדראָס האָרכען דעם שמועס איבער דעם קעלביל, ווי מען וויל עס געביך קוילען, ווי מען דינגט זיך מיט דעם קצב, מיט וואָס פאַר אַ גרינגגע לעבער מען צוגלידערט עס לעבעדיגערהייט, שניידט, טהיילט זיין גופ׳ל נעביך, ווי מען רעכענט אויף די פינגער אַזוי פיעל פאַר זיין פעלכען, אַזוי פיעל פאַר דעם פעדער־חלק, אַזוי פיעל און אַזוי פיעל פאַר זיין איטליכם גליעד בעזונדער. עס שטעהט זיך, קוקט קוקט אַזוי גוט, היימיש, לעקט דער מאַמעס האַנד אַזוי ליעבליך־פריינדליך, און דאָ שאַצט מען אָפּ דעם ווערטה פון זיין לעקער, פון זיין צינגעל! ס׳איז עפּעס טאַקי אַ געוואַלד, אַ רציחה! — דענסטמאָל האָב איך נאָך נישט געוואוסט קיין חכמות, זיך נישט אַריינגעלאָזט אין טיפע חקירות איבער מענשען, בהמות, נאָר נישט איינגעפאַלען מיר אפילו איבערצו־טראַכטען, אַז אין דער פיהרונג פון דער וועלט קען געמאָהלט זיין פערהלער; אַז דאָס אַלסדינג, וואָס איז פון גאַנץ לאַנג שוין אַזוי נע־שטעלט, ביי לייט אָנגענומען, האָט אפשר נישט קיין האַפט; אַז גרויסע

מיט בערד קענען גאָר זיין יונגליך; אַז חכמות אַזוינע און אַזוינע קענען נאָר זיין נאַרעשקייטען, פילוסופיות — פּלודערייען, גוטסקייט און פרומ־קייט — אַכזריות, ווילדקייט. חלילה! אַלסדינג ווי אַזוי ביי די עלטערען אין שטוב, ווי אַזוי אין חדר, אין שוהל, אין בית־המדרש דאָרט, דאָס איז שכל־דיג, רעכט, פיין, ווי נאָר האָט געבאָטען. און אויב מיר איז פריקרע געווען אַמאָל, עס האָט מיך עפּעס געאַרט, איז דאָס נאָר געווען גלאַט אַזוי זיך, בשוגג, אומגערען, גלאַט עס האָט זיך אַזוי געפיהלט, נאָר פון זיך אַליין אַזוי געוואָלט — און דאָס פלעגט מיר דערנאָך ערגערען, קאָס־טען אַ שטיק געזונד, ווייל טאַקי אין דעם פיהלען, אין דעם וועלען, אָט דרינען, לויט זיי זאָגען שטעקט דער יצר־הרע. ער ניט עס איין דעם מענשענס הארץ חשק, עס זאָל פיהלען, עס זאָל וועלען. ולא תתורו אחרי לבבכם — אַ יונגעלע זאָל זיך נישט וועלען, האָט געטייטש דער רבי. — עס האָט מיר וועה געטהון דאָס האַרץ אויפ'ן קעלביל: געוואַלד אַ רחמנות! עס האָט מיך פערדראָסען, געברענט, געבראָטען: געוואַלד, וואָס וויל מען האָבען נעביך פון זיין לעבען! און דערביי האָט עס מיך טאַקי געפּיקט, געפּיקט: געוואַלד איין עברה! אויף וועמען דו האָסט רחמנות און אויף וועמען דו ביסט אָנגעדרודעלט, שייגעץ איינער!... איך האָב מיר אָנגעטהון אַ כח אַרויסשלאָגען פונ'ם זינען די גאַנצע מעשה מיט דעם קעלביל, איך בין נישט מחויב פאַר איהם מקריב זיין מיין נשמה, פרעגלען זיך אויפ'ן פייער אין גיהנם. נאָר עס האָט אָבער נישט געהאָלפען, פאַרקעהרט, וואָס מעהר איך האָב עס געטריבען, מעהר איז עס מיר אין קאָפּ אריין געקראָכען. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַזוינס, וואָס אַ שרעק: פון איין זייט, דאַכט זיך, איין אויסגעשטרעקט, איבער־געשניטען העלזעלע, אַ גיסען־זיך בלוט, איין אַרויסגעשטעקטע צונג, פאַר־גלייזטע אויגען, אַ חאָרחלען, אַ מאַכען מיט די זייטען, אַ צאַפּלען, אַ וואַר־פען־זיך, אַ דריגען מיט די פיס. פון דער אַנדערער זייט אַ שוחט מיט אַ פרום־פּנים'ל, אַ חלף אין דער האַנד און אַ ברכה־מאַכען מיט די ליפּע־ליך. — איך בין אַרומגעגאַנגען צוקאָכט, ווינד־און־וועה איז מיר געווען פון ביידע זייטען, האָב מיך געשעמט קוקען דעם קעלביל און דער מאַמע, להבדיל, אין די אויגען. ווער ווייס צו וואָס דאָס וואָלט נע־פּיהרט, ווען עס זאָל זיך ניט געווען אונטערגרוקען פּלוצלים אַזוינס, אויף וואָס מען האָט זיך כלל נישט געריכט.

ס'איז אַ ווינטער־נאַכט. אַ פראָסט מיט אַ ווינד. אַ פראָסט אַ ברע־נענדיגער, אַ ווינד אַ שטורעמדיגער, עס בלאָזט, פייפט, ריפּ־סקריפּ, ווי אויף אַ חתונה פון טויזענדער רוחות; עס שפּרינגען, טאַנצען זיילען שנעע,

דרעהענדיג זיך משוגע'נערווייז איבער די גאַסען. עס קנאַקען, טראַסקען דעכער, עס הײלט, ווייעט אין די קוימענס און עס זשומען, ציטבלען שויבען אין די פענסטער. אויף דער גאַס קיין לעבעדיג בעשעפעניש, נישט איין יודישע בהמה, אַלע ווי אויסגערוימט. און וועלכע זענען פער־בליבען דאָ, ליגען בעגראָבען, אַז אָך־און־וועה צו זיי, טיעף איבער די אויערען אין שנעע. אונזער בהמה, עפּעס נאָך מ'שטעהנס־געזאָגט אַ שטי־קעל קינדבעטאָרען, האָט אונטערגענעכטיגט אין דעם פינסטערען הויז, אין נעץ און שמוץ, וואו עס בלאָזט פון אויבען, פון אונטען. פון אַלע זייטען; וואו ס'איז אומצוקומען פאַר קעלט. און וואָס טהוט אַ בהמה? אַ בהמה מעלה־גרה'ט, חורט, קייעט איבער אַלץ פריהערדיגע, שוין האַלב פערדייעטע, פוילע, נמאָס־ומיאוס געוואָרענע זאַכען, אַז נייע שפּייז פאַר זיך האָט זי דאָך מכּות — און בּיים איבערקייען קייכט זי, לאָזט זי שטילע זיפצען. די זיפצען צוגעהען זיך ווייט אַרום און לאָזען זיך פיהלען אויך אין שטוב.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט מיך אויפגעוועקט פונ'ם שלאָף אַ ביטער געשריי, אַ יאָמער, אַ קלאָג ווי מען בעוויינט אַ טויטען. — דאָס וויינט, שרייט די מאַמע. וואָס איז? גע'פגר'ט די בהמה! דאָס הויז־געזינד איז פערזאומערט, אין שטוב הערשט אַ טרויער, אפילו דער האָהן שטעהט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט אַרויסגעפיהרט די היהנער זיינע פון אונטער דעם אויבען האָפּערדיג, קוממיות, ווי תמיד. איינע פון די היהנער מיט איין איי פּאַדעט, קוואָקעט, זוכט איין אָרט, וויל זיך לייגען, און נישטאָ ווער זאָל איבערדעקען זי מיט דער זיפּ ווי גע־וועהנטליך. נאָך איינע פליהט אַרויס פון אונטער דער בעט, הענדום־פענדום אויף אַ ביינקעל מיט אַ פעררייסען קעפּעלע. זעהר שטאָלץ אין איין קול: מזל־טוב מיר מיט איין איי, זיך שוין געלייגט אין אַ גוטער שעה! און דער שעהנער מאַן, דער האָהן, זאָל זיך עס אויף איהר האָטש אַרומקוקען, צוגעהן, ווי דער שטייגער איז, אַרונטערנעהמען זי אונטער די פליגעליך, קוצעניו־מוצעניו פאַר אַזאַ גוטע בשורה. קיינעם איז נישט אין קאָפּ, אַלע שטעהען פערזאומערט, ווייבער, שכנה'ס אויך אין דערמיט. די מאַמע איז מספּיד פאַר זיי די בהמה, דערצעהלט איהרע שבחים, איהר קעז און פּוטער, וואָס איך וויינינגסטענס האָב עס אין די אויגען נישט געזעהען, נאָך מעלות אַזעלכע, אַל־דאָס־גוטס, פון וועלכע — אַ חידוש חלעבין! — איך האָב פריהער גאָר נִיט געוואוסט, און לאָזט אויס מיט אַ וויינענדיגען ניגון, אַז דאָס איז זי גע'פגר'ט פאַר אונזערע זינד.

— הערט אַ מעשה — זאָגט זי, פערגלאָצענדיג די אויגען צו דער סטעליע — הערט וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען! היינט גאַנץ פריה, כלחוך השור, אָט די טהיר אָט־אָ, פון דער שטוב אין דעם הויז, עפען איך. געה איך ווי אַ בעל־הבית'טע מעלקען פריה אַריין; דאָס מעלק־שעפעל אין דער האַנד. שטרוי צום פרעסען האָט דער בעקאַנטער גוי נאָך נישט געבראַכט. פאַרגעסען. אַ פראָסט אַ שרעק. צייט מעלקען. רוף איך: מאַין־מאַין־מאַין! זי רופט זיך נישט אָפ. געה איך שוין צו נאָהענט, אַביסעל מיט פערדראָס, טראַכטענדיג בּיי מיר: סטערוואַ. וויל איך מעלקען — הע־הע, איז זי פערשאָטען מיט שנעע, אַריינטראָגענדיג זיך בּיי־נאַכט דורך די שפּאַרונעס, די האָר פערפרוירען ווי סטרעמפּלעס אויף דעם רוקען שטעל איך אַוועק דאָס מעלק־שעפעל, נעהם אַ בעזעם, נעהם, שאַר־שאַר דעם שנעע, און זי, די שפלה, זאָל זיך עס חאָטש ריהרען. איך גיב אַ קוק — אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגען, זי איז טוידט! סטייטש, וואָס הייסט? פאַר ווען, פאַר וואָס? פון דער העלער הויט? נישט צום פערשטעהן. פאַלט מיר פלוצלים אַיין: אוי, אַ וועהטאָג אַ גרויסער, אַ וועהטאָג מיינע שונאים! איהר הערט, מיר האָבען פערגעסען די סעודה, מאַכען נעכטען ווי אַלע יאָהר „תוספות־יום־טוב! מיין יחוס איז עפּעס אַ קאַטאָוועס. פונ'ם תוספות־יום־טוב משפחה שטאַם איך. אין דער מגילה זיינער אויף דעם נס, וואָס איהם איז געשעהען, האָט דער גרויסער צדיק, עליו־השלום, בעשוואָרען זיינע קינדס־קינדס קינדער, זיי זאָלען אין חודש אדר, נעכטען הייסט עס, מאַכען אַ סעודה, ווי פורים. וועט עמיצער נישט מקיים זיין, זאָל זיך איהם טרעפען אַיין אומגליק. אָט, האָט איהר טאַקי, איהר הערט, דאָס אומגליק. דעריבער טאַקי איז די בהמה סאַנצעלאָמעס די כפרה געוואָרען. וואָס דען? גאָר פלוצלים ערשט נאָכ'ן קעלבען זיך, פגר'ט עס, אַ בהמה! — —

און אין דערמיט הספד, פליהט אַריין פונ'ם אַלקירעל דאָס קעלביל, האָץ־האָץ מיט אַ פעררימען ווידעל, אַ פערוואָרפען קעפעל, מע־מע אין איין קול. דאָס האַרץ רייסט בּיי איטליכען אין שטוב, קוקענדיג אויף דער יתומה נעבּיך. אַלע פערשטעהען דעם טייטש פון מע, וואָס דאָס מע בעדייט. דאָס מעקעט עס נעבּיך נאָך דער ברוסט, עס וויל עסען. דאָס מעקעט עס, בעט זיך צו דער מאַמע, זי זאָל עס אויסצוזאָגען, אָפּלעקען מיט דער צונג. ווייבער, שכנה'ס, ווישען די נעז, די אויגען, מאַכען פּיסקליך, און די ליפעליך זייערע ריהרען זיך, גרייט צום ריידען. איינע פון זיי, אַ וואוילקענעדיגע, וואָס שיט אין די רייד ווערטער פון די הייליגע

וחכמים, פונ'ם רבינו בחיי, פערהאפט זיך פריהער און צולאָזט זיך אין א ברייטען שמועס.

— דער וואָס לעבט אייביג, ברוך הוא וברוך שמו, וואָס איך בין נישט ווערטה זיין נאָמען צודערמאָהנען — הויבט זי אָן אויף תחינה-לשון, צונויפשנירענדיג די ליפעליך און קנייטשענדיג א פרום פנים'ל — דער אַלמעכטיגער, וואָס איז געאַכפּערט, געגרויסט צווישען די הער-שאַפטען מלאָכים, די דאָ הייסען חיות הקודש, ער איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, כי מפני הרעה, פאַר די זינד, זאָגען די חכמים, פגר'ט אַמאָל א בהמה. לאָז זי, די בהמה, זיין א קרבן-עולה, מכפר זיין, רייניגען, ווי די פרה-אדומה, אייך און כל-ישראל, פון אַלע אומרייניג-קייט און פון אַלע אומווירדיגקייט, אַזוי ווי עס שטעהט געשריבען: אויב די זינד זענען ווי פורפיל רויט, וועלען זיי ווייס ווערען ווי א שנעע. און אויב אַזוי, אַז דורך א פיך, די בהמה מיינט מען, האָט בעשיינפערליך זיך געטהון ענטפלעקען אַזאַ גרויס וואונדער, וואָלט מיין ראַטה, עצה טובה, גצווען, דאָס דאָס קעלביל, די פרוכט פון איהר מוטער-לייב, זאָל בלייבען די ווידערשפּענענדיגע קינדער צום אָנדיינקען, אויף דעם משונה-ווילדען מופת, דאָס זיי זאָלען מעהר נישט מוטוויליגען. נישט פאַרשוועכען די שבועה פון פאָרכצומטע צדיקים. לאָז עס ביי אייך זיך האָדעווען, און דער, וואָס שפּייזט מביצי כינים, פונ'ם קליין ווערמיל ביז דעם וויזעלטהיר, וועט העלפען עס צושפּייזען אַמאָל מיט שאָלעכטס פון קאַרטאָפּעל, אַמאָל מיט אַביסעל קלייען, דאָס אַביסעל, יענעם אַביסעל. וואָס קען עס זיך אָנזעהען אין דעם בעל-הבתי'שקייט א קעלביל. לאָז זיך אייך דאַכטען א ישיבה-בחור — נאָך א לעפעל געקעכטס, נאָך אַשטיקעל ברויט, א קבצן א קבצן נעביך. איהר פערשטעהט, פון א ישיבה-בחור, טפוי, פון א קעלביל מיין איך, וואַקסט אויס א בהמה, און א בהמה איז גוט, תמיד אָנגעלייגט, ווער שמועסט ביי היינטיגע משוגע'נע צייטען, און בפרט נאָך ביי יודען. אָח-חאָ-חאָ! שפּיעלט אַוודאי א גרויסע ראָליע א בהמה. אַלע ווייבער באַ-סעווען צו. די מאַמע לאָזט זיך איינריידען. דאָס קעלבעל בלייבט לע-בען — און מיר פאַלט אַראָפּ א שטיין פון האַרצען.

די מעשה מיט דער בהמה, איהר אונגעוועהנליכער טוירט, נאָר שלא כדרך הטבע, האָט אָנגעמאַכט א רעש אין שטעדטיל. לייט זענען געקומען אויף חידושים אָנקוקען דאָס קעלביל, עס האָט בעקומען א שם און געהייסען: „תוספות-יום-טוב קעלביל“.

א קענען א דריי טעג האָט זיך געטראָגען איבער דעם שטעדטיל

א הײלען, א רױען, נאָר טױב צו װערען. דאָס האָבען געדױעט הינט, װאָס האָבען זיך טשאַטעס־װײז פאַרקליבען אױפ'ן פעלד, צו־טהון דער בהמה איהר רעכט, זיך געריסען, געביסען און מטפּל געװען, װי געהעריג, מיט דער נבלה.

שטאַרק געבײנקט די ערשטע צײט האָט דאָס קעלביל נעביך נאָך דער ברוסט. מען האָט עס געשטילט אַמאָל מיט א לעמעשקע פון קאָרענע קלײען, אַמאָל מיט ברויט א שטיקעל, מיט א הױפען הײ. צײנדלעך האָט עס געהאַט אַכט פעדערשטע, שעהנע װײסע, נאָך בײם געבױרען װערען, איך האָב זײ אַלײן געצעהלט. עס האָט געגעסען און דאָך צו װײלען אונטערגעמריקעט. עס האָט אַלץ געסמאַרעט מיט דער נאָז, געזוכט, געשמעקט, און װאָס נאָר איהם איז צום מױל געקומען, א האַנדטוך, א טישטוך, א זאָק, האָט עס געקײט. א היטעל, אַ יאַרמולקע — אױך סחורה. אײנמאָל האָט עס שיער זיך נישט דערװאָרגען מיט א טשאַלענט־שמאַטע. א נס װאָס מען האָט זיך בעצײטענס ארומגעקוקט, גראָד בעדאַרפט ניכער פעררוקען דעם טשאָלענט. און אױב מען איז פון איהם דאָס אַלסדינג אױסגעשטאַנען, נישט זײנער פטור צו־װערען, איז דאָס נאָר געװען אין דעם זכות פון דער מאַמען זײנער, זאָל זיך דאָרט מיהען. איך אײנער האָב עס אמת טאַקי ליעב געהאַט טיעף פונ'ם האַרצען, עס שטאַרק בעדױערט: א רחמנות, ס'איז נעביך עלענד, א יתום!... האָט מען עס אַמאָל בעלײדיגט מיט א קלאַפּ, מיט אַ זעטץ, פלעג איך מיר אַרױסשטעלען, זיך אָננעהמען קעלבילס קריװדע, און געחאַפּט דערפאַר דאָס מײניגע. אַט דאָס האָט מיך נאָך מעהר צוגעצױגען צום קעלביל דערפאַר, װאָס מען איז אַקעגען אונז בײדע געװען גראָב אומגערעכט, װאָס מיר בײדע האָבען געליטען פון אַנדערע, שטאַרקערע פון אונז, נאָר אומזיסט. נישט אַזױ די בעלײדיגונג, די יסורים, דער װעהטאָג פון קלעפּ האָט מיך געאַרט, װי דאָס אומרעכט, מיט װעלכעס יענע האָבען עס אָנגעטהון. — און אַ פּנים בײם קעלביל בין איך אױך טאַקי געװען א שטיקעל חשוב. װאָרום עס פלעגט זיך לאָזען גלעטען פון מיר בײם קעפּיל, אָננעהמען בײ די אױערליך, קוקענדיג דערבײ צו מיר מיט אַפּאָר אומעטיגע אױגען, לעקענדיג מיך פרײנדליך, גלײך װי עס װאָלט זיך פאַר מיר עפּעס געקלאָגט, געװאָלט עפּעס אַזױנס זאָגען. איך װידער האָב עס, דאַכט זיך, פערשטאַנען, געפיהלט װאָס איהם אױף דער לונג, װאָס לעקט עס מיך מיט דער צונג.

אָט דערנסטמאָלט־אָ, דעם קעלביל צו פעררדאַנקען און דעם הױז־געזינדס

בענעהמונג אַקעגען איהם, איז אין מיר אַריין אַ געדאַנק, נאָר עפּעס ווי אַ דבּוק — אַ געדאַנק, זאָג איך, נישט גלאַט אַ געפיהל, אַ טונקעלס אַ שטומס אָהן לשון, נאָר טאַקי ריין גערעדט, מיט ווערטער; אַז אַ בּהמה, בּלוט און פלייש ווי אַ מענש, האָט אויך, איהר הערט? אַ נשמה ווי ער; אַז אַ בּהמה מיט הארץ, מיט אַלע רמ"ח אברים, לייב־און־לעבּען ווי אַ מענש, פיהלט לייד און פרייד, יסורים און פערגעניגען אויך ווי ער! — שפּעטער האָבּ איך מיט דעם דאָזיגען געדאַנק מיך אַרומגעטראָ־גען גאַנץ אָפּען, איהם געלאָזט וואַקסען, וויאַקסען, זיך אַרויסזאָגען פריי, נישט געהערט אַ וועלט, בּיז ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז בּהמות האָבּען אויך אַ לשון, זייער לשון, זייער קוק אויף דער וועלט, זייער מין יושר און דרך־ארץ, זייער פאַמיליענלעבּען, אייגענע און קהל'שע אינטע־רעסען, זייערע מיני געבּאָט, מנהגים, געריכט, און אפשר טאַקי אויך זייער מין רעליגיע — קורץ, אַלע מעלות און חסרונות ווי מיר, נישט צוזאָגען אפילו להבדיל. ס'איז דאָ אויך צווישען זיי אַלערליי אומות, נאַציעס, מינים הייסט עס אומות גרויסע, שטאַרקע, געוואָפּענטע מיט גומע כּלי־זיין, וואָס רויבּען, רייסען, געוועלטיגען בּיד רמה, און אומות קליינטשקע, שוואַכע, קריכענדע, פערוואָגעלטע, בּיי יענע אין די לאַפּעס. צווישען איין אומה בּהמות גופא זענען דאָ פערשידענע קלאַסען: בּהמות געהויבּענע, זאַטע, פעטע, שעהנע, ליידיגגעהער, גע־לערענטע, מיט אָנשטעלען, און זיי אַקעגען יענע פונ'ם געמיינעם עולם: אויף־מיר־בּהמות, הונגעריגע, דאַרע, אויסגעדייוועטע, שטענדיג אין דער אַרבּייט, פערגרעבּטע, פערפּינסטערטע, וויסען נישט פון זייער חיות. עס זענען דאָ צווישען זיי גוטע אי שלעכטע, בּייזע אי שטילע. רוהיגע, געלאַסענע; פוילע אי בּריות; פאַלשע אי געטרייע; גנבים, נאַשערס, פרעסערס אי עהרליכע, כּשר'ע, נישט קיין טרפה'נע העלוזער; ענאָאיס־טען, נישט פאַרגינערס, קאַפּאַבּעל אויף אַלסדינג פאַר'ן אייגען נפש'ל, אי בּאַרעמהערציגע, בּערייט זיך מקריב זיין פאַר יענעם אין אַ נויטה. ראיות דאַרויף זענען דאָ גוזמא־גוזמאות, גאַנצע פּעק, ס'איז דאָ אַזעלכע, וואָס איטליכען פאַר דער נאָז, מען פערשפּאָרט גאָר ווייט צו זוכען. ווער אַ שטייגער האָט נישט געזעהען, וואָס פאַר אַ מכנים־אורח'טע אַ קיה איז? אַ מנין בּהמות אפילו מעגען אריינשטעקען די מאָרדעס צו איהר אין צעבּער, בּשעת זי פרעסט — און גאָרנישט, זי זאָל עס חאָטש אַ פּיפּס טהון. אָדער נעהמט אַ הונט, אַ שטייגער. עס מאַכט זיך אַמאָל אַ הונט קומט אין שטעדטיל, עס מעג זיך זיין אַיין אויסלענדער, פון פרס־ומדי, פון עק וועלט, בּילט ער מיט אַלע גלייך, אַיין הינטעש לשון, איין

דעה — פאַני־בראַטצי מיט אַלע זיין־גלייכען, אַ הונט ווי אַלע הינט, פערשטעהען זיך איינער דעם אַנדערען זעהר גוט. אדרבה, איז עס דער־זעהען אָדער דערהערט געוואָרען צווישען בהמות אַזאַ קללה, אַז אַ הונט, אַ שטיינער, זאָל מוזען בילען אַזוי פיעל לשונות וויפיעל עס זענען דאָ מדינות. און דער וואָס בילט הינטיש דאָ, זאָל זיין אַ שטומער דאָרט? יאָ, ראיות זענען דאָ גענוג, איבערגענוג, נאָר דער מענש אָבער וויל דערפון נישט וויסען. איהם איז גלייכער מאַכען זיי, די בהמות, פאַר שטיקער פלייש, נישט צוצולאָזען זיי קיין שום פיצעל שכל, קיין שום געפיהל. אייננאַנצען וואָס זיי לעבען איז נאָר פאַר איהם: טייגען זיי איהם. הייסען זיי ניטצליכע; אלא ניט, זענען זיי שעדליכע, איבעריגע אויף דער וועלט. גאָר העט אין די פריהערדיגע דורות האָבען מענשען, ווי עס זעהט אויס, זיך אַ פנים געשייט אַזוי מיאוס גראָב זיין אַקעגען די בהמות, די רציחה צו עסען זיי, געזוכט אַריינלעגען אין יראת־שמים. — עס האָט געהייסען, ברענגען גאָט אַ קרבן, קוילען זיי לכבוד זיין נאָמען, איהם אַ שטיקעל, זיינע „פריסטער" אַ שטיקעל, און אַגב טאַקי דאָס איבע־ריגע פאַר זיך אַליין. — אָט אַזוי האָב איך מיט דעם געדאַנק מיך ארומגעטראָגען, שוין אין די עלטערע יאָהרען, אָבער דערנסטמאָל, בשעת נאָך אַ יונגעל, האָב איך דעם דאָזיגען געדאַנק, באַלד טאַקי ביים גע־באָרען ווערען, געשטיקט אין מיר ווי אַ ממזר, נישט צולאָזען איהם אויפ־קומען, הויך אַ פיפס טהון. לאָזען לייט נישט זעהן וואָס פאַר אַ בחור'ל איך בין, פערקראָכען גאָר צו בהמות און טראַכט אַזוינס, וואָס מען טאָר נישט. נאָט אייך אַבעל רחמים! איך האָב געהאַט דערפון פיעל צער. נאָר דער יצר־הרע פון רחמנות איז אַזוי גרויס, אַז עס האָט מיך געצויגען צום קעלביל, און מיר זענען געוואָרען געטרייע חברים!

געטרייע חברים! די דאָזיגע ווערטער ווועלען עפעס קלינגען משונה ווילד, עפעס גאָר ניט פאַר דעם מוח. אמת! אַזוינע, ווי נאָך פיעלע אַנדערע זאַכען אין דער וועלט, זענען נישט טאַקי צופערשטעהן מיט דעם מוח, נאָר צו פיהלען בעדאַרף מען זיי מיט דעם האַרצען. אונמעג־ליך צודערקלעהרען זיך רעכט גוט יענעמס שטייגער דיינקען, יענעמס מעשים, נישט צופערזעטצען זיך אין יענעמס לאַגע — אין זיין צייט, זיין עלטער, און זיין אָרט. די צייט יאָהרען פון איטליכס עלטער אין דעם מענשענס לעבען איז אַ בעזונדער וועלט פאַר זיך מיט איהרע גיינג, מיט איהרע געדאַנקען, פאַרשטעלונגען וואָס איז גוט, וואָס שלעכט, מיט איהר געשמאַק, מיט איהרע חפציות, אַלץ־מיט־אַנאַנדער. ווילט איהר אַ שטייגער דאָס יונגעל פערשטעהן, מוזט איהר אין דעם יונגעלס וועלט געהן.

איהר בעדאַרפט זיך פיהלען, הייסט עס, יונג, עס זאָל זיך אייך דאַכטען אַ יונגעל מיט די ביינער. דער חסרון איז אָבער, וואָס גרויסע, דערוואַקסענע, צי מחמת אַ קורצען זכרון צי מחמת עפּעס אַנדערש. בעטראַכטען די גיינג פון קינדער נישט לויט דער קינדערשער וועלט, און וועלכער זיי אַליין האָבען זיך אַמאָל געפונען, נאָר לויט זייער איצטיגער וועלט און די עלטערע יאָהרען. אַזעלכע אָבער, יונג-אַלטע, נעמליך, וואָס וועלען זיך אַראָפּלאָזען צו מיר, און מיין דענסטמאָליג וועלטיל און מיך גוט פיהלען — פאַר זיי וועט דער גאַנצער שמועס מיינער דאָ גאָר ניט זיין אַזוי פרעמד. דענסטמאָל האָב איך מיר אַלסדינגג נאָך מיין שטאַנד זיך פאָרגעשטעלט. עס האָט מיר זיך געדאַכט, אַז ווי דאָס שטעדטיל מיינס אַזוי איז די גאַנצע וועלט. איין פּנים, איין שטייגער פיהרונג, מענשען בהמות אַלע גלייך, וואָס מאַכט עס אויס? מ ע נ ש ע ן, י ו ד ע ן הייסט עס, דאַווענען, זאָגען תהלים, לערנען משניות, אַ בלעטיל גמרא, זיצען און קלייטליך, גע־נעצען, טאַלעבענדען זיך אַרום, בעשטעקלענדיג זיך מיט שטעקענס, שטעקעליך אַלערליי. יונגלעך געהען און חדר, קעלבליך, בהמות און דער טשערעדע. דער רבי מיט דעם קאַנטשיק, דער פאַסטוך מיט דער בייטש. איין רפואה צו אַ פאַטש, צו אַלע וועהטאָגען איז דאָס שפּי־לען זיך מיט חברים. אַ יונגעל, אַ קעלביל וואָס מאַכט עס אויס? אַבי אַ לעבעדיג בעשעפעניש. זאָל מען אַ שטייגער האָבען די זכיה געפינען חן ביי אַ ליאַד הינטעל און די אויגען ער זאָל פאָלגען, בילען אָנ־פאַלען אַז מען הייסט, איז מען גרייט איהם נישט נאָר דעם מיטאָג, אפילו די נשמה איהם אויך אָוועקגעבען. חבר זיין מיט אַ הונט איז אַ גרויסער, גרויסער יחוס...

## נישט דאָס בין איך אויסען.

ס'איז נאָך פסח. אויס בין-הזמנים. מלמדים נעהמען זיך קנעלען, איטליכער מיט זיין חדר, און דער פאַסטוך מיט זיינע בהמות. בעהעל־פערם שלעפען, טראָגען, ווי דער סדר העולם איז, פיצליך קינדער, שלאַ־פענקע אויף די פלייצעס אין חדר אריין, און דאָס קעלביל אונזערס, אַ געזונדס, נישט קליין צולויפען מיט די פיסעליך אַליין, בלייבט נאָר איבער — אַ חידוש חלעבין — אין דער היים! עס געהט אַרום בטל. פאַר וואָס? — ס'איז נאָך צו-יונג צוטרייבען עס אין דער טשערעדע, זאָגט דער פאַסטוך, עס וועט נישט פערזאַמען די תורה זיינע: מעלה־גרה'ן, מאַכען מיט דעם מויל, נישקשה שפּעטער אַביסעל אויך. לעת־עתה, זאָגט ער, זאָל זיך עס מגדל זיין אונטער אַ היימישער השגחה

ביז דער רעכטער צייט. אין־ברירה, דאָס קעלביל בלייבט נעבּיך און נעהט איבער אויף אַ סך הענד. קיין האָניג דערפון האָט עס נישט גע־לעקט. די מאַמע ווייזט איהם אַ היי אין סידור; דער פערשטאָפּט איהם דאָס מויל מיט שהי־פּהי; יענער לערענט דאָס דרך־ארץ — און פון די פיעלע טובות איז עס נעבּיך שטענדיג הונגעריג, שטאַרק פונ'ם ליב אַראָפּ. אויף זיין גליק האָט זיך ביי מיין מלמד אויסגעלאָזט די תורה פאַר מיר. איך הויב אָן דערוויל צו לערנען, הייסט עס, אין בית־המדרש אַליין פאַר זיך. מען פערלאָזט זיך, הייסט עס, אויף מיין יושר, און די השגחה אויפ'ן קעלביל געהט מיט־דער־צייט איבער אינגאַנצען מיר אין די הענד. איך ווער עס דער מדריך זיינס אין אַ גוטער שעה!

עס עפענט זיך פאַר אונז ביידע אַ נייע וועלט — אַ וועלט אַ ליכטיגע, אַ שעהנע אַ שעהנע, אַ פרייע, וואָס נישט איך, נישט דאָס קעלביל האָבען זי ביז אהער, ליגענדיג פערשפּאַרט אין חדר, אין שטאַל־כען, קיינמאָל נישט אָנגעקוקט. לכה דודי! — זאָג איך אָננעהמענדיג דאָס קעלביל ביים שטריקעל, וואָס איהם אַרום דעם האַלז — קום מיין פריינד, נצא השדה, אַהין אויפ'ן גרינעם גראָז.

אי־אַי, איז עס דאָרט גוט, מחיה! עס לעבּט, עס ריהרט זיך אַרום־און־אַרום. גאָטס בעשעפעניש, וואָס ביז אהער גאָר ווילד־פרעמדע פאַר מיר, פיינעליך אַלערליי, מיני זשוקליך אַזוינע, היישרעקען, גרילען אַזוינע און אַזוינע, פליהען, שפּרינגען הויך אין דער לופט אי אונטען צווישען דעם גראָז לעבעדיג פרעהליך מיט אַ געזעגנעריי, אַ זזשעריי, אַ צימבּלע־ריי. עס הערט זיך אַ קאָנצערט, עס פיהלט זיך ריחות פון בשמים, עס שימערט אין די אויגען פון בלומען כל־המיני קאָלירען. עס אָטהעמט זיך עפּעס אַזוי גרינגג, אַזוי פריי. עפּעס טהוט עס מיך אינוועניג אַ בריה — האָפּ־האָפּ־האָפּ! טהו איך אַ שפּרונג, קוליע מיך פאַר גרוים פערגעניגען עטליכע מאָל איבער און ציה מיך אויס אויף פריש־ווייכע מאַך מיט דעם בּויך אַרויף. די ליכטיגע זון קוקט מיר גלייך אין פנים אַריין, שיינט, שמייכעלט, ווי גערעדט: אַ יאָ, יונגעלע, גוט?

עפּעס גאָר ניט ווילענדיג, ווי פון זיך אַליין, עפענט מיר זיך דאָס מויל און אַ יקום־פּורקן ניגון לאָזט זיך הערען אויף אַ וויינענדיג־קווימשיקען ביי־קול'כען. דאָס קעלביל קוקט זיך צו מיר אום און מאַכט: מע! עס האָט אַזוי פיעל געהייסען: שאַ, וואָס איז?...

איך טהו מיך אַ חאַפּ — האַ! וואָס איז, רב יודעלע, באמת דאָ אַזוי דאָס געווויין? שפּיי אוים, און בלייב שטום.

דאָס קעלבּיל פערטיעפט זיך אין דעם עסען געשמאַק מיט כּונה. איך קוק, קוק פערטראַכט און עס קומט מיר פאָר יעקב אָבינו, ווי ער פיטערט די שאָף ביי לבן־אַרמי, עס דאַכט זיך מיר אויך דאָס גוטע בּע־געגעניש זיינס מיט רחל'ען ביים בּרונען דאָרט, ווי זיי קושען, האַלזען זיך פאַר גרויס ליעבשאַפט. עס טהוט מיך אינוועניג פלוצלים עפּעס אַ פּיק — און בּלייב ליגען עפּעס ווי אָפּגעקאָכט.

דאָס איז געוועזען אַ פּיק פון יצר־הרע. דאָס האָט ער מיר געגעבּען אָנצוהערעניש אַקעגען אַ שכן'ס אַ מיידעל, זעהר אַ שעהנס, מיט וועלכעס איך פלעג מיך תּמיד שפּילען, און פּלוצלים אָנגעהויבּען זיך שעמען, רויטווערענדיג ביים בּעגעגענען זיך מיט איהר, נישט רעכט צו־וויסען פאַר וואָס. היינטיגער פּיק אָבער האָט מיר געגעבּען גוט צו פערשטעהן אַלסדינג, ס'איז מיר טאַקי גוט אין טעם אַריין — און איך האָבּ דערפון גרויס צער געהאַט. דער יצר־טוב האָט מיר דערנאָך געגעסען: זעהסט־דו, בּחור, אָט דאָס האָסט־דו איהר, פון דער נאַטור דיינער, ווי הייסט מען עס! זי, די שעהנע נאַטור, מ'שטעהנס־געזאָגט, מיט איהר פּוטץ, מיט איהר חן, אָט די מ כ ש פ ה'ט ע גיט עס אַיין אַ מענשען מיאוסע געפיהלען אַזוינע ווי דיר אַצונד. נאַטור־שמור, שעהנקייט — שמיינקייט — פּע!... אין בּית־מדרש אַריין, שיינעץ איינער!

עס פערשטעהט זיך, דאָס קעלבּיל נעבּיך האָט פון איהם זיך אויך נישט גענאַרט. „סטייטש, סטיימש אַ יודיש יונגעל און אַ קעלבּיל!! אַ שייגעץ בּיסט־דו דען, שיינעץ איינער?!" —

דער יצר־הרע אָבער איז נישקשה קליגער פון'ם יצר־טוב. אויך פּיעל שטאַרקער פון איהם. קוים איז אַ יונגעלע אַרויס פונ'ם אונטער־אויבען גע־שטעלט אַ פּיסעלע אין גאָטס שעהן פריי וועלטעל, אַ קוקעלע געטהון דאַרויף און ס'איז איהם אַריין אין טעם, הע־הע! וועט איהם שוין שווער זיין זיך אומקעהרען צוריק; וועט עס פון אַ מינדסט שטופּעלע זיך רוקען, רוקען ווייטער, און דערנאָך — וועט עס געהן ווי אַ פּוטער, גאָר פון זיך אַליין.

איך בּין געגאַנגען. וואוהין? עס פערשטעהט זיך אַהין, אין דעם פרייען פעלד, איך מיט דעם קעלבּיל טאַקי.

אָנגעהויבען לכתחילה האָבען מיר די פּיטערונג מיט דעם גרינעם בּאַרג, נישט ווייט פונ'ם שטעדטיל, דערנאָך האָבּען מיר זיך פערקליבען העט ווייט, אויסגעזוכענדיג אַ וואונדער־שעהן אָרט, נאָר אַ גן־עדן. לאָז

זיך אייך דאַכטען אַ וואַלד. בוימער־סאָסנעס געוויקסיגע ציהען זיך ווי אַ סטרונקע גלייך, הויך אין הימעל אַריין, אונטען גלאַט־נאַקעט און אויף די קעפּ גרינע היטלען־קאַפּעלושען אַ ים, צווישען וועלכע עס ברעכען זיך דורך שטראַהלען ליכטיגע פון דער זון און בעליינגען דאָס ריינע סאַמעט־טענע גראָז ווי ביי די פיס מיט העלע פאַסען גינגאָלדענע. פאַר דעם וואַלד שטעהען קליינע־געדיכטע וועלדליך, פון נידעריגע, יונג־פרישע זאַפטיגע בוימליך כל־המינים, צו־וואָרפען דאָ, דאָרט, אויף אַ היבשען, פרייען מיט גרעזעליך און שמעקענדיגע קרייטעכצער בעוואַקסענעם פלאַץ. פאָרענט־צו־ציהען זיך פון איהם, פונ׳ם פלאַץ, אַוועק פעלדער תבואה העט לאַנג, נישט צופערנעהמען מיט׳ן אויג, און איהם ביי דער זייט לאָזט זיך די גאַנצע געגענד אַלץ נידעריגער־נידעריגער אַראָפּ אין אַ טהאָל, וואו עס שפּורדעלט, רייזעלט אַ ריין־קלאָהר וואַסעריל לעבעדיג־שפּילענדיג ווי אַ קינד, דאָס בעהאַלטענדיג זיך ערגיץ צווישען געדיכט פערצווייגטע ווער־בעס דאָרט, דאָס אַ ווייז־געבענדיג זיך ווידער, לויפענדיג־שפּרינגענדיג באַרג־אַראָפּ פון שטיינדליך אויף שטיינדליך, האַלטענדיג אין איין מאַכען בול־בול־בול! חוץ מיר און דעם קעלביל נישטאָ דאָרט קיינער. נאָר וואָס אַמאָל טראָגט דער גוטער יאָהר אָן עפּעס אַ פויגעל, שטעלט זיך אויף אַ צווייגעל, וואַרפט אויף מיר בגנבה איין אויגעל, וואונדערענדיג זיך, ווער זאָל עס זיין אָט דער מין נפש, טהוט באַלד טאַקי אַ בוק מיט׳ן קעפּעל, אַ טרייסיל מיט׳ן ווידעלע, אַ מאַך מיט די פליגעליך און — זיי געזונד! אַוועק, אַוועק... אָדער אויף יענער זייט טהאָל אַקעגען לאָזט זיך אַמאָל אַראָפּ אַ בושעל, טהוט זיך אַ שטעל אויף די לאַנגע, רויטע פיס, אויסשטרעקענ־דיג אין דער הויך דעם לאַנגען זילבער־ווייסען האַלז מיט דעם רויטען פּיסק, שטעהט אַזוי אַ ווײלע קיין ריהר זיך נישט צוטהון. פּלוצלים קליפּ־קלאַפּ, קלאַפּ־קליפּ מיט דעם שנאָבעל און — מאַרש, מאַרש איבער דעם זומפּ. ציטענווייז פערטראָגט זיך אַ ווידער־קול ערגיץ אין דעם וואַלד, אַ געקלאַ־פּעריי פון פוהרלעך אויף דעם וועג דאָרט.

איך ליג מיר מחילה צולייגט, שמאָכענדיג פאַר גרוים פערגעניגען, קוק אויפ׳ן קעלביל און טראַכט: אַז וואויל איז אונז ביידע! ביידע האָ־בען מיר איינער דעם אַנדערען צופערדאַנקען דערמיט, וואָס מיר זענען דאָ. ווען נישט איך וואָלסט־דו אַצונד געהינעט אין שטאַלכען, און ווען נישט דו וואָלט איך אַצונד געהינעט אין בית־מדרש.

אָט אַזוי פלעג איך פערברייינגען אַ שטיק טאָג, שעפּענדיג נחת פון גאָטס וועלטיל און פונ׳ם קעלביל, וואָס האָט זיך שטאַרק צוגעלאָזט צו

מיר. געוואָרען מיט מיר, ווי מען זאָגט, פאַני־בראַטצי. מען האָט גע־מעגט אָנקוקען אויף חידושים מיט וואָס פאַר אַ שמחה עס האָט זיך גע־שפּילט מיט מיר, מיט וואָס פאַר אַ קלבערנע התלהבות עס האָט זיך גע־לאָזט לויפען, אונטערהויבענדיג דעם הינטען מחילה, אַזוי זיך פּלוצלים, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי אונז יודיש קינדער, עפּעס גאָר פון דער העלער הויט. טאַקי נאָר עפּעס ווי אַ קינד צו דער מאַמע פלעגט עס אַמאָל אויסשטרעקען דעם האַלז, אָנבייגענדיג צו מיר דעם קאָפּ, ווי גע־זאָגט: נאַ, קראַטץ מיך! אין פערלויף פונ׳ם זומער זענען מיר ביידע ווי איבערגעביטען געוואָרען. דאָס קעלביל האָט אויץ זיך גענומען לייב, ס׳איז איהם אויסגעקראָכען די האָר און בעקומען אַ נייע גלאַנצענדיגע הויט. איך בין אויך געקומען צו די קרעפטען, בעקומען גאָר עפּעס אַ נייע הויט און זעהר אַ שטאַרקען אַפּעטיט. דאָס לערנען האָט ביי מיר דענסטמאָל אַזאַ טעם געהאַט ווי ביים זאַט קעלביל קומענדיג פונ׳ם פעלד האָט אַ טעם געהאַט שטרוי, קאַרטאָפּעל־שאָלעכטס — עט, גאַרנישט, קיי־שפּיי!...

— מילא וועגען דעם קעלביל איז שוין נישטאָ וואָס צו־ריידען, מען האַלט שוין דערמיט אויף אַ שטייגער — עס וועט אם־ירצה־השם, אַבי געזונד, זיין אַ בהמה. די שאלה אָבער איז אַצונד: בחור! וואָז האַלט מען מיט דיר? אָט קוק דיך האָטש אָן, דאָס אויסזעהן דיינס. נאָר ניט דאָס איידעלקייט, דאָס יודיש פנים וואָס פריהער. אַ פנים, מ׳שטעהנס־געזאָגט, אַ רויטס, עפּעס איינגאַנצען מגושם גראָב, געזונד עשו! איין עסען אַביסעל, עפּעס נאָר געפרעסען, בעהיט זאָל מען ווערען! אָט דאָס האָסט־דו דיר, בחור׳ל, פון דיינע פעלדער, דיינע וועלדער. וואָס דען, גוטס קען דערפון אַרויסקומען?...

אַזוי האָבען זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ מוסר מיינע היימישע, מיך געפרעגט און געענטפערט פאַר מיר, זיי טאַקי אליין:

— איין מיטעל פאַר דיר, בהמה איינער, עס זאָל אוים דיר ווערען אַ לייט, איז נאָר די ישיבה. קיין אַנדער תכלית איז גאָר ניט געמאָהלט.

עס האָט מיר הארציג באַנק געטהון שיידען זיך מיט דעם קעלביל, מיט גאָטס וועלטעלע, דאָס שעהנע, וואָס האָט מיר אַריינגע־געבען אַ נייע נשמה; נאָר ווער וויל עס נישט ווערען אַ לייט, קומען צו אַ תכלית? אַך, רבונו־של־עולם, האָב איך ביי מיר געטראַכט, עס זאָל מעגליך זיין אַריבערצופּעקלען אַהינצו, אין דער ישיבה, אָט דאָס אַלס־דינג, דאָס קעלביל אַהין אויך טאַקי!

דאָס לעבען מיינס אין דער ישיבה, אָדער בעסער צוזאָגען דאָס וואַלגערען זיך מיינס דאָרט, אין אַ ווילד־פרעמד אָרט, פּאַסט נישט אַהער צו דער מעשה. דער עיקר איז דאָך דאָ די מעשה מיט דעם קעלביל, איך שלעפּ מיך נאָר ווי אַ צוגאָב איהם נאָך, נישמעהר גלאַט, אַז ס׳איז שוין געקומען צודייד מוז איך חאַטש זאָגען עטליכע ווערטער. יאָ, אמת, די ישיבה טאַקי ווירקט! במשך פון אַ קורצער צייט האָט זי אויס מיר געמאַכט אַ נפש מיט איין אויסגעווייקט פּנים׳ל, מיט העזות און פאַסטעמקעליך, וואָס האָבען געהאַט דעם זיבעטען חן. וואָלט איך ווי אַנדערע זיך געוועזען אַוועקגעוואַלגערט יאָהרענלאַנג דאָרט, איז גאַנץ זיכער, אַז זי וואָלט אויס מיר געמאַכט אַ לייט, טאַקי וואָס לייט הייסט, לכל־הפחות נישט ערגער פון יענע אַלע אונזערע שעהנע לייט וואָס זענען איהר אַרבייט, איהר מלאכה. נאָר אָמנם חטאתי! מיך געשטערט דרינען האָט זעהר פיעל דער יצר־הרע. ער אין דער געשטאַלט פונ׳ם קעלביל און פון דער יפת־תואר — די נאַטור די שעהנע, ער האָט עס מיר פערדרעהט דעם קאָפּ, נישט לאָזענדיג מיך ווערען אַ כלי־שלמה. אָנקוקענדיג פאַר מיר די קלויזניקעס, די ישיבה־בחורים האָט זיך מיר געדאַכט — קעלביל. פלעגט איינער. ווי דער שטייגער איז, זיך קראַטצען — אָט אַזוי האָט זיך געקראַטצט דאָס קעלביל. פלעגט איינער אַ האַרב שטיקעל עפּעס אין דעם לערנען אַ מאָל־צעהן איבער־קייען — אָט אַזוי האָט געקייעט, גע׳מעלה־גרה׳ט דאָס קעלביל. האָט איינעם, ווי געוועהנטליך, „געפעהלט אַ טאָג“ און נישטאָ וואָס צוקייען, ער האָט געהונגערט, געלעכצט נעביך נאָך אַ שטיקעל ברויט — אָט אַזוי האָט די ערשטע צייט געהונגערט, געלכצט נאָך דער ברוסט דאָס קעלביל. הכלל, איטליכע תנועה זייערע האָט דערמאָהנט קעלביל. אומעטום איז פאַר די אויגען מיינע געשטאַנען דאָס קעלביל. און וואַלגערענדיג זיך אין דער ישיבה, גלייך אַנדערע דאָרט, אַמאָל אויף אַ האַרטער באַנק, אַמאָל אויף דער ערד, אַ קולאַק צוקאָפּענס, עס שטינקט מחילה ,וואַנצען, פליי בייסען — אָט דענסטמאָל גראָד, הערט אַ מעשה, פלעגט זיך מיר עפּענען אין די געדאַנקען וואונדער־שעהנע פּאַנאַראַמעס: בוימער, תבואות, בלומען, בערגליך, טהאָלען, אַ גילדענע זון און אַ ריינער בלויער הימעל, אין קאָפּ שפּילט מיר אַ ציזיג, אין די אויערען זוזשעט מיר אַ זשוקיל, אין נאָז פאַרגעהען מיר ריחות — דאַכט זיך בשמים... צוקאָפּענס, דאַכט זיך מיר, פון מאָך אַ קישעלע און עס קריכען אויף מור, דאַכט זיך משה־רבינו׳ס פערדעליך. עס ציעהט מיך, ציעהט ביי דער נשמה אַלץ אַהין, אַהין... נו, אַ יצר־הרע! — —

און אמאָל פלעגט עס מיר טהון אַ טראַג — אויף, עס פלעגט דערוועקען זיך אין מיר הייסע געפיהלען, עס האָט געקאָכט געוויינט אין מיר דאָס הארץ אויף מיר, אויף מיינע חברים, יודישע קינדער:

אָך, ברידער, אין דער פרעמד פערוואָגעלטע ברידער, אַז־אָך־און־וועה צו אונזערע „טעג" צו אונזערע יאָהרען! גענוג אָנגעלערענט זיך אויף דער ערד, לעבעדינערהייט זיך דאָ צובעגראָבען, שווארצען דאָס פנים, זיך לאָזען בייסען פון פליי, פון וואַנצען. אין דער־ערד זענען מ י ר, אין דער־ערד איז א ו נ ז ע ר לערנען...

נאָר מיינע חברים אַרום מיר ליגען ווי דער׳הרג׳טע. שלאָפען! — איך איינער בין וואַך, ביין, טראַכט וועגען זיי עפּעס אַ שרעק און באַלד האָב איך חרטה, ווערן שטילערהייט:

ברידערליך, זייט מיר מוחל וואָס איך בין פונע אייער כבוד מיט אַ בייזען געדאַנק, מיט אַ שלעכט וואָרט אמאָל. אַ נאָטס רחמנות נעביך אויף אייך — שלאָפט, שלאָפט געזונדערהייט!...

„מאַמע לעב! — שרייב איך אין איין שעהנעם זומער־טאָג אַ היים צווישען אַנדערע זאַכען — נעכטען איז ביי אונז געוועזען אַ סיום אויף „ביצה"! איך בעגער, נישקשה, לערנען, האָלט שוין, ברוך־השם, אויף אַ שטייגער... נאָר וואָס דען? שטאַרק אַ היים בייִנק איך, נאָך דיר, מאַמע, נאָך איטליכען (נאָכ׳ן קעלביל האָב איך מיך געשעמט זאָגען). אוי, לאָז מיך אויף אַ פּאָר טעג קומען אַ היים! עס וועט קיין הוצאות נישט קאָסטען. איך וועל געהן צופוס. נישקשה, וואָס איז? אַלע בחורים ביי אונז געהען צופוס. און נאָך וואָס פאַר אַ מין געהן — באָרפיס. מיט דעם שטעקען אין דער האַנד און דעם פעקעל אויף די פּלייצעס. אַקעגען אַ ח״י גראָשען פערמאָג איך מאַקי במזומנים, נאָך פון פורים, פאַר לייענען די מגילה דער קעכנע דאָרט, וואו איך עס שבת, און פאַר אָפּטראָגען פונ׳ם בעל־הבית משלוח־מנות צו זיין מחותן. לאָז מיך, מאַ־מעניו, אוי, איך בעט דיך!

און נישט וואַרטענדיג אויף תשובה לאָז איך מיך שפּעטער מיט עט־ליכע טעג, אַזוי ווי איך שטעה און געה, אין וועג אריין, עס פערשטעהט זיך צופוס. אויב ס׳איז נאָר געמאָהלט אויף דער וועלט גליק, און געוועזען דענסטמאָלט איין גליקליכער מענש אויף איהר, איז דער איינער געוועזען איך. עס פאָהרען דאָך סוחרים אין בוידען, פּריצים אין קאַרעטעס, אָבער

וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס פאָהרען זייערם אַקעגען דעם צופּוס געהן פון אַ ישיבה־בחור ווי איך, וואָס רייסט זיך אַרוים פון שימעל, אַ דערשטיקעניש, אויף דער פרישער לופט, פון אַ פינסטערער מרה־שחורה דאָרט אויף דער פרייער ליכטיגער וועלט; וואָס ווערט עפּעס ווי פון טוידט לעבעדיג? אַרויסגעגאַנגען בין איך גאַנץ פריה, געגאַנגען מיט זייטענוועגליך צווישען ווייץ און קאָרן דעם גאַנצען טאָג, אונטערשפּרינגענדיג פאַר פרייד, אויך אונטערזעטצענדיג זיך אַמאָל, און געקומען אַ היים בּין איך מנחה־צייט, ווען בהמות קומען צוריק פונ'ם פעלד.

מיין קעלבּיל זעה איך, איז העהע, אָהן עין־הרע, אַ קאַלבּ. עפּעס אַ גאַנצע יפהפה! צוויי בּיקליך קאַוואַלירען פיהרען זי אָפּ אַ היים אַזש בּיז צום פּליוט פונ'ם גאָרטען הינטער דער שטוּב, שרכ'נען זיך, אונטערלעקען זיך צו איהר, אַרויסווייזענדיג דרינגען גרויסע בּריה'שקייט, און הייגען זיך פשוט אויף איהר. איך בּעט מחילה די פיינע חתנים, פערטרייבּ זיי מיט אַ שטעקען און גיבּ מיך אַ שטעל דער כלה מיינער גלייך איהר אַ קעגען פנים. — שלום־עליכם, קעלבּיל! מאַך איך און וויל עס אַ גלעט טהון. עס בּויגט־אָן דעם קאָפּ, נישט אָנצוקוקען מיך, אויסשטעלענדיג מיר אַ פּאָר קליינע, שפּיטציגע הערנער, ווי געדעדט: אָהן הענד! וואָס פאַר אַ מחותן מיט מיר, מיך צוגלעטען, בּיסט־דו, פעטער? — עס פערדריסט מיך טאַקי אַבּיסעל, נאָר, נישקשה, טראַכט איך מיר, מען בּעדאַרף זיך פּריוועון נאָך אַמאָל. — מאַין־מאַין־מאַין! זאָג איך, האַלטענדיג דער יפהפה פאַר דער נאָז, אַבּיסעל פונדערווייטענס. אַ הויפּען גראָז־נאַ, הייסט עס, אַ מתנה פון מיר! זי שמעקט, סמאָרעט מיט דער נאָז, אָנקוקענדיג מיך פערוואונדערט, גלייך ווי געזאָגט: עפּעס קענטליך! דאַכט זיך דער, און פאָרט נישט דער. — האַ, נישט דערקענט? אַי־אַי! שמייכעל איך אַבּיסעל מיט תרעומות, מיט גאַל, הייסט עס. און קוקענדיג אַ ווײַלע אַזוי אויפ'ן קעלבּיל ווי שעהן, געזונד, בּעלייבּט, ווי לעבּעדיג פריש עס זעהט אויס; פערגלייכענדיג איהם אַקעגען דאָס דאַרעקווארע לייבּ מיינס, דאָס בּלייך אויסגעווייקט פּנימל מיט דער גאַנצער ישיבה־בּחור'שע געשטאַלט מיינער, מ'שטעהנס־געזאָגט, חאַפּט זיך מיר נישטווילענדיג אַרוים אַ זיפץ טיעף פונ'ם האַרצען. דאָס איז געווען אַ זיפץ אויף מיין פערוויסטע יוגענד, אַ הספד אויף מיינע פאַר דער צייט אָפּגעשניטענע יאָהרען; דאָס איז געווען אַ בּיטערע פראַגע: רבּונו־של־עולם, איז דען טאַקי דאָס דיין ווילען, אַז מען זאָל אַ מענשען נאָך קינדווייז פערשפּאַרען ווי אַ גאַנז אין שטייג נישט אָנצוקוקען דיין וועלט, אָנשטאָפּען איהם אַ מוח ווי מיר, און מאַכען אויס איהם אַזעלכען אַ שטיינער ווי

איך? — דאָס קעלביל, דערקענענדיג מיר אַ פּנים אין דעם קול, ווערט מיט מיר היימישער, שטרעקט פריינדליך אויס צו מיר דעם האַלז צום קראַטצען, ווי דער שטייגער זיינער איז געווען פריהער. עס שטעהט אַזוי עפּעס ווי געריהרט, קוקט מיט האַלב פערמאַכטע אויגען, אונטערמריקענדיג צו מיר שטיל פון דער ברוסט: המ-מ-ם! ס'איז דרינגען געלעגען אַזוינס, וואָס גאָר ניט פאַר דעם מענשענס לשון. איך האָב עס אָבער גוט געפיהלט. עס האָט אויסגעדריקט אַ געבעט: קראַטץ מיך, קראַטץ מיך דען דיינער אַ קראַטץ איז מיר בעסער ווי דאָס גרין-גראָז. אויך האָט עס אויסגעדריקט אַ פראַגע: וואו ביסט-דו דאָס פּלוצלים אַהינגעקומען? וואו האָסט-דו ביז אַהער זיך געפּיטערט און צווישען וועלכע בהמות דאָרט? און צוגלייך טאַקי אַ בעדויערען: המ-מ-ם, וואָס פאַר אַ פּנים נעביך דו האָסט!

די מאַמע מיינע האָט פון מיין פּנים דוקא גאָר אָנגעקוואָלען, אדרבה, זעהר שעהן. עס האָט איהר בעשיינפערליך בעוויזען, אַז איך בעגעהר לערנען, האָב אַ פּנים פון אַ גוט קינד, גאַנץ יודישלעך, אַ כלייכם, אַ יין איידעלם און עס ווערט אם-ירצה-השם שטאַרק טויגען צו אַ שידוך. און ווי עס האָט אויסגעזעהען האָבען זיך גע'שדכנ'ט צו מיר אַ פאָר מחותנים, זיי האָבען זיך עפּעס אַלץ געשושקעט מיט דער מאַמע, ווינקענדיג אויף מיר מיט אַ שיינענדיג מינעלע און אַ קנייטשעלע, ווי ביים קויפען אַ שטיקעל סחורה. דער קרעמער אַלץ: פּישש! און די קונים — בע! פאַר מיר איז דאָס געווען, עס פערשטעהט זיך, אַ סוד. עפּעס אַ קעלביל איז דען אַ בחור'ל, צו-וויסען פון אַזעלכע זאַכען? — עס וואָלט געווען באמת גאָר אַ פּלא, אַז איך מיט דעם קעלביל ביידע וועלען מיר אין איין צייט זיך פאַר'קנס'ען! נאָר אַ פּנים מיר איז נישט בעשעהרט געווען און פונ'ם גאַנצען עסק האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

דער יצר-הרע אָבער שלאָפט נישט, איז ווי פריהער צוגעשטאַנען צו מיר, נישט אַנדערש איך זאָל מיך מטריח זיין צו א י ה ר — איהר פערשטעהט, אויף דעם פרייען פעלד דאָרט צו א י ה ר, צו דער נאַטור הייסט עס, אונטער איין אויסרייד, צוליעב דיין געזונד טאַקי, פון דיין טובה און דיין הנאָה וועגען, נאַרעלע. גע'פּועל'ט ביי מיר דאָס, גיט ער מיר אַ טאַפּ, כלומר'שט גלאַט אַזוי זיך, הינטען-אַרום. מכוח מיין חכמה, מיין געלערענטקייט, מיין בעשעפטיגונג און דעם תכלית מיינעם פון די אַלע זאַכען, און ביי איטליכען טאַפּ פערקרימט ער זיך מיט אַ שטעכענדיג געלעכטעריל, עפּעס ווי איך בין אַ פרא-אָדם, אַ ווילדע בריאה,

נישט פון דעם עולם, מ'שטעהנס־געזאָגט. קורץ עס קומט דערצו, אַזוי וויים, אַז ער צוטרענצעלט מיר די ישיבה, דאָס, יענעס, האַק און פּאַק — אַזוי און אַזוי: דו ביסט אַ... בהמה! מיינסט־דו אפשר? חלילה. אַ בהמה איז זיך אַ בהמה, ווי גאָט האָט זי בעשאַפען, לעבט נאָך זיינע געבאָט, אָהן שפּיטצליך, אָהן רדעהדליך. אַ מענש, אַ נאַר אָבער זוכט זיך אויס זאַכען אַזעלכע, כּדי צו זיין נישט אַזוי ווי גאָט האָט איהם בעשאַפען. דאָס לעבען זיינס פיהרט זיך נאָך זיין אייגענע אויפטהועכטסען, פון איהם געמאַכטע, אָנגעמאַכטע זאַכענישען. — אַ נאַרישער מענש, אָט וואָס דו ביסט, תכשיט מיינער!...

נאָר, עט, דברים בטלים! די נויטה ברעכט אייזען, אַיין אַייזערנעם יצר־הרע אויך אפילו. בלייבען ביי דער אָרימער מאַמע, אַ וויסטע אַלמנה מיט יתומים, איז געווען ריין אונמעגליך. איך געזעגען מיך מיט מיינע אַלע ליעבסטע, זאָג אַ זיי־געזונד די שעהנע פעלדער, די גרינע וועלדער, וואו איך האָב געשפּאַצירט, און לאָז מיך אַוועק צופוס ווייטער אַהין, אין דער ישיבה.

אַ ביטער יאָהר, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט, האָב איך געהאַט דאָס מאָל אין דער ישיבה, פיעל ערגער נאָך ווי פריהער. אַ יאָהר אָהן „טעג“ — עס האָט מיר געפעהלט טעג צום עסען, און איך האָב געליטען הונגער. צרת רבים, זאָגען די חכמים, חצי נחמה. אויף יודיש הייסט עס: די צרה פון כל־ישראל, איז אַ האַלבע טרייסט פאַר רב־ישראל. נו, הייסט עס אַ פּנים אַ גליק פאַר מיר, וואָס פיעל אַנדערע פון די אָרעמע בחורים האָבען אויך געדאַרבט, געהונגערט — איז עס פאַר מיר געווען חאָטש אַ האַלבע טרייסט. גע'פטר'ט, הייסט עס, אַ האַלבע צרה, מיט דער אנדערער העלפט איז שוין עט, נישט אַזוי קיין סכנות. אַזוי, דאכט זיך, האָט עס בעדארפט זיין, אי על פּי די חכמים אי על פּי דרך הטבע. וואָס־זשע לאָזט זיך אויס? בּוידעם! אדרבה, לא־די וואָס מיר איז שטאַרק שווער געווען איבערצוטראָגען די האַלבע צרה מיינע, אַלץ גע־מורמעלט: געוואַלד, רבונו־של־עולם, עסען! האָט מיר נאָך געקריינקט די ביטערע נויטה פון מיינע עלענדע חברים. איך בין זיך מודה, עס האָט מיך דענסטמאָל זעהר פערדראָסען אויף דער ישיבה און אויף דעם גאַנ־צען משא־ומתן דאָרט. צו־וואָס? נאָר דאָס איז געווען אין־אָנהויב, שפּעטער אָבער, אז איך בין מיט די צרות שוין געוועהנט געוואָרען, האָט מיר די אכילה שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט. עס האָט מיר אויך קנאַפּ וואָס גערירט צעריסענע שיך, הוילע פּיאַטעס, אַ קאַפּאָטע אַ שמאַטע מיט אויפ־

געריבענע עלענבויגענס. פערקעהרט, אינאיינעם מיט די חברים פלעגען מיר פון אזעלכע קליינינקייטען אמאל גאר חוזק מאכען, אפזאגען דארויף גלייכוועדטליך. ערשט שפעטער איז מיר קלאהר געווארען, וואס שטעקט אזוינס אין דער ישיבה און די גרויסע מעלה איהרע. אט וואס: די קבצנים איהרע, וואס זי לאזט ארויס, זענען פרעהליכע קבצנים; איהרע מלמדים, מקבלים, בטלנים זענען מוחל די עולם-הזה, הערען זי אין דער פיאטע. און פאר יודישע קינדער אין גלות איז דאך בעשיינפערליך טאקי א גרויס גליק!...

„מזל-טוב דיר, זוהנעניו — שרייבט מיר די מאמע נאך א לאנגע צייט שטילשווייגען — מזל-טוב אויך מיר מיט מיין בהמה!... פערשטעהסט דאך מסתמא, וואס מען מיינט בהמה? עס האט זיך געקעלבט דיין קעלביל, איז געווארען, אויף קעז און אויף פוטער, א בהמה! ס'איז שוין נימער ערגער. אין שטוב איז דא מילכיגס, אביסעל צום פערקויפען און פאר זיך אויך אביסעל. ווי דערלעב איך שוין אויך פון דיר אין-גיכען נחת, הלואי אמן, רבונו-של-עולם! זעהר א גוטע בהמה. נאר וואס דען? איך האב פון איהר צרות. זי לאזט זיך נישט מעלקען. ווארפט זיך, שרייט, בײנקט, געהט פשוט אויס נאכ'ן קעלביל. האסט-דו געהערט, א בהמה זאל נישט קענען פערגעסען דאס קעלביל! עפעס טאקי נאר ווי א מאמע א קינד, להבדיל. משוגע איז זי טאקי נאך קעלבילוויז געווען, געטויגט האסט-דו איי־נער טאקי צו איהר. גוט אויסגעל'ערענט האסט-דו זי. האסט געמעגט ווייני־גער לערנען זי און לערנען בעסער אליין. לערען, זוהנעניו, לערען, וועט אויס דיר אם-ירצה-השם ווערען א לייט. אז מען רייבט זיך, איז דא א ווערטעל, רייבט מען זיך אויס. יא, מען קען אנדערש ניט זאגען. א קעלבעלע איז דאס געווען זעהר א געראטענס, טאקי גאר אנטיק. דער קצב האט מיר דערפאר געגעבען א גוטען מקח, אויך דאס לונג-און-לעבער־ריל. פונ'ם געלד שיק איך דיר דא דורך חיה-הינדען אויף א פאר גילדען און דעם קעלבילס א שטיקעל געבראטען לעבעריל. נא, ווייס, האב אויך הנאה חאטשע פאר דיין מיה אמאל מיט דיין קעלביל! איהר ביידע זענען דאך ווי אנדערע צוויי. ווייטער שרייב איך דיר, אז...“

נאר גענוג! וואס ווייטער זי שרייבט האב איך שוין נישט געלייענט. עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען, פערדרעהט זיך מיר דער קאפ, פע, נישט גוט, אזוי אז מען האט געמוזט אפגיסען מיך מיט א גאנצען איימער וואסער. מיינע חברים שטעהען צו מיר צו, פרעגען: וואס איז פארט די מעשה? איז עמיצער פון די היימישע חס-ושלום קראנק, ארער,

די שעה זאָל נישט זיין, אפשר גאָר געשטאָרבען? און איך שווייג, האַל־טענדיג זיך ביים האַרצען. געה דערצעהל, גאָר אויף לייטישע געלעכטער, יענעם א מעשה מיט א קעלבּיל! אַז דאָס איז מיר נישט גוט פאַר רחמנות אויף אַ בהמה, מיט וועלכער מיר איז בּעשעהרט געווען, צום ערשטען מאָל אין אונזערע ביידענס יונגע יאָהרען, אָנצוקוקען גאָטס וועלט מיט איהרע פעלדער די שעהנע און צובּרייננגען דאָרט ביידע אַ שטיק צייט, די טהייערסטע אין לעבען; אַז דאָס טריפט מיר דאָס בּלוט פאַר רחמנות אויף אַ בהמה, אַ מאַמע, איין ערשטלינג, וואָס בּיינקט נאָך איהר קינד, נאָך איהר געקוילעט קינד נעבּיך!...

אַ יודיש קינד איבּערהויפּט, וואָס איננאַנצען איז עס אַ רוחניות, עס וואַרפען זיך אין איהם תמיד די אָדערליך, איהם איז דאָך געננג אַבי עפּעס אַ בּלאָז, עפּעס אַ ריהר, אַז ער זאָל זיך צושאָקלען און עס זאָל זיך איהם צושפּילען די פאַנטאַזיע גאָר אַ שרעק, אַ פשיטא־שוין ווי איך אַ גמרא־יונ־געל, איין אָרעם ישיבה־בחור׳ל אָהן „טעג״, אָהן לייב, אָהן געזונד, נאָר וואָס דאָס קעפּעלע אין איהם; וואָס שטענדיג האַלט עס אין איין פליהער־ניש, אין איין טראַכטעניש, צאַפּלעניש. געננג איבּערגענוג איז פאַר מיר געווען דער מאַמעס עטליכע ווערטער, אַז איך זאָל ווערען צוקאָכט, צורייצט; אַז די פאַנטאַזיע זאָל אַרבּייטען מעשׂים, מיך נישט לאָזען רוהען די נעכט. קוים וואָס זיך געלייגט — אַהאַ, בּרוך־הבּא! הויבּט זיך אָן די שפּיעל. עס טרעט אַרוים אויף דער סצענע דאָס אַלטע קעלבּיל, שוין אַ מאַמע, מיט דעם קינד — אַ קעלבעלע אַ בּריליאַנט. עס טשעפּעט זיך דאָס קעלבעלע, זויגט די בּרוסט, אונטערשלאָגענדיג צו־ווײלען די אייטער, דרעהענדיג דערבּיי מיט דעם ווײדעלע. די מאַמע איז גאָר איבּערגליקליך. ס׳איז איהר דאָס צודערקענען אין דעם גאַנצען בּענעהמען איהרס. ווי זי בּויגט אוים דעם קאָפּ צום קינד, לעקט עס, לעקט, שטיל אונטערמריקענ־דיג פאַר גרוים ליעבּשאַפט. איך קוק פערגאַפט אויף דער מאַמע, זי אויך אויף מיר, און ביידע פערשטעהען מיר זיך, וואָס אַזוינס אין דעם קוקען אונזערם ליגט. עס פינקעלט, שימערט אַרום־און־אַרום. אַ ליעבּליכע ווער־מע צוגיסט זיך אין די אַלע גלידער און אויפ׳ן האַרצען פיהלט זיך עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי גוט... בּאַלד טאַקי טהוט זיך עפּעס ווי אַ דרעה. עס פונקעלט אין די אויגען, אוים געשטאַלטען, אוים קאָלירען, אוים אַלס־דינג — גאָרנישט!... קיהל. אינוועניג אין מיר איז עפּעס אַ מרידה — אַי, עסען! עס דאַכט זיך מילך, אַ טעפּעל סמעטענע, קעז און אַ ריפּטעלע בּרוים מיט פּוטער. עס דאַכט זיך אויך געבּראָטענס. פלייש אַ שטיקעל, איינגעפּרעגעלט מיט שמאַלץ און ציבּעלעס. מחיה. איך חלש, האַלט עס

נישט אוים, אוי, געבּראָטענס! איך וואַרף מיך, קעהר מיך אום אויף דער אַנדערער זייט, קלינג-קלאַנג ווי מיט אַ גלעקעלע אין די אויערען — הע-הע, ווידער די שפּיעל! אַ סצענע אַ טרויערדיגע. עס רייסט זיך דאָס יונגע קעלבּעלע רייסט זיך דעם קצב פון די הענד ארוים, עס לויפט מיט אַ בּי-טער געשריי און דער קצב נאָך איהם. פּיהלענדיג זיין מלאך-המות און שטאַרק וועלענדיג לעבּען, לויפט עס אויסער זיך נעבּיך פאַר שרעק, בּער האַלט זיך עמיצען דאָרט צווישען די פאָלעס, קייכט, מעקעט, ווי עס בּעט רחמים: ראַטעוועט! יענער אָבּער טהוט עס אַ שטופּ, מאַכענדיג: „גערה! דאַרויף בּיסט-דו דאָך געבּוירען געוואָרען.״ — „אום-בּרחמנות! לאָזט זיך פּערנעהמען אַ פּערדומפּען קול ווי פון אונטער דעם פּאָרהאַנג — פּאַר אַזאַ ענטפער אַמאָל בּין איך פון׳ם אויבּערשטען מיט אַ לאַנגער שווע-רער קרייַנק בּעשטראָפט געוואָרען. ורחמיו על כל-מעשיו, נאָט בּרוך-הוא האָט רחמנות אויף אַלע זיינע בּעשעפעניש.״ דאָס קול איז טאַקי אַ קול, עס רופט, רופט — און קיינער אָבּער מאַכט זיך דאַרוים נישט. דער קצב חאַפּט דאָס שוואַך קעלבּעלע, בּינדט עס אויף אַלע פיער, עס צאַ-פּעלט, שרייט מע-מע — מאַמע הייסט עס. נאָר אומזיסט! די מאַמע איז אויפ׳ן פעלד, הערט נישט דאָס בּיטער געשריי פון איהר ליעב קינד. הערט נישט דעם קינדס געזעגענען זיך מיט איהר פאַר׳ן טוידט! דער קצב טהוט עס אַ וואָרף אויף דער ערד, קוועטשט עס גוט צו מיט דער קניע, שטרעקט איהם אוים דאָס העלזעלע, דאָס שוחט׳ל — פּליק-פּליק, בּרוך אתה . . . און חיק! —

רויט-בּלוי, אַ פּערבּלענדזעניש, אויסמישענעש אַרום-און-אַרום. איך טאַפּ מיך, וויש מיך — דאַכט זיך בּלוט, שפּריצלעך בּלוט — —

עס בּעשלאָגט מיך אַ שוויים! . . .

און זינט דענסטמאָל ווערט מיין קערפּער אַ צושטערטע, צובּראָ-כענע כּלי. אַלסדינג אין איהם טהוט זיך נישט ווי געהעריג, צווישען ווירקליכקייט און חלומות נישטאָ קיין אונטערשיעד. ס׳איז אַ דרעהעניש, אַ פּלאָנטעניש, קידער-ווידער. מיין דעה איז גאָרנישט, אוים בּעל-הבּית, הפקר אַ וועלט! עפּעס דאַכט זיך, אויף דער נאָז אַ לונג-און-לעבּער, פון׳ם געקוילעטען קעלבּיל דאָס געבּראָטענע לעבּעריל, עס פּאַטשט מיך, שטעכט מיך ווי מיט שפּילקעס. עפּעס בּרענט, בּריהעט מיך אין קער-שעניע — און עס שפּרינגען פון דאָרט אַרוים צוויי ווייסע גילדען. עס קוקען ארוים דאַכט זיך פון זיי אַ פּאָר רויטע, מיט בּלוט פערלאָפּענע אויגען — אוי, אויגען דער טאַטעס, מיין קעלבּילם אויגען! איטליכער

בליק איהרער איז מיר אַ פּייל אין האַרצען. עס רוישט, קלינגט מיר אין די אויערען אויף אַ טרויערדיג קול אַ האַרבער מוסר: תּכשיט! אַט ביסט־דו, אַט איז דיין קעלבּיל. צוויי בּעשעפּעניש אַרוּים אויף גאָטס וועלט צו לעבּען. דאָס קעלבּיל וואַקסט ווי געהעריג, ווערט אַ בּהמה, לעבּט אַצונד פּאַר זיך אי פּאַר דיין היימישען עולם. קאַרג פּאַר איהם איהר מילך, מען מעלקט זי, ציהט זי, האָט פון איהר אַ נוטצען, נעהמט נאָך בּיי איהר צו אַ שטיק פונס לעבּען, מען פערקויפט צו דער שחיטה איהר קינד. דו הערסט? זאָג נאָר דו, ווי אַזוי וואַקסט דו? — דו לעבּסט? אַז אָך־און־וועה צו אַזאַ לעבּען, אין נויטה, שמאָך, בּעטלען! קוק אָן דיין געשטאַלט, מ'שטעהנס־געזאָגט, און די געשטאַלט פון יענע, דיין גלייכען, פאַרפּינ־סטערט זענט איהר געוואָרען! — דו ניטצסט? האַ, מ י ט  ו ו אָ ס? דאָס בּעבּען דיינס — צ ו־ו ו אָ ס? אינגאַנצען טויג עס  א ו י ף  ו ו אָ ס? צאַפּעס, קיין וואָל, קיין מילך פון איך! לעבּסט נישט פאַר זיך, זעטצסט־דו זיך נאָך אָן אויף יענעמס לעבּען. די צוויי גילדען, תּכשיט. פ ו ן־ו ו א נ ע ן? דאָס איז פונ'ם געלד פאַר דיין בּהמה'ס בּידנע קעלבּיל! — דו זעהסט?... דאָס פּאַר פערזאָטענע אויגען קוקען אויף מיר מיט פער־דראָס, עס שטעכט מיך בּיז אין דער זיבּעטער ריפּ. עס וואַרפען זיך אין מיר אַלע מיינע גליעדער. עס זידט, קאָכט, רוישט אַרום מיר, עפּעס אַ גאַנצע איבּערקעהרעניש. אוים  א י ך! וואָס איך? ווען איך? וואו איך? — עס מעקעט, מוקעט. עס שפּרינגט אַ נאַקעט אָפּגעשונדען קעלבּיל, בּיים מויל נאָר אַ סימן פעלביל ווי וואָנצעס. עס שוועבּען אַ פּאָר רויטע, פערוויינטע אויגען, עס דרעהען זיך אַרום, מיני בּעשעפּענישען, בּחורים־בּטלנים, מיני געשטאַלטען, פאַרזעהענישען. עס פּייפען נעזער, חאָרחלען העלזער, עס חראָפּעט, קייכט, הוסט, אַ שרעק!

אי דער קאָפּ, עס שפּאַלט זיך מיר דער קאָפּ!

אין דעם טאָג, וואָס מען האָט מיך בּעדאַרפט אָפּפיהרען אין בּיקור־חולים, איז מיר אָנגעקומען פון דער היים אַ מוסר און אַ קלאָג: זעה, זוה־נעניו, זיי אַ מענש! נאָר אויף דער ישיבה אַליין, אויף דעם לערנען דיינעם דאַרט האָסט־דו אַצונד צורופען, ווייטער נישט אויף קיינעם. וויסט איז דער מאַמען, זיך אויסגעלאָזט סאַנצעלאָמעס די אַלע פּרנסות. דאָס איינציגע אָנהאַלטעניש אויך פערזינדיגט —

נע'פּגר'ט די בּהמה!



# אויף אסיפות.

—איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עט, אז וויא דיא מעשה איז, אזוי אָדער אזוי, לאָז מען שמועסען אזוי אָדער ווידער פארקעהרט, איז אלץ גאָר נישט. דער שפּיץ איז, זאָג איך אייך, בע, נישטאָ ביי וואָס אָנצינעהמען.

— ריינע דבורים, רב יודעל! לאָז מען הערען ווערטער. ביי אייך, האָט קיין פאראיבעל נישט, איז אלץ עפּיס אין דער זייט, פּאַפּעריק, מעשה ליטוואַק, מחילה, אלץ „אקעגען דעם זאָג איך עס, אקעגען דעם זאָג איך עס". און וואָס? גנעה, שטויס זיך אָן. גנעה, זיי א נביא, טרעף וואָס „כלומר" איז דער טייטש. אי פּע, כ'לעבען, האָט קיין פאראיבעל נישט, רב יודעל!

— טאַקי באמת טאַקי, רב יודעל, האָט קיין פאראיבעל נישט, רב יודעל! חסקיל אונזערער איז אפילו א שטיקעל דאָס... אויף חסידעש הייסט עס פּשוט „שיינגעץ", נאָר גערעכט איז ער דאָך פאָרט. נאָך א מאָל: מיר, יודען, נעהמען זיך דאָ צונויף װעגען אזא וויכטיגען ענין, וועגען כלל ישראל, וויא ראַטעוועט מען זיך און דאָס ביסעל יודישקייט, וואָס שטעהט אזוי שמאָל. איטליכער פון אונז דאָ לאָזט זיך הערען מיט זיינס א וואָרט, מיט איין עצה, מיט א סברא, וויא ווייט מעגליך, און אז עס קומט צו אייך; שאַ! לאָז מען הערען, וואָס זאָגט עפּיס רב יודעל. זאָגט רב יודעל... וואָס? הא, פאָרט וואָס? מען חלש'ט דאָך הערען רב יודעלס א וואָרט.

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען — יודישע קינדער זאָלען חלש'ן הערען א וואָרט! ריידען, מהיכא תיתי, ס'איז ביי זיי עפּיס אזא מין חולשה אזוינע... איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, אז ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָגען. „לאָז מען הערען, זאָגט איהר, וואָס זאָגט רב יודעל"? — א קאַטאַוועס עפּיס! לאָמיר זיך נישט נארען, מיינע ליעבע יודען, אי זענט איהר קלוגעטשקע, אי זענט איהר דורכגעטריבענע, וואָס מאַכט ביי אייך אויס אזוינער וויא רב יודעל; משטיינס־געזאָגט, דער גאַנצער יודעל!...

— סטייטש, סטייטש, רב יודעל! נאט איז מיט אייך, איהר זאלט אזוינס זאגט, רב יודעל!

— נו, וועל איך נישט זאגען... און מען פארשפארט עס טאקי צו זאגען. אין גאנצען מיט אייערע גיינג, מיט אייער בענעהמען זאגט איהר עס טאקי אליין. אייער פארררייסען דיא נאז, אייער קוקעלע, עפיס אזוי, פון אויבען אראב, אייער נישט דערהערענדיג זיך כלומרשט בשעת מען רעדט, אייער נישט וויסענדיג זיך מאכען, נישט צו־דערקענען זיך געבענדיג א מאל, שטייף, שטייף האלטענדיג דיא האנד אין דער קעשענע — דאס אלסדינג, האט קיין פאר־איבעל נישט, זאגט, ניש־קשה, זאגט און זאגט. איך זאג עס אקעגען דעם, פאר־שטעהט איהר מיך, זאג איך עס, אז...

— נאט אייך נאר פלוצלים. מאווע־מאווע מאקע!... נוט מארגען, נעלע, רעמיך טראג איך.

— ווער בענומען חאסקיל! ווערט נישט אויפהערען מיט דיינע שטיקלעך? נעה דיר, געה צו אלדע גוטע יאהר! — אמת טאקי, רב יודעל, חאסקיל אונזערער איז אפילו א שטיקעל דאס... א שיינעץ הייסט עס אויף חסידיש, אלעס איינס, וואס א ברענענדיגער חסיד, א מזיק, א ספירט, נאר גערעכט אבער איז ער דאך פארט. א פרעג א ביסעל: ווענען וואס? ! סטייטש מי רעדט, רעדט אזא לאנגע נאכט. עס האט גערעדט רב איציק יענקיל, זאל געזונד זיין; רב ישראל חיים, זאל לעבען; רב הירש ליב; רב ליב הירש, נאך און נאך. מען האט גערעדט, געזאגט, געשריגען הידד! סטייטש, נישט געהערט? !

— הערען האב איך געהרט אז מען רעדט, נאר ווענען וואס, בין איך זיך מודה, ווייס איך נישט. גאנץ פשוט, רב איציק יענקל'ן האט פארשלאגען דיא רייד, רב ישראל חיים, רב ישראל חיים'לען האט פערהאלטען רב הירש ליב, רב הירש ליב'ן האט פערהאלטען רב ליב הירש און אזוי ווייטער, ווייטער. עפיס א גאנצער חד־גדיא פארשלאגעניש, אבשלאגעניש, אוועקשלאַ־געניש ביז אנגסטענבעשלאגעניש, האט מיר קיין פאראיבעל נים. איך זאג עס אקעגען דעם זאג איך עס, אז מחמת דעם פארשלאגעניש טרעפט זיך עס א מאל ביי יודען, אז מען זאל נישט וויסען וואס יענער זאגט, יא, מען זאל נישט וויסען אפילו אליין וואס מען זאגט. ביי יודען מיט גמרא־קעפליך, וואס דער עיקר איז ביי זיי „סלסלה" דאס גרייזלעניש דאס דרעהעלע דאס פאר־דרעהעלע און אויסדרעהעלע מאכט זיך עס א מאל, אז מען פארקריכט אין טיעפע חקירות עפיס נאר ניט צו דער זאך, פארפלאנטעט זיך, פארפליהט העט העט אזוי, אז עס כאפט אזש אן א שווינדעל, נישט צום פארשטעהען! — נאך א מאל, זאג איך, האט מיר קיין פאראיבעל נישט.

— אויף אייך, רב יודעל, פאראיבעל האָבען, חלילה! מעגליך, ס'איז אייך נישט אריין אין קאָפּ, ווייל אייך איז דער קאָפּ פארשלאָגען אצינד. א קאטאָוועס עפּיס זענט איהר ביי אייך דאָרט אין שטאָדט דעם היינטיגען נאָך פסח אויסגעשטאַנען, רב יודעל! דערצעהלט כאָטש עפּיס, איהר מיט אייער מויל, רב יודעל, וואָס איז אזוינס געשעהן. הא, וואָס?

— צרות! מיינע ליעבע יודען. איך זאָג אקעגען דעם זאָג איך עס, אז ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָגען. נעהמט אונזערע „קינות", אונזערע יענע טרויעריגע „סליחות", דיא אַלע מעשיות און מעשטיינס־געזאַגט אונזערע „געשיכטעס" פון גאַנץ אַלטע צייטען, פון אַלטע, פון מיטעלע און ווייטערדיגע צייטען וועט איהר אייך האָבען סך־הכל דאָס אייגענע וואָס היינט ביי אונז. דיא אייגענע צרות, דיא אייגענע פּורעניות, דיא אייגענע געברענטע־געבראָטענע לייד, צר־וואָס זיי איבעררעכנען, איבערזאָגען? א חשק א ביסעל אויפרעקען דאָס צוקאָטעוועטע לייב, מחילה, און ארויסשטעלען דער וועלט — נאָט, קוקט דיא וואונדען! וואָס איז, א כבוד א גרויסער איז עס, א שיינקייט, א פארגניגען?...

מען מוז דאָך טאקע עפּיס טהון, רב יודעל, זיך ראַטעווען. און גיכער טאקע, און איטליכער טאקע, אָהן א שום אונטערשייד.

— אָט דאָס איז טאקע דיא גרעסטע צרה, וואָס גיכער און איטליכער אָהן אונטערשייד. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, ברידער, וואָס איך אליין, נישט פאר אייך געדאכט, האָב ערשט נימש לאַנג דערפון מיאוס געליטען. בדיל־הדל בין איך געוואָרען צוליעב דיא שיינע ראַטונקעס. איך זאָג עס אקעגען דעם, אז דאָס היטצען זיך, דאָס פּילדערען איז נישט אויף גוטס. פון היטצען זיך און פּילדערען איז נאָך נישט געדרונגען, אז מען איז פארטיג טאקע אין־דרעכטען־אמת צו טהון. פון אָנגעצונדענע פייערווערק האָט מען נאָר רויך און טשאַד. אוי, ברידער, ס'איז א וועהטיג צו דערצעהלען, אזוי האָב איך געליטען.

— מען דאַרף איהם ריידעוודיג מאכען דורך דעם „וויענער געטריינקעל".

— ווייז, מיינסט־דו, חאַסקיל? שוועריך, ווייין טרינקט נישט רב יודעל.

— א טפּש ביסט־דו, נימפּעל. אבער קידוש מאכט רב יודעל? נו, וועט ער מאכען קידוש. וואָס מאכט עס דען אויס, קידוש הייסט דען נישט געטרונקען? פּאַרקעהרט, נאָך א רוב כוס, א כוס פון א רביעית. עס וועט איהם זיך עפנען דאָס מויל, ניש־קשה. אי, וועט ער ריידען! איך קען בעסער רב יודלען, דו טפּש איינער, ביי איהם איז קיין זאַך נישט מיט א מאָס. שווייגט

ער איז געשווינגען, רערט ער איז גערערט, אָהן איין אויפהער. — רב מענדיל, אָ, רב מענדיל! רופט זיך אָב, טויב זענט איהר היינט צו וואָס? מען אָזל עס הערען פון אייך היינט א וואָרט. עפּיס נאָר וויא געמאכט א האסלע אינאיינעם מיט רב יודלען, אז אלע מעגען זיך ריידען צוזעצטערהייט און זיי זאָלען שווייגען.

— יא, חאָסקילע מיינער, טאקי אזוי: שווייגען ווען אלע ריידען, נאָר אָבער ריידען ווען אלע שווייגען.

— נו, ריהרט זיך־זשע, רב מענדיל. נעהמט א כוס און מאכט לחיים צו רב יודלען, פאר'כוס'עט איהם אזוי, אז ער זאָל ווערען לעבעדיג און ריידען. עס וועט שוין זיין שטיל, אלע וועלען שווייגען, ניש־קשה.

דאָס „כרמל־נעטריינקעל" איז הפּנים א גוט מיטעל, וויא איך הייס גימפּעל! איהר זעהט, עולם, וויא רב יודעל איז איצט בגילופין, לעבעדיג, אויפגערייטט. ער איז קאפּאבעל „אדם יסודו מעפר" אפילו אָבצושפּיעלען, וויא איין אָרעסער שניידער, מיט א מארש. צו איהם טוינ טאקי איין רב מענדיל. שא עולם, אָט עפענט רב יודעל א מויל און הויבט אָן צו דערצעהלען.

שא, שא, שא!

— דאָס גאנצע ביסעל גוטס מיינס האָט אין דעם קאסטען זיך געפונען, א קאסטען איין אלטפעטערישער, בירושה פונ'ם עלטערזיידען, אין שטוב האָט זיך געפונען נאָך אזעלכעס, וואָס ווערט געברויכט אין דעם בעל־הבתישקיים, וואָס איז נייטיג אין לעבען אריין. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, אז פאר א יודען בלייבט איין מיטעל — דיא תבה, ער מוז שטענדיג זיין גרייט, געפּאקט אין דער תבה מאלע וואָס עס קען זיך מאכען: א בייזע מהומה, איין איבערפאלעניש, איין אָנשיקעניש, א כאַפּעניש־לאַפּעניש, צעשטערעניש, בעהיט זאָל מען ווערען. דיא אלע אנדערע זאכען, וואָס זענען א חוץ דער תבה — איז פו! איך זאָג עס אקעגען דעם וויא נארעש, שטארק נארעש ס'איז אויסברייטגען זיך, ציהען פון זיך דיא קליי, פארקויפען זיך, אוועקגעבען דיא נשמה, א שטיק געזונד, וואָס איז? כדי ארויסשטעלען זיך פאר דער וועלט מיט דעם פוטץ, מיט דער פּאָמפּע — נאָט, קוקט וואָס ביי מיר געפינט זיך! דיא שעה זאָל נישט זיין, איין בלאָז פון ערגיץ, פון דיא, פון יענע, ווערט דערפון אין גאנצען א שפּה. ביז וואנען דו וועסט זיך בעטראכטען, זיך צונויפנעהמען ווערט פון דיר תל. אריין, זאָג איך, אריין, יוד, האק און פּאַק אין דער תבה! פארשלים זיא, שטעל איהר אונטער רעדליך, אין א נויטפאל זאָל זיא געהן וויא א פּוטער. און דו אליין זיי א העזעלע, גוט צוהאָרכענדיג זיך, סיי ביים וואכען סיי ביים שלאָפען, מיט אויפגעשטעלטע אויערליך, קוים עפּיס א פּייף: טרו—טו—טו! באפּ וויא מען זאָגט, „סקרינקע—פּעריגע",

דיא פיס אויף דיא פלייצעס — און ויברח: אויף א בוידעם, אין א קעלער און וואו ס'איז ערגיץ עפּיס א לאָך, וואָס דער שומר ישראל, „דער וואָס טהוט אָבהיטען זיין פאָלק ישראל" שיקט דיר צו. אָט אויף אזא אופן, זאָג איך עס, קען דער יוד נאָך האָבען א קיום. לאָז זיך אייך דאכטען לופט, ער איז למשל לופט אין איין אָנגעבלאָזענעם פּאַפּירעל, גיט מען איהם א קוועטש דאָ, איז ער דאָרט, א קוועטש דאָרט, איז ער דאָ. אפשר ווילט איהר, איז ער א קוועק־זילבער, ד אָ וו או ס'א י ז ק א ל ט, זינקט ער, פאַלט ער אראָב. א ר אָ ב. און דאָרט, ווא ו ס'א י ז ו וא ר ע ם, איז ער געהויבען, שטייגט ער ארויף, ארויף. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, וויא מען בעדאַרף זיין תמיד גרייט בארעכענט, נישט געכאַפּט, נישט געיאָגט וויא דער שטיינער איז בשעת א צרה גאָר אומגעריכט. מילא, הערט־זשע ברידער, בשעת דעם איבערפאַלעניש היינטיגס יאהר, נישט־דאָ־געדאכט, איז מיר אָבגעגאָלטען, אָבגעלאָפען מיט חסד. אימליכער ביי אונז איז געווען פאַרנומען מיט זיך. דער משחית איז נישט איבערגעשפּרונגען קיין איין יודיש הויז. נישט וואַרטענדיג אויף כבוד ביז ער, דער משחית הייסט עס, וועט קומען צו מיר, לאָז איך דעם קאַסטען א פאַהר־טהון אויף דיא רעדליך, שטופּ, שטופּ דיא תבה פאַר מיר, דאָס ווייב מיט דיא קינדער הינטער מיר, און מיר שטופּען זיך מיט דעם אויבערשטענס הילף אריין אין קעלער — א מערת המכפלה אזוינע, דאָס הייסט א לאָך אין א לאָך, וואָס חוץ א יודען וועט קיין בן־אדם פון יענע לייט נישט זוכה זיין א פוס אהין אריינצושטעלען. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, אז א קאָפּ אויף דורכשטופּען זיך אין דער וועלט, אָנשפּאַרען אין אלע לעכער, האָט נאָר טאַקי א יוד, ער איז מששת ימי בראשית בעשאַפען געוואָרען טאַקי צו זיין אין גלות.

— קיין קאָנטראַקט פון דעסטוועגען מיט דעם רבונו של עולם, אז מען זאָל מחויב זיין אין גלות, האָט דער יוד נישט געמאכט. נענוג, איבערגענוג! לאָז זיך דער רבונו של עולם זוכען אנדערע אויף גלות אָבריכטען אנשטאַט דעם יודען זיינעם. דער יוד וועט זיי מוחל זיין דעם שאַרפען קאָפּ מיט דיא אַלע שפּיצלעך, אַלע אָבשניצליך און אויבער־הסברות זיינע, וועלכע מען דאַרף צום גלות נייטיג האָבען. אי וואָס, וואָס וועלען טהון יודען אָהן גלות? פאַר וועמען וועלען זיי זינגען „מה יפית", ביי וועמען וועלען זיי זיין תקיפים און וועמען וועלען זיי אין אויער איינריימען — דאָס וועט מען צייט האָבען צו בעטראַכטען אם ירצה השם שפּעטער, דערווייל לאָמיר נעהמען צו־ביסליך „כרמל". מאכט ברכה, רב יודעל! אָט אזוי, אזוי, א רוב כוס, וויא על פּי דין. אצינד פאַהרט, זייט מוחל, ווייטער, רב יודעל! שטעהט, הייסט עס, דיא תבה אין לאָך.

—שטעהען מיר, הייסט עס, אין לאָך, זאָג איך אייך, אזוי לאַנג אזוי ברייט ביז ס'איז שוין אָהן סכנות, מען מעג שוין א קוק טהון אויף דער ליכטיגער

וועלט. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס „דיא ליכטיגע וועלט“ וויא פאַר וועמען. פאַר אנדערע איז זיא ליכטיג, פאַר אונז איז דאָס איינענע וואָס דער לאָך. דיא זון שיינט, נישט אָבער פאַר אונז, דיא לבנה לויכט פאַר יענע, וואָס שפּאַצירען ארום מיט זייערע ליעבע אין דיא פרייע ערטער, פאַר אונז איז זיא דאָ נאָר דארויף, זיא מקדש צו זיין, נישט מעהר. פון בוימער, פון בלומען, פון רויזען האָבען מיר נאָר גרינע ציבעלעס, פון שפּיעלפּיינעלעך — גרילען; א שפּור פון׳ם זומער אין שטוב — פליגען און פלעה — כחול הים. ברוך השם איבערגעקומען, אוים לאָך און וויעדער אין שטוב, וויעדער א בעל הבית וויא געוועז, שא, רוהיג, שטיל, נישט מעהר וואָס דער קאָפּ דאַרט וועגען דער פרנסה, וואָס דאָס הארץ טיאַקקעט פון א מינדסטען שאָרך. אָט אזוי האָט זיך עס געלעבט, נישט צו פארזינדיגען, גאַנץ געוועהנטליך, וויא דער שטייגער איז. בעדאַרף, מעשה שטן, זיך פון דער העלער הוים מאַכען א שרפה, עס נעצט א שרעק. און וואו נעצט? נישט ווייט פון מיר, אין מיין געסיל. איך אליין האָב מיך גראד ארומגעדרעהט אין מארק, דערהערט: עס נעצט, לויף איך דאָך מסתמא נאָר אין איין אָטהעם און פאַל פון דיא פּיס לויפענדיג. ביז גאָט האָט מיך געבראַכט אהיים, איז מיר שיער דיא נשמה נישט ארוים. הע־הע, וואָס עס טהוט זיך! דיא שטוב מיינע איז בעפאלען, נישט פון שלעק, משחיתים, חלילה, נאָר פון יודען, גוטע ברידער, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפען פאַר רחמנות צו ראַטעווען, און וואָס טהוען זיי? זיי געוואַלדעווען, שטרעקען הענט, טייטען מיט דיא פינגער, אלע אין איין קול: געוואַלד, ראַטעוועט! פאַר גרוים איילעניש און אימפּעט כאַפּט מען, דער א לאָקשענברעטיל, א ווייקשעפּטיל, א טשאָלענט־טעפּיל, יענער א ריבאייזען, א פלעקיל, א מילכדיג־לעפעל און יאָגען זיך האַסטיג, העגדום־פּענדום, מיט דער דאָזיגער סחורה גלייך וויא מיט עפּיס רעכטס, מיינענדיג, זיי ראַטעווען, ארבייטען מעשים. — וואָס טויג מיר, שריי איך, דיא שמאָכטעס, דיא קליינינ־קייטען, נאַרעשקייטען, געוואַלד דער קאַסטען, מיין קאַסטען! דאָרט געפינט זיך מיין גאַנץ פערמעגען, מיי מיה, מיין אלץ־מיט־איינאנדער פון אזוי פיעל יאהרען. — איהר פארשטעהט, יודישע קינדער, זיי כאַפּען זיך צו אזעלכעס, וואָס אבי געזונט, אבי גאָט העלפט, מען איז א בעל הבית, קומען שוין דיא אלע דאָזינע זאַכען ממילא פון זיך אליין, גאָר אומבעמערקט. איך זאָג עס אקעגען דעם זאָג איך עס, וואָס הייסט אזוינס, אז מען איז צוטראָגען. אצינד, לאחר המעשה, לאַכען יענע אליין פון זיך, וואָס פאַר א נאַראָנים זיי זענען געוועזן, איבער וואָס זיי האָבען זיך אזוי געהיצט, אָנמאַכענדיג א טאַראַראַם, א רעש, א נעפּילדער, אליין גאָר נישט געטהאָן און אנדערע נאָך אין זייער ארבייט געשטערט. איינער האָט אָנגעהויבען, נעפיהרט דאָס רעדיל, און דיא איבעריגע שוטים נאָך איהם. — צום קאַסטען איז שווער צוצוקומען, יודען

באַברען זיך, שטופּען זיך אַרום איהם, וואָס זיי ווילען, איז נישט צו פערשטעהן. איך דערשטופּ מיך פאַרט צום קאַסטען, טהו איהם אַ שטופּ — ער ריהרט זיך נישט וויא אַ שטיין, שטופּ איהם און שטופּ — נישט פון'ם אָרט. איך טהו אַ קוק — אַ־אַ, נישטאָ דיא רעדליך! יודען אין כאַפּעניש, שטופּעניש, האָבען צעבראָכען דיא רעדליך. רוקען אַזאַ משא איז שווער וויא אַ מויער צו ריהרען. דאָס פייער דערוויל שווייגט נישט, עס קומט צו נעהענטער, פונקען פליהען, דער הימעל רויט און זיילען רויך טראָגען זיך הויך אין דער לופט, יודען זענען צודולט, ווארפען זיך אהין אהער להבדיל וויא דיא פאַר'סם'טע מייז, פּלאָנטען זיך איינער דעם אַנדערען פאַר דיא פיס — און הילף, נישט אויף קיין האָר. כאַפּ איך, טהו אַ שטעק דעם שליסעל אין שלאָס אַרויין, כאַטש איינציגוויז מציל זיין פון'ם קאַסטען מיינע זאַכען. אָבער נאַר־וואָס איך וויל טהון אַ דרעה, טהוען זיך אַ לאָז צום שלאָס הענד, דער אַ דרעה, יענער אַ דרעה, נישט צו וויסען אין וועלכער זייט, אהער אָדער אהין, גלאַט אַ דרעה אין דער וועלט אַריין, אבי געדרעהט, איטליכער מיינט, אז ער קען העלפען מיט זיין דרעה. קיין נוטס, זעה איך אַרויס, קען פון דיא דרעהענישען נישט אַרויסקומען, מען טאָר אַזוי נישט לאָזען. נו אז מיינער נעהמט זיך צונויף מיט אַלע קרעפטען, כאַפּט זיך צום שלאָס, וויל דרעהרען — עס געהט נישט, איך גיב אַ קוק, שלעכט! און טהו אַ היק אויף דעם עולם, אָבער וואָס אַ היק הגדול והנורא: אַט זעהט, יודען, וואָס איהר האָט מיט אייער איילעניש, כאַפּעניש אָנגעמאַכט — דער שלאָס וויל זיך נים עפענען! עס פעהלט דערצו איין קליינינקייט, עס פעהלט — דאָס הערצעל! צעבראָכען אינעווייניג איז דאָס הערצעל, אָהן אַ הערצעל וועט אייך נישט העלפען קיין שום חכמות, אַלע אייערע דרעהעניעשן... און באַלד מאַקי טרעט צו דאָס פייער, עס קנאַקען דעכער, עס קראַכען פענסטער, שויבען פּלאַטצען, פייערדיגע צונגען, מלאכי־חבלה'ס רייסען זיך אַריין אין הויז גאַנץ פריי, ברעכען, צערשטערען אומבע'רחמנות. מיינע יודען טהוען זיך אַ כאַפּ־אויף וויא פון'ם שלאָף, רוקען זיך אָב ווייט און בלייבען פאַרגאַפּט.

**אוי, מיין קאַסטען! — — —**

# פריה מארגען אין גלופסק.

— איינגעזונקען זאָל עס נאָר ווערען אָט דאָס פערשאָלטענע גלופּסק! טאָג וויא נאכט איז הו־האַ; קלינג־קלאַנג, שרפות! האין־האַץ, חתונות! אוי — געוואַלד, גנבים!... נישט איין מינוט מנוחה, נאָר דול צו ווערען!

אָט דיא ווערטער האָט רפאל אויסגעשריגען נישט מיט זיין קול, אויפכאַפּענדיג זיך דערשראָקען וויא א פערדולטער, באלד טאקי וויא ער איז א ביסעל איינגעדרעמעלט נאָך א נאכט אין צרות, אין טראַכטען וועגען שטילע וועהטינגען, וואָס האָבען זיך געלאָזט פיהלען אין זיינע געשעפטען...

צו דיא אויערען איז איהם פון דער גאַס געקומען א שפּיעלען פון א פידעלע, א רייסען זיך פון א פלייט און א געקלאַפּעריי פון א קעסעלפּויק; דאָס גוטע נגון׳דיל, מיט וועלכען מען פיהרט געוועהנליך א היים מחותנים נאָך דער חופּה־וועטשערע.

רפאל שפּרינגט אראָב פון׳ם געלעגער, עפענט א פענסטער און שטעלט זיך ארויסקוקען אויף דער גאַס.

א פריש מאָרגען־ווינטעל האָט איהם א בלאָז געטהאָן גלייך אין פּנים אריין, איהם געגלעט, געקושט דיא באַקען, דיא אויגען, געשפּיעלט זיך מיט דיא האָר און האָט אָבגעפרישט דעם קאָפּ. אין דרויסען איז טונקעל. דער הימעל אין מזרח־זייט איז רויטליך פערפארבט; ווייטער א ביסעל שימערט אויף איהם עפּיס א בלאַסער פלעק, א סימן פון דער לבנה. ס׳איז איין אויס־טישעניש פון טאָג און נאכט. מען שפּירט, אז דיא זון איז שוין נישט ווייט. אָט־אָט קומט זיא אָן. דאָס זאָגען דיא שוועלבעליך, וואָס זענען, קוים געעפענט די איינעליך, ארויס פון דיא נעסטען און שוועבען, דרעהען זיך מיט א שירה אין דער לופט.

עס נעהמט זיך פּאַמעליכין א דאר בלייך יודעל פון יענע מיני יודלעך, וואָס וואוינען צעהן אין איין שטיבעל דאָרט ערגיץ אין א הינטער־געסיל. איף

זייער פנים ליגט תמיד א בארג מרה־שחורה און ציטערן פריי אויפצוהעבן דעם קאָפּ. אצינד געהט זיך אָט דאָס יודעל האָפּערדיג, קוממיות, אנגעטהאָן שבת׳דיג, דאָס קעפּעל פּעררים צעז, דיא הענטליך פערלייגט אהינטער און לאָזט זיך אָנטהון כבוד. דיא כלי־זמר ארביטען געשמאק אויף דיא כלים, יונגעליך אין ספּענצערס, הינטען מיט ארויסגעשטעקטע העמדליך, לויפען פאַר־אויס. א יודענע אין א יופּע, אויף איין ארבעל פערשטעקט דאָס פאַרטוך, דיא עקען פונ׳ם קאָפּענטיכעל צעלאָזט, העצקעט זיך לעבעדיג, פרעהליך.

אזוי פיהרט מען אָב אהיים מיט א מארש דורך אלע הויפּטגאַסען צוויי פיינע מחותנים. זאָל דער עולם נישט קענען שלאָפען, זאָל גאַנץ גלופּסק טאַקי וויסען !...

רפאל פערקרומט דיא נאָז. ער איז הפנים מיט דעם טאַראַראַם נישט צופריעדען. פון זיינעטוועגען וואָלט נאָר נישט געווען קיין אומגליק, אז יענע מחותנים׳לאך וואָלטען אהיים געגאַנגען אָהן א קאַפּעליע....

א קלאַפּ אין פּאָדער־חדר ברענגט רפאל׳ן ארויס פון זיינע געדאַנקען. ער האָרכט זיך צו מיט איין אויער און טראַכט ביי זיך : אָ, הערשעלע !

הערשעלע איז א קאַבצאַנסקער אָרים־בחור׳ל, א יתום, פאַר רחמנות האָט איהם רפאל אריינגענומען צו זיך אין שטוב, ער זאָל נעביך האָבען כאָטש וואו דעם קאָפּ אנידערצולייגען, דערביי זאָל ער טהון וויא ווייט מעגליך, אויף איהם האָבען השגחה, צו מאַכען איהם פאַר א שטיקעל מענש. נאָר פון דעם שטענדיגען פאַרטראַכטען־זיין אין דיא געשעפטען, האָט ער, וויא עס פיהרט זיך געוועהנליך, אין איהם גאָר פערגעסען. אצינד האָט דער דאָזיגער קלאַפּ פונ׳ם פּאָדער־חדר, וואו הערשעלע איז געשלאָפען, זיך אָבגערופען ביי איהם אין הארצען, ער האָט זיך אָן איהם דערמאָנט און האָט זיך געפיהלט שולדיג אקעגען דעם אָרימען קינד.

און וויא רפאל טראַכט אזוי וועגען הערשעלע, הערט זיך ווידער א קלאַפּ, שוין א גרעסערער, א שטאַרקערער, וויא ביים עפענען א פענסטער מיט אימפּעט. דערביי לאָזט זיך הערען הערשעלעס א געשריי גאָר אין איין אָטהעם :

— זיא !... ס׳איז זיא, זיא !...

אז רפאל איז, נישט־טויט נישט־לעבעדיג, אריין אין פּאָדער־חדר, איז שוין הערשעלע דאָרט נים געווען. ער איז דורך דעם פענסטער ארויסגעשפּרונגען ראַפּטום אויף דער גאַס. דרויסען האָט ער זיך געלאָזט יאָגען נאָך דיא מחותנים דאָרט און פערשווינדעט באַלד מיט זיי אין א געסיל.

— וואו־אהין קען ער זיך אזוי יאָגען הענדום־פּענדום, ארויסשפּרינגענדיג דאָ דורך דעם פענסטער, און אזוי פריה? — האָט רפאל ביי זיך געטראכט, ארויסקוקענדיג פון׳ם אָפענעם פענסטער אויף דער גאס, שטארק פערוואונדערט וויא הערשעלע לויפט דאָרט משוגענערווייז — ס׳איז עפּיס נישט גלאַט.

ער מאכט נישט לאנג קיין שהיות, טהוט זיך באלד אָן און לאָזט זיך אין עטליכע מינוט ארום נעהען געוואויר ווערען, וואָס עס בעטייט עפּיס אזוינס דאָרט.

פון אייביג אָן איז שוין אין גלופּסק אזוי געשטעלט: זאָל נאָר איינער זיך ריהרען ריהרט זיך מיט איהם כסדר איינער נאָך דעם אנדערן, א גאנצע עדה יודען. איין יוד אליין פאר זיך איז זעלטען צו בעקומען. יודען געהן דאָרט אויפ׳ן צעהנדליג, מנינים־ווייז אין־איינעם. יודישע נשמות קלעבען איינע אין דער אנדערער פעסט, וויא הערינג ענג צונויפגעקניפּט אין א פעסיל, שווער זיך אָבצורייסען. טהוט עפּיס איינער, טראָגט עס אונטער באלד דעם אנדערען; עפענט נאָר אימיצער דאָס מויל צום רעדען, שלאָגט איהם שוין יענער איבער; וויל גרונעם טהון א טריט, פּלאָנטעט זיך איהם גימפּעל פאר דיא פיס, און לאָז זיך איינער וועלען בעהאלטען אין א ווינקעל, וואקסט דאָרט באלד, וויא פון דער ערד ארויס, א צווייטער...

וויא רפאל האָט זיך געלאָזט געהן דאָ אויף דער גאס, זענען איהם שוין עטליכע פארשוינליך פערלאָפען דעם וועג, יאָגענדיג עפּיס נאָר אהן א נשמה, נאָך נישט רעכט אָנגעטהון. איינער אין דיא שטעק־שיך, אהן זאָקען, שטופּט־שטופּט לויפענדיג דיא האנד אין ארבעל פון דער קאפּאָטע; דער צווייטער האָט אין איילעניש צו טהון מיט דיא קנעפּליך פון דיא פלודערן, מחילה, וואָס ווילען אויף צו־להכעים גראָד נישט זיין צוגעשפּילעט; דער דריטער, נישט צו פערנינען זיך איין מינוט אויף אָבצושטעלען זיך, האלט צווישען דיא פינגער דיא נאָז נרייס, זיא אויסצושנייצען ביי דער ערשטער געלעגענהייט; דער פערטער פערטשעפּעט זיך אין גרויס יאָגעניש אין איין אנדערן יוד, ביידע פאלען און ציהען זיך נעביך אויס.

גלופּסק ריהרט זיך.

רב־יוד, רב־יוד! וואָס איז אזוינס אויף אייך דאָס לויפעניש? — שרייט א יוד פון דער־ווייטענס, אָנקומענדיג פון א זייט, און לאָזט זיך טאקי באלד אויף מיטלויפען.

— רב־יוד, רב־יוד! וואָס יאָגט איהר? — שרייט רפאל דאָ צו דעם, דאָ צו יענעם, ער ווערט שוין טאקי גוט אומרוהיג. ער בעקומט אבער נישט קיין ענטפער. מען ווייזט איהם נאָר אלץ מיט דיא הענד: אהין, אהין אין געסיל.

איינער נאַר ענטפערט קורץ און שאַרף:

— יודען לויפען, לויף איך אויך!...

ביים אריינגעהן אין געסיל שלאָגט זיך עפּיס א יודענע אָן מיט רפאל'ן. זיא איז שטאַרק צוטראָגען, פערואומערט, ברעכט דיא הענד און טענה'ט אליין צו זיך אויף א וויינענדיג־זינגענדיג קול, וויא מען בעוויינט א טויטען:

— וועה איז מיר!... א וועהטיג האָט אונז געטראָפען. וועה איז מיר!...

— וואָס איז געשעהען? — פרעגט רפאל, אויסער זיך פאר שרעק — וואָס האָט געטראָפען? ווען האָט געטראָפען?...

— איך ווייס? עפּיס לויפט מען אזוי! — ענטפערט דיא יודענע א מאַך־געבענדיג מיט דיא אקסלען, און געהט זיך ווייטער איהר וועג.

דאָס געסיל איז בעלעבט. יודען אין טלית־קטן'ס, אָהן קאַפּאָטקעס, אין יאַרמולקעס מיט פּעדערן, האלב פערשלאָפען, נאָך נישט פאַרטיגע שטעהען ביי זיך אין דיא טהירען, דיא קעפּ מיט דיא שפּיצעכדיגע בערדליך פערריסען, איין האנד איבער דיא אויגען און קוקען, קוקען. פון דיא פענסטער אויףביידע זייטען גאָס שטעקען ארויס ווייבערישע קעפּליך, אויסגעפּריעטע פּנים'ליך, ערשט פון אונטער דיא איבערבעטען, שרייען זיך איבער צווישען זיך, כאָרכלענ־דיג פון א צונעלעגערטער ברוסט. איין עולם יודען, אָהן עין־הרע, דרעהט זיך, דיא אהין, יענע שוין צוריק. ס'איז א גערעדעריי, א האנדמאכעריי, א ווערטיל־זאָגעריי, איינער ווייסט נישט פונ'ם אנדערן, איטליכער קומט מיט זיינס.

— שכורים האָבען זיך געשלאָגען. ס'איז געפלויגען פּעטש וויא האָלץ, וויא שמחת תורה אין שול צו דיא הקפות...

— א בייטעל־שניידער האָט גע'לקח'ט... האָט מען איהם געגעבען, ווי־פיעל ס'איז אין איהם אריין!

— דיא כלי־זמר האָבען זיך אין דער מיט אָבגעשטעלט, נישט געוואָלט מעהר אָבפיהרען דיא מחותנים, זיי האָבען נעביך געפאָדערט „שבת"... דיא שיינע מחותנים, עפּיס קבצנים, האָבען נישט געוואָלט געבען קיין גראָשען „שבת"!

— מען מאכט איהם שוין דאָרט, דעם שיינעם בחור, א גוטע לויה... דיא מלאכי־חבלה זענען שוין געקומען!

פון דיא אלע זאָגענישען האָט רפאל ארויסגענומען, אז דאָ מוז זיין א צרה. הערשעלע, נישט אנדערש, שטעהט אַצינד אין איין אומגליק — און

ער האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צום אנדערן עק נעסיל, דאָרט אהין וואו ס'איז געוון אַ געטומעל, אַ צונויפלויפעניש, אַ רעדיל מענשען. ער שטופּט זיך דורך צווישן דעם עולם, פליהט אין דער מיט רעדיל אריין וויא אַ באָמבע — און עס קומט איהם צו דיא אויגען אַ מיאוסע מעשה. הערשעלע צו'הרג'עט, צושלאָגען, מיט אַ בייל אויף דעם שטערין האלט פעסט ביי דיא פּאָלעס מיט ביידע הענד אַ יודענע אין אַ שבת'דיגער יופּע און אַ פּאָליציייסקי שלעפּט איהם ביים קאָלנער, דערלאַנגענדיג איהם הינטערוויילעכס אין קארק. הערשעלע טענה'ט, בעט, שווערט זיך אויף אַ ביטער געוויין,, און דיא יודענע, יענע מחותנת'טע, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געגאַנגען מיט כלי־זמר און האָט זיך נעהעצקעט דאָרט אויף דער גאַס — פלוכט, שעלט מיט אַ פּיסק אויף שרויפען, ווארפענדיג דיא הענד אין אלע זייטען.

— וואָס הייסט דאָס, הא ? ! — מאַכט רפאל שטארק צוקאָכט, אַ שטעל נעבענדיג זיך הערשעלען גלייך אקעגען.

— אי, רב־רפאל ! — מהוט הערשעלע אַ געשריי נישט מיט זיין קול, און אַ נייער קוואַל טרערען לאָזט זיך איהם פון דיא אויגען.

— וואָס הערט איהר דעם גנב ! — צולאָזט זיך דיא יודענע אויף אַ קוויטשיג קול'כען, ווענדענדיג זיך דאָ צו רפאל'ן, דאָ צום פּאָליציייסקי, דאָ צום עולם און מאָהלט אויסגעמישט האלב יודיש האלב גויש, וויא עס קומט איהר אויס צום עסק. — חאראבי יעמו, רבונו של עולם ! פון דער קעשענע ביי מיר האָט ער ארויסגעשלעפּט, ניחיי יעמו מכה טאקי וויא גרויס דאָס בייטעלע איז. יא בידנע קאָביטע, וועה איז מיר !... וואָס שווייגסט דו, שמענדריק ? — טרייבט זיא אונטער דעם מאַן, וואָס שטעהט איהר ביי דער זייט, אַ זעץ־געבענדיג איהם מיט דעם עלענבויגען — טשויעטע, ניעך טען טשעלאויטשי קאזשע... רעד שוין, דו הונד ! יאָק וויין...

— וואָס זאָגסט דו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען ! — מאַכט רייזע דיא בעל־אכסניא'טע אויף איהר שטייגער, ארייגשטופּענדיג זיך אין דער מיט צווישען עולם מיט אַ קויש אין דער האַנד, אויף איינקויפען שפּייז אין מארק — אַ שיין בחור'ל, כ'לעבען. הא, אזעלכע עסקים !...

— אוי דערבארמט אייך ! — קייכט הערשעלע, ווייזענדיג מיט אַ נעבעם אויף דער יודענע — דאָס טראַכט זיא נאָר אזוי אויס... איך האָב זיא דערקענט. לאָז זיא אָנווייזען, וואו־אהין זיא האָט פערפיהרט יענע...

— איך זאָל אָנהייבען צו פערשטעהן ! — וואונדערט זיך רפאל.

— אָט יענע, רייזעניו! יענע, וואָס איז געקומען פון מיין שטערטיל, איהר גערענקט, יענע, וואָס האָט ביי איהר אָנקומען איבערגעלאָזט ביי אייך אין דער אכסניא דיא זאכען!..

— אוי, א דונער האָט מיך נישט געטראָפען! — מאכט רייזע פערוואָרפענ־דיג מיט דעם קאָפּ — איך שטוים מיך שוין, אהא! איך פערשטעה, פערשטעה, אצינד איז שוין רעכט. דאָס איז דאָך דיא גוטע האָדיל, האָדיל דיא מעקלערין... שווייגט נישט, רב־רפאל, איהר וועט שוין שפּעטער וויסען, לאָז מען זיא נאָר דערווייל אָבפיהרען אהין אין דער פּאָליציי..

דער פּאָליצייסקי, מיט וועלכען רפאל האָט זיך איבערגעשמועסט, איז געבליבען אַ ווײלע שטעהן. ער האָט געגלאָצט מיט דיא אויגען דאָ אויף הערשעלען, דאָ אויף דער יודענע, געקוקט צו דעם, געקוקט צו יענעם און געווארט...

— אַ יושר אַ ביסעל פון יודען, טאַקי נאָר וויא סדום! — מאָהלט דיא יודענע גיך אין איין אָטהעם אין אלע כלים — קאַליא ברעשע, רבונו של עולם, וויא איך בין אַ יודישע טאָכטער, ניחיי מעני יאזיק סאכנע! לאָזען אָט זאָגען עדות... שמענדריק, אַ קריינק דיר אין דיא ביינער, וואָס שטומסט דו?... טשויעטע פּאַנע! יא סעבי אידע יאַק, וויא זאָגט מען עפּיס, יאַק מחותנת׳טע פּאַ זשידאָווסקי, באַטשיטע, אט אוו מעני לעקיך. נאַטי וואס לעקיך! אידע יא, ראבי סעבי האץ־האץ, אַ ווין, דער פיינער בחור...

— הע, אַ ביסעל אַ מאָהלען! — פּאַלד רייזע דער יודענע אין דיא רייד אריין — וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, צו איהר טאַטען? מען קען זיא נעביך גאָר נישט, ווער זיא איז.

— זייט איהם מטמא! — הערט זיך אַ קול פון צווישען עולם.

רפאל נעמט אוועק דעם פּאָליצייסקי ביי דער האַנד און באַלד טאַקי האָט מען דיא פיינע מחותנים אין איינעם מיט הערשעל׳ן אוועקגעפיהרט אין דער פּאָליציי.

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

צוויי מאָל איז שוין האָדיל׳ס עלטסטע טאָכטער ציפּע געווען אַ כלה און ביידע חתנים האָבען אָבגעלאָזט דעם שדוך, איינער נאָך דעם אנדערן, ווייל זיא האָט נעביך נישט געקענט מסלק זיין דעם נדן, וואָס זיא האָט צוגעזאָגט. דער איצטיגער דריטער חתן האָט זיך אויך איינגעשפּאַרט און האָט געוואָלט איין

עק מאכען מיט דעם שדוך, אז מען וועט איהם נישט סלוק'ן דעם גאנצען נדן, קלינגען און קלאפען טאקי עד פרוטה אחרונה. האדיל'ס אלע תחבולות האבען אקעגען דעם חתן גאר נישט געהאלפען. ער האט נישט געוואלט בעשטעהן אויף קיין שום בעווארענישען אין דער וועלט. נישט אויף א „חרם־קוויטעל“, אפילע נישט אויף א וועקסעל און אויף א „שטר חצי־זכר“, אז איבער הונדערט יאהר נאך איהר טויט זאל ער נעהמען א חלק ירושה, דיא העלפט וויא א זכר; נאר געלד מזומנים — און געלד האט האדיל נישט געהאט!

זיא פלעגט זיך ארומדרעהען ביי יענע שיינע לייט, וואס האנדלען מיט לעבדיגער סחורה. דאס איז געווען דיא איינציגע פרנסה איהרע, קוים־קוים צום לעבען. דער מאן איז געווען א לא־יצלח, געלעגען ביי איהר אונטער'ן פאנטאפעל און נישט פערדיענט א גראשען.

האדיל האט געהאט שטארק צער, אז אך און וועה איז צו איהרע יאהר, אט קען דער דרימער חתן אויף אבלאזען דעם שדוך און דיא טאכטער איהרע קען נאך חלילה בלייבען זיצען א מויד ביז אין גראען צאפ אריין. פאר גרויסע צרות פלעגט זיא אויסלאזען איהר כעס און איהר שווער ביטער געמיטה צו דעם מאן איהרען און צו זיין קאפ.. ער, טאקי נאר ער, אזא שוטה, שלים־שלימזל, איז שולדיג; נאר ער, אט אזא בהמה, אזא שוטה, אזא לעקיש! זיא האט זיך אויך נישט בעגנוגנט מיט דעם מויל, נאר זיא פלעגט איהם א מאל מכבד זיין מיט דער יד אויך. דער בעטריעבטער מאן נעביך פלעגט באין ברירה שווייגען און אלסדינג מקבל זיין באהבה. א מאל פלעגט זיא זיך גאר נעהמען אויס'טענה'ן מיט דעם רבונו של עולם אליין, איהם אויסווארפען, אז ער פיהרט נישט דאס וועלטיל זיינס מיט יושר; געלד געהט צום רייכען, עס דארט איהם נישט דער קאפ. דעם ארימאן געהט עס שלים־שלימזל, מיט דער פוטער אראב, און נאך דעסגלייכען אזוינע ווערטליך. און דענסטמאל האט זיך האדיל דיא מעקלערין שטארק פערעסען, נאר עפיס טאקי א חיה רעה, וואס דיא קינדער איהרע הונגערן, און זיא האט זיך געלאזט מיט אלע כלים, מיט כל מיני הסברות אויפ'ן „געיעג“, צו פאנגען וויא ווייט מענליך...

סוף כל סוף האט איהר דאס מזל צוגעשפיעלט. זיא האט דערטאפט איהר בעדערפעניש, אזוי וויא געוואונשען. צוויי מיידליך, שיינע, געראטענע, וואס זיינען ערשט אנגעקומען קיין נלופסק, האט זיא מיט איהרע פאלשע גענג פערשלייערט זיי אין איין חודש טאקי פאר צוויי פארשוינען פון דער גוטער חברה, וואס האנדלען מיט לעבעדיגער סחורה. דיא צוויי קונים האבען גענומען דיא ראזינע סחורה און זענען באלד מיט איהר אוועק איבער דיא גרעניץ. שרכנות־געלד האט זיא בעקומען א שיינעם, טאקי א גראב שטיקעל. אצינד, האט זיא געהאלטען ביים אויספיהרען נאך א „שדוך“ מיט א קאבצאנסקער

מיידיל, ביילע. מיט עטליכע חדשים צוריק האָט זיא זיא פערפיהרט אין איין „ארענטליך הויז" אריין און געכאפּט דערפאר א שיין פערדיענסטעל. היינט איז דאָ א בעלן אויף אָבהאנדלען זיא אוועקצופיהרען, און אז נאָט וועט העלפען, קען זיא דאָ אויך אָבלעקען א פעט ביינדעל...

ביילע האָט ביי איהר אָנקומען אין גלופּסק זיך באלד געטראָפען מיט הערשעלע, וואָס פלעגט זעהר אָפט קומען צו רייזע'ן דער בעל־אכסניא'טע, וואו דיא קאבצאנסקע פלעגן געוועהנליך פארפאהרען. דיא אָרימע קינדער,ביידע פון איין שטעדטיל, נאָהנטע שכנים דאָרט, האָבען ביים בעגעגעניש זיך שטארק דערפרייט. ביילע איז געקומען זיך שטעלען אויף איין אָרט פאר א דיענסט־מיידעל און געבראכט הערשעלע'ן פון דער היים א פּאָר אלטע אונטערגענעהטע זאָקען און א פערלאָטעט העמד. הערשעלע האָט זיא אָבגעפיהרט צו דעם פּלאַץ, וואו עס שטעהען דיא אָרימע, וואָס זוכען ערטער אויף צו דיענען. כמעט דעם גאנצען טאָג זענען זיי אָבגעשטאנען דאָרט, ביז ס'איז אונטערגעקומען עפּיס א מעקלערין, גענומען ביילע'ן, זיא צו פיהרען אויף א נגידיש אָרט און האָט זיא נאָר ערגיץ אנדערש אָבגעפיהרט... הערשעלע איז ארומגעגאנגען וויא אָהן א קאָפּ, נישט צו וויסען וואו ביילע איז אהינגעקומען. דיא זאכען האָט זיא איבערגעלאָזט אין דער אכסניא און איז נישט מעהר געקומען, נאָר וויא אין וואסער אריינגעפאלען!

האָדיל האָט אין דיא גוטע פערדיענסטליך איהרע פון דער לעצטער צייט בעשיינפּערליך געזעהן גרויסע נסים, אז נאָר זכות־אבות האָבען זיך געמיהט פאר איהר. זיא האָט אויפגעהויבען דיא אויגען מיט א לויב און א דאנק צו זיין ליעבען נאָמען, ברוך הוא וברוך שמו, פאר זיינע גרויסע חסדים. דעם נדן האָט זיא ברוך־השם גע'סילוק'ט כפי דיא תנאים, געמאכט דער כלה, נישט צו פער־זינדיגען, א שיינע גארדעראָבע, גלייך מיט אלע בעל־בתישע טעכטער; אויך האָט זיא געמאכט צו דער חתונה זיך א נייע יופּע און דעם מאן א נייע קאפּאָטע, און זוכה געווען צו פיהרען דיא טאָכטער אונטער דער חופּה. און מען האָט געטאנצט, געלעבט א גאנצע נאכט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען הערשעלע זאָל זיא נישט געווען גראד אצינד דערקענען און אָנכאפּען ביי דיא פּאָלעס מיט א געשריי, וואָלט גלופּסק פערשלאָפען דיא גרויסע שמחה און וואָלט זיך נישט צונויפגעלאָפען אָבגעבען כבוד אזא טהייערער מחותנת'טע...

# איידיל.

...איהרע חבר'טעס ביי לוי בחור אין שטוב האבען זיא געהאלטען פאר זייער עלטסטע, געהאט פאר איהר גרויס דרך ארץ און זיא גישט אנדערש גערופען וויא „דיא אפיציערקע".

איידיל איז געוועזן איהר נאמען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געשטאמט האט זיא פון עפּיס א שטעדטיל, ווייט ערגיץ אין פּולין, דיא עלטערן איהרע, אבגעקומענע בעלי־בתים, זענען געוועזן פון שיינעם שטאנד, פון דיא פארנעהמסטע אין שטעטעל, געלעבט האבען זיי ארים, מיט בערעכנונג, זיך נישט צוגעלאזט קיין וואוילטאג, דאך האט זיי דאס ארימקייט נישט ערנידריגט וויא אנדערע ארימע לייט. אין דעם הויזגעזינד האט געהערשט פריעדען, ליעבשאפט, א ברכה פון גאט, איינער דעם אנדערן איז גרייט געוועזן אוועקצוגעבען דעם לעצטען ביסען פונ'ם מויל, וואס גאט גיט אבי אין איינעם. מיט דעם האבען זיי געמעגט פיעל רייכע לייט מקנא זיין. אזעלכע, וואס בארען זיך אין מילך און פוטער, און האבען ביי זיך אין הויז א צושטערט לעבען, איינער מיט דעם אנדערן קידער־ווידער.

דיא געליעבסטע ביים גאנצען הויזגעזינד איז געוועזן איידיל, דיא עלטסטע טאכטער. אלע האבען זיא געשעצט, איהרס א ווארט איז געוועזן ביי אימליכען טהייער, און איידיל האט עס טאקי מיט רעכט פערדיענט, ס'איז געוועזן וועמען ליעב צו האבען. שיין איז זיא געוועזן, עפּיס טאקי נאר א בילד, דער רבונו של עולם, דער גרויסער מייסטער, א מאהלער איינער אין דער וועלט, האט גענומען דיא פיינסטע מאטעריאלען פון זיינע אוצרות: דאס ווייסקייט פון דיא ליליען אויף באקען, דאס רויטקייט פון קאראלען אויף ליפען, דאס בלויע פונ'ם הימעל אויף אויגען, דאס שווארצקייט פון ראבען צו דיא האר, צו דעם האט ער צוגעגעבען דעם זיבעטען טעם, חן, ליעבליכקייט און גוטקייט, איינגעמישט דאס אלדינג אין איינעם, געמאכט א מאך, און עס איז ארויס א בילדשיינע איידיל. — גוט איז זיא געוועזן אהן א גאל, א בריה נאר א'ן אנמיג.

פון איהר בריה'שקייט האט געזונגען איטליכעס ווינקעלע אין שטוב, מען האט עס ארויסגעזעהען אין דיא שיינע פריש־שמעקענדיגע בלומענטעפעלעך, אין דיא נישטיקטע זילבער־קלארע פארהעננגליך אויף דיא פענסטער, אויך אין דעם מעש און קופערוואַרג, וואס האט געשיינט, געפונקעלט, פערנומען דיא אויגען. זיא האט געגנעהט, געשטיקט, געוואשען, געטהאן אלסדינג אין דעם בעל־בתיש־קייט און פארהיט, דיא מאמע זאל זיך נישט קיין שווערען בייג געבען. אויסער־דעם האט זיא נאך מיט איהר נעהען און שטיקען פאר אנדערע צו ביסלעך פערדיענט אויך.

ויהי היום, האט זיך בעזעצט אין דעם שטעטעל א יונגער מאן, א פיינער, אנשטענדיג־לייטיש געקליידעט, מיט דעם נאמען שמעריל. געהייסען האט עס, אז ער איז פון גאנץ ווייט און האט מיט פריצים דא ארום געשעפטען. יודען פון'ם שטעטעל, ליידיג־געהער, וואס געהען ארום גאנצע טעג שלינק־און־שלאנק און האבען נישט מעהר וואס צו טהון נאר צו רעדען, שמעקען, טאפען און אבגעבען זיך מיט יענעמס געשעפטען, האבען אין דעם דאזיגען פארשוין בעקומען א ניי עסק אויף צו רעדען, ארויסצואווייזען חכמות און בויך־סברות. יעדען טאג האט מען ארויסגעלאזט וועגען איהם אנדערע מיני פאטשטען, שמעריל איז א חשוב אין דיא הויכע פענסטער, שמעריל פערמאגט קרח'ס אוצרות, שמעריל איז אמאכער ביי דיא גרעסטע פריצים, שמעריל איז נישט קיין בעווייבטער! און אויב אזוי בעדארף מען דאך נישט שוויינען. — שיינע יודען רוקען זיך צו איהם, אבשטעקען א „שלום עליכם"; מקבלים שטעלען אויף דיא הענד, צו נעהמען ביי איהם א נדבה; שדכנים לויפען וויא פער־סמ'ט, אויסזוכען פאר איהם א שידוך, שמעריל אבער איז א בחור, וואס קוקט נישט אויף געלד, נאר אויף שיינקייט, און איידיל געפעלט איהם בעסער וויא אלע מיידליך אין שטאדט. דיא שדכנים נעהמען דיא פאלעס פון דער קאפאטע אין דער האנד, דיא פיס אויף דיא פלייצעס און לויפען וויא משוגע צו איידיל'ס עלטערן און שיטען זיי אב מיט ניין מאס רייד, לויבען אין טאג אריין און זאגען, אז עס איז גאר נישטא קיין בעסערער שידוך פאר זייער טאכטער וויא שמעריל, וויא רבי שמעריל, וואס איז געלייטזעלינט מיט אלע מעלות. סטייטש שמעריל, עפיס א קאטאוועס רבי שמעריל, עפיס זאגט זיך עס אזוי גרינג שמעריל, רבי שמעריל, אז מען זאל אויסגעהן עק וועלט און זוכען מיט לעכט, וועט מען נישט געפינען זיינסגלייכען. דיא גאנצע מעשה פון אנהייב ביז צום סוף, וואס שמעריל איז דא אהער געקומען און האלט זיך דא אויף, איז עפיס נאר מאקי מעשה נסים, עס ווייזט בעשיינפערליך, אז עס איז מאקי נאר א זווג מן השמים. פערציג טאג איידער איידיל איז געבוירען געווארען, האט מען דאס שוין אויבען אין הימעל אויסגערופען. זאגען דעם רבונו של עולם רעות און שטעלען זיך אקעגען א זווג, איז א מיאוס'ע זאך, וואס פאסט נישט

פאר א יוד, און טענות מיט קשיות קענען דאָ טאַקי נאָר נישט העלפען. מען מוז זיך איבערדעם איילען, כאַפּען דיא מציאה מיטביידע הענד, כדי איין אנדערער זאָל זיא דערווייל חלילה אויסכאַפּען...

דער טאַטע איז ביי זיך אין הארצען גרייט, מהיכא־תיתי, אָך, פאַר־וואָס נישט? — נאָר מיט'ן מויל מאַכט ער: אי!... כלומר'שט וויל ער נאָך האָבען א ישוב, גלאַט אזוי פון דרך ארץ וועגען. דיא ווייעדער, א יודענע וויא אלע יודענעס, וואָס האָבען עפּיס א ברענענדיגען יצר הרע אויף חתונה מאַכען קינדער, כאַפּט זיך באַלד אָן אין דעם שרוף מיט לייב און לעבען... און איידיל איז צו מזל א כלה געוואָרען!

דער חתן האָט אפילו נישט פערלאַנגט קיין נדן, דאָך האָבען זיך די מחותנים מתחייב געווען צו געבען דער טאָכטער א נדן כפי זייער פערמעגליכקייט און איהר צו מאַכען שבת'דיגע און יום'טוב'דיגע מלבושים גאַנץ נגידישלאָך. גלאַט אזוי פטר'ן דאָס עלטסטע געליעבטע קינד, איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, לאָז דער מאָן איהר נישט האָבען א מאָל אויסצוואַרפען: איך האָב דיך פון א שטאָל ארויסגענומען, פון דיין טאַטענס הויז דעם אביון, נאַקעט און באָרפוס ביזט דו געווען, איך האָב דיך ערשט בעקליידט און געמאַכט אויס דיר א מענש לייטען גלייך.

באַלד נאָך דיא תנאים האָט דער חתן געאיילט אָבצושטעלען דיא חופה וויא צום גיכסטען. זיינע געשעפטען פאָדערן עס אצינד, האָט ער דערקלערט, ער זאָל געשווינד אהיים קומען. און וויא שווער עס איז געווען דיא עלטערן דאָס שיידען־זיך מיט זייער טיעף אין הארץ איינגעבאַקענער טאָכטער, ארויס־צולאָזען דאָס שענסטע ציערונג פונ'ם הויז, האָבען זיי זיך דאָך געטרייסט דערמיט, וואָס דיא טאָכטער איז ברוך השם פערזאָרגט. זיי האָבען זיך אָנגעטהאָן א כח, מסלק צו זיין דעם נדן, איינגעפּאַקט איהר דיא נאַרדעראָבע און זיא ארויסבעגלייט מיט טרערען אין דיא אויגען און מיט א ביטער הארץ. דאָס הויז איז געוואָרען עפּיס וויסט, עס האָט אויסגעזעהן וויא א ליידיגע נעסט, וואָס דיא טויב איז ארויסגעפלויגען פון איהר.

---

דאָס יונגע פאָר פאָלק איז אוועקגעפאָהרען און האָט זיך אָבגעשטעלט אין גלופּסק. נישט ווייל מען האָט בעדאַרפט דאָרט ארום צו פאָהרען, נאָר ווייל דיא געשעפטען האָבען עס אזוי געפאָדערט, לויט שמעריל האָט געזאָגט, אז זיי מוזען זיך אראָבנעהמען פונ'ם גלייכען וועג און זיך אָבשטעלען אויף א קורצע צייט אין גלופּסק. און אזוי וויא עס איז געווען דער האָניג־זיסער חודש נאָך דער חתונה, האָט זיך שמעריל געפלייסט, וויא א געטרייער ליעבער מאָן, צו מאַכען דעם ווייב פערגניגען און אויסגעזוכט אָן אכסניא דוקא נישט אין דער מיט שטאָדט, וואו עס קאָכט, רוישט שטענדיג, נאָר ערגיץ א ביסעל

אין דער זייט, וואו ס'איז רוהיג, שטיל, מען זעהט א גרעזעלע, א ביימעלע און מען הערט א מאל אויך א קול פון א שפיעל־פייגעלע. ער האט זיך נישט נעקארגט און גענומען דארט דריי שיינע צימער, וויא איהם שטעהט אן. דער בעל־אכסניא, א יוד מיט א בייכעל און מיט א געלער בארד, האט בעגעגענט שמערלין מיט א שיינעם „ברוך הבא", עפיס וויא א גוטער אלטער בעקאנטער פון גאנץ לאנג. הגם דאס איז נישט אזא גרויסער בעוויז, ווייל איטליכער ווייסט, אז דיא בעלי־אכסניות זענען צום גרעסטען טהייל מיט שיינענדיגע צורות, מיט זיס־שמייכלענדיגע ליפעלעך, קוועלען, פרייען זיך ביים ערשטען בעגעגעניש מיט דיא אורחים, גלייך וויא נאהנטע לייבליכע קרובים וואלטען צו זיין געקומען צו פאהרען. נאר וויא דיא מעשה איז, שמעריל איז געווען א זעהר אנגעלייגטער גאסט. דער בעל אכסניא האט, ארויפלייענדיג דיא האנד אויפ'ן הארצען און א שאקעל־געבענדיג מיט דער געלער באָרד, פערזיכערט ביי זיין יודישקייט, אז אלסדינג ניש־קשה וועט זיין אין אָרדנונג. און אז ער האט נעכאפט הינטערוויילעכס א קוק אויף דעם שיינעם ווייבעל דא און האט זיך ממזר'יש דערוואוסט אין דעם שמועס, אז דאס איז שמעריל'ס ווייב, ערשט נאך דער חתונה, האב ער ביידע אבגעגעבען גאנץ יודישליך א „מזל טוב" מיט גנבה'שע אייגעלעך, מאהנענדיג דערביי „לעקיך" מיט א שמייכעלע.

איידיל האט זיך נאך דעם טאראראם אין דעם היים און אויף דעם וועג גוט אויסגעשלאפען און אויסגערוהט אויף דער אכסניא. קיינער האט זיא דארט נישט געשטערט. אנדערע אורחים האט מען דארט גראד דענסטמאל כמעט נישט געזעהן. ס'איז שא, שטיל, אלסדינג אין דער צייט וויא געהעריג, און איידיל איז צופריעדען!

אויף דער אכסניא פלעגט אפט אהין־קומען עפיס א יודעל, א ריהרעוודיגס, א נעשטיפעלטס, דאס רעכטע אויג זיינס מיט א בילמע, א ווייס פינטעלע, שטאק־בלינד, נאר אפען, נישט צוגעמאכט. דאס בלינדע איינעל איז אבער קיינמאל נישט שטיל געשטאנען, עס האט אין אלסדינג נאכגעטהאן דעם זעהענ־דיגען, גלייך וויא עס וואלט איהם געדיענט פאר איין עדות. האט זיך דאס געזונטע אויג געווארפען, געקוקט בייז, האט זיך דאס בלינדע מיט דעם ווייסען פינטעלע אויך געווארפען און אנגענומען א בייזע מיענע. האט יענץ ממזר'יש געווינקען, לייכטענדיג, פרעהליך, איז דאס בלינדע מיט דעם פינטעלע אויך נישט פויל געווען ארויסצואווייזען ווינקענדיג ממזריש שטיקלעך, גלייך וויא געדעדט: אדם א מענש, קאטשקע ריק זיך! — און דאס האט דעם פנים צוגעגעבען א ווילדען אויסדרוק, עפיס חלשות'דיג, אז עס וואלט פיעל גלייכער געווען אי פאר'ן יודעל אי פאר דער וועלט, ווען דאס בלינדע איינעל זאל איהם געווען אויסרינען, פערכאפט ווערען אין גאנצען...

איידיל האט דאס יודעל נישט געקענט ליידען. ער איז איהר געווען נמאס

ביי איטליכעס מאָל קומען אין שטוב. נאָר איהר מאַן צוליעב, וואָס האָט מיט איהם געשעפטען און פערברענגט מיט איהם נענוג צייט, מעהרסטענטיילס נישט אין דער היים, האָט זיא זיך געגייט, איהם יעדעס מאָל שיין אויפ־צונעהמען.

איינמאָל קומט שמעריל אהיים צו לויפען ראפּטום, גאָר אין איין אָטעם, און דאָס יודעל נאָך איהם עפּיס וויא שטארק פערטראָגען. ער נעמט דאָס ווייב אוועק אין א ווינקעל און שושקעט איהר דאָרט אין אויער אריין עפּיס גאַנץ שטיל מיט א געבעט:

— איידילע, נשמה'ניו מיינע! א געשעפט... עס טרעפט זיך מיר א געשעפט, א גוט געשעפט... איך האָב אָבער ווייניג געלד... עס פעהלען מיר נאָך עטליכע הונדערטער.. וואָס טהוט מען דאָ?... דער יוד אָט־אָ וויל לייען, ס'איז אָבער נעווענדעט א ביסעל אין דיר... ער פערלאַנגט, פערשטעהסטו מיך, דעם ווייב'ס אונטערשריפט, דיין אונטערשריפט אויף דעם וועקסעל... העלף, נשמה מיינע!... גיכער, נישטאָ קיין צייט, א מינוט א רענדיל, נא, קעצעלע!...

און באלד מאַכי אין דער הייסער רגע ליעגט שוין פאַר איידל'ן א וועקסעלע, וועלכען זיא שרייבט אונטער, נישט צו רעדען א קרום וואָרט. פאַרקערט, עס טהוט איהר נאָך הנאה אויף דעם כבוד, וואָס מען האָט איהר דאָ אָבגעגעבען און וואָס זיא קען דעם מאַן ברענגען א נוצען. עס הייסט אזוי פיעל וויא: עפּיס זענען מיר אויך ברוך השם שטיקליך מענשען. אונזער חתימה האָט אויך א ווערטה, מיר מאַכען אויך געשעפטען!...

דאָס יודעל נעמט דאָס וועקסעל, גוט צוקוקענדיג זיך צו דער אונטער־שריפט מיט דעם זעהענדיגען אויג, יענץ מיט דעם פינטעלע טהוט זיך א וואָרף און קוקט זיך כלומרשט אויך צו, דאָס זעהענדיגע אויג שיינט טהוט ממזריש א ווינק, און דאָס בלינדע אויך. ער לייגט דערנאָך דאָס וועקסעלע גאַנץ געלאַסען צונויף, בעהאַלט עס גוט אין טאַש ביי זיך, רוקט זיך באלד מאַכי פון דער שטוב ארויס און שמעריל נאָך איהם.

---

יענער טאָג איז געווען א גוטער טאָג פאַר איידיל. זיא האָט איבער־געקלערט אלעס, וואָס עס איז מיט איהר געשעהן אין דער לעצטער צייט, דיא גרויסע ענדערונג, וואָס איז געקומען אין איהר לעבען, און האָט אויפגעהויבען דיא הענד מיט א דאנק צו זיין ליעבען נאָמען, וואָס ער האָט איהר געגעבען אזא טהייערן מאַן, אזא גליק, וואָס איהר איז געקומען אומגעריכט. פאַר גרויס שמחה האָט זיא גענומען א פעדער און זיך געזעצט שרייבען א בריעף צו דיא עלטערן. זיא האָט זיך אָבער באלד מישב געווען און אָבגעלייגט דאָס שרייבען אויף שפּעטער אביסעל, ווען זיא וועט שוין קומען אויפ'ן אָרט מיט איהר מאַן בשלום און זיך ארומקוקען, זעהען אלסדינג דאָרט מיט איהרע אויגען, דאָס

גוטס און דאָס גרויסע גליק, וואָס זיא האָט געטראָפען, רענסטמאָל וועט זיא אהיים שרייבען איטליכעס פיצעלע בעזונדער גאַנץ קלאָר, דערפרייען זיי מיט גוטע בשורות פון איהר גליק, דערצו וועט זיא נאָך שיקען איטליכען מתנות: דעם טאַטען, דער מאַמען און דעם איבריגען הויזגעזינד. און כפי עס זעהט אויס פונ׳ם היינטיגען געשעפטיל, דאכט זיך איהר, אז דער מאַן האָט שוין דאָ אָבגעטהאָן אלסדינג, זיי וועלען שוין באלד קענען אוועקפאָהרען און זיא וועט קומען אם ירצה השם אין גיכען אין איהר רוה אריין...

ביי נאכט איז שמעריל אהיים געקומען לוסטיג, דאָס פּנים פערפּלאָממ. ער האָט ארומגעכאפּט דאָס ווייב און אָנגעהויבען צו פּלאָנטען מיט דער צונג עפּיס האַלבע ווערטער וויא א שכור:

— נעעקס!... בעשפריצט מיט משקה און יעלה ויצמח, ברעך טעפ!... ס׳וועט אויפגעהן וויא א גאָרטען... ס׳וועט שפּראָצ...צען!...

— וואָס רעדסטו אזוינס? וואָס איז דאָס פאר א לשון? — רופט זיך אָן איידיל שטארק פערוואונדערט, אויסרייסענדיג זיך פונ׳ם מאַנ׳ס הענד.

— אי־אי־אי, שמייליג!... זעהסט נאָר דיא חסידית׳טע דאָ... קוק מיך אָן, ריהר מיך נישט אָן... נישט צופריעדען? נו, איז „אינה מקודשת“, געסמאַהע דיר פארפיל!... יבנה המקדש!... פארשטעהסט וואָס דאָס איז טייטש אויף יוניש, הא? — טהוט שמעריל א זאָג אָנגעצונדען, אָנקוקענדיג דאָס ווייב בייז און לאָזט אויס מיט א פייף.

— נו גענוג, גענוג, געה שוין געה בעסער שלאָפען! — נעמט איידיל איין דעם מאַן מיט גוטע רייד, אראָבשלינגענדיג זיינע מיאוסע ווערטער.

ער לאָזט זיך איינרעדען און זיא נעמט איהם אונטערן ארם, ליינט איהם אריין אין בעט, אָנזאָגענדיג איהם ער זאָל שלאָפען.

א גאַנצע נאכט איז דערנאָך איידיל געלעגען ביי זיך אויף איהר געלעגער און האָט נישט געקענט איין אויג צומאכען. דעם מאַנס אויפפיהרונג היינט האָט איהר געשלאָגען צום הארצען. עפּיס אזוי גראָב, אזעלכע משונה׳דיגע ווערטער האָט זיא נאָך קיינמאָל נישט געהערט. דער קאָפּ האָט זיך איהר געשפּאָלטען טראכטענדיג און איבערטראכטענדיג: ווייס איך וואו ער איז געוועזען? מיט וועמען איז ער דאָרט צונויפגעקומען? א מאַנסביל, א קשיא אויף א מאַנסביל!... פּאָר גרויס פערדרוס זענען איהר דיא אויגען פארלאָפען מיט טרערען. — ניין, ניין, ווייטער וועט עס שוין ביי מיר נישט אזוי זיין! פון היינט אָן וועל איך שוין קליגער ווערען. מען בעדאַרף איהם האַלטען אין דיא הענד... אָהן מיר, קיין טריט; אָהן מיר, נישט אויף א האָר!... א ווייב בעדאַרף אַלסדינג וויסען... אזוי האָט זיך איידיל געגעבען דאָס וואָרט, וויא זיך אויפצופיהרען מיט דעם מאַן אויף ווייטער, נעהמען איהם אין דיא הענד

אריין, צוליעב זייער ביידענס טובה וועגען טאקי. דאָס האָט זיא אַ ביסעל בערוהיגט און זיא איז לסוף ענטשלאָפען געוואָרען.

אויפגעשטאנען אויף מאָרגען איז איידיל שפעטליך און איז נאָך געבליבען ליעגען אויף איהר געלעגער, טראַכטענדיג ביי זיך, געמאכט אַ פּלאַן, וויא אַזוי מען נעמט עפּיס דעם מאַן אין דיא הענד אריין, ער זאָל פאר איהר מורא בעקומען. דאָס איינציגע מיטעל, וואָס זיא געפינט צו דעם, איז ברוגז־וואָרען. ברוגז זיין איז ביי ווייבער איבערהויפּט דאָס בעסטע מיטעל אקעגען דיא מאַנען, בשעת עפּיס נאָר אַ מלחמה, בעזונדערס אין דער ערשטער צייט נאָך דער חתונה. דער שטאַרקסטער מאַן אפילו קען זיך נישט האַלטען פעסט אקעגען איין אַנגע׳ברוגז׳ט ווייב מעהר וויא עטליכע טעג. דערנאָך מוז ער בחרפה ובבושה אנידערלעגען דאָס געוועהר און בעטען רחמים, ווערען אַ שטיל שעפעלע, ביז צום צווייטען רוגז.

איידיל האָט זיך צוגעגרייט אַנצוהייבען איהר ארבייט נאָך אין דעם זעלבען טאָג. זיא האָט אָנגענומען, וויא אויף אַ פּראָבע, אַ בייזע מיענע, געמאַכט זיך ברוגז׳דיג, פערקרומט דיא נאָז, אַנגעלאָדען גרייט צו דער מלחמה און געוואַרט, קוים זאָל זיך נאָר דער מאַן ווייזען מיט אַ „גוט מאָרגען" — וועט זיא דעם רוגז באַלד אויסשיסען. אומזיסט אָבער איהר וואַרטען, ער ווייזט זיך נישט. עס הייבט זיך שוין אָן טאקי גוט צו פערדריסען, עס קאָכט אין איהר וויא אין אַ קעסיל. זיא ווייסט שוין נישט, וואָס זיא זאָל טהון. ליעגען און וואַרטען קען זיא נישט מעהר, ווייל ביז וויא לאַנג קען זיא דען אַזוי ליעגען? אין ברירה, מען מוז אויפשטעהן. נאָר אריין צו איהם דאָרט אין דעם צווייטען חדר, דאָס נישט, אויף קיין פאַל נישט! אַזוי דרעהט זיא זיך ארום אין צימער נאָך נישט רעכט אָנגעטהון, זיא פערטיעפט זיך אין איהרע געדאַנקען, טראַכט, איז ברוגז, פלאַם־פייער; דערווייל הערט זיא זיך טאקי צו מיט איין אויער צו יענעם צימער, דאָרט איז שטיל, זיא ווערט ציקאַווע און עפענט פאַמעליכען אַ ביסעל דיא טהיר, קיין שאָרך! זיא האַלט עס מעהר נישט אויס און עפענט שוין מיט אַ מאָל דיא גאַנצע טהיר, טהוט אַ קוק אריין — ער איז נישטאָ!... ס׳איז אַ צופוקעניש, אַ שרעק, צו האַלטען אַ פערדרוס אין זיך, נישט אויסצור־ניסען. זיא טראַכט מיט אַ פערקלעמט הארץ: אַ איין עק, דאָס לעצטע מאָל וועט עס איהם ביי מיר זיין! ער געהט זיך אהין ערגעץ צו זיינע דאָרט, פערברענגט זיך דיא צייט מיט ווייס איך וועמען, און אַארען זאָל עס איהם אָנהייבען אַ ווייב.... אַ לשון אַ ביסעל געכטען ביי נאַכט אקעגען אַ ווייב! הא, זאָל איך שווייגען? ניין... הא — וואָס איז מיט מיר עפּיס אַזוינס? וויא קומט צו מיר אַזעלכע מיאוס׳ע געדאַנקען, אַזוינס נאָר צו טראַכטען? עפּיס איז ער אהער געקומען זיך דאָ שפּיעלען, אַזאַ מענש מיט געשעפטען. אוי, דאָס הארץ, מיין הארץ... לאָמיך זיך נאָר אָנטהון.

זיא טהוט א קוק אונטער דעם פאראוואן א'ז דעם צימער אָן נימט זיך א וואָרף צוריק טויט אָהן א נשמה...

— וואָס איז, מאדאם? נישטאָ אויף אייך, ווערה איז מיר, עפּיס נישטאָ ראָך קיין פנים. — טהוט דאָס דיענסט־מיידעל פון דער אכסניא א פרעג, אריינ־קומענדיג צו איידלען אין שטוב מיט'ן בעזים אין דער האנד.

— זאכען!... וואו דיא זאכען, מיינע זאכען? שרייט איידיל נישט מיט איהר קול, און עס ציטערן איהר אַלע גליעדער.

— אהא, דיא זאכען? — מאכט דאָס מיידיל אויף א מין זינגענדיג לשון מיט א געלעכטער'ל, ציהענדיג דיא ווערטער — מעהר קיין צרות נישט!... שא, גיש־קשה, הי־הי־הי, נאָך גאנץ פריה, כלחוך השור, איידער דיא ציעג אונזערע איז ארוים מיט דער סטאדע אין פעלד אריין, האָט אייער מאן אוועקגעפיהרט דיא זאכען, שא, ניש־קשה, און מיר געזאָגט, הי־הי־הי, האָט ער מיר געזאָגט אי־ער מאן...

— נו, גיכער, ניכער, זאָג שוין! — טרייבט איידיל דאָס דיענסט־מיידעל

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— וואָס געזאָגט? — מאכט דאָס מיידעל מיט א ביסעל לעקיש־וואטע און צוויי שורות ווייסע ציין ענטפּלעקען זיך ביי איהר אין מויל — ווארט'ס נאָר אוים, לאָמיך זיך כאָטש דערמאָנען, וואָס האָט ער מיר געזאָגט, ער... הא, יא, טאקי אזוי: אין א שעה ארום, האָט ער געזאָגט, הי־הי־הי, וועט ער קומען און וועט אייך נעהמען דאָרט אהין.

— וואו־אהין?

— וואָס הייסט וואו־אהין? — וואונדערט זיך דאָס מיידעל, ציהענדיג מיט דיא אַקסלען — אהין איז אהין. מסתמא ווייסט איהר דאָך, וואו דאָס איז אהין...

— וויא שפּעט איז שוין אצינד? — פרעגט איידיל אויפגערעגט.

— וויא שפּעט עס איז אצינד, ווילט איהר וויסען? — ענטפערט דאָס מיידעל, פערקרומענדיג דערביי דאָס פנים מיט חן — ס'איז שוין לאנג האַלבער טאָג! צייט, הי־הי־הי, צו עסען שוין דאָס אנדערע מאָל. הונדערט מאָל אודאי בין איך געקומען געוואָהר ווערען צו אייך און איהר, אָהן עין־הרע, האָט געשמאק געשלאָפען וויא נאָך א באָד. הי־הי. וואָס זענט איהר עפּיס אזוי בלייך? אוי, זאָל איך אפשר גיין אייך ברענגען אנצובייסען?

— ניין, ניין! — ענטפערט איידיל, א מאַך־געבענדיג מיט דער האנד נערן געוועזען ארויסצו'פטר'ן דאָס דיענסטמיידעל און בלייבען אליין.

---

דעם גאנצען טאָג האָט איידיל צוגעבראַכט אין צרות און אָבגעגעבען זיך א רעכנונג פון אַלפרינג, וואָס מיט איהר איז געשעהן. דיא גאנצע מעשה מיט

שמערלין הייבט זיא אַן נוט צו בעטראַכטען, צוגליערערן אין דיא גשראַנקען, און עס קומט איהר אויס משונה־ווילד, דער אַנהייב פון דער מעשה נאָך ווילדער וויא דער סוף...

פלוצים קומט ווי פון'ם הימעל אראַבגעפאַלען א שמעריל. ווער שמעריל, וואָס שמעריל, פון וואַנים שמעריל? דאָס ווייס קיינער נישט! גלאַט אַזוי א שמעריל, א מאַנסביל, א יונגער־מאַן, און געגוג. — ס'איז א חתונה, עס שפּיעלען כלי־זמר, מען טאַנצט און מען שפּרינגט, א שמחה, א פריידי!... זיא, א יודישע יטאָכטער, נעהט אונטער דער חופּה, ווייל זיא איז זיך סומך אויף דיא עלטערן, מסתמא ווייסען זיי דאָך וואָס זיי טהוען, מיט וועמען זיי מאַכען איהר חתונה. דיא עלטערן איהרע וויעדער האָבען זיך סומך געווען אויף דיא שדכנים, גאַנץ עהרליכע יודען, וואָס קענען נישט זאָגען קיין ליגען חלילה, און דיא שדכנים זיינען זיך סומך אויף דעם, וואָס זיי האָבען געהערט פון'ם עולם; ס'איז א קלאַנג אין שטאָדט, און אז עס קלינגט איז דאָך מסתמא אמת, תורת־לאָקשען.

אַצינד ערשט עפנען זיך איהר דיא אויגען און זיא זעהט וויא שענדליך דאָס איז, זיך צו פערבינדען מיט א מענש איידער מען קען איהם פריהער גוט, ווער ער איז און וואָס ער איז, אַצינד ערשט גיט זיא זיך א כאַפּ: געוואַלד, וויא נאַריש מיר יודען זענען, וואָס לאָזען זיך איינרעדען, פערבלענדען אין שדוכים פון יענע ליגנערס, וואָס בעריענען זיך מיט דעם ווערטעל „זווג מן השמים", ווייל עס טויג זיי צו דער פּרנסה. אויף אַלסדינג ביי א שדוך האָבען זיי נאָר דאָס איינע ווערטעל, דיא איינע תשובה אויף אַלע טענות. יענע אַלע טענות, א שטיינער: עס געשיקט זיך נישט דאָס, ס'איז עפּיס נישט רעכט יענץ, א ביסעל קרום, א ביסעל א מום, אָט דאָס טאַקי גופא דיענט ערשט פאַר א בעווייז, אז ס'איז פונ'ם אייבערשטען און מען טאָר נישט איבערדענקען, נאָכקלערען וועגען דעם. נאַראָנים גלויבען און עס פאַלט זיי נאָר נישט איין צו פרעגען: וויא אַזוי ווייסען עס אָט יענע ליגנערס, וואָס גאָט וויל? האָט ער עס אפשר זיי דערציילט? און אויב יא אַזוי, וויא דאָזיגע ליגנערס זאָגען, אז זיי זיינען שליחים פון גאָט, וואָלטען דאָך אַלע שדוכים, וואָס ווערען דורך זיי אויסגעפיהרט, בעדאַרפט האָבען א האַפט, א קיום אויף אייביג. היינט פאַר וואָס זעהען מיר אַזוי פיעל אונגליקליכע פאָר פאָלקען, אַזוי פיעל גטווערן און טרערען, שנאה און קריעג, גרושות און עגונות צווישען אונזערע יודען?...

אוי, ס'איז א שווינדעל. דיא גאַנצע זאַך מיט דיא זווגים, איז נישט מעהר וויא נאַרישקייט און בעטריעגעריי. דאָס זעהט זיא שוין ביי זיך אַליין. וואו איז אָבער פריהער געווען איהר שכל, וואו איז געווען דער שכל פון דיא עלטערן? רבונו של עולם, מענשען א חוץ וואָס זיי זענען זכרים און נקבות, זענען זיי דאָך עפּיס דערצו אויך מענשען מיט א נשמה, מיט מענשליכקייט,

מיט געפיהלען — און עס בעדארף דאך ביי זיי אנדערש זיין וויא ביי בהמות...
צוליעב כאפעניש און איילעניש אהן בערעכנונג, איז זיא מיאוס אריינגעפאלען,
גאט ווייסט וועמען אין דיא הענד אריין, און איז אצינד אין א גרויסער צרה.
זיא איז נאקעט, בלויז, נאר אין איין סיטצען קליידעל אויף איהר לייב, אהן
א גראשען אין קעשענע און עלענד וויא א שטיין אין דער פרעמד. וואס וועט
איהר סוף זיין דא, און דער סוף פון איהרע עלטערן דארט, אז זיי וועלען בעקומען
דיא בשורה וועגען זייער אומגליקליכער טאכטער? אזא אומגליק, אזא שאנדע,
ס'איז א בושה אין פנים און א וויטאג אין הארץ.

דאכט זיך געגוג ביטער, געגוג פינסטער. און פלוצלינג — געה טרעף
א מענשענס הארץ, — גיט איהר שוין א שטיקעל האפנונג: ניין, אונמעגליך,
לאמיך נישט זינדיגען מיט דיא רייד, אומזיסט איהם חושד זיין, עס קען זיך
אויסלאזען גאר נישט... מען בעדארף ווארטען, האבען געדולד, לאז דערווייל זיין
שא. — גוט וואס דער בעל הבית פון דער אכסניא איז גראד אצינד אוועק־
געפאהרען אויף א פאר טעג. לאז ער נישט וויסען. לאז דערווייל זיין שא...

זיא שטעלט זיך קוקען אין פענסטער, זיא קוקט און נעמט זיך דיא אויגע,
ארויס קוקענדיג — נישטא.

אזוי איז איר פערגאנגען דער טאג אין לייד, אין אנגסטען, אין טרערען,
נישט צו נעהמען אין מויל אריין עפיס עסען. ביי נאכט איז זיא אנידערגעפאלען
אויף איהר געלעגער וויא א דער'הרג'עטע.

---

אויף מארגען פריה קומט אריין דאס יודעל מיט דעם בלינדען אויגעל.
איידיל ווערט עפיס וויא לעבעדיג, דערזעהענדיג פאר זיך א בעקאנטען מענש.
הגם ער איז פריהער נישט געווען ביי איהר אזא חשוב, און זיא טהוט זיך
א לאז איהם אקעגען.

— אוי, א זעהר אנגעליינטער גאסט, כ'לעבען, ווען איך זאל געווען! וויסען
וואו איהר וואוינט, וואלט איך נאך נעכטען געקומען צו אייך אהיים... איהר
האט געהערט?... זאגט, אפשר ווייסט איהר עפיס... אפשר ווייסט איהר
וואו ער איז? — טהוט איידיל א פרעג, ווארגענדיג זיך מיט טרערען און
נעמט נישט פונ'ם יודעל קיין אויג אראב.

— איך האב געהערט. ער זאל אזוי וויסען פון זיין לעבען צו זאגען,
דער ממזר, דער גזלן, וויא איך וויים פון זיין געביין. געגוג געלד, געגוג צייט
יאסט ער מיך, אט דער כל־בו'ניק. פגר'ן זאל ער וואו ער איז, קיין נוטס זאל
איהם נישט זיין, אזוי לאנג וויא ער וועט לעבען, פאר מיין געלד. אי, איך
זאל וויסען וואו ער איז ערגיץ, הע־הע־הע. וואלט איהם שוין ניש־קשה
א רוח אין זיין טאטענס טאטען אריין, — רופט זיך אן דאס יודעל שטארק
בייז, מאכענדיג דערביי מיט דעם גראבען פינגער אהין און אהער.

— אוי אומגליקליך, אזוי אומגליקליך... איך בין געקוילעט, געבליבען אזוי וויא איהר קוקט מיך דא אן, איך האב נישט מעהר אין מיין פערמעגען וויא דאס איינציג קליידעל, וואס אויף מיר. וואס קען איך אצינד טהון, וואו זאל איך אצינד געהן? — וויינט איידיל און בערעקט זיך דאס פנים מיט ביידע הענד.

קיין תשובה.

איידיל כליפעט, און דאס יודעל בעטראכט זיא שוויינענדיג, מעסט זיא אוים מיט דעם געזונטען אויג פון קאפ ביז פיס, און יענץ מיט דעם ווייסען פינטעלע ארבייט אויך, ווארפענדיג זיך בלינדערהייט ארויף און אראב.

— וויינט נישט, איך בעט אייך, א שאד אייערע אויגען, וויא איך בין א יוד, —טארעט זיא פלוצלינג דאס יודעל ביים אקסעל, מאכענדיג עפיס מיט א קול פון געבעט, גלייך וויא עם רייסט איהם שטארק דאס הארץ— נו, גענוג! האט'ס רחמנות אויף אייערע יונגע יאהרען און הערט אויף צו וויינען.... לאמיר זיך נישט נארען און בעטראכטען דיא זאך געלאסען, אזוי וויא זיא איז. אין אמת'ן האט איהר דאך דא גאר נישט פערלוירען. אדרבה, אין דער ערד ארייז מיט אזא כלב שבכלבים; איהר מעגט נאך אויפהייבען דיא הענד צו זיין ליעבען נאמען און מאכען א ברכה „ברוך שפטרני“... און וואס איז אזוינס דא, איך בעט אייך, דאס וויינען? איהר זענט דאך צווישען יודען, נישט ערגיץ אין א וואלד צווישען גזלנים אדער אין א מדבר צווישען חיות רעות, חלילה.

— אי, ס'איז דאך אבער שלעכט, אצינד איז מיר זעהר ביטער, —קלאגט זיך איידיל וויא פאר איין איינענעם— נישטא צום לעבען קיין גראשען אין קעשענע און איך בין נאך שולדיג אנדערע. ער איז אוועק און האט מיך דא איבערגעלאזט פאר א משכון. אויף דער אכסניא קומט, מען האט שוין אריינ־געשיקט צו מיר מאהנען; היינט קומט דאך אייך אויך, איהר האט דאך אויף מיר א וועקסעל...

— נו, וואס איז? אז עס קומט, זאלט איהר זיך צערייסען, זיך נעהמען אזוי צום הארצען און חלילה־וחס מיר־נישט דיר־נישט. גאנץ שכל'דיג כ'לעבען, אדרבה, וועגען דעם מעם אליין טאקי, וואס איהר זענט שולדיג אנדערע, ליעגט אויף אייך א חיוב אקעגען זיך אליין, איהר זאלט אבהיטען אייער געזונד, טהייער האלטען אייערע שיינע אויגען און אייער לייב, איהר זאלט קענען, פערשטעהט איהר מיך, ארבייטען און פערדיענען אויף פרנסה, און דערנאך זיך ארומצאהלען מיט אייערע בעלי חובות. עס האט זיך שוין ביי יודען אזעלכע זאכען געטראפען... איך פון מיין זייט, אך, בין גרייט צו ווארטען. נו, וואס־זשע איז דא פאר אזא אומגליק? אי דיא מורא, וואס איהר בלייבט אייז ענונה, עט!.. טאקי נאך א מאל עט, נארישקייטען כ'לעבען! מיר וועלען

שוין מיט דעם אייבערשטענס הילף אויף דעם אויף געפינען א תחבולה, גיש־קשה !...

איידיל בלייבט שטעהן זעהר נעריהרט פון אזעלכע גוטע טרייסט־ווערטער און ווייסט נישט רעכט וויא צו דאנקען דעם יודעל פאר זיין גוטקייט, וואס ער שטעהט איהר ביי אין דער נויט.

— אט ווייסט איהר וואס — ווענדט זיך דאס יודעל צו איידלען נאר פריינדליך — קומט, זייט מוחל, דערווייל צו מיר אהיים אויף קוואטיר. ביי מיין ווייב וועט עס שטארק אנגעליינגט זיין, וויא איך בין א יוד! איך זאל אזוי לעבען, וויא איהר וועט דערמיט מיין ווייב מאכען א פערגניגען. זיא איז זעהר א גוט מענש, איטליכער איז איהר ליעב. לאזט זיך נישט כ'לעבען לאנג בעטען. פערדריענען וועט איהר, איך וועל שוין אם ירצה השם טראכטען, אז איהר זאלט פערדיענען. עט, גאר־נישט, מיר וועלען זיך נאך אברעכענען, אבי געזונד... אט נעה איך בעצאהלען פאר אייך אויף דער אכסניא.

— א יודישע נשמה קען מען טאקי נישט שאצען! — טראכט זיך איידיל נאכדעם וויא דאס יודעל איז ארויסגעגאנגען — אויפ'ן אנבליק איז ער, ראכט זיך, עפיס נישט אזוי און וואס פאר א גוט הארץ ער האט! א יוד בלייבט טאקי א יוד. וויא מיאוס ער מעג זיך זיין פון דרויסען, אזוי שיין, אזוי ריין איז ער אינווייניג. נאט זאל מיך נישט שטראפען פאר דיא זינד, איך האב עם פריהער אין איהם נאר נישט ארויסגעזעהען און האב איהם נישט געקענט ליידען...

בשעת איידיל טראכט דא אזוי און האט שטארק חרטה דארויף, וואס זיא האט אין הארצען אומזיסט־אומנישט פיינד געהאט אזא כשר'ע נשמה, קומט דאס יודעל אריין צוריק, נעמט איידלען ארויס פון דער אכסניא און פיהרט זיא צו זיך אהיים — צו זיין ווייב ש י י נ צ ע.

---

שיינצע איז א בעלייבטע, א בייכיגע, א דיקע, קורצגעוואקסענע יודענע, שוין א בעטאגטע, אין דיא עלטערע יאהרען. דאס פנים אונטען־צו מגושם־ברייט פון דיא פעטע אראבהענגענדיגע פאר באקען מיט געלע פלאמעס, צווישען וועלכע עס שלענגלען זיך רויטע דינע עדערליך. אויבען־צו איז עס צונעשפיצט מיט א קליין שמאל שטערענדיל, אונטער וועלכען עס זיצען פערטיעפט צוויי גרויע קליינע פייכטע אייגעליך מיט א גלאנץ עפיס וויא פון גלאז. דיא גאנצע געשטאלט פון איהר גוף איבערהויפט, אט אזוי וויא ער געהט פון אונטען ברייט און דערנאך שמעלער־שמעלער ביז ארויף, זעהט אוים נאר טאקי עפיס וויא א היטעל צוקער. דער מלאך דארט האט זיך ביי איהר געבוירען־ווערען הפנים נעפלייסט, וויא א בריה א משרת, איינגעפאקט איהר נשמה'לע און ארויסגעלאזט אויף דער וועלט אזא סחורה אין א שקארמיץ... אויף דער וועלט

